# אינהאלט

זײַט



## סאַטירע און הומאָר



## טריבונע פון לעבן



## ליטעראַטור און קונסט

# סאָוועטיש היימלאַנד

צווייכאַדאָשימדיקער
ליטעראַריש-קינסטלערישער זשורנאַל

אָרגאַן פון שרײַבער-פאַרבאַנד פון ססס ר

פערטער יאָרגאַנג

פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל"
מאָסקווע

2

מאַרט • אַפּרעל

1964

# 1814 טאראס שעווטשענקאָ 1964



מיט הונדערט פופציק יאָר צוריק איז געבוירן געוואָרן דער גרויסער אוקראַיִנישער פאָלקסדיכטער, רעוואָליוציאָנער־דעמאָקראַט און אומדערמידלעכער קעמפער קעגן דער צארישער זעלבסטהערשונג — טאראס גריגאָריעוויטש שעווטשענקאָ.

אין היַינטיקן נומער „סאָוועטיש היימלאַנד" באַקענען מיר אונדזערע לייענער מיט אייניקע איבערזעצונגען פון שעווטשענקאָס לידער.

## צאוואָע

אז כ׳וועל שטארבן, איר באהאלטן
זאָלט די ביינער מיַינע
צווישן ברייטע מילדע סטעפּעס
אין מיַין היים אוקראַיִנע.
די ברייטפאָלעדיקע לאָנקעס,
בערג און דניעפּ דער גרויסער
זאָלן זען זיך — ס׳זאָל זיך הערן,
ווי ער ראַשט, דער רוישער.

ווען ער וועט פון דער אוקראינע
בלוט פון סאָנים ווידער
טראָגן צו דעם יאם דעם בלויען — דעמלט
וועל איך בארג און נידער —
אלץ פארלאָזן און זיך לאָזן

ביז די הימלען טראָגן
לויב־געזאנגען. און ביז דעמלט —
כ׳קאָן קיין גאָט פארמאָגן.

מיך באהאלט, שטייט אוף מיט צאָרן,
קייטן רייַסט מיט פיַיער,
און מיט סוינעס בייזע בלוטן
רייַך באשפּרענקט די פריַיהיַיט!
אין געזינד אין גרויסן, נייַעם
מיט א פריַיען ווילן
ניט פארגעסט אויך מיך דערמאָנען
מיט א וואָרט א שטילן.

יידיש — דאָוויד האָפשטיין.

* * *

כ׳קוק זיך איַין אין סטעפּ אין וויַיטן,
אין די וויסטע פעלדער,
עפשער וועט זי, די באפריַיונג,
קומען אף דער עלטער.

קיין אוקראינע כ׳וואָלט זיך לאָזן,
כ׳וואָלט אהיים געקומען.
דאָרטן וואָלט מען מיך, דעם אלטן,
הייס ארומגענומען.

שטיל געזאָגט וואָלט איך א טפילע,
אָפּגערוט א ביסל.
כ׳וואָלט... א ווייטעק נאָר צו קלערן —
כ׳שטיי די ציין פארביסן.

ווו זאָל איך א ביסל האָפענונג
אין מיַין נויט געפינען?
ווער וועט מיר אן אייצע געבן? —
כ׳ריר זיך פונעם זינען.

יידיש: דאָוויד און וועלי האָפשטיין.

# צו NN

בערג ווערן טונקל, די זון איז פארגאנגען,
פייגעלעך שווייַגן, דאָס פעלד איז אין דרימל.
מענטשן שוין רוען. מע הערט ניט קיין קלאַנגען.
קוק איך זיך אייַן און איך זע אלץ דעם הימל
איבערן סעדל דאָרט ווייַט אין אוקראַינע.
כ'וואַרעם די בענקשאַפט נאָך ווינקעלע מייַנעם,
קומט דאַן די רו אין מייַן הארצן אַרייַנעט.
וועלדער און פעלדער נאָך פינצטערער ווערן,
ס'ווייַזט זיך אין הייך דער פארנאַכטיקער שטערן.
— שטערן, מייַן שטערן! — און ס'רינען די טרערן. —
זאָג, ס'האָט באלייַכט שוין אוקראַינע איר שטערן?
זאָג, צי עס זוכן אים שוואַרצינקע אויגן,
צי שוין פארגעסן אין סעדל אַרויסגיין.
אויב שוין פארגעסן, איז זאָלן זיי שלאָפן,
קיינמאָל ניט ווינסן, וואָס מיך האָט געטראָפן.

יידיש: דאָוויד און וועלי האָפשטיין.

* * *

ס'איז ליכטיק, העל, מוזיק נעמט שפילן,
זי וויינט, זי רודערט די געפילן;
ווי איידלשטיין, ווי בריליאַנט
די יוגנט שייַנט מיט טויזנט כיינען
פון בליקן אומשולדיקע, ריינע.
און פרייד און האָפענונג באַנאַנד —
ווי גוט איז יונג זייַן — אַלץ דערמאָנט.
און אַלע פרייען זיך און לאַכן,
און אַלע טאַנצן, איך נאָר שטיי,
ווי אַ פארשאָלטענער באַטראַכט אַלץ
און וויין, און ווייַן זיך שטילערהייט.
איז וואָס זשע וויין איך? ס'איז מיר ביטער:
אָן פרייד, אָן שפיל, ווי בייז געוויטער
אַוועק מייַן יוגנט פול מיט וויי.

יידיש — דאָוויד האָפשטיין.

# א געבעט

די קייסאָרים, די אַלוועלטלעכע שענקער —
מיט רענדלעך גאָלדענע באַשיט
און פעסט אין קייטן זיי פארשמיד.

אין וועלט, וואָס איז דורך פייַנט פארכאַפט,
דעם קאָפּ, דער האַנט, וואָס אַרבעט, שאַפט,
דו שיק אַראָפּ דייַן גרויסע קראַפט.

און מיר, מייַן גאָט, אויף אָט דער ערד
שענק ליבע, שייַן פון הארץ באַשער
און גיב מיר גאָרניט, גאָרניט מער!

יידיש — עזרא פינינבערג.

שירע גאָרשמאַן

# דעם קייסערס פּעטער איז געווען א גוטער...


אָס איז מיט דיר דער מער, מײַן מאַן, וואָס דו ביסט געקומען פונעם מײַרעוו מיט אזוינע גאזלאָנישע טריט? — האָט פּעסיע די פּאַרבערקע געפרעגט.

— גיב דעם גאזלען וועטשערע, — האָט עליע געזאָגט, וואשנדיק זיך די הענט.

זי האָט דערלאַנגט מילכיקע בולבע מיט מערעלעך, אליין געזופּט, געקוקט, ווי ער עסט, אוועקגעלייגט די לעפל און, אויסוואַשנדיק דאָס מויל מיטן עק פאטשיילקע, באמערקט:

— דו ווילסט אזוי עסן, ווי איך וויל טאנצן. איך זע דאָך, אז ס'הענגט דיר א בסורע אף דער שפּיץ צונג.

— וויבאלד דו זעסט יאָ, זאָלסטו וויסן זײַן, אז פון הײַנט אָן וועלן אלע אומעס זײַן צופרידן, זאָט, גליקלעך מי־יעדייע ווי.

— אָמיין. אז אלעמען איז גוט, איז מיר נאָך בעסער. אָבער וואָס איז די זאַך?

— דעם קייסערס פּעטער, יימאַכשמוי, וויל, אז מע זאָל אונדז אלעמען ארויסטרײַבן פון קאָוונער גובערניע.

— ער וויל, צי ער הייסט?

— מע קאָן זאָגן, אז ער האָט שוין געהייסן. אלע ייִדן פון קאָוונער גובערניע מוזן זיך אין פיר און צוואנציק שאָ אָפּטראָגן פונדאַנען, פארגעסן, אז דאָ האָבן געלעבט זייערע עלטערזיידעס, אז דאָ זײַנען זיי געבוירן געוואָרן.

— קורץ און גוט, קירצן זאָל מען אים די יאָרן, — האָט פּעסיע געזאָגט, געכאַפּט די פּאַ־טשיילע און איז ארויס פון שטוב.

דער שולהויף איז פול. כאַיע דער קאַזאַטשקעס קאָל הערט זיך דורך דער אָפענער טיר פון ראָוס שטוב. עס הערט זיך אויך פאלק דעם שניטקרעמערס שטים:

— קאַזאַטשקע, מאַך צו דאָס מויל, בא דיר פרעגט מען ניט.

— מע וועט יאָ פרעגן! דאָס איז ניט קיין געפילטע קוטניצעס, כיילעוונע נעשאָמע, — איז כאַיע אים ניט געבליבן שולדיק.

כאַיע די קאַצעווטע, וועמען דאָס גאַנצע שטעטל האָט צוגעשטוקעוועט דעם צונאָמען „קאַזאַטשקע", האָט אליין געבראַכט די בעהיימע פון דאָרף, אליין געהעקערט, געוווסט, ווער עס האָט האָלט א שטיקל ברוסט, ווער א ריפּ, געהאָדעוועט א שטוב קינדער נאָכן מאַנס טויט. זי איז אנטקעגן פאלקן געשטאַנען א צעפלאַמטע, געקוקט אף די, וואָס האָבן געדײַגעט נאָר פאר זיך, געשריִען צום ראָוו:

— רעבע, אונדזערע ייִנגלעך זײַנען אף דער מילכאָמע ביז די קני אין בלוט. היט די שיינע באלעבאַטים מיט צעון אויגן, זאָלן זיי לייגן געלט אפן טיש. ס'זאָל קיין איין אָרעמאַן ניט בלײַבן אף העפקער אין שטעטל.

— ברען ניט, קאַצעווטע. מײַן שטוב, מײַן קעשענע איז נאָך דערווײַל, מיט גאָטס הילף, מײַנס, — האָט געשריִען אײַזיק דער שוך־קרעמער.

פּעסיע האָט זיך דורכגעקוועטשט צווישן אוילעם, באַטראַכט אלעמען און מיט איר שטילן קאָל, וואָס האָט אלעמאָל געטראָפן אהין, ווו מע דאַרף, געזאָגט:

— אײַזיק, וואָלסט כאָטש אמאָל אף טשיקאַוועס געוויזן, אז דו ביסט ניט נאָר א געלט־שופ־לאָדקע. וואָס שרײַסטו אף אן אלמאָנע? דו מיינסט, דאָס איז שמאָצקען מאַרך־ביינדלעך? רעבע, היט זיי, ווי גאנאָווים. זאָלן זיי דינגען פורלעך פאר אָרעמעלײַט. פון העפקער ביז, כאָלילע, אומ־קומען איז א פּינטל מיטן אויג.

— גערעכט, ווײַבער. קורץ גערעדט און גיך געטאָן. גייט זיך פּאַקן. מע דאַרף געבן דעם גוטן פּעטער רעשט עטלעכע שאָ. מע דאַרף ארויס פון שטעטל, איידער ער וועט שיקן קאַזאַקן אונדז באגלייטן, — האָט מוישע דער שינדלמאַכער געזאָגט, זיך שטופּנדיק צו דער טיר.

...ווען פעסיע איז אַרײַן אין שטוב, איז עליע געשטאַנען באַם ספּאָרים־אַלמער:
— קום, לאָמיר גראָבן אין גאָרטן, — האָט ער געזאָגט.
— איך קלער, אַז בעסער איז אין פּירהויז, וואָרעם דער גאָרטן איז אין דרויסן...
— ביסט גערעכט.
— הייב אָן, און איך וועל אַרײַנלויפן אין אַ פּאָר שטיבער זאָגן, מע זאָל פּאַרגראָבן אַזוי, אַז עס זאָל בלײַבן אַ סימען...
ווען פעסיע איז צוריקגעקומען אין שטוב, איז נאָך עליע אַלץ געשטאַנען באַם ספּאָרים־אַלמער.
— עליע, האָב ראַכמאָנעס, קום גיכער.
ביז פאַרטאָג האָבן זיי אויסגעגראָבן אַ גרוב אין פּירהויז, אַראָפּגעלאָזן דעם פּופּציק־עמער־דיקן קופּערנעם קעסל, אים אויסגעבעט מיט צעראַטעס פון די טישן, אַרײַנגעלייגט די געמאַרעס, טאַנאַכן, טהילימס. ערשט נאָכדעם גענומען לייגן, וואָס עס האָט זיך געלאָזט, צוגעדעקט מיט דער דעמבענער דעק פון דער גרויסער פּאַס, פאַרשאָטן, צוריק פאַרפלאַסטערט מיט די ציגל, צוגע־שאַרט מיט די פיס. און ווען זיי אַליין האָבן קוים דערקענט דאָס אָרט, ווו זיי האָבן באַגראָבן דאָס ביסל גוטס, זײַנען זיי אַרײַן אין שטוב.
עס זײַנען נאָך געווען יענע גוטע צײַטן, ווען מע האָט ניט געקוילעט קיין מיליאָנען. מע האָט נאָר אָפן מאַרק פאַרשמיסן דאַוויד־הירשע דעם בעקער מיט אַ וואָך צוריק, ווײַל עס האָבן זיך געפונען „איידעס“, וועלכע האָבן מיט זייערע אויגן געזען, ווי דאַוויד־הירשע האָט באַנאַכט איבער־געגעבן די דײַטשן לעבלעך ברויט, אָנגעפּילטע מיט גילדערנע צענערלעך...
עס האָבן שוין געטראַסקעט איבער די גאַסן פולע פורן מיט יידישן גוטס. דער אוריאַדניק מיטביידע סטראַזשניקעס האָבן געדרייט די וואָנצעס און זיך געמאַכט ניט זעענדיק, אַז פורן פאַרקערעווען צו זייערע שטיבער.
עס איז געוואָרן טאָג. די יידישע הײַזער זײַנען געשטאַנען הפקער, אָן טירן און אָן לאָדן. די שטײַפע באַלעבאַטים זײַנען שוין געווען ווײַט פון שטעטל.
אין שולהויף זײַנען איצט געווען די, וואָס האָבן געוואַרט אף אַ נעס. דינגען פורלעך איז געווען גאָר ניט אַזוי גרינג, ווײַל גיריקע מענטשעלעך האָבן פאַרשטאַנען — קיינער וועט זיי ניט באַצאָלן אַזויפיל, וויפל זיי וועלן אָנשלעפּן. עס האָבן זיך אָבער געפונען אַזוינע, וואָס זײַנען צוגע־פאָרן צום שולהויף, געלייגט אף די וועגענער דאַלעסדיק בעטגעוואַנט, געזעצט קינדער, פאַרשעמט אויסגעדרייט די קעפּ, קעדיי ניט צו זען די פורן, וואָס האָבן פאַרבײַגעיאָגט מיט אָנגעראַבע־וועטן גוטס.
— וואָס קאָנסטו מאַכן, פעסקיטע, — האָט באַצעליוניס געטײַנעט צו פעסיען, — אַלע ווילן עסן פעט, טרינקען זיס. טראָג אין וועגעלע. קוק ניט, וואָס מײַן קליאַטשע פאַלט אַרויס פון פעל. זי וועט דערשלעפּן. כ׳וועל ניט אויסדרייען די האַלאַבליעס, ביז איך וועל דיך ניט ברענגען, ווו דעם קייסערס נאַטשאַלסטווע האָט געהייסן.
— לאַנג לעבן זאָלסטו, באַצעליוניס! פריר ניט ווינטער, פיר אַריבער די האַלץ צו זיך, פון סאָד איז אויך אַלץ דײַנע. די ביימער וועלן זיך בוקן. זיי שטייען, ווי אין סמעטענע אָפּגעטונקטע. גיב אַכטונג. ווערסט ניט קאָנען אָפּהיטן, וועל איך צו דיר אויך קיין טײַנעס ניט האָבן.
— גענוג, פעסקיטע. איך דאַרף גאָרניט.
— עליע, דו טראָג און איך וועל צולויפן צו מאַלקען, — האָט פעסיע געזאָגט און פאַרשפּאַרט צו לויפן, ווײַל מאַלקע איז שוין געגאַנגען מיט אַ פּאַק אָפן פּלייצע, דאָס זאַלצבערעטל אונטערן אָרעם, די ווייקשאַפט אין האַנט.
— זע, וואָס האָסטו זיך אָנגעטאָן אין ווינטערדיקן מאַנטל? — האָט פעסיע זיך געוווּנדערט, קוקנדיק אף מאַלקען אינעם טונקל־גראַנאַטענעם מאַנטל מיט די באָרדאָ־סאַמעטענע לאַצן. — און וואָס מיינסטו, ווערסט האָבן, וואָס צו ווייקן און צו זאַלצן?
— אין זאַמד ניט, אין לאַנד קינדלט מען, — האָט די באָבע מאַלקע געזאָגט, אַרײַנשטופּנ־דיק דאָס געבראַכטע צווישן פעסיעס זאַכן אפן פורל.
זי איז צוגעגאַנגען צו באַצעליוניסן, אַרופגעלייגט אירע הענט אף זײַנע פּלייצעס, אים גע־וואָלט עפּעס זאָגן. ניט געזאָגט גאָרנישט...
די באָבע מאַלקע, וואָס האָט צוגענומען דרײַ דוירעס קינדער אין שטעטל, האָט נאָך דאַן נים געוווּסט, אַז אַרויסגעטריבן ווערן איז נאָך ניט דער גרעסטער אומגליק... דערפאַר האָט זי גוט פאַרשטאַנען, וואָס עס באַטײַט, אַז אַזאַ אָרעמאַן, וואָס האָט אײן שקאַפע און וואָס ברויט קלעקט אים נאָר ביזן נײַיאָר, האָט פאַרגעסן זײַן ביטערע דאַליע און איז־געקומען אַרויסהעלפן...
דער שולהויף איז פול געווען מיט געשרייען און געוויין. די באָבע מאַלקע האָט זיך שיר אַליין ניט צעוויינט. פאַרבראָכן די הענט און, ווי פון אַ טכינע, אַרויסגעלייענט: „ווי אָרעם אַ מענטש

זאָל ניט זײַן, אַז ער זיצט אַף זײַן אָרט, איז ער נאָך אַ מענטש... אָבער אַז ער טראָגט אַרויס דעם דאַלעס אַף דער ליכטיקער שײַן, איז זײַן אומגליק גאָרניט אַנטקעגן דער כאַרפע. ווײ איז צו אונדזער מאַזל. פאַרוואָס זײַנען מיר אַזוי שאָפל? פאַרוואָס זײַנען מיר אַזוי צוגעשלאָגן צו דר'ערד?"

אַרום הירשעלע דעם שערערס קינדער איז אַ געזעמל. די עלטערן קוקן אַף זייער זון יודקען, וואָס זיצט אַף אַן אומגעלומפּערטן שטול מיט רעדעלעך און לאַכט. ניט ער לאַכט, זײַנע שוואַרצע גרויסע אויגן שפּריצן מיט געלעכטער. ער קאָן ניט אײַנהאַלטן זײַן פרייד. דאָס ערשטע מאָל אַף זײַן לעבן זעט ער אַזויפיל מענטשן. זײַן מאַמע ציפּע די קוואַסמאַכערן האַלט זיך פאַרן אָנלען פון שטול, באַגיסט זיך מיט טרערן און בעט זיך:

— מענטשן, קוקט זיך אײַן. ער האָט דאָך אַ מאָנאַרכישע צורע. הערט זיך צו צו זײַנע רייד, ער איז דאָך קלוג, ווי די וועלט. נעמט אים אַף אַ פּורל, שטראָפט ניט קיין געשטראָפטן.

מוישע דער שינדלמאַכער רוקט אַרוף דאָס היטל, קוקט אָן הירשעלעס געזינדל און טוט אַ זאָג:

— הירשעלע, אַ געזונט אין דײַנע קינדערלעך, ווען האָסטו גאָר באַוויזן האַלטן אַ שערל אין האַנט?

די ווײַבער שמייכלען, כאַטש זייערע באַקן זײַנען נאַס פון טרערן. די באָבע מאַלקע שאָקלט מיטן קאָפּ און זאָגט צום שינדלמאַכער:

— ווען דער אייבערשטער שיקט צו מאַזלבראָכע אין האַנט, ווען אין אַן אַנדער זאַך! ווי און ווינד צו דער וועלט! גאָלד שײַנט אין בלאָטע!

נאָר מוישע הערט שוין ניט. ער שטופּט יודקע הירשעלעס מיטן שטול צו זײַן פור.

— גיי, ציפּע, צעוואַרף דײַנע קינדער איבער די וועגענער, — זאָגט ער צו הירשעלעס ווײַב. — אַ צווײ וועט נעמען זעליק דער קאַצעוו, נאָך אַ מיידעלע און יודקען מיטן שטול נעם איך. ריר זיך. דעם קייסערס פּעטער האָט ניט קיין צײַט צו וואַרטן אַף דיר.

ווער עס שמייכלט, ווער עס לאַכט. די באָבע מאַלקע פירט הירשעלעס אַ יינגעלע מיט אַ מיידעלע צו באַצעליוניסעס פור. פּעסיע מאַכט אַן אָרט, זעצט זיי אַרײַן צווישן די פּעק. עליע קריכט אַרוף אַפן פורל, טוט אַ מאַך מיט די הענט, גיט אַ שלוכץ, באַהערשט זיך און זאָגט:

— דער ראָוו, דער שויכעט, די באַלעבאַטים זײַנען שוין לאַנג אויסגערונען. אָבער ער אין הימל איז מיט אונדז. זאָל מען וויסן זײַן: עס מעג ליגן גאָלד אַף די וועגן, טאָר זיך קיינער ניט צורירן. מיר פירן עטלעכע קי, ס'איז דאָ זעק אַרבעסענע, קאָרנע און אַפילע ווייצענע מעל. מיר זײַנען געטריבן און געפּלאָגט, אָבער אונדזער ערלעכקײַט וועט אונדז בײַשטיין אין אונדזער נויט! אַלע האָבן געהערט?

— געהערט!..

און די וועגענער רירן זיך. לעבן בעסוילעם האָט עליע ווידער געזאָגט:

— מירן זיך געזעגענען מיט אונדזערע טאַטע־מאַמע אין האַרצן... אָן געשרייען און אָן גע־וויין, וואָרעם אַף ווייענדיקע, וויס איך, האָט מען אָפּט קיין ראַכמאָנעס ניט!..

ווען די זון איז פאַרגאַנגען, האָט מען זיך אָפּגעשטעלט, אויפגעהויבן די האָלאָבליעס פון די וועגענער, אָנגעצויגן גונעס, קאָלדרעס, צעלייגט פײַערן, אויפגעהאַנגען קופּערנע קעסעלעך און עמערס. דאָס אַלץ האָבן געטאָן צעמאַך דער שמיד, זעליק דער קאַצעוו, מוישע דער שינדלמאַכער. די ווײַבער האָבן אויסגעמאָלקן די בעהיימעס, און די באָבע מאַלקע האָט געטיילט קווערטלעך מילך. פּעסיע האָט צוגעטראָגן אַ קווערטל מילך מיט אַ האָמויצע ברויט באַצעליוניסן. זעליק האָט גע־בראַכט אַ טאָרבע האָבער. באַצעליוניס האָט זיך איבערגעציילעמט, אָנגעטאָן די טאָרבע זײַן שקאַפּע און ערשט נאָכדעם געגנומען זופּן דאָס מילך.

די נאַכט איז צוגעפאַלן. די וועגענער זײַנען אויסגעשטעלט קײַלעכדיק, אינווייניק אין קרײַז. אַף דער לאָנקע האָבן די עלטערע קינדער אויסגעשפּרייט אָנגעבראָכענעם סכאַך, מע האָט אויס־געלאָשן די שײַטערס און זיך געלייגט שלאָפן. בערקע כאַיעס און לייבקע צעמעכס זײַנען אוועק פּיטערן די פערד. עליע מיט מוישען האָבן שטיל געשמועסט:

— אָט אַזוי איז דאָס, רעב עליע, אונדזערע יינגלעך לייגן די קעפּ, און אונדז האָט מען אַרויסגעיאָגט, ווי די הינט.

— האָסט געזען די פאַרוווּנדעטע סאָלדאַטן, וואָס זײַנען געגאַנגען באַטאָג? ס'איז אַלע־מען גוט...

— פון קאַדמוינים אַזוי. ווי נאָר ס'איז שלעכט, זײַנען מיר די קאַפּאָרע, — זאָגט מוישע.

איבערן שטילן וואַלד האָבן זיך געטראָגן ניט קיין געוויינלעכע ווערטער מיט אַ מאָדנעם ניגן: „ס'האָט אַ בוים דעם וואַלד, ס'האָט אַ בלאַט די צווײַג, ס'האָט אַ פיש זײַן טײַך, נאָר איך האָב גאָרניט, גאָרניט, גאָרניט..."

— ווער זינגט דאָס אַזוי? — האָט עליע פאַרווונדערט געפרעגט.

— ווער? יודקע הירשעלעס. ער זיצט בײַ מיר אַף דער פור, קוקט אַף די ביימער און פרעגט: „פעטער מוישע, פאַרוואָס האָבן מיר קיין וועלדער ניט?"

— אַ ביטערער ראַכמאָנעס. צוגענומען בײַ אים העגט און פיס, געלאָזן דעם סייכל און גיי פרעג דעם ריבוינעשעלוילעם קאַשעס, — זאָגט עליע און הייבט אָן זאָגן טהילים: — הושיעני אלהים כי באו מים עד נפשי[1]...

דער הימל איז אויסגעשטערנט. די ביימער שטייען פאַרגליווערט, שוואַרצע. די ייִנגלעך שרײַען צו די פערד. עס הערט זיך וויינען אַ קינד. עליע זאָגט ווײַטער:

— למנצח לדוד להזכיר[2]...

מוישע זאָגט נאָך וואָרט־בײַ־וואָרט...

עס שמעקט מיט יאַדלעס, מיט סאָסנע, מיט גרעזער און וואַסער. די וועגענער מיט די אָפּגעהויבענע האָלאָבליעס, איבערגעדעקטע מיט גונעס און מיט קאָלדרעס, זעען אויס אין דער פינצטער, ווי אויסטערלישע כײַעס...

באַגינען האָט מען ווידער צעלייגט אַ פײַער, געקאָכט מילכיקע קאַרגע ציפּקעס. די מאַנצבלען האָבן אָפּגעדאַוונט, מע האָט אַפגיך אָפּגעגעסן, אײַנגעשפּאַנט און ווידער האָבן זיך די פורן געצויגן איבערן וועג. מע גייט שווײַגנדיק. עס הערט זיך, ווי די קי צופּן דאָס גראָז, ווי די וועגענער סקריפּען, קינדער אין לאַנגע לײַוונטענע העמדלעך, מיט העלע צעפּאַטלטע הערלעך פיטערן גענדז.

— ווען וועט שוין נעמען אַ סאָף צו אונדזערע צאָרעס? — זאָגט זעליק דער קאַצעוו.

— ס'איז עפּעס אַ קלייניקײַט, אַ וועלט אָן צאָרעס? דאָס קאָן ניט זײַן, — זאָגט עליע, — מע וואָלט זיך שוין געדאַרפט אָפּשטעלן. די זון סאַרפּעט. גיי, צעמעך, זאָג אוראָמען, זאָל ער פאַרקערעווען צו יענער לאָנקע מיט די בערעזעס. צײַט צו מאַכן וואַרמעס.

ווען מע האָט אָפּגעגעסן, אַראָפּגענומען די קעסעלעך פון די פלעקענער, האָבן די ווײַבער אָנגעהאַנגען פולע עמערס וואַסער. די עלטערע מיידלעך האָבן געהאָלפן. מע האָט צונויפגענומען די קלענערע קינדער, זיי אויסגעבאָדן, אויסגעוואַשן די העמדלעך מיט די קליידלעך, אויסגעשפּרייט אַפן גראָז. כאַיע די קאַזאַטשקע האָט געקוואָלן:

— אוי, ליבער גאָט, זעט, ווי עס שײַנט! ס'איז דאָך אַ נעס, וואָס דער פּעטער האָט אונדז אַרויסגעטריבן ערעוו־שוועס און ניט ערעוו־כאַנעקע. ציפּע־קרוין, דו וועסט דערקענען דײַנע קינדער? זיי פינקלען, ווי אויסגעפּוצטע לײַכטער ערעוו־שאַבעס!

— גענוג, כאַיע. נעם אַ געדיכטן קעמל און קעם די הערלעך, — האָט די באָבע מאַלקע געקאָמאַנדעוועט.

פּעסיע מיט ציפּען זײַנען געגאַנגען פון פור צו פור. צונויפגענומען מעל, בולבע, פּערל־גרויפּן. מוישע דעם שינדלמאַכערס ווײַב האָט געגעבן אַ טאָרבעלע בעבלעך.

— זעסט, עליע, אָט האָב איך שוין אַ וועטשערע פאַרן אוילעם.

— לאַנג לעבן זאָלט איר! ס'פּרייט זיך דאָס האַרץ, קוקנדיק אַף אײַך, — האָט עליע געזאָגט.

— אויב אונדזער אומע האָט אַ קיום, איז דאָס נאָר צוליב די נאָשים, — האָט זעליק דער קאַצעוו צוגעגעבן.

די זון באַקט שוין ניט אַזוי. מע שפּאַנט ווידער. ציפּעס קאָל קלינגט איבער דער לאָנקע:

— קינ־דער, איר זײַט קעשורע?

— קעשורע, קעשורע! הער שוין אוף! וואָס גוואַלדעוועסטו? — זאָגט די באָבע מאַלקע.

מע פאָרט ווײַטער. די פערד דרייען מיט די אויערן. כמאַרעס וואַלד־פליגן לאָזן זיך אַראָפּ אַף זייערע רוקנס. מוישע גייט לעבן עליען און שניצט אַ גראָבן לאַנגן פלעקל. דאָס פלעקל זעט אויס, ווי אַ גרויסע בלײַפעדער.

— כ'האָב שוין אַזוינע פײַנע עטלעכע שטיקלעך. טאָמער וואָס? מיר זײַנען עטלעכע מאַנצבלען מיט קליינע קינדער, מע זאָל ניט באַדאַרפן...

— זאָל זײַן, — זאָגט עליע.

ווען דער אָוונט איז צוגעפאַלן, האָט מען אויסגעשפּאַנט די פערד, צעלייגט שײַטערס. עס האָט געשמעקט מיט רויך, מיט געקעכטס. ציפּע, הירשעלעס ווײַב, האָט אוועקגעטראָגן אַ פול טעפּל מיט האָבערנע קאַשע. די באָבע מאַלקע האָט געזאָגט צו פּעסיען:

— צום שלימאַזל דאַרף מען אויך האָבן מאַזל. איר געזינד איז קיינמאָל ניט געווען אַזוי זאַט, ווי איצט. ס'איז גאָר אַן אַנדער הויט אַף זיי.

---

[1] — הושיײנו עלויהים קי באָו מאַיִם אַד נאָפּעש (אַ פּאָסעק פון טהילים).

[2] — לאַמנאַצייאַך לעדאָוויד לעהאַזקיר (אַ פּאָסעק פון טהילים).



— וואָס איז דער ווונדער? מע עסט אַלע טאָג וועטשערע!
אָפּגעגעסן. ווידעראַמאָל זײַנען אָנגעצויגן די גונעס אַף די וועגענער. באַצעליוניס פּאַרעט זיך אַרום דער שקאַפּע, זיפּצט און קרעכצט, גייט פּעסיע צו צו אים, זעצט זיך לעבן אים אַפן גראָז:
— וועסט זיך אומקערן אַהיים, אַז דו וועסט אונדז דערפירן צו אַ טאָלק, קאָנסטו גאָר ווױנען אין מײַן שטוב.
— כ'האָב נאָך דאָס מיסט ניט אַרויסגעפירט. און מײַנע, ווער ווייסט, צי איך וועל זי גע־פינען. זי הוסט און הוסט...
אַ גרינג ווינטל רוישט אין די בלעטער. עס שרײַען זיך איבער פייגל. עמעצער רעדט פון שלאָף. יודקעס קאָל הערט זיך: „איך האָב גאַרניט, גאַרניט, גאַרניט!"

עס איז הייס. די מידע מענטשן זײַנען אָבער ניט דערשלאָגן. עס הערט זיך אַפילו אַ גע־לעכטער. כאַיע די קאַזאַטשקע גייט פון מענטש צו מענטש און זאָגט אַלעמען אָן:
— הײַנט איז ערעוו־שוווּעס.
זי זאָגט עס פּעסיען אויך.
— כ'ווייס דאָס אָן דיר, — ענטפערט פּעסיע. — כ'האָב שוין אַלץ באַקלערט אַרום און אַרום. אָט זעסט יענעם וואַלד פונדערווײַטן? מיר וועלן זיך דאָרטן באַלד אָפּשטעלן. מע רעדט, אַז ניט ווײַט איז דאָ אַן אָזערע. אויב דאָס איז טאַקע אַזוי, וועט שוין זײַן רעכט.
מע האָט זיך טאַקע אָפּגעשטעלט אין וואַלד נאָך ווײַט פאַר וואַרמעס. זעליק, פּעסיע און מוישע האָבן צונויפגענומען אַ ביסל געלט און זײַנען אוועק. זיי האָבן זיך רעכט געזאַמט. נאָר אָט זײַנען זיי געקומען, טראָגן אַ גרויסע קאָרב, צוגעדעקט מיט קראָפּעווע, אַ קראַנץ ציבעלעס. בא פּעסיען אין די הענט — אַ רעשעטע אייער.
— ווײַבער, שטייט ניט. נעמט מעסערס, — זאָגט די באָבע מאַלקע. — וואַרפט אַראָפּ די קראָפּעווע פון קאָרב.
ס'טוען אַ בלאַנק אַף דער זון לענגלעכע גרין־ברוינע העכט. זיי צאַפּלען, וואַרפן זיך, שפּרינ־גען שיר ניט אַרויס פון ציפּעס הענט.
מוישע דער שינדלמאַכער האָט מיט אַ סטרוג אָפּגעהובלט אַ ברייטן פּניאַק. כאַיע מיט דער באָבע מאַלקען האָבן זיך געשטעלט אַף די קני און די העכט אין זייערע הענט האָבן אויפגעהערט צו צאַפּלען... מע האָט געפונען האַקמעסערס און איבערן וואַלד האָט זיך צעהילכט אַ קלאַפּערײַ. מוישע קאָן ניט אײַנשטיין אַף איין אָרט. ער האָט שוין צעלייגט אַ פײַער. אין די עמערס קאָכט שוין. די באָבע מאַלקע זאָגט צו אים:
— מוישע, גיי צו די מאַנצבלען, זיי זײַנען דאָך אוועק זיך באָדן. וועסט שוין אַ סימען האָבן, אַז די פיש וועט פאַרטיק ווערן. דעם קייסערס פעטער וואָלט עס דערשמעקט, וואָלט ער צעפּוקעט געוואָרן.

די זון זעצט זיך. אלע קינדער זײַנען שוין ווידער אויסגעבאָדן. די ווײַבער טײלן פיש. דער רייעך פון וואלד, פון כוואָיע מישט זיך מיטן גערוך פון ציבעלע, פון היים...

מע האָט אויסגעשפרייט טישטעכער אפן גראָז. ס'האָבן זיך געפונען לײַכטער און ליכט. נאָך ליכטבענטשן האָט מען זיך געזעצט עסן. גוט געווײנט. און ווען אלע האָבן זיך אויסגעוויינט, איז זעליק אוועק צו מוישעס פור, ער האָט אפן שטול אוועקגעזעצט יודקען, אים אויך אהער געבראכט.

ווידער זײַנען אָנגעצויגן די קאָלדרעס און גונעס איבער די פורן. מע האָט זיך אויסגעלייגט שלאָפן. די מאנצבלען האָבן געזאָגט טהילים. פלוצעם האָט זיך דערהערט — מע שרײַט. זעליק האָט ארויסגעכאפט א ליושנע, מוישע האָט געכאפט א פלאָקן, צעמאך א האק און זיי זײַנען אוועקגעלאָפן אהין, פונוואנען די קוילעס האָבן זיך געהערט. די געשרייען האָבן פארהילכט דעם ארום, אקוראט, ווי עס וואָלטן געשריִען ניט עטלעכע ייִנגלעך. ווען זיי זײַנען דערלאָפן אהין, ווו די ייִנגלעך זײַנען געווען מיט די פערד, האָט זעליק דערזען, ווי עמעץ פענטעט אָפּ זײַן פערד.

— האסט א טאָעס, דאָס איז דאָך מײַן פערד!

— געווען איז עס דײַנס און איצט איז עס מײַנס...

— אזוי?! — שרײַט אויס זעליק און טוט א זעץ מיט דער ליושנע יענעם איבערן קאָפּ. און אָט זיצט יענער שוין אפן גראָז און ווישט די נאָז. צעמאך האָט גוט מעכאבעד געווען א צווייטן, וועלכער פארענטפערט זיך:

— וואָס בין איך שולדיק? אונדזער באלעבאָס האָט געהייסן: — גייט, דאָרטן שטייען זשידעס, נעמט בא זיי צו די פערד!..

— אלעמײַ ביסטו געגאנגען? נעכיי וואָלטן געגאנגען יענע, וואָס האָבן דיך געשיקט! — זאָגט צעמאך...

— מע דארף וואָס גיכער שפאנען די פערד, — זאָגט עליע.

— עליע, עליע! ווו ביסטו? — שרײַט פעסיע.

— שאַט, אָן קוילעס! מע האָט נאָר איינעם צעמאזיקט די נאָז. מער גאָרנישט, — זאָגט מוישע.

מוישע און זעליק פארנעמען די פערד, מע שפאנט. עליע גייט מיט צעמאכן און רעדט שטיל:

— כ'האָב דיר דאָך געזאָגט, מיט סייכל. סטײַטש, מע נעמט און מע גיט אזא מין בענטש!

— ס'איז שווער אויסצורעכענען אין דער הייסער מינוט. דער פלאָקן איז געווען מיט א סוק, — פארענטפערט זיך צעמאך.

די וועגענער זײַנען איצט געגאנגען גיכער, ווי נעכטן. מען איז געפאָרן, ביז ס'איז גוט פינצטער געוואָרן. די פארשפיצטע פלעקענער האָט מוישע באהאלטן סאמע אפן דעק וואָגן. כאיע די קאצעווטע האָט געגעבן איר בערקען א מעסער און אים געלערנט:

— זעסט, ווי איך נעם דאָס מעסער אין האנט? אָט אזוי! טוסט פלינק א מאך, איז גלײַך אונטערן ריפּ ארײַן. נאָר אָן שרעק. וואָרעם ווער עס וויל אונדז בייז טאָן, איז דאָך ערגער פאר א כײַע. קוק, ווי הירשעלע דער שערער ציטערט: נאָך הײַנטיקער נאכט קריכט ער ניט ארויס פון אונטער דער קאָלדרע, ליגט, ווי א שעפּס.

— ער איז טאַקע א שעפּס! — זאָגט זעליק צו דער קאצעווטע.

דאָס מאָל האָט מען זיך ניט אָפּגעשטעלט. מען איז געפאָרן א גאנצע נאכט. ווען די זון האָט גענומען אופגיין, האָט מען פונדערווײַטן דערזען א שטאָט.

— דאָס איז שוין ווילנער גובערניע, עליע?

— אוואדע.

דאָס איז געווען א מאָדנע שטאָט, מיט א לאנגער־לאנגער גאס. מען איז געפאָרן און געפאָרן, ביז די גאס האָט זיך אויסגעברייטערט, פארקײַלעכיקט און די מענטשן האָבן דערזען לאנגע טישן מיט בענק. אף די טישן איז געלעגן אָנגעשניטן ברויט און עס זײַנען געשטאנען שיסלען מיט פערלגרויפּענער קאשע. פארזאָרגטע מיידלעך און באָכערים אין שווארצע העמדלעך האָבן נעטראָגן די קינדער פון די פורן, געזעצט בא די טישן, באַרוּיִקט ציפּע הירשעלעס:

— מומינקע, באַרוּיִקט זיך, אײַערע קינדער וועלן גאנץ זײַן.

ווען מע האָט אָפּגעגעסן, האָט עליע געזאָגט צו פעסיען:

— דו באוואָרן, אז באצעליוניס זאָל אין וועג ניט פאסטן. רוף די באָבע מאלקע, זאָל מען אלץ אראָפּנעמען פון פור און זאָל ער שוין אויסגעלייזט ווערן. מיר גיב די שאבעסדיקע קאפּאָטע.

— וואָס דארפסטו די שאבעסדיקע קאפּאָטע?

— איך וועל צוגיין זיך דורכריידן מיט די היגע באלמעלאָכעס.

— און אזוי וועלן זיי דיך ניט דערקענען?

— גיב מיר די קאפּאָטע! איך בין א געטריבענער, אָבער כאָלילע ניט קיין שנאָרער, —

האָט עליע זיך א בייזער געטאָן. ווען באַצעליוניסעס פורל איז שוין געשטאַנען לייִדיק, איז עליע צוגעגאַנגען צו אים, זיך צעקושט און געזאָגט:

— פאַר אַזעלכע זאַכן איז ניט שײַעך צו דאַנקען...

— אַבי מע זאָל זיך זען צוריק... — האָט אַ זיפץ געטאָן באַצעליוניס.

אַז דאָס פורל איז אַוועקגעפאָרן, האָט עליע אָפּגעוואַשן דאָס פּאָנעם, צעקעמט די באָרד, אָנגעטאָן די שאַבעסדיקע קאַפּאָטע און איז אַוועק. ער האָט זיך טאַקע אומגעקערט מיט עטלעכע באַלמעלאָכעס, וועלכע האָבן געזאָגט צו פּעסיען:

— געקומען, מומינקעס? אַ בראָך צום פּעטער! אָט דאָ, מיט אונדז, אין שירווינט וועט איר שוין אַלע צוואַרטן, ביז איר וועט זיך, אימירצעהאַשעם, אומקערן אַהיים.

# זיך ניט אויסגערעדט די הערצער

מיט קנאַפּע צוואַנציק יאָר צוריק האָט כאַנע פּאַרלאָזט דאָס שטעטל, צו וועלכן זי האָט זיך איצט דערנענטערט מיטן קאָוונער צוג. זי איז געווען אופגערעגט, צעטומלט, אפילו מער ווי געוויינלעך אַ מענטש, וואָס קערט זיך אום אַהיים נאָך צענדליקער יאָרן זײַן אין דער פרעמד. און כאָטש זי איז שוין געווען אַ געפּרוווטער רײַפער מענטש, האָט זי זיך מאַמעש געשראָקן. זי האָט זיך ניט געקאָנט אויסמאָלן די שטוב פון באָבע און זיידע — אָן זיי. זי האָט זיך ניט געקאָנט פאָרשטעלן, וואָס דערלאַנגט מען דאָרטן איצט צום טיש אָנשטאָט די מילכיקע לאָקשן, וואָס די באָבע פלעגט דערלאַנגען יאָרנלאַנג. און נאָך אַ זאַך: זי האָט זיך בעשום־אויפן ניט געקאָנט פאָרשטעלן, וויאַזוי וועט עס זײַן מיט דער מאַמען, וויאַזוי וועלן זיי זיך באַגעגענען. מיט צוואַנציק יאָר צוריק איז די באָבע פּעסיע נאָכגעלאָפן דעם וואָגן, זיך האַלטנדיק בא דער דראַבינע, און זיך געבעטן: „סרײַבט, קינדער, סרײַבט. האָט ראַכמאָנעס!“...

די מאַמע אירע גיטל איז שוין אַ סאַך מאָל געלאָפן מיט דער טעלעגראַמע צום קאָמאַנדיר פון דער רויטער אַרמיי, וואָס וווינט אין עק גאַס, געבעטן, ער זאָל קיין פאַריבל ניט האָבן, און אַלץ געפרעגט: „ווייסט איר געוויס, אַז דער צוג פון קאָוונע וועט, כאָלילע, ניט פאַרשפּעטיקן?“ זי האָט ניט גערוט און ניט געלאָזן קיינעם רוען. עס איז טאַקע געווען אַזוי, ווי איר מאַן הירשע האָט געזאָגט: „זינט די טעלעגראַמע איז געקומען, שטייט מײַן ווײַב אַף איין פוס, קײַט מיט איין צאָן און שלאָפט מיט איין אויג“.

אין אויוון הערט ניט אוף צו פּלאַקערן. עס זײַנען שוין פאַרטיק די טאָרטן, זיי זײַנען געראָטן און הויך, ווי צילינדערס. די געשלאָגענע באַבקעס אַף געלכלעך מיט סמעטענע, איבערגעשאָטענע מיט געריבענע ניס, מיט צימערינג און צוקער, זײַנען ווי מיט לאַק געפּוצט. די פלאָדנס, פּעטע און פוכקע, זײַנען פאַרצויגן מיט אַ פרעסטל פון צוקער־פּודער. אַף די לעקעכער האָט גיטל אויסגעלייגט פון נעגעלעך אַ גאַנדז מיט גענדזעלעך. עס זײַנען שוין פאַרטיק די טייגלעך: געצוקערטע, געהאַקטע, נאַסע, געקאָכטע אין האָניק. עס זײַנען אויך דאָ געפּעפּערטע קיכלעך צו געהאַקטע לעבער. גיטל האָט אויסגעשײַערט דעם גרויסן קופּערנעם קעסל, אַרײַנגעלייגט אַהין רינדערנע און קעלבערנע ביינער, ביינער פון אינדיטשקעס און הינער. בייס הירשע האָט פאַרזוכט די יויך און אַוועקגעלייגט דעם לעפל אַפן טעלער, איז דער לעפל צוגעקלעפּט געוואָרן.

— ווער וועט בא דיר אופעסן אַזאַ קרענעצע יויך? האָב ראַכמאָנעס! — האָט הירשע ניט אויסגעהאַלטן.

— מע'ט ניט אופעסן, וועל איך אַרויסגיסן. די ייִנגלעך האָבן קנאַפּ צוגעשיקט? ווער קומט צו דיר, באַדאַכט זיך! העלף בעסער קלאַפּן די קרעפּלעך. לייג אַף די בעקנס. שמיר, זשאַלעווע ניט, נעם אַראָפּ די האַנט פון האַרצן! מע וועט בא מיר פאַרזוכן אַ קרעפּל מיט יויך, וועט מען ניט וויסן, ווו ער איז אַהינגעקומען, — האָט גיטל געשאָטן מיט רייד, געלייגט בייסמײַסע געהאַקטע לעבער אַף די גרויסע פּאַלומעסקעס, אַרומגעפּוצט מיט דין געבראָקטע גרינע ציבלקעס, מיט קראָפּ, ווו־ניט־ווו אַרײַנגעשטעקט אַ ראָז רעטעכל, אַרומגעשאָטן מיט אָנגעריבענע האַרטע אייער, געשעפּט מיטן קאָכלעפל געגנדזענע שמאַלץ און, ניט אָפּגעזײַט די געלע גריוונס, געגאָסן...

— ס'וועט דאָך בא דיר אַוועקשווימען! — האָט הירשע געוואָרנט.

— אַבי דו וועסט בא מיר בלײַבן! דערלאַנג די ברוסטל!..

— ווער עס ווינטשט מיר שלעכטס, זאָל האָבן א ווײַב א בעריע.

— איך ווינטש מײַנע גוטעפרײַנט, אז זייערע ווײַבער זאָלן גאָר פארשפּאָרן צו זײַן בער־יעס, — האָט גיטל געענטפערט, געשטאָכן מיטן מעסער די שטיקער קעלבערנע ברוסט. א שטאָך — אריינגעשטעקט א קנאָבל, א שטאָך — א מער, א שטאָך — א פעטרעשקע, באשפרענקלט מיט געשטויסענעם ענגל־געווירץ, באגאָסן מיט אופגעקלאפּטע אייער, באטרייסלט מיט טרוקענער געמאָלענער כאלע, ארומגעלייגט מיט הינערשע פלאָסטערן און — אין אויוון ארײַן. א געשריי געטאָן צו דער ארײַנגעקומענער טאָכטער:

— טראסקע ניט מיט דער טיר! ס'וועט אלץ אײַנגעדונערט ווערן אין אויוון...

— מאמע, איך שטארב עסן!

— געבן דיר א שטיקל ציצקע? אלע שווערע מײַכאָלים אופגעגעסן. געבליבן פוך מיט שניי, בעם, וואָס דו ווילסט, און טשעפּע זיך אָפּ פון מיר!.. זאָג מיר בעסער, ווו ביסטו געווען, טאָכטערל?

— פרעגן דארף מען, וואָס מע ווייסט ניט.

— אזוי גאָר?

— געוויס, מאמע!

— וואַרט א ביסל... כ'וועל זיך נאָך דורכריידן מיט דיר. איצט האָב איך קיין צײַט ניט צו דיר...

— איך אויך ניט, — האָט מירקע געענטפערט, געכאפּט א שטיק ביילעק און איז נעלעם געוואָרן.

— גיטל, וואָס ווילסטו פון איר?

— הירשע, כ'וועל ניט דערלאָזן אזא גוואלדריס.

— מיט צוואנציק יאָר צוריק האָסטו אויך ניט געוואָלט דערלאָזן. ביסטו טאקע געבליבן א נאר מיט א צעטל.

— כ'האָב קיין קרעפטן ניט צו הערן דײַנע רייד!

— צו הערן דארף מען נאָר סייכל.

— אָפּ צו וויסן פון אזא זאַך דארף מען אליין האָבן סייכל... דו האָסט דאָך קיין אויגן ניט! זי איז דאָך א פארביטענע. אלע מאָל, אז זי מאכט מיר די קיטקעס, זײַנען זיי, ווי אויסגעטאָקט. איצט האָט זי פארדרייט א פלאָכט אין כאנדריקעווע, א פלאָכט אין האָצעפּלאָץ. זי ווייסט, ווער דער וואלאדימיר איז?..

— כאנקע האָט ניט געגומען וואלאדימירן, ביסטו געווען צופרידן? — האָט הירשע געפרעגט, גלײַך כאראָטע געהאָט און שטיל געבליבן.

גיטל האָט אויך מער גאָרנישט געזאָגט. צוגערוקט און אָפּגערוקט די זאסלאָנקע פון אויוון, אקוראט זי האָט ניט געהערט זײַנע רייד, כאָטש ס'איז איר געווען א גוטער שניט אין הארצן.

ענדלעך איז אלץ פארטיק. גיטל באטראכט די געגרייטע טישן אין זאל. שטעלט איבער די פלעשער מאשקע צווישן די טיפע גלעזערנע שאָלן מיט אײַנגעמאכטס. די גרויסע דורכזיכטיקע אגרעסן זײַנען גאנץ און געל, ווי בורשטינענע, די טונקל־רויטע, ווײַס־געפּינטלטע טרוסקאווקעס ליגן אין רויטלעכן געשמאָלצענעם צוקער, ווי נאָרוואָס פון דער בייט.

אָבער גיטל קוקט שוין איצט ניט אָף זיי. גיטל איז איצט זייער ווײַט פונדאנען. זי האלט כאנקען פאר די הענטלעך, כאנקע שטעלט די ערשטע טריט. און גיטלס מאמע — פעסיע — פירט דורך מיט א מעסער צווישן כאנקעס געשטריקטע שיכעלעך, זאָגט א שפרוך: „לויף, ווי א טײַכל, וואקס, ווי קראָפּעווע, גוטע לײַט אָף נאכעס, טאטע־מאמע זאָלן קוועלן"...

גיטל זעט פלוצעם כאנקען ליגן אין געפלאָכטענעם הענגוויגל. זי שלעפּט א פּיסעלע אין מויל. „ניט שוין זשע האָט מײַן האנט געשריבן אזעלכע ווערטער צו מײַן קינד?" — טראכט גיטל.

יאָ, זי האָט געשריבן, בייס כאנקע האָט געהאט איר מיידעלע: „מעגסט ליגן אין קאָוונע אין ביקער־כוילים, מעג דײַן מאמזער בלײַבן א יאָסעם, איך האָב אין דעם קיין כיילעק ניט".

גיטל טראכט, מיסטאמע וועט כאנקע איצט וועגן דעם ניט ריידן. אָבער דאָס איז ניט פאר־געסן און ניט פארגעבן. ווער ווייסט, מיט וואָס אָט דער צוגאסט קאָן זיך ענדיקן?..

עס עפנט זיך די טיר און מירקע לויפט ווידער ארײַן. גיטל קוקט זי אָן און שרײַט אויס:

— ס'וואָלט ניט אויסגעמאכט, ווען דו האָניקסט זיך אויס אין דעם נײַעם קלייד, ווען כאנקע וועט קומען!..

— איך גיי צום אעראָדראָם, מאמע!

— וואלאדימיר וואַרט אָף דיר?

— באשטימט!

— ווויל איז דעם גלויביקן!

— כ'קאָן בא דיר קיין גלויבן ניט לײַען, מאמע!

— דו דערוויס זיך, צי האָט ער אמאָל ערגעץ ניט איבערגעלאָזן כאָטש איין ווײַב א קאַ־פעלע א מעובערעסע!..

— מאמע, וואָג ניט אזוי צו ריידן. מער וועל איך דיר א וואָרט ניט ענטפערן! — שרײַט אויס מירקע און ווערט נעלעם.

— כ'בעט דיך, גיטל, הער אוף, בלאָז ניט אנטקעגן ווינט.

— דו דערפילסט א ווינט, דערשרעקסטו זיך! איך — ניט. דו זעסט דען ניט, אז זי איז שוין אָפּגעריסן פון שטוב.

— כ'האָב דיר שוין געזאָגט. מיט צוואנציק יאָר צוריק האָסטו ניט געפּויעלט גאָרנישט, וועסטו איצט עפּעס אויספירן? — זאָגט הירשע. און דערזעענדיק, אז גיטל איז בלייך, ווי די וואנט, ברענגט ער א קישן פון שלאָפקאמער און זאָגט:

— לייג זיך צו. גענוג געשריִען און געראַשט.

אָבער ס'איז ניט באַשערט געווען. זיי האָבן נאָך ניט באוויזן זיך צולייגן, איז מירקע אַרײַן ווי א וויכער:

— איר שלאָפט?

— אויב דו וועסט אלע ווײַלע פרעגן, צי מיר שלאָפן, וועט דאָך דער כאָלעם זײַן לענגער פון דער נאכט. וואָס ביסטו אזוי פארפלאָמטט?

— איך וויל דיר עפּעס זאָגן, מאמע.

— דעם טאַטן טרויסטו אויך?

— וולאַדימיר האָט מיר נאָרוואָס געזאָגט, אז איך זאָל זײַן...

— כ'פארשטיי... און וואָס האָסטו אים געזאָגט?

— איך האָב אים געזאָגט דאָס זעלבע.

— איז שוין, הייסט עס, אָפּגעזאָגט? ס'וואָלט ניט אויסגעמאַכט, ווען איך הער די בסורע נאָך כאנקעס אוועקפאָרן, — האָט גיטל אויסגעשריִען, אויסשטרעקנדיק אירע ציטערנדיקע הענט צו הירשען.

אין גיטלס שטוב, ווו זי האָט טאָמיד אויסגעלאכט יעדן, געשאָטן ניט קיין ווערטער, נאָר פעפער, האָט זיך געקאָנט אויסווײַזן, אז מע האָט זיך ניט ליב. אָבער זאָל בא מירקען ווי טאָן א צאָן, זאָל הירשע זיך זאמען לענגער, ווי זי ריכט זיך, זאָל פון די יינגלעך, וועלכע זײַנען אין קאָוונע, פארשפּעטיקן א בריוו, איז גיטל אויס מענטש.

דערזען, וואָס מיט גיטלען טוט זיך, האָט הירשע אראָפּגענומען די שטעקשיך פון אירע פיס, צוגעדעקט זי, און אליין זיך אויך צוגעשפּארט אפן סאַמע ברעג שלאָפבאַנק לעבן איר. אין שטוב איז געוואָרן שטיל־שטיל. טאַטע־מאַמע האָבן ניט געהערט, ווי מירקע איז אף די ציפּקעס אַרײַנגע־גאנגען, גענומען דעם רעגנמאנטל, ניט געזען, ווי א הויכער באָכער האָט זי אָפּגעוואַרט לעבן שטוב, ווי זיי זײַנען צוגעזאָטן געוואָרן אף א רעגע איינער צום צווייטן, ווי זיי האָבן זיך אַרײַנגע־זעצט אין א לײַכטער מאשין און ווי זיי זײַנען אוועקגעפאָרן באַגעגענען כאנקען, די שוועסטער. מירקע האָט זי געזען נאָר אף פאָטאָס און געוווּסט, אז זי איז מער בא דער באַבען, ווי אין שטוב. און אז זי פלעגט בערויגעז ווערן אף דער באַבען, פלעגט זי לויפן צום פעטער הירשע און דאָרטן פלעגט איר אָפּגיין דאָס האַרץ...

ווי נאָר כאנע איז אף דער סטאנציע דאַטנעווע ארויס פון וואַגאָן, ווי נאָר זי האָט דערזען דאָס מיידל, וואָס זוכט עמעצן מיט דער מאַמעס בלויע אויגן, האָט זי א געשריי געטאָן:

— מירעלע, דאָס בין איך!

די גאנצע צײַט, וואָס זיי זײַנען געפאָרן צום שטעטל, האָבן די שוועסטער געשוויגן, קיין וואָרט ניט געקאָנט ארויסברענגען.

גיטל האָט זיך אופגעכאַפּט די רעגע, ווען זי האָט דערהערט כאנעס שטים אין שטוב. ס'האָט זיך בא איר ארויסגעריסן א ווילד געשריי, זי האָט זיך פארטשעפּעט אָן שוועל. דורך א וויברירנ־דיקן נעפּל דערזען אויסגעשפּרייטע הענט און איז אף זיי געבליבן הענגען...

הירשע איז א רעגע געשטאנען א פארלוירענער. ער האָט זיך אומגעקערט מיט א קוואָרט וואסער, און ווי נאָר ער האָט באנעצט גיטלס פּאָנעם, איז שוין איר כאראקטער געווען מיט איר:

— דער ייִד איז אויווער־באָטל. ער גיסט אף מיר וואסער, ער מינטערט מיך!.. גיב בעסער כאנקען עפּעס אין מויל אַרײַן.

הירשען האָט געראַטעוועט, וואָס כאנקע האָט זיך אײַנגענורעט אין זײַן באָרד, און ער איז געווען זיכער, אז די באָרד איז אים נאַס געוואָרן פון אירע טרערן...

מע האָט זיך אָנגעקוקט, אָפּגעשוויגן. מירקע האָט געבראַכט א גלאָז ציקאָריע, צו וועלכער

כאנקע האָט זיך ניט צוגערירט. מען איז א ווײַלע געזעסן, נאָכדעם האָט גיטל אוועקגעפירט כאנקען אין זאַל.

— מאמע, ווילסט מאכן א פארשפעטיקטע כאסענע? — האָט כאנקע געפרעגט, קוקנדיק אף די אָנגעפיקעוועטע טישן.

— א כאסענע ניט קיין כאסענע, א סימכע איז דאָס בא מיר!

— מאמע, דו ביסט יונג, ווי אמאָל.

— אלט איז דער, ווער ס'געדענקט ניט די יונגע יאָרן, מײַן קינד!..

— ביסט געראָכט, מאמע. ס'איז גוט. איך בין זיכער, אז דו ביסט קליגער, ווי געווען...

— קיין ציקאָריע ווילסטו ניט, איז נעם א טייגל.

האָט כאנקע געקײַט א טייגל און זיך פארטראכט.

— וואָס טראכסטו עס?

— מאמע, איך האָב מוירע.

— פאר וועמען האָסטו מוירע, מײַן קינד?

— איך וויל ארײַנגיין צו דער באָבע אין שטוב און עס גייט מיר א גריל איבערן לײַב. דערצייל מיר עפּעס...

— אז די באָבע איז געקומען פון באָד, איז איר געוואָרן ניט גוט. איז דער זיידע געקומען מיך רופן. איך גיי ארײַן, זי ליגט. שיין ווי די וועלט, נאָר אין ווינקל פונעם מויל א ביסעלע שוים. מאמע, זאָג איך, וואָס איז דיר? טוט זי א ווונק מיט די אויגן אהין, ווו דער זיידע שטייט. פארשטיי איך, אז ס'איז ניט גוט. ס'קילט מיר דאָס בלוט. נאָר איך פרעג קלוימערשט רויִק: געבן דיר א לעפעלע געפרעגלטע קארשן? זאָגט זי: מאך מיך ניט צום נאר, גיטקע, ברענג פון אײַז-אלמער א לאָדעשקע קאלט מילך און גיב אהער א פרישע כאלע. דער זיידע וויינט און זאָגט צו איר: — פעסיע, גאָט איז מיט דיר, מע דארף דאָך שוין באלד ליכט בענטשן.

— געזונט זאָלסטו מיר זײַן, עליע, און דו, גיטקע, גיב מיר קאלט מילך מיט פרישער כאלע, און לאָמיך שטארבן א זאטע... דאָס זײַנען געווען אירע לעצטע ווערטער.

א רעכטע ווײַלע איז געווען שטיל... נאָכדעם האָט זיך כאנע מוירעדיק צעלאכט, זי האָט געווישט די טרערן פון די אויגן, געכליפעט און קוים ארויסגערעדט:

— דאָס איז עמעס... מאמע, האָסט גערופן די יאכסאָנים אויך?

— כ'האָב קיינעם ניט גערופן. מע וועט אליין קומען. זאָל נאָר ליכטיק ווערן.

— איידער וואָס-וועט, לייגט זיך צו. ס'איז דאָך די פינפטע שאָ, — האָט הירשע געזאָגט.

— שלאָפן! כ'שטארב פון דעם ייִדן. ווי געפעלט ער אײַך?

— טאטע, וואָס ווילסטו פון איר? זי וועט זיך לייגן שלאָפן נאָך כאנקעס אוועקפאָרן, אין א כוידעש ארום, — האָט מירקע באמערקט.

— מאמע, דערמאָן זיך דווירע סאָרע-גאָלדעס. ווי זי פלעגט מיר זאָגן, בייס איך פלעג קומען צו איר לײַען א דרײַערל: „מיידעלע, גיי זאָג דײַן מאמען, אז עסן איז א רעגילעס. מע האָט ניט קיין געלט, באקט מען ניט קיין כאלעס!..“

— כאנעלע, הער אוף! וויבאלד דו ביסט שוין אונדזער גאסט, וועט די מאמע טאָן אלץ קאפויר.

— בא דיר פרעגט מען ניט, דו גיי צו וולאדימירן!

— מאמע... איך וויים ניט, ווער וולאדימיר איז, נאָר מירקע איז א דערוואקסענער מענטש. איך בעט דיך, אין מײַן קעגנווארט זאָלסטו אזוי ניט ריידן.

— און איך בעט דיך, דו זאָלסט טאקע זײַן נאָר א גאסט.

— דאָס איז ניט גאסטפרײַנטלעך, — האָט כאנקע געזאָגט און איז צוגעפאלן צו גיטלען, זי ארומגענומען און זיי זײַנען א רעכטע ווײַלע אזוי געשטאנען אײַנגעגנורעט איינע אין דער אנדערער...

רופן האָט מען טאקע פארשפאָרט. עס איז געווען שאבעס, דעם 21 יוני, א לויטערער, א ווארעמער פרימאָרגן. אלע פענצטער אין גיטלס שטוב זײַנען געווען אָפן. פון אכט אזייגער אינדערפרי האָבן געגומען גיין ווײַבער מיט טאָרטן, מיט לעקעכער, מיט פלעשער ווישניק. מע האָט געזאָגט: „גוט ליב אײַך אײַער גאסט“, אוועקגעלייגט דאָס געבראכטע, צוגעזאָגט, אז מע וועט שפעטער קומען, און מען איז אוועק.

גיטל האָט געשײַנט. דאָס ברוינע מוסלינענע לאנגע קלייד מיטן גיפיורענעם הויכן קראגן איז געלעגן אף איר ווי אויסגעגאָסן. דאָס פארוױלטע פּאָנעם און די בלויע אויגן האָבן געשטראַלט פון פרייד. זי האָט אלע ווײַלע געוואָרפן א בליק אף כאנען און ווי געפרעגט: „דו שעמסט זיך ניט מיט מיר, טאָכטער?“

כאנע האָט געקוקט אַף דער מאַמען, ניט אַראָפּגעלאָזט קיין אויג, און געטראַכט: „איצט ווייס איך שוין, וואָס פאַר אַ מאַמע איך האָב. מאַלע, וואָס עס איז געווען!..״ און וואָס מער זי האָט זיך צוגעקוקט צו איר מאַמען, אַלץ מער האָט זי געפילט, ס׳אַראַ גרויס גליק עס האָט זיך געטראָפן, וואָס זי איז אַהער געקומען.

נאָר אָט איז אַרײַן טײַבעלע די בלעכערקע. אַ ייִדענע אַ באַלמעלאָכע. דאָס איז געווען דער ערשטער מענטש, וואָס איז געקומען מיט ליידיקע הענט. זי איז צוגעגאַנגען צו גיטלען, שטיל געפרעגט:

— וועסט אַף מיר קיין פאַריבל ניט האָבן, גיטל? איך מוז דיר זאָגן, וואָס כ׳האָב אַפן האַרצן. ביסט געבוירן געוואָרן אין אַ זײַדן העמדעלע. דו זעסט דײַן קינד. איך בין דיר מעקאַנע. איך ווינטש דיר, זי זאָל פאַרגעסן, וואָס עס איז געווען, און זאָל זי דיר אַזויפיל האָלט האָבן, וויפל טרערן זי האָט פאַרגאָסן צוליב דיר.

ס׳האָט אַ רעכטע ווײַלע געהערשט אַן אומבאַקוועמע שטילקײַט. נאָר אָט איז כאַנקע צוגעגאַנגען צו טײַבעלען, געקושט אירע גראָווע האָר, איר אײַנגעשרומפּן פּנים, געוויינט. אַז זיי האָבן זיך אויסגעוויינט, האָט טײַבעלע געזאָגט:

— גיטל, ווייסט כאָטש, אַז בייס מײַן העלמעצקע איז געלעגן אַפן טויטן־בעט, האָט איך כאַנקע אַלע טאָג געבראַכט אייער. אײַ, ס׳האָט ניט געהאָלפן, איז ניט איר שולד. כאַנעלע, אַז דו וועסט אימירצעהאַשעם צוריק פאָרן קיין מאָסקווע, וועל איך דיר מאַכן אַ קאָווע־קענדל מיט אַזוינע ריב־אײַזנס, אַז דײַנע לאַטקעס וועלן האָבן זיבן טאַמען. ס׳איז טאַקע עמעס, מע זאָגט, אַז דו שרײַבסט אַלערליי מײַסעס.

— כ׳האָב נאָר אָנגעהויבן...

— אַ נאַפּקעמינע, אָנגעהויבן... נעם, נאַפּרימער, מײַן לעבן, ס׳וואָלט געווען, וואָס צו באַשרײַבן.

— מע דאַרף עס נאָר קענען.

ווען טײַבעלע איז אַרויסגעגאַנגען, האָט גיטל פאַרוווּנדערט געפרעגט:

— כאַנקע, דו געדענקסט טאַקע ייִדעס בלעכערקע?

— איך געדענק... איך געדענק, ווי מע האָט געבראַכט אַ דאָקטער פון ווילנע, ווי טויבע איז געלאָפן איבערן גאַס און האָט געשריִען: „ייִדן, האָט ראַכמאָנעס, עס גייט אַוועק מײַן זעקסטער זון צו מײַן מאַן, אָלעוו־האַשאָלעם, לאָזט ניט אַרויס דעם דאָקטער פון די הענט. זאָל ער געפינען אַ רעפוע פאַר מײַן קינד״... איך געדענק העלמעצקעס לעווײַע און איך געדענק, ווי טויבע פלעגט נאָכדעם האַלטן דעם לייט־אײַזן אין האַנט און אירע טרערן פלעגן אופזידן, פאַלנדיק אַף אים.

מירקע איז אַרײַן מיט אַ געשריי:

— כאַנקע, געסט!

כאַנקע האָט ניט גלײַך דערקענט די מומע מאַלקעלע, וועלכע איז די ערשטע אַרײַן אין שטוב, ווײַל די מומע מאַלקעלע איז עפּעס ווי קלענער געוואָרן. די ווײַסע ברייטע באַטיסטענע בלוזקע איז געהאַנגען אַף מאַלקעלעס ביינערדיקע שמאָלע פּלייצעס, ווי אַף גאַרנישט, און אײַ־רע הענט, וואָס האָבן אַרויסגעקוקט פון די אַרבל, האָבן אויסגעזען, ווי זיי וואָלטן געווען געמאַכט פון צוגעברענטער ליים... נאָר די שוואַרצע אויגן האָבן, ווי פריִער, געקוקט מיט פײַן און מיט שרעק אַפן פעטער הירשע, וועלכער איז שוין אויך אַרײַנגעגאַנגען. דער פעטער הירשע האָט מיט דער האַנט אַוועקגעשאַרט מאַלקען, אַרומגענומען כאַנקען און גיך־גיך אַ פּיר געטאָן מיט זײַנע ליפּן איבער איר פּנים. בליומקע איז צוגעלאָפן, האָט פאַנאַנדערגענומען הירשעס הענט, זיך אַרײַנגעקוועטשט און אַרומגעכאַפּט כאַנקען. ביידע הירשעס זײַנען אַרויס פון שטוב, ווײַל ס׳האָט אויסגעפּראַלט אַ מוירעדיק געוויין. מירקע האָט זיך אָפּגעקערט. לייבקע, בליומקעס מאַן, אַ הויכער שוואַרצכיינעוודיקער גוואַר, איז געשטאַנען, ווי פאַרגליווערט, און פון זײַנע אויגן האָבן זיך אויך געקײַקלט טרערן.

— כאַנקע, ביטערע ציבלקע, קרוינדעלע מײַנס, דערלעבט! — האָט בליומקע, ווי אַמאָל, געשאָטן.

הירשע איז אַרײַנגעקומען, האָט אַרויסגענומען פון קעשענע אַ פּאַטשיילקע, אויסגעווישט כאַנקעס און בליומקעס פּנעמער און אויסגעשריִען:

— שטיל זאָל זײַן! קיין איין טרער זאָל איך דאָ מער ניט זען! אויס, פריילעך זאָל זײַן! לייבקע, קום אַהער, באַקען זיך מיט כאַנקען.

— לאָמיר זיך צעקושן, כאַנקע טײַערע. איר קענט מיך ניט, אָבער איך בין מיט אײַך אויסגעבונדן. מע האָט אײַך דאָ סטראַשנע האָלט. ס׳איז ניט געווען קיין טאָג, מע זאָל אײַך ניט דערמאָנען.

— לייבקע, בליומקע, מאמע, זאָל מען גיין צום טיש, — האָט מירקע א רוף געטאָן.

— מאלקעלע, מאך זיך ניט אזוי נעבעכדיק. גיב מיר אָט יענץ שטיקל אינדיק און גיס אָן די בעכערס, — האָט דער פעטער הירשע ארײַנגענומען די סימכע אין זײַנע הענט.

מע האָט אויסגעטרונקען, פארביסן. בליומקע האָט זיך צעוואָרעמט, א ראָזע צארטע פארב האָט אופגעלויכטן אף אירע באקן ביז די קליינע אויערן. זי האָט געקוקט אף כאנקען און אלע ווײַלע געפרעגט:

— געדענקסט דעם טײַך? געדענקסט די קאָרענע לאָקשן?

— כ׳געדענק אלצדינג. וויפל קינדער האָסטו?

— דרײַ מיידלעך.

— פלעדערמײַז, ווער דארף זיי? — האָט הירשע געזאָגט.

ווען מע האָט שוין רעכט אונטערגעשפארט די נעשאָמעס, איז ארײַנגעקומען א כאָפּטע באָכערים מיט מיידלעך און ס׳האָט היפש געדויערט, ביז גיטל האָט קלאָר געמאכט כאנקען, ווער איז וועמעס.

— זעסט, כאנקע, אָט דאָס איז סראָלקע שײַע דעם שינדלמאכערס. זעסט, ווי ער זופט? טונקל און לעבעדיק. גיך געגעסן, פלינק געטאָן. און דאָס איז עסטערקע דאָוויד־הירשעס. קוק ניט, וואָס זי זיצט, ווי א נעבעכל. דו וואָלסט זען, ווי זי קנעט אויס א דייזשע ראָזעוון ברויט. א בראנד, איינע אין דער וועלט. און דאָס איז מינקע מאָרדכעס. מע דארף איר אויך ניט שטעקן קיין פינגער אין מויל.

גיטל וואָלט אזוי פאָרגעשטעלט יעדן באזונדער, נאָר בליומקע האָט דאָס ניט אויסגעהאלטן:

— גענוג, מומע! מירקע, גיב אהער דעם פאטעפאָן.

איידער וואָס־ווען, האָט זיך הירשע א הייב געטאָן, אראָפּגעוואָרפן דאָס רעקל, אופגעהויבן די הענט און איז אוועק איבערן שטוב, זינגענדיק „אײַ, גוטע שוועסטער, טײַערע שוועסטער, ווען וועלן מיר זיך נאָכאמאָל זען?“ געזונגען מיט צוגעמאכטע אויגן, שוועבנדיק, פלוצעם זיך א שטעל אָפּ געגעבן, דריבנע צופויקנדיק מיט די פיס, צופּאטשנדיק מיט די הענט, אויסגעשריִען:

— פלעדערמײַז! בליומקע, כאנקע, מירקע! צו מיר...

גיטל האָט זיך אויך ארײַנגעפלאָכטן. די יוגנט האָט זי לײַכט ארײַנגעשטופּט און זי איז שטיין געבליבן אינווייניק אין ראָד. א רעגעלע אזוי געשטאנען אויסגעצויגן די הענט, ווי צו ליכט־בענטשן, אראָפּגעלאָזט זיי, אונטערגעהויבן דאָס ברוינע לאנגע קלייד, ארופגערוקט די ארבל, א טרייסל געטאָן מיט די דלאָניעס און איז אוועק רונד ארום. זיך אוועקגעשטעלט אף די ציפקעס אנטקעגן כאנקען, זיך אראָפּגעלאָזט אף די קנאָפּל, א בוק געטאָן פאר איר און ווידער אוועק מיט גיכע דריבנע טריט. ס׳איז געווען א טאנץ פון מעכילע, כאראָטע און פראלנדיקער פרייד. און ווען כאנקע איז ארויס אנטקעגן דער מאמען פאמעלעך־פאמעלעך, זיך געגעבן א ברייטן דריי־אויס, זיך צוגעזעצט און ווי א וויכער זיך גענומען דרייען ארום דער מאמעס פיס, האָט זיך מאלקעלע דעם פעטער הירשעס צעוויינט.

שטיל איז געוואָרן אין שטוב. נאָר אָט קײַט מען שוין ווידער. גיטל טראָגט אף פלאכע גרויסע קײַלעכדיקע טעלער גאנצע שטיקער פארברוינטע קעלבער־ברוסט. ארומגעלייגט מיט מערנצימעס, מיט שווארצע גרויסע אָנגעקוואָלענע פלוימען. צום וויפלטן מאָל זײַנען שוין אָנ־געפילט די טיפע פאָרצעלײַענע שיסלען מיט קלאָפּיקן יויך. עס זעען זיך די דעקן אין די גרויסע פּאָלומעסקעס, ווו ס׳איז נאָך גאָר ניט לאנג געלעגן לעבער. אָבער די נאשערײַען אף די טישן זײַנען נאָך ניט גערירט...

— בליומקע, לייבקע, מאלקע — געגאנגען! האלט אונדז ניט אָפּ, גיטל, און דו, כאנקע, האָב אף אונדז קיין פאריבל ניט! מע דארף גיין אין מיל! כאנקע, פאָלג מיך. קלאַפּ א דעפּעש דײַנעם, ער זאָל קומען מיט די קינדער אהער. בא אונדז איז א גאניידן! כ׳ל כאפּן שלײַענס, ווי קעלבער. איר וועט בא מיר אראָפּשלינגען די צינגער. דײַנע קינדער וועלן אָנעמען פלייש אין א פינטל מיטן אויג.

ס׳איז שוין גוט פארנאכט. גיטל מיט כאנקען זײַנען אף א ווײַלינקע געבליבן אליין. זיי קוקן איינע אף דער אנדערער. גיטל באוועגט לאנג מיט די ליפּן, ביז זי רעדט ענדלעך ארויס:

— זאָג מיר, קינד מײַנס, פארוואָס ביסטו אוועק פון דײַן ערשטן מאַן?

— מאמע, כ׳האָב צײַט. מיר וועלן זיך נאָך אויסריידן די הערצער. און איך קאָן דיך ניט טרייסטן. וואָס איך וועל ניט וועלן, וועל איך אלצאיינס ניט דערציילן.

ווידער מענטשן. ווידער געוויין, געלעכטער, געזאנג, טענץ. ערשט נאָך האלבע נאכט זײַנען אלע אוועק. מירקע איז ארײַנגעלאָפן.



— ניטאָ קיינער?
— איך, די מאַמע און דער טאַטע זײַנען קיינער? — האָט כאַנקע געפרעגט.
— מע האָט אַף דיר ניט געוואָלט וואַרטן, וואָס האָב איך געקאָנט טאָן? איך בין צופרידן, וואָס דו ביסט געקומען כאָטש נאָך איינס אַזייגער, — האָט זיך גיטל געכאַכמעט.
מירקע האָט, ווי זי וואָלט ניט געהערט, אַפּהעטיק אָנגעזאָגט:
— וולאַדימיר איז אַזוי פֿלוצלינג אַוועקגעפֿלויגן.
— ווו? אַף לאַנג? — האָט כאַנקע געפרעגט.
— איך ווייס ניט. און מיר דוכט, אַז ער אַליין ווייסט אויך ניט, פאַרוואָס ער האָט זיך אַזוי געײַלט. ס'איז מיר עפּעס זייער ניט געפעלן די כאַפּעניש. וועסט שלאָפן מיט מיר, כאַנקע?
— אויב דו שלאָפסט אָן א פערענע.
— איך שלאָף אַף א מאַטראַצל, וואָס איז אָנגעבלאָזן מיט לופט. וולאַדימיר האָט מיר עס געשענקט.
— אַף לופט בין איך אויך ניט געוווינט צו שלאָפן. איך וואָלט גאָר געוואָלט שלאָפן אַף היי, הא, טאַטע?
פאַרטאָג איז כאַנקע מיטן לײַלעך, מיט דער קאָלדרע אַרײַנגעגאַנגען אין שטוב. זי האָט זיך ניט פאַרוווּנדערט, וואָס דער טאַטע שלאָפט ניט, און האָט שטיל געפרעגט:
— טאַטע, וואָס דונערט עס אַזוי?
— איך מיין, ס'איז מאַנעווורעס.
— האָסט זיך נאָך ניט געלייגט, טאַטע?
— ס'ברענט מיר אַפן האַרצן פון די פעטע מײַכאָלים. כ'האָב שוין צוויי מאָל געגומען סאָדע.
— מיר שלאָפט זיך אויך ניט. האַלעווײַ זאָל עס זײַן צו גוטן. — האָט גיטל געזאָגט פון שלאָפקאַמער. — קום צו מיר, כאַנינקע!
כאַנקע איז אַוועק צו דער מאַמען, נאָר זיי האָבן מער געשוויגן, ווי גערעדט.
ס'איז שוין געווען גוט ליכטיק, ווען כאַנע האָט זיך געזעצט מיטן קליינעם טשעמאָדאַן אַף דער פור. מע האָט שוין געוווּסט, אַז דאָס זײַנען ניט קיין מאַנעווורעס...

איצט, ווען כאַנקע טראַכט וועגן יענע טעג, דוכט זיך איר, אַז דאָס פאַרלוירענע, די אווידע רוקט זיך פון איר ניט אָפּ, אַז דער גורל האָט ווי אומיסטן געמאַכט אַזוי, זי זאָל וויסן, וועמען זי האָט פאַרלאָרן. אין די אויערן קלינגט איר דער מאַמעס געשריי: „ווי צו מײַנע יאָרן, כאַנקע! מיר האָבן דאָך ניט באַוויזן אַפילו אויסצורײדן די הערצער!“

# אַ פּאַרפּאַלק אין דיוונאָגאָרסק


י אַ סאך גוטע, געטרײַע מענער, האָט נאָטע אויך די נאַכט ניט געהערט, אַז מארינע גייט פון בעטעלע צו בעטעלע, אַז די קינדער וויינען, ווײַל בא זיי זײַנען קאליע געוואָרן די מעגעלעך פונעם מילך, וואָס מארינע האָט געקויפט אפן מאַרק.

אָבער איר איז אפילע ניט אײַנגעפאלן, אַז ער מוז אָדער דאַרף אויך אמאָל אופשטיין צו די קינדער. פאַרקערט, זי איז געווען צופרידן, וואָס ער שלאָפט. וואָרעם זי איז געווען זיכער, אַז דאָ אין שטוב ווערן אָפּגעווענדט פון אים אַלע סאַקאָנעס. אַז ניט קיין אויסגע־שלאָפענער, ניט קיין אָפּגעגעסענער, ניט קיין רויִקער וועט ער, כאָלילע, ניט אויסמײַדן דאָס אַלץ, וואָס קאָן טרעפן מיט אים און מיט זײַן מאַשין בא דער אַרבעט.

ביז דער צווילינג איז געבוירן געוואָרן, האָבן זיי געלעבט מער אף דער אַרבעט, ווי אין שטוב: ער — אין קאָטלאָוואַן, זי — אין בעטאָן־זאַוואָד. זיי האָבן געהאַט גענוג דײַגעס ניט נאָר וועגן זיך, און עס איז זיי אפילע ניט אײַנגעפאלן, אַז עס קאָן גאָר זײַן אַנדערש. אַלע טאָג נאָך דער אַרבעט פלעגט ער זי אָפּוואַרטן. זיי זײַנען געווען ליבלעך און צאַרט איינער צום צווייטן. נאָר אָט איז שוין קימאַט אָנדערהאַלבן יאָר זינט דער צווילינג איז געבוירן געוואָרן. זי איז אַ שטוביקע, אַלץ מער און מער גייט פון איר אוועק דאָס געוועזענע געמיט... נאָטען איז אָפּט ניט היימלעך פון איר געמינערטער צאַרטקײַט. ער האָט שוין אַנומלטן געזאָגט:

— מארינקע, פאַרגעס ניט, וואָס בא אונדז איז געווען, און דערמאָן זיך זעלטענער, אַז דו ביסט שוין מײַן ווײַב...

דעם פרימאָרגן איז מארינע געווען אומגעדולדיקער, אופגערעגטער, ווי געוויינלעך. זי האָט האַסטיק אריבערגעצויגן דעם לײַלעך איבערן קאָפּ, און ניט אזוי דערפאַר, וואָס נאָטע האָט מיט אַ קלאַפּ פאַרמאַכט די קיך־טיר, ווי דערפאַר, וואָס ער האָט אף די אייבערשטע טענער געזונגען דעם „בוכענוואַלדער אַליאַרעם־גלאָק“.

— וויבאַלד דו שלאָפסט ניט, טרינק אויס אַ גלאָז זיסע קאַווע, — האָט ער געזאָגט.

— ניט קיין געשלאָפענער איז ערגער, ווי ניט קיין געגעסענער, — האָט זיך מארינע אָפּגעוואָרטלט.

— די באַנדיטן וועלן איצט גוט שלאָפן. זיי וועלן זיך מאַכן נאַכט. שלאָף אויך, — האָט נאָטע אַ זאָג געטאָן, און פלוצעם, דערזעענדיק אירע בייזלעכע אויגן מיט די צונויפגעקלעפּטע הערעלעך אין די אופגעלאָפענע לעפלעך, האַסטיק גענומען אײַנריידן:

— שלאָף, מארינע, איך בעט דיך. פאָלג אמאָל. הײַנט איז אַ קורצער טאָג. איך וועל קומען, וועל איך אליין אויסוועקסלען דעם פּאַרקעט. שלאָף, הערסט?

— און ווער וועט גיין נאָך מילך? — האָט מארינע זיך אַרויסגעכאַפּט, נאָר גלײַך כאַראָטע געקריגן. — גוט. זײַ רויִק, איך וועל שלאָפן. איך זאָג דיר, אַז איך וועל שלאָפן. נעם פון כאָלאָ־דילניק[1] דאָס געבראָטענע פלייש, די קעז, גיי געזונטערהייט. הײַנט איז בא מיר אַ גרינגער טאָג.

— האַלט וואָרט, איך מיין, זיי קאָנען זיך שוין אַ טאָג באַגיין אָן מילך אויך.

— וואָס דו מיינסט, ווייס איך. מע דאַרף נאָך פרעגן בא זיי.

— איך וועל דאָס קלאָר מאַכן נאָך דער אַרבעט, — האָט נאָטע אַ שמייכל געטאָן, גע־כאַפּט דעם בערעט פונעם הענגער און איז האַסטיק אַרויס פון שטוב.

גייענדיק איבער דער גאַס, האָט ער איבערגעיאָגט אײַלנדיקע יונגע מאַנצבלען, ניט באַ־מערקט, ווי אַלע טאָג, די באַלויכטענע סאָסנעס, און אַלץ געזען פאַר זיך מארינעס מידע בייז־לעכע גרויע אויגן מיט די אָנגעקוואָלענע רויטלעכע לעפלעך, און איז ניט פריילעכער געוואָרן, ווען זײַן פרײַנט וואַסיל האָט אים, ווי טאָמיד, באַגריסט מיט זײַן הייזעריקלעכן:

— דאַרדאַנעלי!

— דאַרדאַנעלעווע ניט. די בײַוועזנדע שטויסן זיך אָן וועגן דער טיפקײַט פון דײַן ערו־דיציע אין די סאַמע עלעמענטאַרע געאָגראַפישע טערמינען.

— ביסט אופגעשטאַנען אף דער לינקער זײַט?

— אף ביידע זײַטן. פאַרוואָס האָסטו פאַרשפּעטיקט? האָסט נעכטן ניט אַרײַנגעשפּריצט?

— אַרײַנגעשפּריצט? אינדערוואָכן? כ'האָב פאַרשפּעטיקט, ווײַל כ'האָב געדאַרפט אַרײַנ־לויפן צו אַ פרײַנט.

— אויב ס'איז קיין סאָד ניט?..

---

1 — אײַזקאַמער.

— נײַגעריקע רײַסט מען אָפּ די נעזער, — האָט וואסיל פּעטראָוויטש א זאָג געטאָן, זיך ארײַנקוועטשנדיק מיט נאָטען אין אָנגעפּראָפּטן אווטאָבוס, וועלכער האָט אוועקגעטראסקעט מיט אופגעפּראלטע טירן.

אזוי זײַנען זיי געשטאנען, זיך שוין ניט געקאָנט א ריר טאָן, ביז מע האָט זיי ארויסגע־שטויסן מיט נאָך א סאך, טאקע דאָרט, וווּ זיי האָבן געדארפט, — אָף דער פּערטער אווטאָ־באזע; און ווען זיי זײַנען ארויס פון דיספּעטשערסקע, האָט וואסיל פּעטראָוויטש אָנגעזאָגט:

— מאָרגן איז זונטיק. אָבער איך וועל עפּשער ניט קאָנען קומען צו מיטיק, ווי אלעמאָל.

— וואָסי? דו פאסט מאָרגן?..

— איך האָב פון גאָט איין פארגעניגן, וואָס ער איז ניטאָ. נאָר מאָרגן קומט מײַן שוועסטער.

— דו האָסט א שוועסטער?

— האָסט פארגעסן? כ'האָב דיר נאָך פאר דער פארצוימונג פון יעניסיי געזאָגט, אז איך האָב געפונען א שוועסטער.

— געפונען?

— יאָ. כ'האָב געמיינט, אז די מילכאָמע האָט נאָר מיך איינעם פארגעסן אָף דער זינדיקער פּלאנעטע, — האָט וואסיל פּעטראָוויטש ארויסגעשריִען שוין פון דער קאבינע פון קראן און איז דער ערשטער ארויסגעפאָרן פון הויף.

— פּלי ניט, פּאמעלעך... — האָט נאָטע געוואָרנט, פירנדיק זײַן מאשין אקוראט אזוי, ווי זי וואָלט געווען אָנגעלאָדן מיט קרישטאָל.

מארינע האָט אינדערפרי טאקע צוגעזאָגט נאָטען: „גוט, איך וועל שלאָפן", נאָר אליין האָט זי זיך קוים דערוואַרט, ער זאָל שוין צומאכן די טיר פון יענער זײַט. זי האָט זיך פארוואונדערט, דערהערנדיק, אז מע קלינגט, זיך נאָך מער פארוואונדערט, דערזעענדיק וואסיל פּעטראָוויטשן.

— דאַרדאנעלי! פּריִע פייגל פארשפּאָרט מען וועקן! א שטאָט וואַקסט! א שטאָט קינדלט. קיין מילך־קיך איז נאָך ניטאָ. נא, נעם, — האָט ער ארויסגענומען פון קאָמבינעזאָן צוויי פלעשלעך מילך, אוועקגעשטעלט לעבן שוועל און איז נעלעם געוואָרן אזוי געשווינד, אז מארינע האָט ניט באוויזן צו באגיטיקן זײַנע טרעפּלעכע באמערקונגען. אין א קורצער ווײַלע ארום האָבן ביידע קינדער מיט אזא כיישעק געגעסן מילכיקע רײַז־קאשע, אז זי האָט נאָר געדארפט באווײַזן צו דערלאנגען מיטן לעפעלע...

אָנגעהאָדעוועט די קינדער, האָט זי אומרויִק געוואַרט אָף „שלעכטע רעזולטאטן". נאָר ס'איז אוועק מער ווי א שאָ. די קינדער האָבן זיך געפילט גוט, זײַנען געווען אופגעלייגט, פעטקע האָט זיך געשפּילט מיטן דרושלאק, אילױשע מיטן דעקל פון דעם עמאלירטן בידאָן, ווײַל צאצ־קעס האָבן זיי פײַנט געהאט. מארינע האָט זיי ארײַנגעטראָגן אין שלאָפצימער, ארופגעקאשערט די גארדינען ביז צו די קארניזן, ארויסגעטראָגן די שטולן, פארשלאָסן די שאפע, דאָס שליסעלע ארײַנגעלייגט אין קעשענע. דערזען דאָס קליינע בענקעלע, מיט וועלכן פעטקע איז אנומלטן געפאלן, זיך שיר ניט אויסגעהאקט אן אויג, האָט זי עס אויך ארויסגעטראָגן, צוגעשטעלט א בלאט פאניר צום אָרט, וווּ ס'וועט אינגיכן זײַן א טיר. צום בלאט צוגעשפּארט דעם גרויסן מאָ־דערנעם טיש, גענומען די „אוואָסקע", דעם רידיקיול, און מיט טיפער דאנקבארקײַט צו וואסיל פּעטראָוויטשן, וואָס זי קאָן לאָזן דעם עמאלירטן בידאָן אין שטוב, ארויס, ניט פארשליסנדיק די טיר. לויפט זי איבערן גאס, יאָגט אריבער פּרויען, וואָס אײַלן זיך פונקט ווי זי, און הערט נאָר דאָס גיכע קלאפּן פון זייערע קנאפּעלעך...

ס'איז שווער צו זאָגן, צי מארינע האָט געטאָן גוט, צי שלעכט, עוואקוירנדיק אלע דראָענ־דיקע קעגנשטאנדן פון שלאָפצימער. ווײַל ווי נאָר פעטיע, אָט אָ דער־אָ, וואָס איז עלטער פון זײַן ברודער אילױשע אָף דרײַ און פערציק מינוט, איז געבליבן אויג־אָף־אויג מיטן ברודער, האָט ער פארשטאנען, אז אן איין־איינציקע באוועגלעכע נוצלעכע זאך האָט אים די מאמע יאָ איבערגעלאָזן...

איז ער אָף די קרומע פיסלעך צוגעגאנגען און האָט ארײַנגעשטעקט א פינגערל אין אילױ־שעס אויערל. יענער האָט שמײַכיק א דריי געטאָן מיטן קאָפּל, ביידע האָבן פארלאָרן דאָס גלײַכ־געוויכט, געפאלן מיט די נעזלעך צום פּארקעט, זיך צעוויינט. נאָכדעם האָט זיך פעטיע געזעצט אָף אילױשען רײַטנדיק, זיך געהאָפּקעט, צוגעטשמאָקעט מיטן צינגל אזוי לאנג, ביז יענער האָט זיך אָנגעשטרענגט מיט אלע קויכעס, זיך אונטערגעהויבן... פעטקע האָט זיך אראָפּגעקוליעט, ווידעראמאָל געפאלן אָף דער נאָז, זיך צעוויינט, אוועקגעפויזעט אונטערן בעטל. דאָרטן האָט ער זיך געפּרוּווט אויסגלײַכן, צעבײַלט דאָס קעפּל אזוי, אז ס'איז אופגעלאָפן א קנײדעלע, זיך

ביטער צעיאָמערט, צעכליפּעט, און, אַזוי כליפּענדיק, אײַנגעשלאָפן. שלאָפט דאָס עלטערע מיט די טונקעלע הערלעך און לאַנגן נעזל אונטערן בעט, דאָס יִינגערע — מיטן קורצן נעזל, מיט די פלאַקסענע הערלעך — אינמיטן צימער אויפן פּאַרקעט. דער טאַטע פאָרט איבערן שאָסיי צום קאָטלאָוואַן. און די מאַמע?..

די מאַמע איז שוין אָפּגעשטאַנען אין ריי נאָך פלייש, נאָך פּוטער, נאָך ברויט און נאָך נאַשערײַען. אין דער ריי נאָך גרינס האָט זי געזאָגט צו א בלאָנדער קלײנװוּקסיקער פרוי, וועלכע איז, ווי א סאַך אַנדערע, געשטאַנען מיט צוויי קליינע קינדער:

— כ'האָב איבערגעלאָזן מײַן צווילינג, ביידע צוזאַמען קיין דרײַ יאָר ניט אַלט, איינינקע אַליין, אַפילו די שטוב ניט פאַרמאַכט.

די בלאָנדע האָט זיך ראַפּטום אויסגעדרייט. מאַרינע האָט דערזען, אַז יענע איז אין די לעצטע כאַדאָשים, אָט־אָט... מאַרינע איז שטיל געבליבן. יענע האָט זי בייז און שטאַלץ אָנגעקוקט, הויך געפרעגט:

— איר האָט פאַרגעסן, אַז אין דיוונאָגאָרסק זײַנען קיין גאַבעס ניטאָ? בעסער מיטאַמאָל צוויי, איידער דרײַ מאָל צו איינעם. — פּלוצעם זיך א גלעט געטאָן דעם שפּיציקן בויך און צוגעגעבן: — אָרדנט אײַן אײַער צווילינג, ווי איך, — מיט קאָמפאָרט!

— דאָס איז אוממעגלעך, ווי ס'איז אוממעגלעך צו זײַן אַזוי בייז, ווי איר, — האָט מאַרינע פאַרביסן געזאָגט און איז אַרויס פון קלייט.

ווען זי איז אַרײַן אין שטוב, איז איר דאָס האַרץ אײַנגעפאַלן פון דער שטילקײַט... א וואָרף געטאָן די שווערע „וואָסקע" אויפן דיוואַן, האָט זי אָפּגערוקט דעם טיש, אוועקגעשלײַדערט דעם בלאַט פּאַניר, דערזען איליושען שלאָפן אינמיטן צימער, ניט דערזען פּעטיען. און כאָטש זי האָט געוווּסט, געווען זיכער, אַז פון צימער קאָן ער ניט אַרויס, האָט זי א קאַלטער שווייס באַשלאָגן ביז איר בליק איז געפאַלן אונטערן בעטעלע (ווײַל שטענדיק פלעגט גאָר פּעטיע אײַנשלאָפן צווישן וואַנט און שאַפע)... אַרײַנגעלייגט די קינדער אין די בעטעלעך, איז מאַרינע אַראָפּגעלאָפן צו דער יונגיטשקער שכיינע, וועלכע איז מיט עטלעכע טעג צוריק געקומען פון געבורטהויז מיט א נײַ־געבוירן קינד. זי האָט איבערגעוויקלט דאָס קינד, אָנגעהאָדעוועט די מאַמע און איז אַוועקגעלאָפן צו זיך. די קינדער זײַנען נאָך געשלאָפן... „קוקעלעך מײַנע, גוטע מײַנע, טײַערינקע מײַנע"... — האָט מאַרינע געפּרעפּלט, געכאַפּט דעם רידיקיול און איז אַרויסגעלאָפן קויפן נאָך עפּעס. ווען זי האָט זיך אומגעקערט, זײַנען זיי נאָך אַלץ געשלאָפן. דאַן האָט מאַרינע, ניט אויספאַלנדיק פון „ריטם", גענומען שיילן קאַרטאָפל, געמאַכט א שטײַפע פּורע, ווײַל זי האָט נאָך אַלץ מוירע געהאַט פאַרן מילך, נאָכדעם אויסגעוואַשן דאָס פלייש, אוועקגעשטעלט מיטיק, אָנגעבראָקט טשערעמשאַ אויף א סאַלאַט, איבערגעוואַשן די קינדערשע זאַכן פון באַנאַכט. קורץ — זי האָט, ווי מיליאָנען פרויען אין אונדזערע אַלטע און נײַע שטעט, קיין איין רעגע ניט גערוט, כדי די שטייגערישע ראָד זאָל זיך ניט אויפהערן צו דרייען...

ווי א סאַך גוטע, געטרײַע, איבערגעגעבענע מענער, האָט נאָטע אַפילו ניט געפּרוּווט אויסרעכענען, וויפל קילאָמעטער לויפט דורך מאַרינע אין קיך און צוריק, וויפל נייטיקע און לעכערלעך איבעריקע, דרינגענדיקע, צוועקמעסיקע און אוממעגלומפערטע באַוועגונגען דאַרף זי מאַכן, וויפל גרויסע און קליינע אַרבעטן דאַרף זי אָפּטאָן, כדי ער, נאָטע, זאָל נאָך דער אַרבעט געפינען א ציכטיקע, א זאַטע, א וואַרעמע היים.

עמעס, מאַרינע טוט אַמאָל א זאָג:

— נאָטקע, מײַנע פיס ווילן ניט גיין. אָבער קאַטעגאָריש. — ער פאַרשטייט, ער פילט מיט. ער איז צאַרט צו איר. עס טוט אים באַנק, וואָס זי ענטפערט קאַרג אויף זײַן צאַרטקײַט. עס פרייט אים, וואָס זי זאָגט „נאָטקע" און „קאַטעגאָריש", וואָס זי רעדט שוין יִידיש קימאַט, ווי ער. אויב דער קורצער שאַבעס־טאָג שלעפּט זיך ניט אַוועק אין אָוונט אַרײַן, אויב נאָטקע קומט פריִער, ווי געוויינלעך, שפּאַצירט ער מיט די קינדער, אַמאָל קויפט ער ברויט, טיי, צוקער. וואַסיל פּעטראָוויטש וואַרפט אויך עפּעס אַרײַן אין שטוב, ווען ער קומט עסן מיטיק. און מיטיק עסט ער בא נאָטען אַלע זונטיק. ווײַל זינט זײַן מישפּאָכע איז אומגעקומען בייס דער מילכאָמע, לעבט ער אַליין. ער וואָגלט. ער האָט געבויט די בראַטסקער, די אירקוטסקער, איצט איז ער, פּונקט ווי נאָטע, איינער פון די ערשטע געקומען בויען די קראַסנאָיאַרסקער הידראָ־עלעקטראָסטאַנציע. ביידע זײַנען זיי געווען טאַקעלאַזשניקעס. ביידע האָבן זיי זיך געלערנט און געקראָגן אין איין צײַט שאָפער־רעכט. איצט פירן זיי ביידע אַוטאָקראַנען, און זיי דערגאַנצן איינער דעם צווייטן אויף אַזויפיל, אַז אין קאָטלאָוואַן רופט מען זיי „דוואַ סאַפּאַגאַ"[1]. כוץ דעם, האָט נאָטע

[1] — א פּאָר שטיוול.



בייס דער איבערצוימונג גערעטעוועט וואסיל פּעטראָוויטשן פון א זיכערער לונגען־אָנצינדונג, אויב ניט פון עפּעס ערגערס. דערזען זײַן פרײַנט ליגן אפן שניי, האָט ער אים ארויסבאקומען מאמעש בא די מענטשן פון אונטער די פיס, און כאָטש אליין איז ער אויך געווען א קאפּעטשקע אונטערן קנאַק, האָט ער וואסילן ארופגעוואלגערט אף זיך און אים דערשלעפּט ביזן שטוב. ביז הײַנט קאָנען זיי ביידע ניט פארשטיין, וויאזוי דאָס איז געווען. ווי האָט נאָטע אים דערזען אין אזא אומעגלעכן געדראנג, צווישן טויזנטער מענטשן, אין יענעם אומפארגעסלעכן טאָג... פון דאן אָן מוזן זיי ביידע שטילן דעם יעיצערהאָרע אף א גאנצער וואָך מיט איין „קליינינקער“, וואס זיי טרינקען אויס זונטיק באם מיטיק.

דעם פרימאָרגן איז נאָטע געווען געשטימט ווײַט ניט אזוי, ווי געוויינלעך. ער האָט ניט געקאָנט פּאָטער ווערן פון א נאָגנדיק געפיל, אז ער האָט עפּעס פארזען. פאר זײַנע אויגן איז געשטאנען מארינעס בייזלעכער בליק, און ווי אלע מענטשן טוען, האָט ער, קעדיי ניט צו באַשולדיקן זיך, באשולדיקט מארינען, אז זי געפינט זיך איבעריקע ארבעט, אז זי איז פארזונקען אין קלייניקײַטן. ער האָט שוין אנומלטן איר געזאָגט:

— קראָכמאליע ניט מײַנע אייבערהעמדער, פּוץ ניט מײַנע שיך, זאָלן די קראנעץ אין וואנע און אין קיך ניט פינקלען, שטיי ניט אין די רייען, נעם, וואָס עס לאָזט זיך!

— קינדער זײַנען די גרעסטע אָרעמעלײַט אין דער וועלט. וואָס מע גיט זיי ניט, האָבן זיי ניט.

— מײַן מאמע האָט געהאט צוויי צווילינגען. געווען איז מילכאָמע־צײַט און קארטאָטש־קעס, מער לעכלעך אין זײַער, ווי גרויפּן אין קרופּניק, געוואַשן האָט זי אונדז מיט זייף נאָר אין גרויסע יאָמטויוום. אפן לאבן ברויט געמאכט סימאָנים... ווײַל מײַן טאטע איז אוועק אין די ערשטע טעג און האָט זיך ניט אומגעקערט. פונדעסטוועגן זײַנען אלע אויסגעוואקסן!

— מײַן מאמע האָט געהאט צען. געוואַשן האָט זי אונדז מיט א מין ווײַסן ליים, וואָס זי פלעגט ברענגען פון ברעג טײַך. מער ציינדלעך אין די מײַלכלעך, ווי קערנער אין זאסיק. אויס־געוואקסן זײַנען פיר. איך האָב, וואָס דו האָסט: א דירע, א קאפלנע וואנע, אראָמאטנע זייף. איך בין אופגעבראכט, וואָס איך דארף שטיין אין ריי נאָך פּוטער און נאָך פלייש. איך האָב נאָר איין צווילינג. כ'וועל אלץ טאָן, אז ביידע קינדער זאָלן בא מיר אויסוואקסן. בא אונדזערע מאמעס איז געגאנגען ווי די צײַט האָט געלאָזן. בא אונדז וועט גיין, ווי מיר ווילן. שווײַגסט? פונוואנען קאָנסטו גאָר וויסן, אז אונדזער שכיינע אינעטשקע האָט זיך אומגעקערט פון שפּיטאָל, אז ס'טוט איר וויי א ברוסט, אז איר מיידעלע שרײַט, ווײַל איר ברוסט איז ליידיק, אז אינעטשקע וויינט, ווײַל דאָס קינד וויינט, אז איגאָר, דער גלאוונער אין דער מישפּאָכע, קומט פון קאָטלאָוואן, גע־פינט ער א ליידיקע שטוב, אז מאן און ווײַב אינײנעם זײַנען אלט קוים 44 יאָר, און אז איגאָר וויינט, ווײַל אינע וויינט, ווײַל דאָס קינד וויינט... די שטאָט־באלעבאטים האָבן געשטעלט א פאָנטאן, וואָס שפּריצט ניט, אפן סאמע ברעג יעניסיי... און זיי האָבן פארגעסן אף א ווײַלינקע, אז עס איז א פולע שטאָט מיט יוגנט, אז די ערשטע זאך דארף מען קינדער־אנשטאלטן. איך בין

זאט מיט אייצעס! וואָרעם, ווי דו ווייסט, איז פאראן א גלײַכווערטל, אז מיט גוטע אייצעס איז אויסגעפלאסטערט דער וועג צום געהענעם. זאָלן זיך נאָר מײַנע קינדער שטעלן אף די פיסלעך, וועלן שוין די שטאָט־באַלעבאַטים בא מיר האָבן קאלט און ווארעם. עס מוזן זײַן סטאַציאָנארן פאר יונגיטשקע מאמעס מיט פיצלעך, ס'מוזן זײַן מילך־קיכן!

איצט, פירנדיק דעם קראן צו דער דאמבע, האָט נאָטע געפילט, אז דער רודער איז קאלט און הארט, אז זײַנע הענט זײַנען נאָך הארטער, ווי דער רודער. דאָס ערשטע מאָל זינט ער האָט כאסענע געהאט מיט מארינען, איז אים אײַנגעפאלן, אז ער איז גאָרניט אזא גוטער מאן, כאָטש ער איז קימאט שטענדיק ניכטער. „וואָס זשע שטייען שוין אויס די ווײַבער, בא וועלכע די מענער זײַנען מער שיקער, ווי ניכטער?״ — האָט נאָטע געטראכט. און ער האָט געטריבן פון זיך די געדאנקען, ווײַל דער שאָסיי האָט אים אויסגעזען, ווי א שטראָמיקער טײַך, ער האָט געמוזט האלטן אין אויג אלע מאשינעס, וואָס האָבן געראָלט פארבײַ אים, הינטער אים. דאָס אלץ, וואָס איז געלאָדן מיט צעמענט, מיט שטיינער, מיט ציגל, מיט געהילץ, מוז בעשאָלעם אָנקומען אין קאָטלאָוואן. און ער האָט געהאלטן אין אויג אפילע גאָר זײַטיקע זאכן... אָט הענגען פון די רויט־ברוינלעכע פעלדזן נאקעטע, אויסגעדייוועטע וואָרצלען. דער ווינט פאָכעט מיט זיי העפקער־דיק, שויבערט די צווײַגן פון די מעכטיקע סאָסנעס. זיי שטייען נאָך פעסט, גרינען זאפטיק, וואָרעם ניט אלע וואָרצלען זייערע הענגען צעדריבלטע, א טייל זײַנען נאָך אין פעלדזן־שפּאלטן טיף פארהוילן...

נאָטע קוקט אף די רוישנדיקע ברייט־צעקרוינטע ריזן טרויעריקלעך. ער ווייסט, איינגיכן וועלן קומען מאָנטאזשניקעס און אפן אָרט פון די דוירעסדיקע ביימער וועט מען אוועקשטעלן אײַזערנע דין־געפלאָכטענע, הויך־הויכע מאטשטן, אָנציִען דראָטן און איבער זיי וועט אוועק־פליסן ליכט און שײַן, וועלכע מע האָט דאָביוועט פון גרײַזן טײַך...

איצט גייט שוין זײַן קראן אף דער צײַטווײַליקער בריק — איבער דער דאמבע. ווי א שטאָלצער אויסטערלישער גראציִעזער פויגל גייט זײַן קראן צווישן די פארליאפעטע סאמאָסוואלן. געמאָסטן, באזאכט און באדאכט זײַנען נאָטעס באוועגונגען... עס וויברירט און קלינגט דער טראָס, מיט וועלכן דער הייבער איז צוגעפעסטיקט. ער הודעט, ווי א ריזיקע סטרונע, וואָס וועבט ארײַן אירע טענער אין דער ארבעטס־קאנטאטע. עס מישט זיך אין נאָטעס קאָפּ דאָס טראסקען, קלאפּן, רודערן פון מעכאניזמען מיט מענטשלעכע שטימען, וועלכע באפוילן, וואָרענען, בעטן:

— ניט געײַלט! שטיי!.. ווירא... דא־ווײַ־ײַ!.. טא־א־ק!..

נאָטעס בליק כאפּט אוף אפילע אומבאדײַטנדיקע פּראָטים. אָט האָט א מאָנטאזשניצע אוועק־געלייגט דעם שליסל, מיט וועלכן זי פארפעסטיקט שרויפן אף א ליגנדיקן מאסטבוים, ארויסגע־נומען דאָס שפּיגעלע פון דער פארכראסטעטער ספּעצאָווקע, ארונטערגעשטעקט די פארשטויבטע האָר אונטערן העלם און דרייט שוין ווידער מיטן שליסל. „אקוראט זי נייט צו קנעפּלעך צו א מאנטל״, — טראכט ער שמייכלענדיק, און דער קראן גייט. ער לאָזט זיך אראָפּ, נאָך א קערעווע, נאָך א ביסעלע, נאָך — גענוג! דאָ לעבן דער בעטאָן־שייד מאָסטעט זיך נאָטע אײַן, ווישט אויס דעם שווייס.

— געקומען? — פרעגט וואסיל פּעטראָוויטש.

— וואַס האָסטו אוועקגעיאָגט? — ענטפערט נאָטע מיט א פראגע.

— ווזיאלי!.. ווזיא־לי!.. ווזיא־לי!..[1]

אָט די דאָזיקע איינציקע ווערטער, ריכטיקער זילבן, גיסן זיך צונויף אין איין אויסגעצוי־גענעם קלאנג: לי־לי־לי!

נאָטע זיצט אין קאבינע, אָבער וויפל מאָל עס לאָזט זיך אראָפּ דער הייבער פון זײַן קראן, אזויפיל מאָל איז אים אזוי, ווי ער אליין וואָלט געדארפט אופהייבן די מאסע. וויפל מאָל די אָפּאלובשטשיקעס[2] סטראָפּעווען צו א הילצערנע קאָנסטרוקציע, אזויפיל מאָל פילט ער זייער יעדן קער און ווענד, ווארטנדיק אפן אויסגעשריי „ווירא״!

זיבן מיט א האלבן טאָן אלע טאָג, טאָג נאָך טאָג... ס'טרעפט, נאָטע ווארפט א בליק אפן ארבעטס־געווירבל, וואָס הערשט אין קאָטלאָוואן, און ווערט ווידעראמאָל פארכאפּט פון דעם, וואָס דער טײַך איז ענדלעך געפּענטעט... נאָך דער ארבעט קאָן ער זיך אמאָל אוועקשטעלן, קוקן און גאפן, ווי די צווייטע וואכטע פלייצט ארײַן אין קאָטלאָוואן, אָבער עס פאלט אים אפילע ניט

[1] — בוכשטעבלעך, גענומען. אן אויסרוף, וואָס ווערט באנוצט באם אופהייבן א שווערע מאסע.
[2] — די ארבעטער, וואָס דעקן אײַן דעם בעטאָן, קעדיי ער זאָל פארהארטעוועט ווערן.

איַין צו טראַכטן, אַז אין די בערג פעלדזן־שטיינער און ערד, וואָס זײַנען אַרײַנגעשלײַדערט געוואָרן אין טײַך, איז דאָ אויך זײַן בארג, אַז זײַן שווייס האָט זיך דאָ געגאָסן מיט אַלעמענס שווייס איניינעם.

עס קרעכצט דער קראַן, הייבנדיק אַ קאָנסטרוקציע, עס קריצט דער שטויב אויף נאָטעס ציינער, זײַן העמדל איז צוגעזאָטן צום רוקן. וואַסיל פּעטראָוויטש זאָגט צאַרט:

— נאָט!.. אַביעדאָט...[1]

נאָטע קריכט אַרויס פון קאַבינע, ווײַל ער פילט טאַקע, אַז ס'איז די רעכטע צײַט עפּעס איבערצוקײַען, ניט אַזוי איבערצוקײַען, ווי דורכשווענקען דעם האַלדז מיט אַ פלעשל לימאָנאַד. אָבער פּלוצעם דערמאָנט ער זיך ווידער דעם פרימאָרגן און עס פליט אים דורך אַ געדאַנק: „ביסט אַ טײַערער מאַן, לאָזסט זיך גרינג באַדינען“...

— וואָס טראַכסטו? — פרעגט וואַסיל פּעטראָוויטש.

— כ'טראַכט וועגן אונדזערע ווײַבער...

— ביסט גערעכט. כ'האָב דיר נאָך איינדערפרי געוואָלט זאָגן, דאַרפסט אַכטונג געבן אויף דײַנער. זאָל זי אַרײַן אין פּאָליקליניק, זי זעט אויס זייער ניט וואָזשנע, — זאָגט וואַסיל פּעטראָוויטש, ניט וויסנדיק, אַז ער זאָלצט אויף אָפענע ווונדן.

אַ געדיכטער שטויב הענגט שטענדיק איבערן קאָטלאָוואַן. עס העלפן ניט די באַגיס־מאַשינעס. אָט פאַטשן זיי צו דעם שטויב מיט די ברייטע וואַסער־פעכערס, אָט הייבט ער זיך ווידער אויף.

— שיט מעל און גיס וואַסער, — זאָגט נאָטע, זיך אַראָפּלאָזנדיק מיטן פרײַנט צום יעניסיי.

זיי ציִען אַראָפּ די העמדלעך, זעצן זיך אויף אַ גראָב ברעט, וואָס טונקט זיך מיט איין עק אין טײַך, שעפּן פולע הויפנס וואַסער און גיסן אויף די קעפּ. פּלוצעם זאָגט נאָטע:

— טו נאָר אַ קוק אַהינצו, העכער, העכער, לינקס, לעבן סאַמאָסוואַל...

וואַסיל זעט שוין אַליין — לעבן סאַמאָסוואַל שטייט אַ שוואַרץ־כיינעוודיק באָכערל אין אַ קאָמבינעזאָן און פרוווט אײַנבײַסן עפּעס אַזוינס, וואָס אַ מיידל האַלט צווישן אירע ליפּן. אָט־אָט וועט זיך „דאָס עפּעס אַזוינס“ ענדיקן און זיי וועלן, כאָלילע, אופּעסן איינער דעם צווייטנס אַ ליפּ...

— דאַרדאַנעלי! דער טײַוול זאָל דאָס נעמען! ס'איז אַ סך אָנגענעמער דאָס צו טאָן אַליין, איידער צוקוקן, ווי אַנדערע טוען עס, — זאָגט וואַסיל פּעטראָוויטש. דאָס פּאָרל פאַרשווינדט אין סאַמאָסוואַל.

— זעסט, ווו דײַן בראַכע האָט זיי אַרײַנגעטריבן!

— נעמט צו באַ דער קאָץ דעם לייטער, — זאָגט וואַסיל פּעטראָוויטש, פאַרקערעוועוודיק צו דער גאָרקיך. נאָטע גייט אים נאָך.

יעדער פון די פרײַנט האָט אויסגעטרונקען צוויי פלעשער קריושאָן, געגעסן סאַרדינען אַלס דאָס ערשטע געריכט, אַ טעלער גרינעם באָרשטש, צוויי ראָמשטעקסן מיט סאַלאַט און אַ רעכטן שטיק זיסן רײַז־פּודינג. צוויי פלעשער נאַרזאַן האָט מען געגומען מיט זיך אין די קאַבינעס. און ווידער — ווזיאַ־לי! ווזיאַ־לי!.. ווזיאַ־לי...

אויפגעהויבן, אוועקגעלייגט נאָך אַ הילצערנע קאָנסטרוקציע און נאָך איינע, האָט וואַסיל פּעטראָוויטש געזאָגט:

— ווי דו זאָלסט ניט אויסציִען דעם טאָג, לענגער ווערט ער ניט אַפילע שאַבעס, ווען ער דאַרף זײַן קורץ.

— וואָס ריכטיק איז ריכטיק, — שטימט אײַן נאָטע.

זיי פאַרפעסטיקן די הייבערס מיט די טראָסן און פאָרן אַרויס פון קאָטלאָוואַן. איצט פאָרט נאָטע דער ערשטער. וואַסיל פּעטראָוויטש שרײַט עפּעס אומגעדולדיק. אַלע ווײַלע שטעקט ער אַרויס דעם קאָפּ פון קאַבינע. אָבער נאָטע איז קאַלט. אפן שאָסיי שוויבלט און גריבלט. און וואַסיל פּעטראָוויטש מוז גיין הינטער נאָטעס אויטאָקראַן, ווי אַ צוגעבונדענער.

ווען זיי קומען אויף דער פּערטער אויטאָבאַזע, זײַנען ווידער די נאַסע העמדלעך צוגעקלעפּט צו די רוקנס. ביז די מאַשינעס זײַנען אויסגעפּוצט, די טשעכאָלן אָנגעצויגן, זײַנען שוין די רויטלעך־ברוינע פעלדזן מיט טונקעלע שאָטנס באַדעקט. די שקיִע וואַרפט אַ לעצטן אָפּשײַן אויף די סאָסנעס פון דער טײַגע. פון הימל קוקט פאַרוווּנדערט די יונגע, אויסגעבייגלטע לעוואָנע מיט אַ פינקלענדיקן בוילעט־אויסגעשניצטן שטערן באַ דער זײַט, פּונקט ווי אַזאַ לעוואָנע זאָל נאָך דאַרפן צירונג.

— נאָט, גיב אַ רעכן, וויפל און וואָס מיר האָבן אויפגעהויבן!

— זײַ רויִק, מיר האָבן שוין דעם פּלאַן. פאַרקירץ ניט דעם מאָרגעדיקן טאָג מיט אַ שלונג. קום פריִער.

---

[1] — צײַט מיטיק עסן.

— וואָס רעדסטו פוסטע רייד? מאָרגן קומט דאָך מײַן שוועסטער! מאָרגן בין איך אויס באַביל; דאַרדאַנעלי... נאַטאַליאַ פּעטראָוונאַ! נאַטאַליאַ פּעטראָוונאַ וועט זיך באַווײַזן. פּילסט, צי ניין?
— זאָג מיר, וואָס וועט זי דאָ טאָן? און ווו וועט זי וווינען?
— היי, ברודערקע, האָסט פאַרגעסן. אינגיכן האָב איך אַן איינצימערדיקע דירע. צווייטנס, איז אַלץ פּראָויסבאַשטימט. דריטנס, האָט זי אַ פּערסאָנעלע פּענסיע, ווײַל זי האָט זיך ניט שלעכט געפירט בײַם דער פאַשיסט איז געווען אין ווײַסרוסלאַנד. און ווײַטער...
— וואָס ווײַטער? וואָס ציסטו אַזוי?
— דאַרדאַנעלי, איך האָב זייער ברייטע פּלענער!
— עפּשער קאָנסטו מיר זאָגן?
— איך קאָן דיר נאָר זאָגן, אַז אויף מײַן נאָוואָסעליע¹ וועסטו מיט דײַן פּלויינעסטע זײַן פון די ערשטע געסט, — זאָגט וואַסיל פּעטראָוויטש און ווערט פאַרשוווּנדן צווישן די סאַסנעס.

אַרויף, אַראָפּ איבער די טרעפּ, וועלכע פירן דורך דער טײַגע, גייט אַ מידער צו זײַן גאַס, וואָס אין דער יונגער וווּנדער־שטאָט, נאָטע. עס שמעקט מיט כוואָיע, מיט לאַנדיש. אָט איז זי שוין, די גאַס.

וואָס מער נאָטע דערנענטערט זיך צו זײַן שטוב, אַלץ אומרויִקער ווערט ער. אַרײַן אין קאָרידאָר, איז ער שוין הוילע שרעק. ער האָט מוירע, אַז ער וועט דערזען מאַרינען אַזאַ, ווי אינדערפרי. אָבער אומזיסט איז זײַן מוירע. מאַרינע שלאָפט אין די סאַנדאַליעטן און אין אָנטאָן אויפן דיוואַן אין עסצימער. די מידע הענט ליגן אויפן בויך, אונטער די אויגן ברייטע, טונקעלע קרײַזן. ער האָט, דוכט זיך, אַזוי פּאַרזיכטיק געגומען אָפּשפּיליען די שפּראַנצקע פון רעכטן סאַנדאַליעט און זי האָט זיך שוין אַ זעץ געטאָן. קוים געעפנט די אויגן, האָט זי אים אָנגענומען בײַ די הענט און שטיל געזאָגט:
— גיי באָד זיך. די וואַנע איז פול מיט וואַרעמען וואַסער. אויפן קיך־טיש איז אַלץ גרייט. ס׳דאָך שוין שפּעט. אוי, ווי מיד דו ביסט.
— אַ האָר אויך ניט, זיך אָפּגערוט גייענדיק. איך באָד זיך אויס, טראָג איך אַלץ אַהער. איך קאָן ניט עסן איינער אַליין, — זאָגט ער גאַנץ הויך.
— שטילער, שטילער!
— וואָסי? די קינדער?..
— די קינדער זײַנען אויסגעצייכנט. אָבער אַז מיר זײַנען געגאַנגען דיך באַגעגענען, האָבן זיי שוין קוים געפּלאָנטערט מיט די פיסלעך. פאַרן אײַנשלאָפן געפּרעפּלט: פּאַפּאַ, פּאַ־פּאַ... פּאַ־פּאַ!
— נו, גוט! — שרײַט אויס נאָטע.
— שטילער... וואַסיל פּעטראָוויטשעס שוועסטער איז דאָך געקומען.
— זי האָט דאָך גאָר גענדאַרפט קומען מאָרגן.
— זי איז געפלויגן! איך האָב איר אויסגעבעט אין שלאָפצימער. זי ט׳מיר דערציילט, אַז זינט דער צווילינג איז געבוירן געוואָרן, האָט דער ברודער זי באָמבאַרדירט מיט בריוו. אַ נאָפּ־קעמינע, האָט ער געשריבן, דײַנע, ניט דײַנע... וועסט ליב קריגן, וועלן זיי זײַן דײַנע אייניקלעך. דו פאַרשטייסט, נאָטע?..

נאָטע האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף „יאָ". ער האָט איצט גוט פאַרשטאַנען וואַסיל פּעטראָ־וויטשעס סוידעספּולע רייד.

די נאַכט איז געווען אַ רויִקע. די קינדער זײַנען געשלאָפן. דער גאַסט איז געשלאָפן. מאַרינע איז אוואָדע און אוואָדע געשלאָפן. נאָר נאָטע האָט אַ גאַנצע נאַכט מיט קיין אויג ניט צוגעטאָן. פּריִער האָט ער צוגעדעקט מאַרינען, נאָכדעם האָט ער אונטערגעלייגט די קינדער טרוקענע ווינדעלעך, זיי אויך צוגעדעקט, אָנגעקוקט דעם גאַסט, צורעכט געמאַכט דעם לײַלעך אונטערן מאַטראַץ, ווידעראַמאָל זי אָנגעקוקט, אַ טראַכט געטאָן:
— איין פּאָנעם מיטן ברודער!

און ווי נאָר ס׳האָט גענומען שפּראָצן אויף טאָג, איז ער אוועק צו דער מאַנצבלשער צוזאָ־מענוווינונג אָנזאָגן זײַן פרײַנט די גוטע בשורע.

---

¹ — כאַנוקאַס־האַבאַיִס.



מוישע טייף

# פאַרשײדענע לידער

## גוטע בסורעס

איך וויל אײַך אָנזאָגן א בסורע, מײַנע פרײַנט:
די יונגע מאַלקע פרילינג שטייט שוין הינטער שטאָט
און וואַרט, מע זאָל איר עפענען די טויערן...
און דאָרטן ווײַט, העט־ווײַט,
אהינטער פויגל־רוישנדיקן כאַיל
(אווו עס ציִען זיך די דאַרעמדיקע רייען)
עס גריסן אונדז אָט יענע...
אָט די קליינינקע...

איך מיין די דיכטער,
וועלכע בעטן ניט קיין האָנאָראַר, —
די סאָלאָווייען! —
וואָס גאָט אליין האָט זיי באַפוילן די גליבטע צו דערפרייען
און זײַן פאַר זיי א מאַזלדיקער שירעם...
האָט איר געהערט באַגינען, ווי זיי זינגען שיר־השירים?

איך וויל אײַך אָנזאָגן א בסורע, מײַנע פרײַנט:
באַגינען האָבן אָנגעקלאַפט צו מיר אין שויב
דער מאַלקעס אויסשפּירער — די שטראַלן:
— שטיי אויף!
און הײַנט זאָלסטו ניט טרויערן,
דו האָסט א ליד —
דעם שליסל צו די טויערן.

שטיי אויף!
די יונגע מאַלקע פרילינג וואַרט,
דו זאָלסט איר אויסזינגען דאָס הייליקסטע געבאָט
פון אלע דײַנע הייליקע געבאָטן:
זאָל זײַן פאַר ליבע אָפן אלע טויערן פון שטאָט
און נאָר דעם טויט
זאָל דער אַרײַנגאַנג בלײַבן שטרענג פאַרבאָטן!

* * *

א גוטע ליד איז ווי א שטוב,
אווו ס'איז דאָ א דאַך און א פונדאַמענט,
אווו ס'איז דאָ א פענצטערל, וואָס ווײַזט
העט־ווײַט א שליאַך א ברייט־געראַמען.

א גוטע ליד איז ווי א שטוב,
אווו עס ווילט זיך לאַנג פאַרברענגען,
און ווען דו גייסט פון איר אַרויס,
דו ווערסט די שטוב נאָך לאַנג געדענקען.

א גוטע ליד איז ווי א שטוב
דאָרט ערגעץ צווישן בערג פאַרשנייטע,
וווהין א פײַערל דיך ציט,
וואָס וועט דיך לאַנג אין וועג באַגלייטן.

* * *

פאַרזיכטיק זײַן מיטן וואָרט —
הייסט פאַרזיכטיק זײַן מיטן האַרצן.
אָפט קומט עס מיט זילבער פון האָר —
דאָס רײַפע וואָרט, דאָס געגאַרטע.

פאַרזיכטיק זײַן מיטן וואָרט —
הייסט האָבן א ריינעם געוויסן,
אים אָנטאָן מיט הײַנטיקער וואָר,
אַז שפּעטער זאָל דיך ניט פאַרדריסן.

פאַרזיכטיק זײַן מיטן וואָרט —
הייסט לערנען זיך לײַדן, זײַן מוטיק! —
און שטענדיק געדענקען דאָס אָרט,
ווו דו און דײַן פאָלק האָט געבלוטיקט.

און פונקט — ווי עס פרווט אָף די ציין
דער פויער די קערנדלעך הארטע —
ניט אײַל זיך! נאָר פרווו אויס אליין
דײַן וואָרט אפּן שארפשטיין פון הארצן —

צי לעבעדיק קלינגט עס, צי קלאָר,
צי זײַן ווערט עס נאָענט און טײַער,
ווײַל פאַרזיכטיק זײַן מיטן וואָרט
הייסט קענען זיך שפּילן מיט פײַער.

## דער רוסישער אינטעליגענט

זײַן נעשאָמע האָט דערמאָנט אן עאָל־הארפע...
א. לונאטשארסקי.

אוקראַינע ברענט. פּאָלטאַווע ברענט.
מאכנאָ! און לעבן זאָלן מעסערס!
מע שיסט אין פענצטער און אין ווענט,
מע זשליאָקעט בראָנפן פון די פעסער...

אהא! מע שלעפּט אים אפּן ראָג...
אָט! אָט! מע וועט אים באלד צעשנײַדן,
דעם שולדיקן אין אלע פּלאָג, —
דעם אלטן ייִד, דעם שנײַדער...

— שטייט! שטייט! לאָזט אָפּ דעם ייִד!
(א זאָקן שרײַט. א קריסט —
מיט ריינע אויגן פון א מאלעך...)

— אנו, באשיצער, זאָג אונדז, ווער דו ביסט?
א בארעמהארציקער? א גאלעך?

...ער קלאַפּט צום אטאמאן אין טיר:
— איר זײַט א מענטש, צי גאָר א הענקער?
שטעלט אָפּעט דעם פּאָגראָם! איך פּראָטעסטיר!
איך הייס — וולאַדימיר קאָראָלענקאָ...

אוקראַינע ברענט. פּאָלטאַווע ברענט,
און די באנדיטן קוילענען און שיסן.
אן אלטער רוסישער אינטעליגענט
זוכט אָף די גאסן דאָס געוויסן...

## מײַן מוטער

א גריוונ‏יע...
א זילבערנע גריוונ‏יע...
אָ, פאַרגליווערטע טרער פון מײַן מוטער,
עס פעלט איר א גריוונ‏יע אָף פוטער —
די כאלע זאָל שמעקן פון אויוון,
איז ווייניק די מעל און די הייוון...
ווו נעמט מען צען קאָפּקעס — א גריוונ‏יע —
אָף כאלע צו שאבעס,
אוי, ניין, ניט אָף געגנדזענע גריוון.
און ער — דער מעפּארנעס, דער אכזער,
ער קוקט, ווי א טיגער, פון טאלעס
אָף איר, וואָס זי גיט אים — צעלאָכעס!

צעלאָכעס! צעלאָכעס! —

אלע יאָר א מאטאָנע: א מיידל, א קאלע.
הײַנט, ווי קלײַבט מען אָנעט דעם נאדן
פאר זיי, פאר די זועקס, פאר די „מאדן",
וואָס כראָפּען געשמאק אין די בעטן
פּארפרי, ווען די מאמע נעמט בעטן
א גריוונ‏יע... א זילבערנע גריוונ‏יע
אָף כאלע —
אוי, ניין, ניט אָף געגנדזענע גריוון.
און אזוי — אלע טאָג!

אלע טאָג! אלע טאָג! —

הייבט זיך אָן א געשפּרעך
און דערנאָך א געוויין,
און דערנאָך א יעלאָלע,
א דונער־געקנאַל, א געפּעכטש! —
און ס'פּלאַצן אינלופטן, ווי באָמבעס,
די מינסקער, די ווילנער,
באָברויסקער,
די פינצטערע ייִדישע קלאָלעס...

ווײַזט אויס, אז פון דעמלט, פון דעמלט,
אין הארצן ארײַן איז ניט יענע, —
די גרויע, די אלטע,
וואָס ליגט אָף דער ערד בא א ליכטל,
א שטילע, א קאַלטע,
נאָר זי — פון דער וואַנט,
פון באגעטעוון רעמל —
א יונגע... א שיינע...

מײַן איינציקע־איינע! —

ארײַן אין מײַן הארצן פון דעמלט,
אָ, ניין! ניט דעם טאטנס:
„ניט עגבער מיך, ליליס..."
נאָר יענע —
די בלום, וואָס באהאלט זיך פון מענטשן אין
וואסער, —

מײַן מוטער! —
מײַן שטילע, מײַן איינזאמע ליליע...
א כאָלעם פון קינדערשע יאָרן:
א הימל מיט שטערן! א מאבל פון שטערן!
און איטלעכער שטערן — א זילבערנע גריוונ‏יע:
מײַן מוטערס פאַרגליווערטע טרערן...

# באם יאם

א

איך וואַרף זיך אַרײַן אין מײַן ליד,
ווי אַ שווימער אין יאם,
און כ׳הער ווי די כוואַליע, וואָס פליט,
קלאַפּט אויס אַף די פעלדזן אַ יאַמב.

איך קוק, ווי זי טוט זיך אַ וואָרף
אַזוי בויגעוודיק־שלאַנק,
אַז, דוכט זיך, דער דויפּעק פון וואָרט
ווערט שטיל פון איר אומרו און צאַנקט.

נאָר אָט טוט מײַן שורע אַ פלי
אַזוי פרײַ און געראַם,
ווײַל כ׳וואַרף זיך אַרײַן אין מײַן ליד,
ווי אַ שווימער אין יאם.

ב

...ערשט אינדערפרי האָב איך פאַרשטאַנען,
פאַרוואָס די כוואַליעס וואַרפן זיך
מיט דונערדיקן האַסט און ווילן דורכברעכן
דעם צאַם פון פעלדזן:

ניט ווײַט פונדאַנען, ווי אַ בסולע אין האַרעם,
איז אין דעם קלעם פון בערג
געלעגן זייער שוועסטערקע — אָן אַזוינע,
וואָס הייסט „די שטומע יעפּאַס־טויאַר״.

דער ווינט האָט ניט געפּאַלדעוועט
איר בלוי־קרישטאָלן קלייד,
געלעגן איז זי שטיל פאַרגליווערט,
נאָר ווען־ניט־ווען אַ מעווע פלעגט
איר ברוסט אַ צופּ טאָן מיטן פליגל...

אין רעסטאָראַן האָט שוין דער האַקמעסער
געגרייט געבראָטנס,
די מוזיקאַנטן פּרוּוון שוין די קיילים,
מע וואַרט אַף געסט.
נאָר הינטער מיר, דאָ באַרג־אַראָפּ,
צווישן פעלדזן,
עס וואַרפן כוואַליעס זיך מיט דונערדיקן האַסט
און ווילן ראַטעווען די אומגליקלעכע שוועסטער...

ג

קלײנינק פישעלע...
ווי פלינק עס טוט אַ נישטער מיטן מײַלכל,
אַ כאַפּ אַ ווערעמל —
דאָס בעסטע מײַכל.

זאָרגלאָז פישעלע...
לעבט, ווו ס׳פּאַסט דעם,
עס נעכטיקט ערגעץ
אָן אַ פּאַספּאָרט...

אײַ, דאָס פישעלע,
אַ קונדעסל, אַ מײַדעם!

נאָר דער שווערער סאָף
וועט אויך דעם שטיפּערל ניט מײַדן...

ווײַל אויך דאָ אַפילע,
טיף אונטערן וואַסער,
זײַנען דאָ קייסאָרים
און אוילעם־גוילעם —
פישעלעך מיליאָסן.

וויל דאָס פישל לעבן,
זוכט עס גוטע וועגן,
קומט עס נעענטער צו מענטשן,
צו די ברעגן.

און עס שפּילט זיך,
און פאַרגעסט פון אַלע אַנגסטן,
ווײַל אַהערצו קומען ניט
די פיש — די גאַנגסטערס.

נאָר עס ווייסט ניט, נעבעך,
אַז עס מאַכט אַ טאָעס:
מיט אַ בערדל, אין שפּאַקולן,
וואַרט אַף דעם דער „מאַלכעהאַמאָוועס״.

און ער האַלט אין האַנט,
ניין, ניט קיין קאָסע! —
נאָר אַ ווענטקע,
גראָד אַ פּראָסטע.
היט זיך, פישעלע,
מײַן נאַרעלע, מײַן ברעקל,
זעסט דאָס מײַכל, —
ניט דאָס העקל!

ד

מיר האָט פאַרשמעקט
די פּאַזעמקע פון וואַלד,
דאָס ווײַניק־זויער ווײַמפּערל
פון קוסטעס.
מיר האָט פאַרשמעקט
פון יונגע בורעקלעך
דער מאַמעס קאַלטער ראָסל,
דער האַניקדיקער דופט
פון זילבער־בלײַענדיקער גריקע.
כ׳האָב זיך פאַרבענקט נאָך יענעם אינדערפרי,
ווען ס׳הערט זיך ערגעץ ווײַט פון וואַלד
די בעלאַרוסער „קוקו״.
און דאָ איז פיר און צוואַנציק שאָ אַ היץ,
דער הימל — אַ פאַרגליווערט שטיק קרישטאָל,
און יאם, און יאם,
און ווידער יאם...
און ווײַנטרויבן, וואָס קריכן שוין פון האַלדז,
אַ שטעכיק־דרעלנדיקער פײַף פון די ציקאַדעס,
און מאַרעשכוירעדיקע דראַנגען־קיפּאַריסן...

נאָר ס׳טרעפט אינמיטן נאכט, איך כאַפּ זיך אויף,
און, ערנוואַרט, מיר דאכט,
איך זע פאר זיך א בינע:
די ווײַטע שיף אין יאַם — ווי אַנגעמאָלט.

און אלץ ארום —
די הויכע בערג און די לעוואָנע,
די פעלדזן שטום-פאַרפראָרענע —
א טויטע בוטאַפּאָריע...

# פון זעלנערשן בלאָקנאָט

## 1. אף גיטקע טײַבעלעס זאַוואָלעק

אף גיטקע טײַבעלעס זאַוואָלעק
טיר און טויער אָפן...
פּײַקל איך אין פּײַקעלע און וועק:
היי, שטייט אוף! גענוג צו שלאָפן!

היי, כאַכמאַטשעס,
ווערטל-זאַגער,
ספּאָרים-שלינגער,
טשאָלנט-פרעסער —

קומט, די וועלט וויל זען אָט יענע,
יענע אלע, וועלכע קענען
דאָ, אין געסלעך פינצטער-ענגע,
ווי די בינען, האָניק ברענגען —
ניט פון קווייטן אף די בייטן,
נאָר פון וויגן, וווּ עס ליגן
נײַע וויטענבערגס און קולבאַקס.

שטייט שוין אוף, גענוג צו ליגן!
כ׳טראָג פאר אײַך דעם פרילינגס-ניגן...—
זאָל כאָטש איינער אופשטיין, איינער!

קיינער ענטפערט מיר ניט, קיינער...
דער אוילעם שלאָפט.

קלאַפּ איך שטאַרקער אין מײַן פּײַקל, קלאַפּ איך...
אָט! עס צינדן זיך די פּײַקל-שטעקלעך,
ניין, דאָס ברענען מײַנע פינגער,
ס׳רינט דאָס בלוט פון מײַנע נעגל...
איז וואָס שווײַגט איר, ווילנער קינדער?

היי, כאַכמאַטשעס,
ווערטל-זאַגער,
ספּאָרים-שלינגער,
טשאָלנט-פרעסער —

קומט, די וועלט וויל זען אָט יענע,
יענע אלע,
וועלכע שרײַען: „קאָמעץ-אלעף״
נאָך אין אינגעווייד בא מוטער,
עסן סקאָרינקעס און מוטיק
טראָגן פּײַער אין די פּאָלעס —
וועלט פון גזיילע א מאַפּאָלע.

שטייט שוין אוף, גענוג צו ליגן!
כ׳טראָג פאר אײַך דעם פרילינגס-ניגן...
זאָל כאָטש איינער אופשטיין, איינער!

קיינער ענטפערט מיר ניט, קיינער...
דער אוילעם שלאָפט.

עפנט זיך א פענצטערל אין הימל.
מײַן געליבטע קוקט. ס׳איז זי! בעפּיירעש!
א גוטמאָרגן, טײַערע, גוטמאָרגן!
העלף מיר אופוועקן דעם אם קשיי אוירעף[1]...

— וועמען וועקסטו, מײַן געטרײַער, וועמען?
וואָס, דו ווייסט ניט, נאַרעלע, דו נאַר,
אז די ווילנער שלאָפן שוין דאָ מער ניט,
ווילנער שלאָפן אף פּאָנאַר...

## 2. וואָרצלען

צעקלאַפּטע ווענט. ווי שטיל עס טליִעט
די שטאָט — אין רויך און קופּעס אש.
אף פלעצער שטייען נאָך די טליִעס...
ניטאָ קיין גאסן. א מישמאַש

פון קופּעס ציגל, אײַזן, קלעצער.
א קעצעלע... עס זוכט דעם הויף...
און פּאַרטיזאַנער אף די פלעצער
פון וועלדער קומען זיך צונויף.

נאָר זע! —
ווי גלײַך א וווּנדערלעכע סטראָפע,
וואָס בלײַבט אף אייביק פון א ליד, —
א געסל. הײַזער. טירן — אָפן...
און א קאַשטאַן אין סאַמע בלי.

עס פעלט, עס זאָל זיך נאָר באַווײַזן
די ווײַסע צנועלע, די ציג,
און דעמלט שטאַרקער זײַ פון אײַזן,
און דעמלט פּרווו די טרער דערשטיק.

און דאָ אין שטיבל, אײַנגעבויגן,
זיצט בא א טישל וויפל שאָ —
אן ארכיטעקטאָר צייכנט אף א בויגן
דאָס נײַע אויסזען פון דער שטאָט.

נאָר אויסמעקן האָט ער פאַרגעסן
זײַן היים! זײַן וויגעלע. זײַן ליד.
פאַרכידעשט זעט ער, אז זײַן געסל
עס שטייט אין צענטער, אין דער מיט.

[1] — עם קשי עורף — א פאָלק פון אקשאָנים.

ס'איז גאנץ ארויס פון סוינעס פײַער,
ווי ס'טרעפט אין מײַסעלעך א נעס...
זאָל ער פארמעקן מיטן בלײַער?
אליין פארטיליקן זײַן נעסט?

לעב, לעב, מײַן געסעלע, ס'פארהיטעו! —
האָט ער געזאָגט צו זיך אליין. —

בא דײַן ארײַנגאנג, פון גראניט געשניטן,
א ווײַסינק ציגעלע וועט שטיין.

ניט יענץ, דאָס שטילינקע, וואָס אָכצעט,
נאָר דאָס, וואָס שרעקט זיך ניט פאר וועלף
און זאָגט: צעהאַק ניט דײַנע וואָרצלען,
אויב דו ווילסט לעבן אף דער וועלט!

## 3. צײַטיקע קארשן

ס'איז זומער געווען.
ס'האָט דער טאַמוז געגליט,
דער פוך פון די סעדער אינלופטן צעפליט...

א שיקערער ווינט טראָגט אין הײַזער ארײַן
פון צײַטיקע קארשן דעם קלעפיקן ווײַן.

און דאָ, ווו געווען איז די געטאָ ניט לאנג,
עס שפילן זיך קינדער, מע הערט א געזאנג.

ניט ווײַט, אף א פלאַץ, פארגאָסן מיט ליכט,
עס האָבן דרײַ פרײַנט זיך דערזען
אומגעריכט.

געקומען אהיים פון פארשיידענע שטעט —
א מאָלער, א פידלער, א יונגער פּאָעט.

מע דריקט זיך די הענט.
און מע גייט. און מע רעדט.
— ווי שיין אונדזער שטאָט! — רופט זיך אָפּ
דער פּאָעט.
— טאָ שרײַב אָן א ליד, — זאָגט דער מאָלער, —
און איך,
א בילד וועל איך מאָלן, דאָס נעם איך אף זיך!

— און איך, — זאָגט דער פידלער, — דײַן ליד
און דײַן בילד
איך וואָלט אף מײַן פידל מיט הארץ
אויסגעשפּילט...
— — — — — — — — — — — —

געפינען זײַן ליד איז דער דיכטער אוועק
אף רעכטס — מיט זײַן אייגענעם וועג.

געפינען זײַן בילד איז דער מאָלער אוועק
אף לינקס — מיט זײַן אייגענעם וועג.

געפינען זײַן קלאנג איז דער פידלער אוועק,
אויך ער — מיט זײַן אייגענעם וועג.

זיי זײַנען געגאנגען — ווער ווייסט וויפל טעג
און אלץ ניט געטראָפן דעם ריכטיקן וועג.

...נאָר אָט, פון דרײַ זײַטן, שוין הינטערן
שטאָט,
מע הערט ווי זיי גייען, עס קלאַפּט זייער
טראָט.

אלץ נעענטער — נאָענט און אָט:
זאלבעדריט —
מע קומט צו א גרוב מיט קאראסקעס
צעבליט...

מע קוקט און מע שווײַגט,
און מע רעדט ניט קיין וואָרט.
שטיל. ס'איז א הייליק אָרט.

— זאָג, דיכטער, ניט שווײַג!
האָסט געפונען דײַן ליד?
— געפונען... מײַן מוטער דאָ ליגט...

— זאָג, מאָלער, ניט שווײַג!
האָסט געפונען דײַן בילד?
— מײַן קינד איז דערהארגעט דאָ ווילד...

— היי, פידלער, ניט וויין!
האָסט געפונען דײַן קלאנג?
— איך הער דאָ מײַן קאלעס געזאנג...

מיר האָבן געבלאָנדזשעט, געזוכט וויפל טעג
און אלץ ניט געטראָפן דעם ריכטיקן וועג.

ווו איז ער, דער וועג? דער וועג רופט אהין,
אווו אונדזער שטאָט שײַנט זומערדיק־גרין,

ווו צײַטיקע קארשן דערמאָנען אין שטוב
א בלוטיקן טאַמוז בא הייליקער גרוב...



נאָטע לוריע




## קאַפּיטל פינף



וין עטלעכע טעג, ווי אַף דעם ווייץ־פעלד פונעם בוריאַנאָווקער קאָלווירט, וואָס האָט זיך געצויגן פון די הולײַפּאָליער מאָהילקעס קימאַט ביזן סאַמע האָריזאָנט, איז געווען לעבעדיק. מע האָט דאָרט געשניטן און גלײַכצײַטיק געדראָשן דעם זייער געראָטענעם ווייץ, וואָס האָט זיך שוין געהאַט גוט צוגעטריקנט.

נעכאַמקע האָט ליב געהאַט אָט די טײַערע צײַט פון אַראָפּנעמען די געררעטעניש. קיינמאָל איז דער סטעפּ ניט געווען אַזוי אויפגעלעבט, ווי אין שניטצײַט. קיינמאָל האָט אַזוי ניט געהודעט דער ארום, קיינמאָל האָבן אַזוי פריילעך ניט געטראַכקעט די וועגענער, די האַרבעס, די בעסטאַר־קעס, קיינמאָל האָט מען ניט געזען אַפן סטעפּ אַזויפיל מענטשן — דערוואַקסענע און קינדער...

נעכאַמקע איז אין אַ לײַכט ציצן קליידל מיט אַ ווײַס טיכל אַפן קאָפּ געשטאַנען אין דער הייך אַף דער הודענדיקער דרעשמאַשין און דערלאַנגט מיט דערווילע די זאַנגען צום באַראַבאַן. די דרעשמאַשין האָט זיך אונטערגעטרייסלט, צעשפּרייטנדיק אַ שטויב אַרום זיך.

באַם אָפּשאַרן די אָפּגעדראָשענע שטרוי, באַם אויפראַמען די פּאָלאָווע, באַם איבערווייען דעם ווייץ, באַם ווערשעווען די סטערטע האָבן געאַרבעט דעריקער פרויען און מיידלעך. אָנגעטאָן זײַנען זיי געווען פאַרשיידן — ווער אין אַ געפּאַלדעוועטן קלייד, ווער אין אַן אונטערקליידל, צי גאָר אין אַ געקווייטלטן סאַראַפאַן. דערפאַר אָבער זײַנען די קעפּ און די פּענעמער געווען באַ אַלעמען אַף איין און דעם זעלבן אויפן אַרומגעבונדן מיט קלאָר־ווײַסע פאַטשיילקעס, פון אונטער וועלכע עס האָבן אַרויסגעקוקט נאָר די אויגן.

די מיידלעך און די ווײַבער, פאַרפּאָראָשעטע מיט שטרוי און פּאָלאָווע, האָבן פלינק אָרודע־וועט מיט די בלאַנקענדיקע ווילעס, מיט די הראַבליעס, מיט די ברייטע הילצערנע לאָפּעטעס, מיט די גלאַנציקע באַסטערמאַקן, ווי זיי וואָלטן וועלן אַריבעריאָגן איינע די אַנדערע.

באַ דער דרעשמאַשין האָבן פון מאָל צו מאָל זיך געביטן די האַרבעס. די ליידיקע, מיט אַראָפּגעלאָזטע אונטערקלינגענדיקע דראַבינעס, האָבן אָוועקגעטראַכקעט צוריק אַפן פעלד צו די צוגעטריקנטע קאָפּיצעס און אַהער זײַנען, אונטערהוידענדיק זיך, פּאַמעלעך אָנגעפאָרן הויך־אָנגעלאָדענע מיט צעשויבערט־באַגילדעטע זאַנגען.

נעכאַמקע האָט דערלאַנגט די זאַנגען צום באַראַבאַן און געהאַט פאַרגעניגן, וואָס זי איינע ספּראַוועט זיך דאָ פאַר צווייען. עטוואָס אַן אויפגערודערטע האָט זי פון צײַט צו צײַט זיך אומגע־קוקט אַף דעם בוריאַנאָווקער סטעפּ.

פונדאַנען, פון דער הייך, האָט זי, פאַרזשמורענדיק די אויגן אַנטקעגן דער זון, געזען, ווי אַרוף בערגל זײַנען געגאַנגען די שניטער — די עלטסטע קאָלווירטניקעס פונעם כוטאָר דאָדיע בורלאַק, טריאַנדאַליס, מיקיטע דרויאַן און שיִע קוקוי... מיט ברייטע טריט האָבן זיי זיך באַוועגט איינער נאָכן אַנדערן, פאָכענדיק אין טאַקט מיט די בלאַנקענדיקע קאָסעס... זיי האָבן געשניטן דעם ווייץ, וואָס איז געוואַקסן לענגאויס דעם שלענגלדיקן וועג, וועלכן דער קאָמבײַן האָט ניט פאַרכאַפּט.

לינקס אינעם ברייטן טאָל האָט, איבערלאָזנדיק אַ שטויב הינטער זיך, מיט אַ זשומערײַ געפּויזעט צווישן דעם הויכן ווייץ דער קאָמבײַן, און ניט ווײַט פון די זונרויזן האָבן האַסטיק געדרייט מיט די פליגל און פריילעך געגראַגערט די נײַינקע שנײַדמאַשינעס...

---

סאָף פונעם צווייטן טייל. — זע „סאָוועטיש היימלאַנד“ נומ. 4 און 5, 1963, נומ. 1, 1964.

דאָ און דאָרט, ווו דער ווייץ איז שוין געווען אָפּגעשניטן, האָבן אַף דער געלבלעכער סטערניע קאָלווירטניצעס מיט הראַבליעס צונויפגעשאַרט די פאַרשאָטענע זאַנגען און צונויפגעלייגט פרישע קאָפּיצעס. הינטער זיי, שוין אַפן ריין־אויפגעראַמטן פעלד, האָבן געטומלט די פּיאָנערן: ווער אין אַ שטרויענעם הוט, ווער אין אַ ווײַסער פּאַנאַמקע, ווער אין אַ פּאַפּירן מיצל. אין רויטע האַלדזטיכלעך מיט קלינגענדיקע עמערס אין די הענט האָבן זיי זיך געיאָגט פון איין אָרט צום צווייטן און צונויפגעקליבן די איינצלנע זאַנגען, וואָס האָבן זיך פאַרלוירן ערגעץ צווישן דער שטעכיקער סטערניע.

פונעם קאָמבײַן, ווו באַם שטורוואַל איז געשטאַנען אין איין העמד כאָמע טראַסקון, האָבן פון מאָל צו מאָל זיך אָפּגעטיילט פולע בעסטאַרקעס מיט אָקאָרשט אָפּגעדראָשענעם ווייץ און זיך פאַרנומען אַהער, צום האַרמאַן. אין דער זעלבער צײַט האָבן מיט אַ טראַסקען פון די רעדער געיאָגט די שוין אויסגעלאָדענע בעסטאַרקעס צוריק אַהין.

נעכאַמקע האָט זיך אײַנגעהערט מיט איר גאַנצן וועזן צום געזאַנג פונעם סטעפּ, צו דעם צעצויגענעם הודען פון קאָמבײַן, צום ווײַטן גראַגערן פון די שנײַדמאַשינעס, צום אונטערקלינגען פון די האַרבעס און מיט ווייטעק אַ טראַכט געטאָן, אַז אָט אין די זעלבע מינוטן קאָן וואָווע זײַן אין סאַמע פײַער...

זי האָט פאַר די עטלעכע טעג שוין געהאַט באַקומען פון וואָווען דרײַ בריוו. אין יעדן בריוו האָט ער איר געשריבן, אַז פאַר אים זאָל זי זײַן רויִק, ער איז באַשיצט אינעם פאַנצער פונעם טאַנק. נאָר יעדעס מאָל, ווען זי האָט נאָר אַ טראַכט געטאָן וועגן אים, איז באַ איר אײַנגעפאַלן דאָס האַרץ... ווער ווייסט, וואָס איז איצט מיט אים...

אונטן, באַ דער הויכער קופּע ווייץ, וועלכע מע האָט זיך געקליבן הײַנט נאָכמיטיק אָפּפירן מיט דער ערשטער ברויט־וואַלקע צום עלעוואַטאָר — אַ מאַטאָנע דער רויטער אַרמיי, — האָט נעכאַמקע צווישן די קאָלווירטניקעס דערזען שעפּטלען.

די לײַנענע קורטקע זײַנע איז געווען צעשפּיליעט. ער איז געווען אויפגערעגט. אָט האָט ער צוגענומען באַ ריקליסן פון די הענט די הילצערנע לאָפּעטע און גיך אַרומגעשאַרט דעם פאַרשאָטענעם ווייץ אַפן פאַרשפּרייטן ברעזענט.

נעכאַמקע האָט געוווּסט, אַז דער בריגאַדיר פאַרלײַדט ניט די מינדסטע אומאָרדענונג, און אײַליק צוגעקליבן די זאַנגען אַפן בריקל. זי האָט געזען, ווי דער בריגאַדיר האָט מיט קאַס אַ וואָרף געטאָן ריקליסן די לאָפּעטע, אַ פאַרטראָגענער אַוועק צו דער פּאָלאָווע, אָנגעשעפּט צוויי פולע הויפנס, פאַנאַנדערגעבלאָזן, געזוכט, צי זײַנען דאָרט ניט פאַראַן קיין קערנער. לעבן דער סטערטע האָט ער אַ כאַפּ געטאָן אַ זשמעניע אויסגעדראָשענע זאַנגען, אַ דריבל געטאָן צווישן די דלאָניעס און נאָכדעם זיך פאַרנומען אַהער צו דער דרעשמאַשין. אַ פאַרשטויבטער, אַ ניט געגאָלטער האָט שעפּטל זיך אויפגעהויבן אַפן בריקל.

— נו, נאָך אַ מענטשן אָוועקשטעלן אַהער? — האָט ער, איבערשרײַענדיק די ברומערײַ פון באַראַבאַן, אַ פרעג געטאָן.

— מע דאַרף ניט, — האָט נעכאַמקע געענטפערט, אַ פיר געבנדיק מיטן קאָפּ.

— וויפל האַרבעס האָט איר שוין דורכגעלאָזט?

שעפּטלען האָט זיך געוואָלט וואָס גיכער, קאָלזמאַן ס'האָבן זיך ניט אָנגעהויבן די סוכאָווייען און ס'האָט ניט אָנגעטראָגן ווידעראַמאָל קיין רעגן, אַראָפּנעמען די גערעטעניש.

— עפּשער פונדעסטוועגן אָוועקשטעלן דאָ נאָך אַ מענטשן, אַ?

— ניין, כ'ל זיך אַליין ספּראַווען.

— ניט שווער פאַר דיר?

— אַפן פראָנט איז שווערער, — האָט פון דער האַרבע מיט פאַרביטערונג אָפּגעענטפערט אַ יונגע סאָלדאַטקע. שעפּטל האָט זיך אָנגעכמורעט. די ווערטער וועגן דעם, אַז אַפן פראָנט איז שווערער, האָט ער אָנגענומען אַף זײַן כעזשבן. ניט דאָס ערשטע מאָל הערט ער דאָ אַזעלכע רייד. עס וואָלט אים ניכע געווען, מע זאָל שוין וואָס גיכער נעמען זײַן יאָר אַף מילכאָמע.

— נו, און וואָס ביסטו אַזאַ פאַרפּלאָמטע, — האָט ער אַ פרעג געטאָן נעכאַמקען, קעדיי עפּעס זאָגן.

— גאָרניט, — זי האָט זיך אויסגעדרייט צו שעפּטלען מיט דער פּלייצע און גענומען גיכער אונטערוואַרפן די זאַנגען צום באַראַבאַן. שעפּטל איז אַראָפּ פון דער דרעשמאַשין.

„אַנטקעגן וואָס האָט ער עס געפרעגט“, — האָט נעכאַמקע פאַרזאָרגט אַ טראַכט געטאָן, — אַפילע איר בעסטע כאַווערטע ווייסט דאָך גאָרניט.

גלײַך אַף מאָרגן נאָכן שלאָקסרעגן האָט נעכאַמקע זיך צוגעטשעפּעט צו באַסיען, פאַרוואָס זי האָט איר ניט געזאָגט, אַז וואָוועס מאַמע האָט זי געזוכט און געוואָלט איר געבן איבערלייענען וואָוועס בריוו, אין וועלכן ער האָט געלאָזט איר גריסן. זי האָט זיך בעקיוון צעקריגט מיט

באסיען, קעדיי זי זאָל מיט איר ניט דאַרפֿן ריידן וועגן דעם, וואָס עס איז געשען מיט איר באַנאַכט אין סטעפּ.

פּאָר די טעג, וואָס זײַנען אַדורך נאָך דער אומגעריכטער באַגעגעניש מיט סעניען, האָט נעכאַמקע ניט ווייניק איבערגעלעבט. באַזונדערס האָט זי זיך געפֿילט שולדיק פֿאַר וואָוועס מאַמען.

ס'איז שוין געווען האַלבער טאָג. די זון, אַ ווײַס־צעגליטע, איז געשטאַנען הויך אין סאַמע מיט פֿון דעם קלאָרן הימל און געסמאַליעט אומבאַראַכמאָנעסדיק. די לופֿט איז געוואָרן וואָס ווײַטער אַלץ מער אָנגעגליט און באַזונדערס הייס זיך געכוואַליעט, אונטערגעציטערט און געבלענדט באַם סאַמע האָריזאָנט.

נעכאַמקען האָט זיך געדוכט, אַז אַפֿן ראַנד סטעפּ, צווישן די באַגילדעטע טוווּעס, פֿליסט אַ לעבעדיק טײַכל מיט פֿריש־קלאָרן וואַסער. און כאָטש זי האָט געוווּסט, אַז ס'איז ניט וואָר, דאָך האָט זי זיך אומגעקוקט אַהין מיט דורשטיקע אויגן, ווי זי וואָלט וועלן אויפֿכאַפּן פֿון דאָרט כאָטש אַ ביסל פֿרישע לופֿט.

די הייסע ליפּן זײַנען בײַ נעכאַמקען געווען איבערגעטריקנט. זי האָט געכאַלעשט אַ טרונק. זי האָט זיך געקליבן אַ געשריי טאָן צו עמעצן פֿון די מיידלעך, וואָס האָבן געאַרבעט אונטן, בעטן, מע זאָל איר דערלאַנגען אַ קוואָרט קאַלט וואַסער פֿון דער דייזשקע, וואָס איז געשטאַנען צוגעדעקט מיט אַ ברעזענט אויף אַ וואָגן. נאָר ביז זי האָט זיך אויסגעקליבן, איז דער וואָגן מיט דער שוין קאַנטיק ליידיקער דייזשקע אַוועק אין באַלקע צום ברונעם אָנשעפּן פֿריש וואַסער. אַהער איז פֿון כוטאָר געפֿאָרן אַן אַנדער וואָגן, אויף וועלכן קאַטערינע טראַסקון האָט שוין געפֿירט דעם מיטיק. ריקליס האָט גלײַך אָנגעהויבן קלינגען אין עמער. באַלד האָבן זיך אָפּגעשטעלט דער קאָמבײַן, די שנײַדמאַשינעס און די דרעשמאַשין.

די קאָלווירטניצעס און קאָלווירטניקעס האָבן אָפּגעטרייסלט פֿון זיך די פּאָלאָווע און דעם שטויב, אויסגעווישט דעם געדיכטן שווייס פֿונעם פּאָנעם און זיך פֿאַרנומען הינטער דער סטערטע, וווּ קאַטערינע האָט שוין געטיילט די האַלעשקעס, איבערגעמישט מיט שטיקער שאָפֿן־פֿלייש.

נעכאַמקע האָט באַשטימט בײַ זיך גיין עסן שפּעטער, ווען די מיידלעך וועלן שוין דאָרט ניט זײַן. גלײַך נאָכמיטיק האָבן די מיידלעך זיך געקליבן גיין צום סטאַוואָק. נעכאַמקע האָט זיך אויך געוואָלט אויסבאָדן. נאָר ניט מיט אַלעמען צוזאַמען. איר האָט זיך געוואָלט בלײַבן אויף אַ צײַט אַליין.

אַלע האָבן שוין געהאַט אָפּגעגעסן און ביז ס'וועט אַ ביסל פֿאַלן די היץ זיך צוגעלייגט אויף אַ שאָ אָפּרוען אויף דער שטרוי אין דער שאָטנדיקער זײַט פֿון דער שוין הויכער סטערטע.

נעכאַמקע האָט אָפּגעגעסן די לעצטע, ווען דערבײַ איז קיינער ניט געווען, און איז אַוועק מיטן אָפּגעשניטענעם פֿעלד צו די זונרויזן. איר האָט זיך פֿאַרוואָלט ליגן דאָרט אַ ביסל אינעם שאָטן אויף דעם פֿרישן גראָז.

אינעם אָנגעגליטן סטעפּ איז געווען אומנאַטירלעך שטיל. עס האָט זיך נאָר געהערט אַ צוויטשערן פֿון צוויטערלעך, אַ דינער זשום פֿון היישעריקלעך, אַ גרילץ פֿון אַן איינציקן צירקון... די הייסע לופֿט איז אָנגעזאַפּט געווען מיט דעם געדיכט־שיקערנדיקן גערוך פֿון די פֿריש־אָפּגעשניטענע טוווּעס, פֿון די צוגעטריקנטע קאָפּיצעס, איבערגעמישט מיטן דופּטיקן אָטעם פֿון די יונגע שפּראָצונגען, וואָס האָבן זיך באַוויזן נאָכן רעגן אין די קאַנאַוועס און אויף די בערגלעך באַם וועג...

ווײַט פֿון דעם האַרמאַן זײַנען אַרומגעלאָפֿן צווישן די הויכע קאָפּיצעס פּיאָנערן. פֿאַר די קינדער, וועמעס טאַטעס זײַנען שוין איצט עפּשער געווען אין מילכאָמע־פֿײַער, איז דער זומער געבליבן אַ זומער. זיי האָבן געזוכט פֿייגל־נעסטן, נאָרעס פֿון יאָזשיקעס, געכאַפּט פֿאַרשיידנקאָלירקע באַבעלעך, זיך געיאָגט נאָך די פֿלינקע יאַשטשערקעס, נאָך די לענגלעכע היישעריקלעך מיט די דורכזיכטיקע, ווי פֿון דינסטן גלאָז, פֿליגעלעך, געקליבן פֿאַרשיידענע סטעפּ־זשוקלעך...

נעכאַמקע איז געווען שוין ניט ווײַט פֿון די הויך־צעוואָקסענע זונרויזן, וואָס האָבן מיט די גרויסע שווערע קעפּ זיך געבוקט צו דער צעפּאַליעטער זון, צעשפּרייטנדיק זייער געלבלעכן בלײַונגס־שטויב איבער דעם אַרומיקן פֿעלד.

מיטאַמאָל האָט אין דער אָנגעגליטער שטילקײַט זיך אַרײַנגעריסן אַן אַלץ אָנוואַקסנדיקער זשום. אַפֿן שליאַך הינטער די מאָהילקעס האָט זיך אויפֿגעהויבן אַ שטויב, און נעכאַמקע האָט באַלד דערזען יאָגן אַהער די באַקאַנטע מאַשין פֿון ראַיפּאַרטקאָם. נעכאַמקע איז געבליבן שטיין, ניט וויסנדיק וואָס צו טאָן: צי פֿאַרנעמען זיך צוריק אַפֿן האַרמאַן, צי באַהאַלטן זיך צווישן די זונרויזן. זי האָט ניט באַוויזן זיך אַרומצוקוקן, ווי די פֿאַרשטויבטע „עמקע" האָט מיט אַ ווינט און מיט אַ גערויש זיך דורכגעטראָגן פֿאַרבײַ מיטן וועג און פּלוצלינג, שיר ניט איבערקערנדיק זיך, האַסטיק

פארקערעוועט צוריק, זיך לײַכט א גליטש געטאָן איבער דער געלבלעכער סטערניע, געמאַכט א קרײַז, אופגעציטערט מיטן גאנצן קאָרפּוס און געבליבן שטיין. פון דער מאשין איז ארויסגעשפרונגען סעניע. ער איז געווען איבעראשט, וואָס ער האָט אזוי צופעליק געטראָפן נעכאמקען.

— זע, נעכאמקע! — האָט ער פריידיק אויסגערופן און א שמייכלענדיקער זיך געלאָזט צו איר.

נעכאמקע האָט א דערשראָקענע זיך אומגעקוקט אף דער אונטערסאָפּענדיקער „עמקע", טאָמער וועט באלד נאָך עמעץ ארויס פון דער מאשין. דאָרט איז אָבער קיינער ניט געווען. זי האָט זיך אויסגעדרייט און זיך געלאָזט גיין צוריק מיטן פעלד.

— נעכאמע... נעכאמעלע... — האָט סעניע אויסגעשריִען, — איך בין דאָך געקומען צו דיר...

— צו מיר? — זי האָט זיך אָפּגעשטעלט און אומצופרידן אים אָנגעקוקט, — פארוואָס צו מיר?

— איך... זע, וואָס איך האָב דיר געקויפט, — האָט ער רויט-ווערנדיק געזאָגט און ארויסגעשלעפּט פון קעשענע א שנירל גרויסע העל-בלויע קארעלן.

— באהאלט דיר דײַנע קארעלן... און גיי אפילע ניט צו נאָענט צו מיר... — האָט זי אופגערעגט געזאָגט.

— וואָסי... וואָסי מיט דיר... — האָט ער פארלוירן געשטאמלט.

נאָך יענער נאכט אינעם שלאקסרעגן איז וואָס ער האָט ניט געטאָן, האָט ער געפילט לעבן זיך נעכאמען, אירע הענט, אירע האָר, איר ברוסט, זי אינגאנצן... ס'האָט אים אָן אופהער געצויגן צו איר... און איצט, ווען איוואשטשענקאָ האָט זיך פארהאלטן אין קאָוואלעווסק, האָט ער, אפילע ניט פרעגנדיק בא אים, זיך צוגעכאפּט אף דער „עמקע" אהער, כאָטש א קוק טאָן אף איר, און זי...

— נעכאמעלע, — האָט ער שטיל געזאָגט, — איך קאָן ניט אָן דיר... איך וועל זיך בעטן צו אײַך אין קאָלווירט... איך האָב זיך שוין עטלעכע מאָל שיר ניט איבערגעקערט מיט דער מאשין... איך קאָן ניט אזוי... איך מוז דיך זען... איך וועל גיין פאר א טראַקטאָריסט צו אײַך...

סעניע איז געווען איצט זייער שיין, שענער נאָך, ווי זי האָט אים פארגעדענקט פון די שולקארן. די ווייכע בלאָנדע האָר זײַנע צעשויבערט אים געפאלן איבערן שטערן און זיך געבעטן, אז זי זאָל זיי אָנרירן. נעכאמקע האָט זיך באגעגנט מיט זײַן אומבאהאלפענעם און גלײַכצײַטיק הייסן בליק, דערשראָקן זיך מיטאמאָל פאר עפּעס און זיך געלאָזט גיין מיט דער סטערניע צום הארמאָן.

— נעכאמע, ווארט צו, — איז סעניע אוועק נאָך איר.

— וואָס גייסטו מיר נאָך? — האָט זי אויסגערופן און גענומען גיין נאָך גיכער.

— ווארט צו... שטיי א ווײַלע, — האָט ער זיך געבעטן.

— איך וויל ניט שטיין מיט דיר...

— פארוואָס?

— אָן א פארוואָס...

סעניע האָט ניט אָנגעהויבן צו פארשטיין, וואָס קומט פאָר מיט איר. אָט ערשט מיט עטלעכע טעג צוריק זײַנען זיי דאָך געזעסן צוזאמען אונטער דער סטערטע, ער האָט זי ארומגענומען, געקושט... און איצט רעדט זי מיט אים, ווי אינגאנצן א פרעמדע...

— נעכאמע... וואָס איז מיט דיר?.. פארוואָס ביסטו אין קאס אף מיר?.. — ער איז איר פארלאָפן דעם וועג און ניט געלאָזט גיין ווײַטער.

נעכאמקע האָט ניט געוווּסט, וואָס אים צו זאָגן. וועגן דעם, וואָס זי האָט איבערגעלעבט פאר די טעג, האָט זי ניט געקאָנט און ניט געוואָלט דערציילן.

— וואָס האָסטו זיך צוגעטשעפּעט צו מיר? — האָט זי מיט הארץ געזאָגט, און, אליין ניט באמערקנדיק, פאריכט דאָס טיכל אפן קאָפּ, — כ'האָב דאָך צוליב דיר זיך אפילע ניט אָפּגערוט און אָט שטעלט מען זיך שוין ווידער צו דער ארבעט.

— איז וועל איך קומען אין אָוונט.

— וווהין וועסטו קומען? — האָט נעכאמקע פארכידעשט אים אָנגעקוקט.

— אהער... אָט דאָ וועל איך ווארטן אף דיר...

— טראַכט אפילע ניט...

— איך בעט דיך, נעכאמעלע...

— בעט ניט... ניין, ניין... דו הערסט?..

— און איך וועל סײַווי קומען... איך וועל אָט דאָ שטיין א גאנצע נאכט און ווארטן אף דיר...

— ניין, ניין... איך וועל ניט ארויס צו דיר, — האָט זי אויסגעשריִען און, צוהאלטנדיק מיט איין האנט דעם צאָפּ, זיך געלאָזט לויפן.

נעכאמקע איז געקומען אפן הארמאן פונקט ווען מע האָט ווידער געלאָזט די דרעשמאשין. זי איז געשווינד ארופגעקראָכן אין דער הייך אפן הייסן בריקל, בעסער פארבונדן דאָס פּאַנעם און אָנגעהויבן אָרודעווען מיט דער ווילע. דאָך האָט זי זיך ניט געקאָנט אײַנהאלטן און אין א ווײַלע ארום אומגעקוקט זיך צו די זונרויזן. סעניע איז שוין דאָרט ניט געווען.

באגלײַך מיט דער דרעשמאשין האָבן אָנגעהויבן ארבעטן דער קאָמבײַן און די שנײַדמאַשינעס, אָנפילנדיק ווידער דעם סטעפּ מיט א גערויש.

טומלדיק איז געווען בא דער קופּע ווייץ.

אף די פארשפרייטע ברעזענטן האָט מען איבערגעווייעט אף עטלעכע פּוך־מילן די צוגעטריקנטע טווע און גלײַכצײַטיק געשאָטן דעם ריינעם ווייץ אין זעק. די פּיאָנערן האָבן אויך דאָ געהאָלפן. זיי האָבן צוגעהאלטן די ליידיקע זעקלעך באם אָנפילן זיי, דערלאנגט דעם שפּאגאט, צוגעקערט דעם טויק.

די פולע זעקלעך ווייץ האָט מען געלייגט אף דער גרויסער וואָג און נאָכדעם שוין אָנגעלאָדן אף די וועגענער, וואָס זײַנען איינער נאָכן אנדערן צוגעפאָרן אהער.

די וועגענער זײַנען געווען באפוצט מיט רויטע פענדלעך, בא די פערד אין די גריוועס זײַנען געווען אײַנגעפלאָכטן פארשיידנקאָלירקע שמאָלינקע סטענגעס. אפן ערשטן וואָגן איז אף צוויי דרענגלעך געווען אָנגעצויגן א רויטער לײַוונט, אף וועלכן ס'איז מיט ווײַסע אויסיִעס געווען אָנגעשריבן: „אונדזער מאַטאַנע דעם פראָנט!“

כאָנציע דער קאָלווירט־פאָרזיצער איז ארומגעלאָפן א פארהאָוועטער, מע האָט אויסגעריכט די ערשטע ברויט־וואָלקע.

צען הויך־אָנגעלאָדענע וועגענער זײַנען שוין געשטאַנען אפן וועג און געוואַרט אף די איבעריקע. אף די פולע זעק זײַנען געזעסן די אָנטרײַבער. מיינסטנס זײַנען עס געווען סאָלדאַטקעס, פון צײַט צו צײַט האָט זיך בא זיי ארויסגעכאַפּט א זיפץ. אף צוויי פורן האָבן געהאלטן די לייצעס אין די הענט יינגלעך פון עלטערע קלאסן, צופרידענע פון דעם קאָוועד, וואָס מע האָט זיי אָנגעטאָן. אף איין וואָגן איז אין א צעדריבלטן שטרויענעם הוט געזעסן ריקליס מיט אן אראָפּגעלאָזטן קאָפּ און געדרעמלט.

כאָנציע, א ווײַסער ווי א טויב, האָט זאָרגזאם באטראַכט, צי די פערד זײַנען גוט געשפּאַנט, באזונדערס אין די וועגענער, וווּ עס האָבן אָנגעטריבן די יינגלעך, צי זײַנען אָנגעשמירט די רעדער, צי זײַנען ווי ס'דאַרף צו זײַן צוגעפעלייגט די זעק. אלץ איז געווען אין פולער אָרדענונג. די וועגענער זײַנען געווען צוגעפוצט און ריין ארומגעוואַשן, און נאָר דער נײַער גרינגעפארבטער וואָגן, אף וועלכן ריקליס האָט געדרעמלט, איז געווען ארום און ארום פארשפּריצט מיט צוגעטריקנטער בלאָטע.

— היי, ריקליס, — האָט כאָנציע, אײַנהאלטנדיק די אופגערעגטקײַט, א געשריי געטאָן.

— א?.. רופסט מיך?.. — האָט ריקליס צעטומלט אופגעהויבן דעם קאָפּ.

— זאָג מיר נאָר, — האָט כאָנציע בייז א קוק געטאָן אף אים מיט דעם איין־איינציקן אויג, — אָט אף אזא וואָגן קלײַבסטו זיך פירן דאָס ברויט?..

— וואָסי? — האָט ריקליס זיך אופגעפודלט.

— קריך אראָפּ פון וואָגן און גיב א קוק.

— וואָסי... זאָג...

— גיב א קוק אליין, מיט די אייגענע אויגן.

ריקליס איז אָן כיישעק אראָפּ און, פויל קראַצנדיק זיך אונטער דער פאכווע, באטראכט דעם וואָגן.

— כ'ווייס ניט, וואָס דו ווילסט... וואָס דו טשעפּעסט זיך שטענדיק צו מיר, — האָט ער אומצופרידן געבורטשעט, — כ'הייב ניט אָן צו פארשטיין, וואָס געפעלט דיר דאָ ניט? וואָס, די רעדער שטייען ניט אפן אָרט, דער דישל איז אין א זײַט?..

— און דאָס, וואָס דער וואָגן איז פארליאַפּעט מיט בלאָטע, ארט דיך ניט?.. שעמסט זיך ניט פאָרן אזוי?.. וואָס וועלן מענטשן זאָגן, א?

ריקליס האָט עפּעס א בורטשע געטאָן, גענומען דעם עמער און, שלעפּנדיק פויל די פיס, אוועק צו דער דייזשקע נאָך וואסער.

אין א ווײַלע ארום האָבן די שווער אָנגעלאָדענע וועגענער, אונטערסקריפּענדיק, זיך פארנומען איינער נאָכן אנדערן אף דעם גוט־אויסגעפאָרענעם הולײַפּאָליער שליאך. נעכאמקע האָט פון דער דרעשמאשין געזען, ווי די ערשטע ברויט־וואָלקע דערווײַטערט זיך אלץ מער און מער. עפּעס האָט זיך איר פארוואָלט זינגען, זי האָט אָבער באלד א טראכט געטאָן וועגן וואָווען און איז זטיל געבליבן.

ניט נאָר נעכאַמקע האָט זיך ניט פאַרגונען זינגען איצט. קיינער. קימאַט יעדערער פון די בוריאַנאָוווקער האָט שוין געהאַט עמעצן אַף דער מילכאָמע — און מע האָט איצט, אין אָט דער סאַמע פריילעכער צײַט פון שניט, ווען דער סטעפּ פלעגט געוויינלעך פול זײַן מיט געזאַנג, אינגאַנצן ניט געהערט קיין לידער.

אַפילע די מיידלעך האָבן איצט ניט געזונגען. מע האָט אַלץ פאַרזאָרגט גערעדט וועגן די סוואָדקעס און ווידעראַמאָל איבערדערציילט, וואָס מע שרײַבט פונעם פראָנט.

אין אָנגעשטרענגטער אַרבעט איז קימאַט ווי אומבאַמערקט אַדורך די אַנדערע העלפט טאָג. דאָס אָפּגעשניטענע ווייץ־פעלד איז געוואָרן אַלץ גרעסער און דער קאָמבײַן מיט די שנײַדמאַשינעס האָבן זיך דערווײַטערט אַלץ מער צום האָריזאָנט.

די זון האָט זיך געגומען זעצן נידעריקער און נידעריקער, אָנצינדנדיק אין פלאַמיקן פורפור דעם ברעג הימל און די אַרומיקע פעלדער. אַ צונטער־רויטע, אַן אומגעוויינלעך גרויסע, איז די זון ניט געײַלט פאַרשווונדן הינטער די גאָר ווײַטע באַגילדעטע קאָפּיצעס.

דער מײַרעווודיקער הימל־ראַנד, וואָס האָט אָקאָרשט געפלאַקערט, ווי אין אַ העלישער סרייפע, האָט צוביסלעך זיך אָנגעהויבן לעשן. אַף די קאָפּיצעס, אַף דער סטערניע און אַף די נאָך ניט אָפּגעשניטענע פעלדער האָבן שטיל און אומבאַמערקט זיך אויסגעלאָשן די לעצטע גאָלדפלעקן און די לופט האָט אָנגעהויבן פאַרפולט ווערן מיט דורכזיכטיקער פרישער בלויקײַט. שפּעטער האָט אָפן זייער קלאָרן הימל זיך אַרויסגעשניטן די יונגע לעוואָנע, און דער אַרומיקער סטעפּ, דער האַרמאַן, דער קאָמבײַן, די שנײַדמאַשינעס זײַנען באַגאָסן געוואָרן מיט קלאָרער ווײַסקײַט.

ס'איז שוין לאַנג צײַט געווען אָפּשטעלן די דרעשמאַשין, נאָר די קאָלווירטניקעס האָט זיך געוואָלט אָפּדרעשן כאָטש נאָך עטלעכע האַרבעס.

שפּעט אין אָוונט, ווען מע האָט פאַרענדיקט די אַרבעט און אַלע האָבן זיך געלייגט שלאָפן אַף דער שטרוי, איז נעכאַמקע איינע אַליין אומבאַמערקט אַוועק צום סטאַוואָק זיך אויסבאָדן.

לעבן סטאַוואָק איז קיינער ניט געווען. זי האָט זיך אויסגעטאָן, אַרומגעבונדן די האָר, אַז זיי זאָלן ניט פאַרנעצט ווערן, און אַ נאַקעטע אַרײַנגעלאָפן ביזן האַלדז אין שטילן וואַסער. דאָס וואַסער איז געווען קילבלעך. נעכאַמקע האָט דערפילט אַ כיִעסדיקע פרישקײַט אין אַלע גלידער. באָכן שלאַקסרעגן איז דער סטאַוואָק געוואָרן פולער. דאָס וואַסער האָט דערגרייכט קימאַט ביז איבער דער הויך־אָנגעשאָטענער הרעבליע און אָפּגעשפּיגלט אין זיך די יונגע לעוואָנע. נעכאַמקע איז זייער לײַכט געשווומען, פאַנאַנדערטרײַבנדיק אַרום זיך כוואַליעס, אין וועלכע ס'האָבן אונטערגעטאַנצט און זיך איבערגעגאָסן פלעקן פון לעוואָנע־שײַן.

זי איז געווען שוין לעבן דעם גרין־באַזילבערטן אָטשערעט, ווען זי האָט דערזען אַף דער הרעבליע עמעצן גיין. יאָ, דאָס איז געווען סעניע. פאַרטײַענדיק דעם אָטעם, האָט נעכאַמקע זיך ניט גערירט פון אָרט, קעדיי ער זאָל זי ניט באַמערקן. סעניע איז גיך דורכגעגאַנגען די הרעבליע און אַראָפּגעלאָפן אָפן נידעריקן ברעג.

„אוי, ער וויל זיך דאָ באָדן, — באַ נעכאַמקען איז פאַרקילט געוואָרן דאָס האַרץ, — ווו וועט זי זיך דעמלט אַהינטאָן?“

סעניע איז געבליבן שטיין ניט ווײַט פון אירע זאַכן, וואָס זײַנען געלעגן אָפן צוגעטאָפּטשעטן נידעריקן גראָז. זי האָט מוירע געהאַט, אַז ער זאָל זיי ניט דערזען. „געדאַרפט זיך אויסטאָן ווײַטער פון דער הרעבליע, — האָט זי פאַרביסן די ליפּן, — גיי ריכט זיך“...

נעכאַמקע האָט ניט געוואַגט זיך אומקוקן אַהין. עפּשער טוט ער זיך שוין אויס. ער ווייסט דאָך ניט, אַז עמעצער איז דאָ פאַראַן. ס'איז איר שווער געוואָרן צו עטעמען. זי האָט דערפילט, אַז זי קאָן מער זיך ניט האַלטן אָפן וואַסער. אָט־אָט ציט עס זי אַראָפּ. נאָר אין דער זעלבער מינוט האָט זי דערהערט טריט. נעכאַמקע האָט פאָרזיכטיק זיך אומגעקוקט און דערזען, אַז סעניע האָט זיך געלאָזט גיין מיטן ווײַסלעכן וועג צו די זונרויזן.

ווען סעניע איז פאַרשווונדן אין דער סטעפּ־בלויקײַט, איז נעכאַמקע שטיל אַרויס פון סטאַוואָק און אַוועקגעלאָפן צו אירע זאַכן. איר שטײַפער קלאָר־ווײַסער קערפּער האָט געגלאַנצט אַנטקעגן דער לעוואָנע, וואָס האָט געקוקט גלײַך אַף איר, אַף איר נאַקעטקײַט. נעכאַמקע האָט זיך גיך אָנגעטאָן און איז אַוועק. איר האָט מיטאַמאָל זיך פאַרוואָלט דעריאָגן סעניען און זאָגן אים, אַז ער זאָל ניט גיין צו די זונרויזן, ער זאָל ניט וואַרטן אַף איר. צוליב וואָס זאָל ער זיך דאָרט אַרומדרייען איינער אַליין באַנאַכט... און וואָס וואָלט אשטייגער געווען, זי זאָל אַרויסגיין צו אים אַף אַ ווײַלע. ער איז דאָך געקומען צופוס אַזש פון קאָוואַלעווסק צוליב איר... ער איז דאָך איר שול־כאַווער... איז וואָס, אַז ער האָט זי ליב?.. דעריבער דאַרף זי זײַן אין קאַס אַף אים און טאָן אים שלעכטס? ניין, ניין... ער וויל וואַרטן, זאָל ער וואַרטן... זי האָט דאָך אים געזאָגט, אַז ער זאָל ניט קומען, געזאָגט, אַז זי וועט ניט אַרויסגיין צו אים.

אן אופגערודערטע פון די אלע אומקלאָרע געפילן, האָט נעכאַמקע מיט אײַנגעשפּאַרטקײַט, ווי זי וואָלט געגאַנגען קעגן א כוואַליע, וואָס האָט זי געצויגן אָפּ צוריק, פאַרנומען זיך אָפּן הארמאַן.

„טראַכט אפילע ניט, — האָט זי גערעדט צו זיך אליין, — איך האָב אים געזאָגט, ער זאָל ניט קומען... און ווײַטער איז זײַן זאַך". זי איז אוועק צו דער סטערטע, ארופגעקראָכן אָף דער פריש־אויסגעדראָשענער שטרוי און, פאַרוקנדיק דאָס קליידל צווישן די קני, זיך צוגעלייגט. די ניט אײַנגעטאָפּטשעטע שטרוי האָט אונטער דער לאַסט פון איר קערפּער זיך אראָפּגעזעצט. די ווייצן־שטרוי, וואָס האָט אײַנגעהיט אין זיך די וואַרעמקײַט פון דער זון און דאָס גערוך פון פּאָלאָווע, האָט ארומגענומען נעכאַמקען פון אלע זײַטן. נעכאַמקע האָט דערפילט א מידקײַט.

ארום אין באַנאַכטיקן סטעפּ איז געווען רויִק. עס האָט זיך נאָר פון מאָל צו מאָל געהערט, ווי ערגעץ צווישן די קאָפּיצעס האָט געקוקעט א קוקו, ווי די געפענטעטע פערד, וואָס האָבן זיך געפּאַשעט דערבײַ אָף דער אָפּגעשניטענער היי־לאָנקע, האָבן געפּאָרשקעט מיט די נאָזלעכער און געשמיסן מיט די עקן. פון די זײַטיקע דאָרפישע וועגן, וואָס האָבן זיך געשלענגלט אין די באַלקעס און אָף די בערגלעך, האָט זיך דערטראָגן אהער א ווײַט־פאַרטויבט טראַכקען פון שווער־אָנגעלאָדענע וועגענער. די קאָלווירטן האָבן באַטאָג און באַנאַכט געפירט דאָס ערשטע אויסגעדראָשענע ברויט צום עלעוואַטאָר.

נעכאַמקע האָט דערשפּירט, אז די לעוואָנע קוקט איר גלײַך אין פּאָנעם ארײַן. זי האָט עט־וואָס פאַנאַנדערגעפירט די ווִיעס. דער הימל איז איבער איר געווען זייער הויך, די צעשויבערטע שטרוי — באַזילבערט. ס'איז איר אן אוויירע געווען צו שלאָפן אין אזא וווּנדערלעך־שיינער נאַכט.

ערגעץ דערבײַ, פון דער שטרוי האָט זיך דערטראָגן א קרעכץ. ס'איז, דוכט זיך, וואָוועס מאַמע. קאָנטיק, אז זי שלאָפט ניט. אזוי זיך אָנגעהאָרעוועט און קאָן ניט אנשלאָפן ווערן...

נעכאַמקע האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פּאָנעם אראָפּ, זיך טיפער אײַנגעגראָבן אין דער שטרוי און צוגעמאַכט די אויגן.

וואָוועס מאַמע האָט ווידעראַמאָל א קרעכץ געטאָן, נאָר נעכאַמקע האָט שוין מער גאָרנישט ניט געהערט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...נעכאַמקע שטייט אין קווייטלדיקן סאַראַפאַן מיט די נאַקעטע הענט בא זיך אין הויף לעבן ברונעם און שלעפּט פון דאָרט א פולן עמער מיט ריינעם ווייץ. מיטאַמאָל האָט אָפּן עק כוטאָר זיך באַוויזן א קאָמבײַן.

דער קאָמבײַן יאָגט זיך גיך אראָפּ גאַס און ווערט פלוצלינג פאַרוואַנדלט אין א גרוי־גרינעם טאַנק. דער טאַנק פאַרקערעוועט אין הויף און עס שפּרינגט פון אים ארויס וואָווע. די ברוסט איז בא אים באַהאַנגען מיט מעדאַלן. די לינקע האַנט פאַרבאַנדאַזשירט. זי כאַפּט אים ארום באַם האַלדז, טוליעט זיך צו אים און קושט אים.

— זע, וואָס איך האָב דיר געבראַכט, — זאָגט ער און דערלאַנגט איר א שנירל אָנגעסילעט מיט פינקלענדיקע טראָפּנס טוי.

זי נעמט מיט די שפּיצפינגער פאָרזיכטיק די קאָרעלן, די טראָפּנס טוי צאַפּלען זיך אָפּן זילבערנעם שנירעלע, זי וויל עס אָנטאָן אָפּן האַלדז, נאָר מיטאַמאָל דערמאָנט זי זיך אין סעניען, אין דער נאַכט בייס דעם שטורעם, דערשרעקט זיך און ווייסט ניט, ווו זיך אהינצוטאָן.

— טו אָן, — זאָגט ער און קוקט מיט ליבשאַפט אָף איר.

— שפּעטער, — זאָגט זי און ווערט רויט.

— די קאָרעלן דאַרף מען אָנטאָן גלײַך אָפּן האַלדז, דעמלט לעבן זיי... — זאָגט וואָווע. — אויב ניט, טריקענען זיי אויס.

זי ווייסט ניט, פאַרוואָס, נאָר זי איז זיכער, אז אָפּן האַלדז איז בא איר א סיניאַק. זי פילט ווי ס'ציטערט איר דאָס לײַב. זי וויל אים עפּעס זאָגן און קאָן ניט. די טראָפּנס טוי, זעט זי, הייבן זיך שוין אָן אָפּטיילן פון שנירל. וואָס זאָל זי טאָן? עס שרעקט זי איצט איינס — ער זאָל אָף איר גאָרנישט ניט באַמערקן.

— וואָסי מיט דיר, נעכאַמעלע, — גלעט ער איר צאַרט די האָר.

זי ווייסט ניט וואָס צו ענטפערן. זי וויל אים ניט נאַרן און קאָן אים ניט זאָגן דעם עמעס.

— וואָס איז בא דיר דער האַלדז פאַרבונדן? — גיט ער מיטאַמאָל א פרעג.

— ס'איז גאָרניט, וואָווע... פאַרוואָס האָסטו מיך איבערגעלאָזט אליין?.. איך האָב דאָך אזוי געבענקט, אזוי געוואַרט אָף דיר... — טײַנעט זי.

— נעם אראָפּ דאָס טיכעלע פון האַלדז, — בעט ער זי שטיל.

— איך קאָן ניט, — ענטפערט זי.

— פאַרוואָס? — פרעגט ער, ניט פאַרשטייענדיק גאַרניט, — לאָז, וועל איך אָפּבינדן.
— ניין, ניין, וואָוועו... מע דאַרף ניט, — שרײַט זי אויס, און אין די אויגן שטעלן זיך באַ איר טרערן.
— פאַרוואָס דאַרף מען ניט? — פאַרשטייט ער אַלץ ניט.
זי בייגט זיך אָן און וויל אַנטלויפן פון אים, נאָר ער שטרעקט אויס די האַנט, רײַסט אַראָפּ דאָס טיכעלע און ווערט שטאַרק בלייך.
— וואָס איז דאָס באַ דיר אויפן האַלדז? — פרעגט ער, קוים איבערכאַפּנדיק דעם אָטעם, און די אויגן זײַנע קוקן אויף איר צעטומלט־דערשראָקן.
זי שווײַגט. זי קען אים גאָרנישט ניט זאָגן.
— ווי קאָן עס זײַן. דו, נעכאַמעלע מײַנס... דו?.. — טײַנעט ער מיט שרעקלעכן ווייטעק. — האָסט ניט געוואָרט אויף מיר?..
— איך בין ניט שולדיק, וואָוועו... — זי פילט, ווי אָט רײַסט זיך באַ איר אויף דאָס האַרץ, — איך האָב געוואָרט... איך האָב ליב נאָר דיך...
— וואָס זשע ביסטו געגאַנגען מיט אַ צווייטן הינטער דער סטערטע, — ציטערט באַ אים די שטים פון ביטערער באַליידיקונג.
— וואָס זשע האָב איך געזאָלט טאָן, — פאַרענטפערט זי זיך, — ס'האָט דאָך אונדז פאַרכאַפּט אַ גוס־רעגן... ס'האָט שרעקלעך געדונערט...
— און איך בין דעמלט פונקט געווען אין שלאַכט. אַרום מיר האָבן זיך געריסן סנאַריאַדן...
— רייד ניט אַזוי, — בעט זי זיך באַ אים.
— איך בין דעמלט פונקט אָפּגעגאַנגען מיט בלוט און געפירט דעם טאַנק אין פײַער...
— וואָוועו... מע דאַרף ניט... — טײַנעט זי.
— און דו האָסט זיך דעמלט פונקט געוואַלגערט מיט אים הינטער דער סטערטע, דעמלט ווען איך האָב געשריִען פון ווייטעק...
— הער אויף, וואָוועו... הער אויף, — כליפּעט זי.
— אין פראָנט וויל ער ניט גיין. וואַרט ער איצט אויף דיר לעבן די זונרויזן... איך וועל זיך באַלד אָפּרעכענען מיט אים פאַר דיר...
וואָוועו לאָזט זיך לויפן. נעכאַמקע כאַפּט אים אָן פאַר דער פאַרוווּנדעטער האַנט, קלאַמערט זיך אײַן אין אים. ער גיט זי אַ שטופּ אָפּ און זי פאַלט אום, ציט זיך אויס אויף דער ערד, וויינט און שרײַט ניט מיט איר קאָל, אָט ווערט זי דערשטיקט...
וואָוועס מאַמע האָט דערהערט נעכאַמקעס געוויין, זיך דערקליבן צו נעכאַמקען אויף דער שטרוי און אָנגעהויבן זי וועקן.
— נעכאַמע... נעכאַמעלע... — האָט זאַהאַטיכע זי געטרייסלט פאַר די דינע אַקסל, — כאַפּ זיך אויף, נעכאַמעלע...
נעכאַמקע האָט, שווער אָטעמענדיק, זיך אויפגעזעצט, ברייט פאַנאַנדערגעעפנט די אויגן, צעטומלט זיך אַרומגעקוקט, ווי זי וואָלט ניט פאַרשטיין, ווו זי איז, אַ שאַר געטאָן מיט דער האַנט איבערן האַלדז. דערזען פאַר זיך וואָוועס מאַמע, האָט זי מיט ביידע הענט זי אַרומגעכאַפּט, זיך צוגעטוליעט צו איר און זיך צעוויינט.
זאַהאַטיכע האָט זי אַרומגענומען און שטיל קרעכצנדיק צוגעלייגט זיך לעבן איר...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

לאַנג זײַנען די טעג אין הייסן כוידעש יול. קורץ זײַנען דעמלט די נעכט. די קאַלווירטניקעס האָבן אין זיסן שלאָף זיך געהאַט ערשט איבערגעדרייט אויף דער צווייטער זײַט, ווי ס'האָט שוין גענומען גרויען אויף טאָג.
אַלץ אַרום — די סטערטע, די האַרבעס, די סטאַרניע — איז באַדעקט געוואָרן מיט אַ דורכזיכטיק־קלאָרן קילבלעכן טוי.
דער מיזרעכדיקער הימל־ראַנד האָט אָנגעהויבן צוביסלעך פאַרגאָסן ווערן מיט ראָזקײַט, און נאָך איידער די יונגע לעוואָנע האָט באַוויזן פאַרשווינדן פונעם אויסגעבלייכטן הימל, האָט פון הינטער די פּריש־באַגילדעטע באַשטאַנען זיך שוין גענומען אויספּיקן די נאָך קילבלעכע, געלרויטע זון.
די פעלדער, באַפאַרבט מיט דער ראָזקײַט, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אויף זיי פונעם ראַנד הימל, האָבן אָנגעהויבן אויפוואַכן.
אויפן סטעפּ איז איצט געווען שטיל, ווי שטענדיק אין אַ זומערדיקן פאַרטאָג. נאָר באַלד איז די קאַיאַריקע שטילקײַט פול געוואָרן מיט רוישיקן, לעבעדיקן טומל. עס האָבן זיך אויפגעכאַפּט די קאָלווירטניקעס, גענומען זיך וואַשן, פרישטיקן. קאַטערינע האָט געטיילט שטיקער ברינדזע

מיט ברויט און הייסן מילך, מע האָט צוגעראַמט דעם הארמאַן, דורכגעקוקט די זיפּן, אונטערגע־צויגן, ווו מע דאַרף, א הײַקע... און ווען די זון האָט זיך עטוואָס אופגעהויבן איבערן באַשטאָן, האָט דער קאָמבײַן מיט א הודערײַ זיך ווידער אַרײַנגעשניטן אינעם הויכן ווייץ. אַרוף באַרג האָבן אָנגעהויבן דרייען מיט די פליגל און גראַגערן די שנײַדמאַשינעס. נעכאַמקע איז שוין ווידער געשטאַנען אַף דער אונטערטרייסלענדיקער דרעשמאַשין און גיך־גיך דערלאַנגט מיט דער ווילע די זאַנגען צום באַראַבאַן...

## קאַפּיטל זעקס

שוין דעם פינפטן מעסלעס, ווי אַלעקסיי איוואַנאָוויטש אָרעשין גייט מיטן געדיכטן וואַלד אַף מיזרעך. פון קאַיאַר ביז שפּעט אין דער נאַכט פאַרגינט ער זיך ניט צוזעצן, כאָטש ער איז זייער שוואַך. בעשאַס די אופרײַס־כוואַליע האָט אים פאַרשלײַדערט פונעם טראַקט אין דערבײַיִקן קאַרן, איז פאַרפאַלן געוואָרן דאָס טאָרבעלע מיט דעם גאַנצן פאַרמעגן זײַנעם — דער פײַקע ברויט, צוויי שטיקלעך צוקער און עטלעכע טאַראַנקעס, וואָס ער האָט באַקומען, ווען מע האָט אים אַרויסגעפירט פון דער מינסקער טורמע. געגעסן האָט ער בלויז די שוואַרצע זויערלעכע יאַגעדעס, וועלכע ער האָט צונויפגעקליבן צווישן די ביימער. דער הונגער האָט אים פון טאָג צו טאָג אַלץ מער געפּײַניקט, אָבער נאָך מער האָט אים געפּײַניקט דער געדאַנק, וואָס ער ווייסט ניט, ווו ער געפינט זיך און וויפל ער דאַרף נאָך גיין, קעדיי דערקלײַבן זיך צו דער פראָנט־ליניע, צו דער רויטער אַרמיי.

די ערשטע פּאָר טעג האָט אַמאָל גאָר נאָענט און אַמאָל פון ווײַט, פּאַרטויבט, געהילכט פון דאָרעם־מיזרעך א קאַנאָנאַדע פון האַרמאַטן, און ער האָט אומגעפּער זיך פאַרגעשטעלט, ווו עס גייט די שלאַכט. אַפן דריטן טאָג האָט ער שוין מער קיין שיסערײַ ניט געהערט, ווײַזט אויס, דער פראָנט האָט זיך איבערגערוקט ערגעץ ווײַט פונדאַנען. פון צײַט צו צײַט האָבן איבערן שאָסיי, וואָס האָט זיך געצויגן לינקס פון וואַלד, געררוישט און געררודערט טאַנקען, מאַשינעס, מאָטאָציקלען. ער האָט געטראַכט: זײַנען דאָס אונדזערע אָפּטרעטנדיקע טיילן אָדער די דײַטשן? וואָס קומט דאָ פּאָר?..

באַמבאַרדירער מיט שוואַרצע האַקנקרייצן אַף די פליגלען האָבן צוויי מאָל א טאָג, אין איין און דער זעלבער צײַט, גאַנצפרי און פאַרנאַכט, מיט א ראַש זיך דורכגעטראָגן נידעריק איבערן וואַלד. נאָר קיין איין סאָוועטישער פאַרניכטלער האָט אין הימל זיך ניט געוויזן. אַלעקסיי האָט ניט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, וואָס איז געשען, ווו זײַנען אונדזערע? ער איז אָבער אײַנגעשפּאַרט געגאַנגען פּאָרויס און פּאָרויס, צווישן דעם געדיכטן ביימער־געפלעכט, געקלעטערט איבער אומגעוואַלגערטע אַלטע שטאַמען, אויסגעמיטן זומפּן... די האָפענונג, אַז ער וועט סאָפּקאַלסאָף זיך דערקלײַבן צו דער רויטער אַרמיי, האָט אים צוגעגעבן מוט. נאָר דעם מויעך האָט ניט אופּ־געהערט צו עגבערן דער געדאַנק: וואָס וועט ער זאָגן, אַז ער וועט שוין קומען צום ציל? דער־ציילן דעם גאַנצן עמעס? ווער וועט אים גלייבן? מיט וואָס קאָן ער דערווײַזן? ער האָט דאָך בײַ זיך קיינע דאָקומענטן ניט. ער וועט אַרויסרופן נאָר א פאַרדאַכט, באַזונדערס איצט, מילכאָמע־צײַט, אַף די פאָדערשטע פּאָזיציעס... פאַרשטייט זיך, אַז מע קאָן זיך פאַרבינדן, לאָמיר זאָגן, מיט טשיטאַ, פעסטשטעלן, אַז ער איז ווירקלעך פון אָכצעטן ביזן זיבן און דרײַסיקסטן, ביזן אַרעסט, געווען א מיטגליד פון דער פּאַרטיי, אַז ער האָט אָנטיילגענומען אין בירגערקריג, זיך געשלאָגן קעגן קאָל־טשאַקן, דעניקינען, מאַכנאָ און באַלוינט געוואָרן מיט אָן אָרדען, אַז ער איז אַן אינזשעניער־פּאָל־קאָווניק... ווער וועט אָבער באַשטעטיקן, אַז מע האָט אים רעפּרעסירט אָן א שולד? מיט וואָס וועט ער דערווײַזן, אַז נאָך דעם, ווי מע האָט אים אַרויסגעפירט פון מינסקער טורמע, איז אַלץ פּאָרגע־קומען אַזוי, ווי ער דערציילט. ניין, קיינער וועט אים אַוודע ניט גלייבן, מע וועט אים גלײַך איבערגעבן אין קריגס־טריבונאַל, ווי א פאַרדעכטיקע פּערזאָן. און וואָס וועט דעמלט זײַן? אין בעסטן פאַל וועט מען אים אָפּשיקן צוריק אַף קאָלימאַ. ניין, דערציילן איצט דעם עמעס טאָר ער ניט... שפּעטער, ווען ער וועט זיך שוין האָבן באַטייליקט אין שלאַכטן... דעמלט וועט עס אַלץ אויסזען אַנדערש... נו, און איצט?.. וואָס טוט מען איצט? מע וועט דאָך פרעגן אים, ווער ער איז, פונוואַנען? ניט זאָגן דעם עמעס איז אים לויט דער נאַטור געווען זייער שווער.

ער האָט אָבער קיין אַנדער ברייערע ניט. וואָס איז דער אומגליק, אַז ער וועט דערווײַל ניט דערציילן אַלץ וועגן זיך? וועמען קאָן עס שאַדן ברענגען? ער וועט גיין אין סאַמע פײַער, ער איז גרייט אויספילן דאָס געפערלעכסטע, און אויב מע וועט דאַרפן, אָפּגעבן דאָס לעבן. שרעקלעך איז אומקומען, ווען מע ווייסט ניט, פּאַר וואָס... און אויב ער וועט דאָך בלײַבן לעבן, וועט ער אין דער געהעריקער צײַט אַליין זיך מעלדן אין טריבונאַל... ער האָט זיך געסטאַרעט באַרויקן, נאָר פונדעסטוועגן האָט אים עפּעס געטאָטשעט, און ער האָט געהאַט דאָס געפיל, ווי ער וואָלט זיך געקליבן באַגיין א פאַרברעכן...

פּלוצעם האָט אים אזש פאַרקוועטשט באַם האַרצן, אַזוי שטאַרק האָט זיך אים פאַרוואָלט רייכערן. ווען ער פאַרציט זיך גוט, האָט זיך אים געדוכט, וואָלט אים עפּשער גרינגער געוואָרן.

אין קעשענע פון בושלאַט האָט ער אָנגעטאַפּט דאָס קעסטעלע שוועבעלעך, וועלכע דער בלאָנדער רויטאַרמייער האָט אים געגעבן אין „סטאָליפּין־וואַגאָן". עטלעכע שוועבעלעך האָבן זיך פאַרהיט. ווען ער האָט אַ פּיצל פּאַפּיר, וואָלט ער פאַרדרייט אַ ציגאַרעט, כאָטש פון צוגעטריקנטן מאָך. ער האָט געריסן בלעטער פון בערעזעס, געקײַט זיי, אײַנגעזויגן די ביטערקײַט און געגאַנגען, געגאַנגען אָן אָפּרו, ביז ס'איז צוגעפאַלן די נאַכט. ווען עס באַווײַזט זיך די לעוואָנע, וואָלט ער געגאַנגען נאָך ווײַטער, נאָר די לעוואָנע האָט זיך באַהאַלטן הינטער שווערע כמאַרעס. אַלעקסיי האָט אויסגעשפּרייט אונטער אַ יאָדלע דעם בושלאַט, זיך אויסגעצויגן און באַלד דערפילט, ווי מיד ער איז. די פיס האָבן געבראָכן, די פּיאַטעס האָבן געברענט, דאָך האָט ער די שיך ניט אויסגעטאָן: ס'איז אים פּאַשעט שווער געווען זיך צוריק אָנצוטאָן. ער האָט אַ ווײַלע זיך צוגעהערט צום באַנאַכטיקן כאַשכעסדיקן וואַלד און איז באַלד אַנשלאָפן געוואָרן.

אינמיטן נאַכט האָט אַלעקסיי זיך אויפגעכאַפּט פון אַ דונערנדיקן קנאַל, פאַר די אויגן האָט עפּעס אַ בלענד געטאָן. „הייסט עס, דער פראָנט איז שוין נאָענט", האָט ער אַ טראַכט געטאָן. נאָר באַלד האָט ער פאַרשטאַנען, אַז עס קלײַבט זיך פּאַשעט אויף אַ רעגן. די ביימער האָבן זיך געוויגט און געררוישט. אַ שאַרפער דונער־פלאַם האָט אָנגעצונדן דעם וואַלד, אין דער הייך איבערן קאָפּ האָט געפּלאַצט אַ דונער און ס'האָט אַ פליוכע געטאָן אַ שלאַקסרעגן. אַ צעבראָכענער האָט אַלעקסיי זיך גיך אויפגעהויבן, אַרופגעוואָרפן דעם בושלאַט אויף די אַקסל און זיך צוגעטוליעט צו אַ בערעזע. די פּאַסמעס פון דעם רעגן האָבן זיך איבער דורכגעריסן אויך אַהער און בייז געשמיסן אין פּאָנעם אַרײַן.

אַלעקסיי האָט זיך ביטער אויסגעזידלט, אַרופגעצויגן דעם בושלאַט העכער און זיך איבערגעדעקט מיט אים. אויפן קאָפּ האָט איצט ניט געגאָסן, דערפאַר זײַנען איבער פּיטש־נאַס געוואָרן די דינע לאַגערנע הויזן. אין די גרויסע שיך האָט געכליופּעט וואַסער. דער רעגן איז פון מינוט צו מינוט געוואָרן אַלץ שטאַרקער. צײַטנווײַז האָט געגומען פאַלן אַ דריבנער האָגל און ראַשיק געקלאַפּט איבער די בלעטער, איבער די צווײַגן, איבער די שטאַמען, אָנפילנדיק דעם וואַלד מיט אַ קעלט. אַלעקסיי האָט דערפילט, אַז דער בושלאַט נעצט דורך, עס קאַפּעט אים אין קאָלנער, איבערן שטערן, איבער דער נאָז. דינע ריטשקעלעך האָבן, ווי גליטשיקע קאַלטע יאַשטשערקעס, זיך פלינק וועקגעשלענגלט איבערן נאַקעטן האַלדז און זיך צעלאָפן איבער דער נאָך וואַרעמער פּלייצע. עס האָט אים אָנגעהויבן שוידערן פון קעלט, ער האָט אַרײַנגעצויגן דעם קאָפּ אין די אַקסלען און זיך אָנגעבויגן.

עס האָט געדונערט זעלטענער, נאָר דער רעגן האָט ווי פריִער געפליוכעט.

אַלעקסיי איז שוין געווען דורכגעווייקט אויף דורך און דורך — דער קאָפּ, די האָר, די געדיכטע בלאָנדע באָרד, וואָס איז בײַ אים אָנגעוואַקסן פאַר דער לעצטער צײַט. דאָס העמד האָט זיך צוגעקלעפּט צום לײַב, דער בושלאַט האָט איצט געוויגן אַוואַדע צען פונט. מער שטיין אָט אַזוי אויף איין אָרט האָט אַלעקסיי ניט געקאָנט. ווען ער גייט, וואָלט אים עפּשער געווען גרינגער...

ער האָט זיך אָנגענומען מיט קויעך און אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם בושלאַט. אַרום איז געווען אַזוי פינצטער, אַז ער האָט ניט געזען פאַר זיך אַפילו די נאָענסטע ביימער. ער האָט נאָר געהערט ווי זיי האָבן גערוישט. אַלעקסיי האָט אויסגעשטרעקט די הענט, ווי אַ בלינדער, און מיט ניט זיכערע טריט זיך געלאָזט גיין, אַבי ניט שטיין אויף איין אָרט. אָפּגעגאַנגען עטלעכע שפּאַן, האָט ער זיך אויסגעגליטשט אין אַ קאַליוזשע, אָנגעשטויסן זיך אָן אַ בוים און צעקלאַפּט אַ פוס. גיין ווײַטער איז געווען אומעגלעך. וואָס זשע טוט מען? ער האָט געפילט ווי עס ציטערט בײַ אים דער גאַנצער קערפּער. „נו, נו, אָן סאַקאָנעס... דער רעגן וועט באַלד אופהערן. אייביק וועט ער דאָך ניט גיסן... מע דאַרף צולײַדן נאָך אַ ביסל. נישקאָשע. ניט שרעקלעך. געווען ערגערס. נאָך ווי! דעריקער טראַכטן וועגן עפּעס אַנדערש. די נאַכט וועט זיך דאָך ניט ציִען אָן אַ סאָף".

אַלעקסיי האָט פאַרשטשימעט די ציין, זיי זאָלן ניט קלאַפּן, זיך צוגעדריקט מיט דער ברוסט צום שטאַם פון אַ בערעזע, ווי ער וואָלט וועלן לעבן איר זיך דערוואַרעמען.

ערשט קאַיאָר איז דער וואַלד פאַרשטילט געוואָרן. דער רעגן האָט שוין ניט געגאָסן, נאָר שטיל און נודנע מאַראַקעט. די ביימער האָבן, ווי טונקעלע שאָטנס, זיך אָנגעהויבן אויסשנײַדן אינעם נעפּל, וואָס איז נאָך געשטאַנען אין וואַלד. מע האָט שוין געקאָנט גיין. אַלעקסיי האָט אַ פיר געטאָן מיט די פאַרגליווערטע גלידער, האָט אופגעשוידערט פון דער נאַסער קעלט, וואָס האָט אים דורכגענומען, און, קוים רירנדיק מיט די פאַרקאָטשענייעטע פיס, זיך געלאָזט גיין, צעבויטענדיק די קאַליוזשעס וואַסער, וואָס האָבן פאַר דער נאַכט זיך אָנגעקליבן צווישן די ביימער. ער איז

געגאַנגען פאַמעלעך, טראַט בא טראַט, דער הימל איז געווען פאַרנעפּלט און ס׳איז אפילע קיין האָפענונג ניט געווען, עס זאָל זיך אַמאָל אויסלײַטערן...

וואָס ווײַטער איז דער וואַלד געוואָרן אַלץ שיטערער. עס האָבן געסטאַרטשעט אַלטע שוואַרצגעוואָרענע פּניאָקעס און אויך פרישע, זאַפּטיק־געלע. אַף אַ פריש אויסגעהאַקטער דעליאַנקע זײַנען געלעגן אין היכע שטאַבעלן בערעזעס, יאָדלעס און סאָסנעס. אַ סימען, אַז ניט ווײַט פונדאַנען דאַרף זײַן אַ יישעוו. און טאַקע אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער דערהערט אַ פאַרדומפּט בילן. אַלעקסיי איז געבליבן שטיין, זיך צוגעהערט. נו, יאָ. עס האָט געבילט אַ הונט. אַלעקסיי האָט זיך פאַרנומען לינקס, אַוועק אין דער ריכטונג, פונוואַנען עס האָט זיך דערטראָגן די בילערײַ. ער איז אָפּגעגאַנגען עפּשער אַ האַלבן קילאָמעטער, ניט מער, און אַרויס צום ראַנד וואַלד.

דער רעגן האָט נאָך אַלץ מאַראַקעט און דורכן גרויען נעפּל האָט אַלעקסיי דערזען אַרויף־בערגל אַן איינזאַם הילצערן שטיבל. הינטערן שטיבל האָבן זיך געצויגן גאָרטענער, אַרומגע־צאַמטע מיט זשאָרדיעס, און נאָך ווײַטער אַ ביסל עטלעכע שטיבער און סעדער. פונעם געדאַנק, אַז ער וועט עפּשער באַלד אַרײַן אין אַ שטוב, אונטער אַ דאַך, האָט בא אַלעקסייען פריידיק אופגעצאַפּלט דאָס האַרץ. דאָך האָט ער זיך ניט געײַלט. ער האָט אָנגעשטרענגט אַרויסגעקוקט פון צווישן די נאַסע ביימער אַהין, צום כוטאָר, געוואָלט זיך פריִער איבערצײַגן, צי זײַנען דאָרט ניטאָ קיין דײַטשן.

פונעם קליינעם הילצערנעם שטיבל, וואָס אַרויף־בערגל, איז אַרויס אַ פרוי, אָנגעשעפּט אַן עמער וואַסער פון ברונעם און זיך אומגעקערט צוריק אין שטיבל. מער האָט מען קיין איין נפעש אינערגעץ ניט געזען. „דער כוטאָר, האָט ער געטראַכט, איז קליין און צו נאָענט צום וואַלד, אַז דײַטשן זאָלן זיך דאָ אָפּשטעלן און פאַרהאַלטן". עס האָט זיך אַפילע געקאָנט דוכטן, אַז אויסער אָט דער פרוי איז אין כוטאָר בּיכלאַל מער קיינער ניטאָ. אַלעקסיי האָט זיך געלאָזט גיין מיט דעם אויסגעהאַקטן וואַלד, ווו עס זײַנען פאַרבליבן סטאַרטשען נאָר איינציקע דינינקע סאָסנעס און יאָדלעס. ווען ער איז שוין געווען אַפן בערגל, גאָר נאָענט פונעם שטיבל, איז אַרויסגעלאָפן פון הויף אַ ווײַסער צעפּודלטער הונט און זיך פאַרגאַנגען אין אַ בילערײַ.

אַלעקסיי האָט, קוים איבערשטעלנדיק די פיס, וואָס זײַנען אַרומגעקלעפּט געווען מיט געדיכטער בלאָטע, געמאַכט נאָך אַ פּאָר טריט און געבליבן שטיין לעבן נידעריקן געפלאָכטענעם פּלויט. די באַלעבאָסטע האָט אים דערזען דורכן פענצטער. זי האָט אַרופגעוואָרפן די שאַל אַפן קאָפּ און איז אַרויס אין הויף.

— האָט קיין מוירע ניט, ער בילט נאָר, ער טשעפּעט ניט, — האָט זי געזאָגט, אַוועקטרײַבנ־דיק דעם הונט, — אײַ, אײַ, אײַ, ווי דורכגעווייקט איר זײַט... געווען לאַנג אונטערן רעגן?..

— די גאַנצע נאַכט, — האָט ער געפּרוווט אײַנהאַלטן דעם ציטער.

— גאָט מײַנער, — האָט זי אויסגערופן, — קומט אַרײַן אין שטוב...

— קיין דײַטשן זײַנען דאָ ניטאָ? — האָט ער, אומקוקנדיק זיך, אַ פרעג געטאָן.

— ניין, דאָ זײַנען זיי ניט געווען. און איר... פונוואַנען גייט איר?

— פון מינסק. נו, יאָ, פון מינסק, — האָט ער געזאָגט.

— נעכטן זײַנען דאָ אויך דורכגעגאַנגען מינסקער... קומט, קומט גיכער אין שטוב. איר זײַט דאָך אַזוי דורכגעווייקט. איך וועל אײַך געבן עפּעס אַף איבערטאָן זיך...

זי האָט גאַסטפרײַנטלעך געעפנט די נידעריקע טיר און אַרײַנגעפירט אַלעקסייען דורך דער קיך אין אַ קליין ניט איבעריק ליכטיק צימערל. דאָ איז געווען זייער וואַרעם. ס׳האָט געשמעקט מיט געבראָטענע קאַרטאָפל און מיט רויך פון שטרוי, מיט וועלכן עס האָט זיך געהייצט אין קיך די פּליטע.

די פרוי האָט פלינק דערלאַנגט אַלעקסייען אַ בענקל. פאַרגעסנדיק אַראָפּנעמען פון קאָפּ די שאַל, האָט זי זיך אָנגעבויגן ביז איבער העלפט איבערן גרויסן קופערט, וואָס איז געשטאַנען אין ווינקל, און גענומען זיך ראָיען דאָרט.

אַלעקסיי האָט פאַרשטאַנען, אַז זי זוכט עפּעס פאַר אים אַף איבערטאָן זיך. ס׳איז אים געווען ניט באַקוועם צו באַאומרויִקן זי, אָבער אָפּזאָגן זיך פון דעם האָט ער איצט ניט געקאָנט.

די באַלעבאָסטע האָט אַרויסגענומען אַ האַנטעך, אַ פּאָרל וועש, אַוועקגעלייגט אַלץ אַף דער קאַנאַפּע און ווידער גענומען זוכן אין קופערט.

— איר זײַט אַליין אַ מינסקער? — האָט זי פאַרטראַכט אַ פרעג געטאָן.

— ניין, איך בין ניט קיין מינסקער, — האָט אַלעקסיי עטוואָס פאַרלוירן געזאָגט, צוקוקנדיק זיך, ווי זי פּאָרעט זיך אין קופערט. ער האָט מיט אומגעדולד געוואַרט אַף דער מינוט, ווען ער עט שוין קאָנען אַראָפּוואַרפן פון זיך דאָס דורכגעווייקטע אָנטאָן.

— פונוואַנען זשע זײַט איר? — האָט זי מיט נײַגער געפרעגט.

— ווײַט פונדאַנען... פון טשיטאַ...

— געווען דאָ צוגאַסט, צי אין א קאָמאַנדירונג... — האָט זי א זאָג געטאָן, ווי צו זיך אַליין. זי האָט ענדלעך געפונען דאָס, וואָס זי האָט געזוכט: אַלטע כאַקי־הויזן און א זעלנערישע גימנאַסטיאָרקע.

— און די מישפּאָכע אײַערע?

— אין טשיטאַ...

— און ווייסט איצט ניט, וווּ איר זײַט, — האָט זי מיט מיטלײַד געזאָגט.

— נו, יאָ...

— וווּהין זשע גייט איר?

— איך וויל זיך דערקלײַבן צו אונדזערע...

— איך פאַרשטיי... איך פאַרשטיי...

זי איז א רגע געשטאַנען פאַרטראַכט. מעגלעך געוואָלט נאָך עפּעס פרעגן.

— נו, טוט זיך איבער, איך וועל אַרויסגיין. אָף דער קאַנאַפּע ליגט אַלץ. און א האַנטעך אויך... — זי איז צוגעגאַנגען צום פענצטער, אַראָפּגעלאָזט דאָס פאָרהענגל און אַרויס אין קיך.

אַלעקסיי האָט מיט מאַטערנישן אַראָפּגעשלעפּט פון זיך די דורכגעווייקטע זאַכן, וואָס זײַנען צוגעקלעפּט געווען צום לײַב, זיך גוט אויסגעווישט מיטן האַנטעך און מיט פאַרגעניגן אָנגעטאָן דאָס טרוקענע גרעט.

זײַנע נאַסע זאַכן האָט ער אָנועקגעלייגט אין ווינקל אָף דער טאַבורעטקע, די שיך איבערגעקערט מיט די פּאָדעשוועס אַרויף און אַוועקגעשטעלט טריקענען. נאָכדעם האָט ער אַרופגעצויגן אָף זיך די כאַקי־הויזן און די גימנאַסטיאָרקע, זיך צוגערוקט מיטן בענקל צו דער וואַנט, וואָס האָט זיך אָנגעוואַרעמט פון דער קיך־פּליטע, צוגעשפּאַרט זיך מיט דער פּלייצע, צוגעמאַכט די אויגן און באַלד אָנגעהויבן דרעמלען. אָן אָפּגעשוואַכטער, האָט ער זיך א וויג געטאָן און דער קאָפּ איז שווער אַראָפּגעפאַלן אָף דער ברוסט.

— איר ווילט שלאָפן, איר זײַט מיד, — האָט די אַרײַנגעקומענע באַלעבאָסטע געזאָגט מיט מיטגעפיל און אַוועקגעשטעלט אָפן טיש א פּלאַטשיקן טעלער מיט הייסע צעריבענע קאַרטאָפל, פון וועלכער ס'האָט צוזאַמען מיט דער לײַכטער פּאַרע געזעצט א געשמאַק גערוך פון איבערגע־פּרעגלטער ציבעלע. — עסט. איך האָב קיין סאַך ניט געגעבן. מע טאָר ניט מיטאַמאָל... נאָר דאָס עסט אויף אינגאַנצן, דערנאָך וועט איר זיך צולייגן אָפּרוען.

— ניין, מע דאַרף ניט... איר האָט שוין זיך אַזוי אויך גענוג פאַרנומען מיט מיר...

— דאָס איז נאָך צו דערלײַדן... — האָט זי שטיל באַמערקט. זי האָט גענומען פון פאַרבעטן בעט דעם אייבערשטן קישן אין א ראָז ציכל און אַוועקגעלייגט אָף דער קאַנאַפּע.

אָפּגעגעסן און אויסגעטרונקען א גלאָז הייסע שטאַרקע טיי, האָט אַלעקסיי נאָך מער דערפילט די מידקײַט. ער האָט ניט געהאַט קיין קויעך זיך אָפּזאָגן און זיך געלייגט אָף דער קאַנאַפּע, צוגעדעקט מיט דעם לײַלעך, וואָס די באַלעבאָסטע האָט אים געגעבן, און טייקעף אײַנגעשלאָפן.

די באַלעבאָסטע האָט גענומען אַלעקסייס נאַסן אָנטאָן און איז אָף די שפּיצפינגער אַרויס אין קיך. אָנגעגאָסן וואַסער אין א הילצערנער מולטער, האָט זי געשטעלט זיך וואַשן.

איבערקערנדיק דאָס העמד אָף דער רעכטער זײַט, האָט זי באַמערקט א קאַזיאָנעם אָפּגעריי־בענעם שטעמפּל. נאָר מע האָט נאָך געקענט פאַנאַנדערקלײַבן די בוכשטאַבן ИТЛ [1].

## קאַפּיטל זיבן

אויפגעכאַפּט זיך האָט אַלעקסיי שוין שפּעט אין אָוונט. דאָס קליינע צימער איז געווען בלאָס באַלויכטן פון דער פּולער לעוואָנע, וואָס האָט אַרײַנגעקוקט דורכן פענצטער. ס'איז געווען זייער שטיל. ער האָט דערפילט, אַז ער איז אין צימער איינער אַליין. נאָר באַלד האָבן זיך הינטערן פענצטער דערהערט לײַכטע טריט. דאָס איז געגאַנגען די באַלעבאָסטע. אין א ווײַלע אַרום איז זי פאָרזיכטיק, ווי זי וואָלט זיך געהיט ניט אויפצוועקן אים, אַרײַן אין צימער און געבליבן שטיין לעבן טיר.

— איר שלאָפט נאָך? — האָט זי שטיל געפרעגט.

— ניין, ניין, — האָט אַלעקסיי זיך אויפגעזעצט.

— נו, ווי פילט איר זיך? אָפּגערוט א ביסל?..

— אויסגעצייכנט. א גרויסן דאַנק אײַך. איר האָט מיך פּאָשעט געראַטעוועט. ס'איז שוין קאַנטיק ניט פרי. וויפל קאָן זײַן דער זייגער?

— באַלד צען. איר זײַט אָפּגעשלאָפן עלף שאָ. איך האָב זיך שוין געײַלט... געווען אָף דער

---

[1] Исправительно-трудовой лагерь — אַרבעטס־לאַגער פאַר אַרעסטירטע.

מיל... איר קערט דאָך זײַן הונגעריק... אָט וועל איך נאָר אָנצינדן דאָס לעמפּל און געבן אײַך עפּעס עסן...

זי האָט אָנגעצונדן דאָס קליינע נאַפּט־לעמפּל. פאַרהאַנגען דאָס איינציקע פענצטער מיט א טונקעלער בײַקאָווער קאָלדרע, האָט זי דערנאָך ארויסגעדרייט דעם קנויט פונעם לעמפּל.

אינעם צימער איז געוואָרן א סאך ליכטיקער. אלעקסיי האָט ערשט איצט, קומענדיק צו־זיך נאָכן שלאָף, דערזען, אז די באלעבאָסטע איז א יונגע און שיינע פרוי, ניט קיין הויכע, די קופּער־רויטע האָר קורץ אונטערגעשאָרן אפן שטאָטישן מאניר. ער האָט באמערקט איר הויכן, ווײַסן האלדז, די גרויסע טרויעריקע שווארצע אויגן.

דערפון, וואָס זיי זײַנען דאָ געווען זאלבעצווייט אינעם באנאכטיקן צימערל מיט דעם איינציקן פאַרהאַנגענעם פענצטער, ער און זי, מער קיינער ניט, האָט בא אלעקסייען א טיאַכקע געטאָן דאָס הארץ. שוין פיר יאָר, ווי ער האָט קיין פרוי ניט געזען.

ער האָט געוואָלט, נאָר ניט געקאָנט אָפּווענדן דעם בליק פון דער באלעבאָסטע. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אז זי האָט עס באמערקט: ווען זי איז דורכגעגאנגען פאַרבײַ אים, צו דער שאַפע, האָט זי פאַרשנעלערט דעם טראָט און, דוכט זיך, אומצופרידן א קוק געטאָן אף אים.

אלעקסיי האָט זיך דערפילט שולדיק און א טראַכט געטאָן, אז זי וויל אוודאי, ער זאָל שוין אוועקגיין. זי זאָגט עס אים ניט דערפאַר, ווײַל ס'איז איר ניט באקוועם. ער דארף עס אליין פאַרשטיין. זי איז דאָך דאָ איינע אליין... ס'איז א פיצינק דערפל... מע וועט זי נאָך באריידן.

ער האָט זיך האסטיק אופגעהויבן פון דער קאנאַפּע.

— נו, איכ'ל גיין, — האָט ער זיך אָנגערופן צו דער באלעבאָסטע, וואָס האָט גענומען גרייטן צום טיש.

זי איז געבליבן שטיין מיט אראָפּגעלאָזטע הענט און פאַרכידעשט אים אָנגעקוקט.

— וווהין וועט איר גיין באנאכט?

— איך וועל אײַך זאָגן דעם עמעס, — האָט ער א קוק געטאָן איר גלײַך אין די אויגן, — איך וויל אײַך מער ניט מאכן ענג...

— נישקאָשע... אָן סאקאָנעס. איר וועט איבערנעכטיקן, — האָט זי רויִק געזאָגט און איז ארויס אין קיך.

אלעקסיי האָט זיך צוריק אוועקגעזעצט אף דער קאנאַפּע. פונעם געדאנק, אז ער פאַרבלײַבט מיט דער פרוי אף נאכט אין איין צימער, האָט אים פאַרכאַפּט דער אָטעם. ער האָט מיט אומגעדולד געוואַרט, זי זאָל צוריק ארײַן, ער זאָל זי זען, ער זאָל זי הערן, ער זאָל פילן, אז זי איז דאָ...

באלד איז זי צוריק ארײַן, טראָגנדיק א טעלער זופּ און טעלעכע סוכאַרעס.

— עסט, — האָט זי געזאָגט און זיך צוגעזעצט דערבײַ אף א בענקל.

— און איר?

— איך האָב שוין געגעסן.

ער האָט ניט געקאָנט אראָפּנעמען פון איר די אויגן. ער האָט אליין ניט געוווּסט וואָס, נאָר עפּעס אין איר האָט אים באזונדערס גערירט, צי דער שמייכל, דורך וועלכן עס האָט דורכגעלויכטן א ווייטעק, צי איר רויִקייט.

„דיר טאָר אפילע ניט קומען קיין שלעכטער געדאנק וועגן איר, — האָט ער זיך געזאָגט, — טאָרסט אפילע ניט קלערן, אז וויבאלד זי האָט דיך איבערגעלאָזט נעכטיקן, איז זי עפּעס אויסן דערמיט. זי איז פּאָשעט זייער א גוטע פרוי... זײַ א מענטש... קוק ניט אזוי אף איר, זי פילט דאָך, אז דו קוקסט די גאנצע צײַט“...

ער האָט זיך געסטאַרעט באהערשן און גענומען זיך פאַנאַנדערפרעגן בא איר וועגן דער מילכאָמע, וועגן די לעצטע סוואָדקעס. ער האָט דאָך גאָרנישט ניט געוווּסט, אויסער די עטלעכע ווערטער, וואָס ער האָט צופעליק געהערט בעשאס מע האָט אים געפירט קיין מינסק.

— דערציילט, דערציילט... — האָט ער זי געבעטן. ער האָט מוירע געהאַט, אז זי וועט זיך אופהייבן און ווידער אוועקגיין אין קיך. אים האָט זיך זייער געוואָלט, אז זי זאָל זיצן אָט אזוי, ווי זי זיצט איצט אנטקעגן אים, ער זאָל קאָנען קוקן אף איר, זען אירע שווארצע טרויעריקע אויגן, שפּירן די פרישקײַט אירע, הערן ווי זי אָטעמט...

— נו, דערציילט, — האָט ער זיך צוגערוקט עטוואָס נעענטער צו איר.

— וואָס קאָן איך דערציילן? — אירע קליינע פולבלעכע ליפּן האָבן ביטער זיך א בראָך געטאָן. — וואָס ווייסן מיר דאָ, מיר לעבן דאָך ווי אף אן אינדזל, שוין אכט טעג, ווי עס זײַנען קיין צײַטונגען ניט אָנגעקומען. דער כוטאָר ליגט דאָך דרײַ און פופציק קילאָמעטער פון דער אײַזנבאַן, אינמיטן וואלד און ווײַט פונעם שליאַך...

— און אן אלטע צײַטונג?.. — האָט ער זייער שטיל א פרעג געטאָן. — עפּשער האָט יך פאַרהיט?

— אוועקגעגעבן די בעזשענצעס. אף רייכערן האָבן זיי געבעטן. נעכטן, ווען זיי זײַנען פאַרבײַגעגאַנגען... צו אָרשע־צו.

— אין אָרשע זײַנען אונדזערע?

— אַזוי האָבן זיי געזאָגט.

אַלעקסיי האָט א פּיר געטאָן מיטן קאָפּ, ווי ער וואָלט באַדויערט, וואָס ער האָט זיך מיט זיי ניט געטראָפן, און, א טראַכט געטאָן, א טראַכט געבנדיק וועגן דעם ווײַטערדיקן וועג, וואָס אים שטייט פאָר, האָט ער א פרעג געטאָן:

— וויפל איז פונדאַנען ביז אָרשע?

— מיטן שליאַך, דוכט זיך, הונדערט מיט צוואַנציק.

— און א נעענטערער וועג? מיטן וואַלד? — ער האָט מיט אַלע קויכעס זיך געסטאַרעט ריידן רויִק.

— דאָס ווייס איך ניט.

— וואָסי, איר זײַט ניט קיין היגע?

— ניין, — האָט זי, פאַרטראַכטנדיק זיך, געזאָגט, — איך וווין דאָ ניט לאַנג... קיין האַלב יאָר ניטאָ.

— און פריִער? — ער האָט געפילט, אַז נאָך א רעגע און ער וועט ניט אויסהאַלטן און זיך צורירן צו איר האַנט.

זי האָט א ווײַלע געשוויגן, ווי געקווענקלט זיך, צי זאָל זי פאַרזעצן מיט אים אָט דאָס געשפּרעך.

— אין מינסק... עפּשער וועט איר עסן נאָך עפּעס? — האָט זי מיטאַמאָל א פרעג געטאָן.

— א דאַנק. ווי זשע קומט איר אַהער?.. וואָס טוט איר דאָ?

— וואָס איך טו דאָ?... — האָט זי מיט א געפּאַלענער שטים איבערגעכאַזערט און אין אירע אויגן האָבן זיך מיטאַמאָל געשטעלט טרערן. זי איז גיך אויפגעשטאַנען, צוגעגאַנגען צום פאַרהאַנגענעם פענצטער און געבליבן שטיין.

זי האָט זיך א רעגע פאַרטראַכט. אין קאָפּ זײַנען אַנטשטאַנען מעטושטעשע געדאַנקען וועגן דעם אומבאַקאַנטן. ווער איז ער? און זי האָט א פרעג געטאָן:

— איך ווייס דאָך אפילו ניט, ווי איר הייסט? ווער איר זײַט?

— אָרעשין, אַלעקסיי איוואַנאָוויטש, הייס איך. אַן אינזשעניער, אַן אוויִא־קאָנסטרוקטאָר.

איצט האָט זי זיך פּלוצעם דערמאָנט אָן דעם שטעמפּל אפן גרעט, דער בליק איז געפאַלן אף זײַנע גראָבע, שווערע שיך אין ווינקל, און איר איז אַלץ קלאָר געוואָרן.

— און מיך רופט מען ליובאָוו מיכײַלאָוונאַ, — האָט זי שטיל געזאָגט. מיטאַמאָל, ווי זי וואָלט עפּעס באַשלאָסן, האָט זי זיך אויסגעדרייט צו אים מיטן פּאָנעם, צוגעגאַנגען און זיך געזעצט צוריק אפן בענקל.

— איר האָט געפרעגט, ווי קום איך אַהער? גוט, איך קאָן אײַך דערציילן.

ער איז מער ניט בעיִכולעס געווען בײַקומען זיך. ער האָט זיך אָנגעבויגן צו איר און לײַכט אָנגערירט איר האַנט.

זי איז געווען אין אַזא צושטאַנד, אַז זי האָט עס אפילו ניט באַמערקט.

— אָט זיצט אַנטקעגן אײַך א פרוי און איר שטעלט זיך אפילו ניט פאָר, ווי אומגליקלעך זי איז, — האָט זי פאַרטראַכט געזאָגט. — פאַראַן פאַרשיידענע אומגליקן אף דער וועלט... עס גייט איצט א מילכאָמע. מענטשן ווערן דערהאַרגעט... נאָר מיט מײַן מאַן... ניין, ניין, ערגערס קאָן ניט זײַן... אַן אומשולדיקן... אַן ערלעכן און איבערגעגעבענעם...

אַלעקסיי איז געבליבן דערשטוינט. ער האָט א פאַרשעמטער צוגענומען זײַן האַנט.

— ווען? — האָט ער, פול מיט מיטלײַד צו איר, געפרעגט.

— אין זיבן און דרײַסיקסטן... איר זײַט ניט קיין מינסקער. אין מינסק האָבן אַלע אים געקענט. געווען סעקרעטאַר פון שטאָטישן קאָמיטעט פון פּאַרטיי... און אָט אין איינער א נאַכט... — זי האָט זיך אַרומגעכאַפּט מיט די הענט, ווי זי וואָלט געוואָלט אײַנהאַלטן דעם ציטער, וואָס איז איר אַדורך איבערן לײַב. — אין איינער א נאַכט האָט מען אָנגעקלאַפּט...

מיט א פאַרטײַעטן אָטעם האָט אַלעקסיי זיך צוגעהערט צו דעם, וואָס זי האָט ווײַטער דער־ציילט, און פאַר אים איז אויפגעשווומען דאָס בילד, ווי מען איז געקומען נאָך אים...

— ווען זיי האָבן אים שוין אוועקגעפירט, — די פרוי האָט מיט א טיכעלע זיך אויסגעווישט די פײַכט געוואָרענע אויגן, — האָט ער פון דער שוועל זיך אומגעקוקט צו מיר, געוואָלט עפּעס זאָגן, נאָר זיי האָבן אים אַרויסגעשטופּט און פאַרהאַקט נאָך זיך די טיר. בא מיר האָבן זיך אונ־טערגעשניטן די פיס און איך בין אומגעפאַלן אף די ביכער, וואָס זײַנען געווען צעוואָרפן אפן

דיל. זײַן אַלטע מאַמע האָט מיך אָפּגעמינטערט, איך בין אַרויסגעלאָפֿן אין דרויסן, געהאַפּט כאַטש נאָך איין מאָל א קוק טאָן אַף אים, נאָר ער איז שוין ניט געווען...

זי האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און איז אַנשוויגן געוואָרן.

— מער האָט איר אים טאַקע ניט געזען? — האָט אַלעקסיי מיט א פאַרשטיקטער שטים א פרעג געטאָן.

— אין א פּאָר כאַדאָשים אַרום האָט מיר עמעצער געזאָגט, אַז עס גרייט זיך אַן עטאַפּ. איך בין אַוועקגעלאָפֿן אַף דער סטאַנציע. א גאַנצע נאַכט געשטאַנען אַף דער פּלאַטפאָרמע. ס'איז געווען א שטאַרקער פראָסט. איך בין פאַרקאָלייעט געוואָרן. געוואַרט. עפּשער וועל איך אים כאַטש פונדערווײַטן זען. נאָר קיין עטאַפּ איז ניט געווען... אין עטלעכע טעג אַרום איז געשטאָרבן זײַן אַלטע מאַמע. איך בין איינמאָל געקומען אַהיים און געטראָפֿן זי ליגן א טויטע אַף דער ערד. פון דעם טאָג, ווען מע האָט אים גענומען, איז זי געשלאָפֿן אַף נאַקעטע ברעטער און זיך געשפּײַזט מיט טרוקענעם ברויט. „אָט אַזוי ווי ער לעבט דאָרט, וועל איך לעבן דאָ", האָט זי געזאָגט, און איז אויסגעגאַנגען ווי א ליכט. איך בין פאַרבליבן אַליין. אינגאַנצן אַליין. אָן קיינעם. אונדזערע פרײַנט און באַקאַנטע האָבן געווײַכט פון מיר. די, וועלכע פלעגן מיך פריִער באַגעגענען מיט א ליב שמייכעלע, האָבן זיך געמאַכט, אַז זיי קענען מיך ניט. איך האָב צו זיי קיין טײַנעס ניט. מיר האָט זיך געדוכט, אַז אַלע קוקן אַף מיר מיט פאַראַכטונג.

„עלקע קער אויך זײַן אָט אַזוי עלנט", — האָט אַלעקסיי מיט ווייטעק א טראַכט געטאָן.

— אַז די מאַמע איז געשטאָרבן, — האָט די פרוי פאָרגעזעצט, — האָט מען מיר איבערגעלאָזט איין צימערל. אין די איבעריקע צימערן האָבן זיך אַרײַנגעקליבן שכיינים, שלעכטע מענטשן, ספּעקוליאַנטן. אין דעם צימער, פון וואַנען מע האָט צוגענומען דעם מאַן, איז קימאַט אַלע נאַכט בא זיי געווען הוליאַנקעס. מע האָט דאָרט געטאַנצט, געהוליעט, געפרייט זיך און בא מיר האָט גערונען בלוט פון האַרצן.

אָט אַזוי איז אַדורך א יאָר, און נאָך א יאָר, און נאָך א יאָר... וועגן אים האָב איך גאָרנישט ניט געוווּסט. קיין שום האָפענונג אפילע. איר, קאָן זײַן, וועט עס פאַרשטיין... ס'איז געקומען א טאָג, ווען עס האָט מיך אַרומגעכאַפּט אַזא פאַרצווייפלונג, כאַטש הענג זיך, טרינק זיך, טו זיך אָן א מיסע־מעשונע. איך בין אַרויסגעלאָפֿן פון שטוב און זיך געלאָזט גיין, וווּהין די אויגן טראָגן. ס'האָט געשאָטן א שניי, כ'האָב זיך אויסגעגליטשט און בין אומגעפאַלן. עס איז צוגעקומען אַן אומבאַקאַנטער מאַנצבל, האָט מיך אופגעהויבן. ער האָט א קוק געטאָן אַף מיר אַזוי, ווי ער וואָלט געוווּסט, ווער איך בין. ס'האָט מיך גערירט זײַן מענטשלעכע באַציִונג. אַז ער האָט אָנגעהויבן ריידן צו מיר, האָב איך אים געענטפערט...

בא אַלעקסייען האָט א ציטער געטאָן דאָס האַרץ, עפּעס האָט אים באַמרויִקט. וואָס — האָט ער אַליין ניט געוווּסט.

די באַלעבאָסטע האָט ניט באַמערקט, אַז אַלעקסיי האָט זיך געענדערט אין פּאָנעם, זי איז געווען איצט אינגאַנצן פאַרנומען מיט זיך.

— מיר זײַנען אַוועק... מיר זײַנען לאַנג געגאַנגען, — האָט זי פאָרגעזעצט, — און ס'איז מיר געוואָרן עפּעס לײַכטער אַף דער נעשאָמע. קיין זאַך דערמוטיקט ניט אַזוי א מענטשן, ווי א גוט וואָרט... באַם געזעגענען זיך האָט ער געבעטן, מיר זאָלן זיך באַגעגענען, איך האָב געזאָגט „ניין", און ער האָט געזאָגט, אַז ער וועט וואַרטן אַף מיר...

אַלעקסיי האָט דערפילט, אַז דאָס בלוט ווערט פאַרקילט אין אים.

— די דאָזיקע נאַכט בין איך ניט געשלאָפֿן, — האָט זי, ווי איבערלעבנדיק אַלץ אָפּסנײַ, געזאָגט, — איך האָב זיך געמאַטערט, געזידלט זיך אַליין און זיך אַליין פאַרטיידיקט, און ווידער זיך געזידלט. „ניין, וועסט ניט גיין", — האָב איך זיך געזאָגט. „וועסט ניט גיין", — האָב איך זיך געבעטן בא זיך. „ווי קאָנסטו גאָר טראַכטן וועגן דעם!" — כ'האָב אָבער געפילט, אַז עס וועט מיר גאָרנישט ניט העלפן, איך קאָן מער ניט זײַן אַליין. כ'האָב געדאַרפט, אַז עמעצער זאָל מיר מיטפילן, זאָל זיך באַציִען צו מיר, ווי צו א מענטשן...

אַלעקסיי האָט א קוק געטאָן אַף איר מיט אַזעלכע אויגן, ווי ער וואָלט געבעטן בא איר ראַכמים, זי זאָל ניט גיין. איר מאַן איז אַוואַדע אַף קאָלימאַ אָדער אין נאָרילסק, שלעפּט דאָרט שטייִנער. ווי זשע קאָן זי גאָר אפילע טראַכטן גיין זיך באַגעגענען מיט אַן אַנדערן!

— און... איך בין אַף מאָרגן אין אָוונט אַוועק, — האָט זי, ווי בײַקומענדיק עפּעס אין זיך, געזאָגט, — איך בין אַוועק אַהין, ווו ער האָט געוואַרט אַף מיר... כ'בין געגאַנגען, און ס'האָט געברענט די ערד אונטער מײַנע פיס. כ'האָב זיך געפילט אַזוי, ווי איך וואָלט זיך געקליבן באַגיין פאַרברעכן. נאָר וואָס פאַר א פאַרברעכן בין איך באַגאַנגען, זאָגט? כ'האָב דאָך פאַר די דרײַ ...אָר, זינט מע האָט צוגענומען דעם מאַן, קיין איין בריוו ניט באַקומען. כ'האָב דאָך שוין געוווּסט.

אז פון „דאָרט‟ קערט מען זיך ניט אום. וואָס זשע האָב איך געוואָלט טאָן? נו, זאָגט, — האָט זי זיך ווי פאַרענטפערט. — איך האָב מער ניט געקאָנט זײַן אַליין. אומעטום און שטענדיק איינע אַליין. און איך האָב אָנגעהויבן זיך באַגעגענען מיט אים... ער האָט אַלץ געוווּסט וועגן מיר... ס'איז זייער אַ ווילער מענטש. ער איז עלנט, ווי איך. די פרוי זײַנע איז מיט עטלעכע יאָר צוריק געשטאָרבן. אין מינסק איז ער געווען אָף קורסן פון מעכאַניקער, און ער...

יעדעס מאָל, וואָס זי האָט אַרויסגעבראַכט דאָס וואָרט „ער‟, איז בײַ אַלעקסייען פאַרלאָפן געוואָרן דאָס האַרץ מיט בלוט. ער האָט ניט געקאָנט הערן, ווי „ער‟ פלעגט וואַרטן אָף איר, ווי „ער‟ האָט איר פאַרגעלייגט כאַסענע האָבן, ווי „ער‟ האָט זי געזשאַלעוועט...

אַלעקסייען האָט זיך געוואָלט, אַז עפּעס זאָל געשען און זי זאָל אופהערן דערציילן, ווײַל אָט־אָט רײַסט זיך אָפּ בײַ אים אין האַרצן. און זי האָט אַלץ גערעדט, ווי זי וואָלט זיך אויסגעטײַנעט מיט זיך אַליין...

— איר האָט געפרעגט, ווי קום איך אַהער... וואָס טו איך דאָ... — די ליפּן האָבן בײַ איר ווידער אַ בראָך געטאָן זיך אין אַ ווייטעקדיקן שמייכל, וואָס האָט באַשײַנט איר פּאָנעם. — אָט וויאַזוי... שוין באַלד אַ האַלב יאָר, ווי איך בין מיט אים... אָף מילכאָמע האָט מען אים ניט גענומען. ער האָט אַ שוואַכע ריִע, און די יאָרן... ער איז הײַנט פּונקט אָף צוויי סמענעס. איין מעכאַניקער פון דער מיל האָט מען מאָביליזירט, פאַרבײַט ער אים... אינדערפרי וועט ער קומען, וועט איר זיך באַקאָנען מיט אים...

אַלעקסיי האָט זיך מיטאַמאָל אופגעהויבן. ער האָט זיך געפילט שטאַרק באַליידיקט. אָן אָנגעכמורעטער איז ער מיט שווערע טריט זיך דורכגעגאַנגען איבערן ענגן צימער און, ניט זאָגנדיק איר קיין איין וואָרט, זיך געלייגט אָף דער קאַנאַפּע, זיך אויסגעדרייט מיטן פּאָנעם צו דער וואַנט. ער איז געווען אין אַזאַ צושטאַנד, אַז ער האָט אַפילע ניט פאַרשטאַנען, וואָס ער טוט. אָפן האַרצן איז אים געווען זייער שווער, עפּעס האָט אים געטאַטשעט. ער האָט ניט געוואָלט איצט טראַכטן וועגן עלקען. נאָר ס'האָט זיך געטראַכט.

„וואָס איר איז אויסגעקומען פאַר אָט די יאָרן אויסצושטיין...‟

באַנאַכט האָט אַלעקסיי זיך אופגעכאַפּט. אין קיך האָט שטיל געוויינט די באַלעבאָסטע. מיט אַ שווער געמיט האָט ער זיך אופגעזעצט. ער האָט געפילט, אַז זײַן כויוו איז באַרויִקן זי, נאָר ער איז ניט בעיִעכוילעס געווען עס צו טאָן. ער האָט אי ראַכמאָנעס געהאַט אָף איר, געזשאַלעוועט און גלײַכצײַטיק פאַראַכטעט. זאָל זי וויינען. פאַראַן אַזוינס, וואָס עס איז אומעגלעך, אַפילע באַם בעסטן ווילן, צו באַרעכטיקן, מויכל זײַן. קיינמאָל ניט. און קיינעם ניט. ער האָט זיך צוריק געלייגט און זיך געסטאַרעט ניט צוהערן צו איר פאַרשטיקט געוויין. אים האָט זיך געוואָלט, אַז עס זאָל שוין וואָס גיכער אָנהייבן טאָגן, ער זאָל קאָנען אַוועקגיין פונדאַנען, ניט זען זי מער, פאַרגעסן אָן איר, ניט טראַכטן וועגן דעם...

ווי נאָר עס האָט אָנגעהויבן שאַריִען, האָט אַלעקסיי זיך אופגעכאַפּט. די באַלעבאָסטע איז אין שטוב ניט געווען, און ער איז געווען צופרידן דערמיט. ער האָט אַ טראַכט געטאָן, אַז מע דאַרף איר אומקערן דאָס, וואָס זי האָט אים געגעבן אָף איבערטאָן זיך. ער האָט אַ זוך געטאָן זײַנע זאַכן, ניט געפונען. קעדיי זיך ניט פאַרהאַלטן אַפילע אָף אַ רעגע, — ער האָט ניט געוואָלט זען זי און דעריקער „אים‟, וועלכער האָט געקאָנט באַלד אָנקומען, — איז ער אַוועק אַזוי ווי ער איז געווען אָנגעטאָן.

ער איז דורכגעגאַנגען די גערטענער, וועלכע זײַנען נאָך באַדעקט געווען מיט אַ ווײַסן פאַרטאָגיקן נעפּל, און אַרײַן אין עקסטן שטיבל אַ פרעג טאָן, ווי בעסער דערקלײַבן זיך מיטן וואַלד קיין אָרשע.

די באַלעבאָסטע, אַ נידעריטשקע אַלטינקע פויערטע, האָט אים דערקלערט. באַמערקט, אַז ער האָט מיט זיך גאָרניט, האָט זי אים מיטגעגעבן ברויט און נאָך עפּעס צום עסן אָפן וועג.

באַם אַוועקגיין האָט אַלעקסיי מיטאַמאָל דערזען אָפן פענצטער אַ שטיק צײַטונג, מיט וועלכן עס איז געווען איבערגעדעקט אַן עמער מיט וואַסער. ער האָט זיך דערפרייט מיט איר און די באַלעבאָסטע האָט זי אים אַוועקגעגעבן. די צײַטונג איז געווען שוין אַן אַלטע, אין אייניקע ערטער פאַרסמאַליעט און אויסגעריבן, דאָך האָט אַלעקסייען זיך אײַנגעגעבן איבערצולייענען אַ טייל פון דער סוואָדקע פאַרן 25 יון. ער האָט זיך דערוווּסט, אַז דער סוינע זעצט פאָר דעם אָנגריף אָף שאַוולער, גראָדנע—וואָלקאָוויסקער, קאָברינער, וולאַדימיר־וואָלינסקער און בראָדער ריכטונגען... „דאָס איז געווען מיט אַכט טעג צוריק. און וואָס טוט זיך איצט?..‟

ווען אַלעקסיי איז געווען שוין נאָענט פון וואַלד, האָט ער זיך עטוואָס פאַרהאַלטן און זיך אומגעקוקט אָף דעם קליינעם אָפּגעזונדערטן שטיבל, וווּ ער האָט גענעכטיקט, און ס'האָט אים ווידער אַ טיאָכקע געטאָן דאָס האַרץ. ער איז אַוועק גיכער און באַלד פאַרשוווּנדן אין וואַלד...

# קאַפּיטל אַכט

אַפן דריטן טאָג האָט אַלעקסיי זיך באַגעגנט אין וואַלד מיט עטלעכע רויטאַרמייער, וועלכע זײַנען געגאַנגען אַף מיזרעך. ער איז אַוועק צוזאַמען מיט זיי.

וואָס ווײַטער זיי זײַנען געגאַנגען, אַלץ מער האָט זיך געפילט די נאָענטקײַט פונעם פראָנט.

פאַרטאָג זײַנען זיי אַרויס פון וואַלד און מיט דעם קאָרן־פעלד זיך דערקליבן צו דער פאַר־טיידיקונגס־ליניע, וועלכע האָט זיך געצויגן צאָפן־מײַרעווודיקער פון אָרשע.

נאָך דער רעגיסטראַציע, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן אין אַ דערבײַיִקן דערפל, האָט מען אַלעקסייען צוזאַמען מיט די איבעריקע פאַרעכנט אין ערשטן ווזוואָד.

פאַרנאַכט זײַנען זיי שוין געווען אין די שוצגראָבנס אַף די פאָדערשטע פאָזיציעס.

אַלעקסייען האָט זיך געוואָלט אָנשרײַבן עלקען, וואָס פריִער איר צווויסן געבן וועגן זיך, ווי ער וואָלט מוירע האָבן עפעס צו פאַרשפעטיקן. קיין סאַך וועט ער דערווײַל ניט שרײַבן. נאָר עטלעכע ווערטער, ער ווייסט דאָך, אייגנטלעך, וועגן איר גאָרנישט ניט. עפשער וואַרט זי שוין ניט אַף זײַנע בריוו. ער וועט אָנשרײַבן, אַז ער לעבט, אַז ער איז אַפן פראָנט און אָנווײַזן דעם נומער פון דער פעלד־פאָטשט און גאָר... אַז ער וועט באַקומען אַן ענטפער פון איר, דעמלט... נײַן, ער וועט נאָך צוואַרטן, — האָט ער אַ טראַכט געטאָן, — נאָך דער ערשטער שלאַכט... דעמלט וועט ער אָנשרײַבן, דעמלט וועט ער זיך פילן פעסטער בא זיך, זיכערער.

אַלעקסיי האָט זיך אָנגעשפאַרט מיט דער פלייצע אָן דער וואַנט פון דעם שוצגראָבן און צוגעמאַכט די אויגן. אין קאָפ זײַנען אים געקראָכן פאַרשיידענע געדאַנקען. אָט האָט ער געזען פאַר זיך די „ווײַסע סאָפקע“, ער מיט דער „באָרד“ שלעפן דעם שליטן מיט שטיינער און דער ווינט שמײַסט מיט שניי אין פאָנעם אַרײַן; אָט — די פאַרגראַטעוועטע קאַמער אין „סטאָליפין־וואַגאָן“, דעם בלאָנדן רויטאַרמייער; אָט — דעם אויספאָרשער אין מינסקער טורמע; אָט — דעם מאָהילעווער שליאַך און דעם דײַטשישן אַעראָפלאַן איבער דער קאָלאָנע; אָט — די פרוי פונעם געוועזענעם סעקרעטאַר פון מינסקער שטאָטקאָם פון פאַרטיי און דאָס איינזאַמע שטיבל אין דעם פאַרוואָרפענעם קליינעם כוטאָר. אים האָט זיך געדוכט, אַז ער הערט נאָך אַלץ, ווי זי וויינט דאָרט אין קיך, און ער האָט צעשפיליעט דעם קאָלנער פון דער גימנאַסטיאָרקע, וועלכע זי האָט אים געגעבן. אים האָט זיך געוואָלט איצט איינס — אַ שלאַכט, אַ שטורמישע, אַ פאַרביסענע שלאַכט, אַ שלאַכט, אין וועלכער ער זאָל קאָנען אויסלאָדן אַלץ, וואָס אין אים האָט זיך אָנגעזאַמלט: דעם פאַרדרוס, דעם ווייטעק, דעם ווילן צו זײַן אַ גלײַכער צווישן גלײַכע. אין הינטערבאַוווסטזײַן איז מעגלעך געווען דער פאַרלאַנג צו פאַרגעסן זיך, פאַרגעסן אָן אַלץ, וואָס האָט ווי אַ שאָטן אים פאַרפאָלגט.

— יאָ, נאָך דער ערשטער שלאַכט וועל איך איר אָנשרײַבן, — האָט ער ווידער אַ טראַכט געטאָן וועגן עלקען און זיך אַפילע פאָרגעשטעלט, ווי זי וועט זיך פאַרוווּנדערן, ווען זי וועט אומגעריכט באַקומען אַ בריוו פון אים און זיך דערוויסן, אַז ער איז אַפן פראָנט.

ער האָט בעשום־אויפן, אין קיין פאַל ניט געוואָלט עלקען אין עפעס כוישעד זײַן. נאָר ביטערע ספייקעס האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרגאַנווענען אין האַרצן. ער האָט ניט געוואָלט זיך צו־הערן צו זיי, געטריבן זיי פון זיך. ער האָט צו גוט געקענט עלקען. נײַן, עלקע וואַרט אַף אים... יאָ, אָבער די פרוי פון כוטאָר האָט דאָך אויך ליב געהאַט איר מאַן און האָט אים ביז איצט ליב, און דאָך...

— נו, גענוג, גענוג, — איז ער אין כאַס געוואָרן אַף זיך אַליין.

אין שוצגראָבן איז געווען הייס און דושנע. די ערד, אָן אָנגעגליטע, האָט אַרויסגעאָטעמט איצט פון זיך די וואַרעמקײַט. אַלעקסיי האָט גענומען די ביקס, איז אַרויסגעקראָכן פונעם שוצ־גראָבן אַף דער פרישער לופט און זיך אויסגעצויגן אַפן גראָז.

עס האָט אים אַפילע אויסגעזען מאָדנע. ערשט ניט לאַנג האָט מען אים געפירט אונטער דער ביקס, און אָט האַלט ער זי שוין אַליין, אין די אייגענע הענט.

ערגעץ גאָר נאָענט, אײַנגעהילט אין טונקלקײַט, זײַנען געלעגן צוויי רויטאַרמייער. זיי זײַנען אויך ניט געשלאָפן. אַלעקסיי האָט געהערט, ווי זיי האָבן גערעדט צווישן זיך:

— וואָס איז פון אונדזער פאָלק, פון דער דיוויזיע פאַרבליבן?.. גאָרנישט מיט נישט. מע וועט אונדז דאָ ניט האַלטן.

— וואָס זשע?

— מע וועט אונדז אָפפירן אין הינטערלאַנד.

— פונוואַנען ווייסטו?

— אָט וועסטו זען...

אַלעקסייען איז פון די רייד שווער געוואָרן. דאָס, וואָס מע קאָן זיי אָפפירן אין הינטער־

לאנד אף איבערפאָרמירן זיך, איז אים געווען זייער ניט צום הארצן. ער האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פּאָנעם אהין, ווו עס זײַנען געלעגן די רויטארמייער, געוואָלט הערן, עפּשער וועלן זיי נאָך עפּעס זאָגן וועגן דעם, נאָר זיי האָבן שוין גערעדט וועגן גאָר עפּעס אנדערש. איינער האָט דער־ציילט, ווי ער האָט אין א דאָרף גענעכטיקט בא א סאָלדאטקע, און דער צווייטער האָט שטיל געלאכט. אלעקסיי האָט זיך האסטיק אָפּגעקערט.

„ניין, עס קאָן ניט זײַן. ביז עס וועט ניט קומען א פרישער טייל אף פארבײַטן, וועט מען אונדז פון די פּאָדערשטע פּאָזיציעס ניט אראָפּנעמען“.

די נאכט איז געווען א פינצטערע. די רויטארמייער זײַנען געשלאָפן ווי געהארגעטע.

ווי ס'האָט נאָר אָנגעהויבן שאַריען האָט מען לויט א קאָמאנדע דעם וויזוואָד אופגעהויבן. דער קאָמאנדיר, נאָך גאָר א יונגער לייטענאנט, ערשט ניט לאנג פון א מיליטער־שול, האָט גע־מאָלדן, אז דער וויזוואָד האָט באקומען א באפעל אום יעדן פּרײַז פארנעמען דאָס כוטאָרל, וואָס געפינט זיך לעבן קרייץ־וועג, פיר הונדערט מעטער פונדאנען. דער וויזוואָד דאַרף אומבאמערקט זיך באוועגן מיט דער פארוואקסענער באלקע ביז דעם הילצערנעם בריקל. דאָרט עפּענען א פײַער, ארײַנרײַסן זיך פון דאָרעם־מײַרעוו אין כוטאָר און פארפעסטיקן זיך.

ארום איז געווען זייער שטיל. ס'האָט זיך אינערגעץ ניט געהערט קיין איין שאָס. צובייגנ־דיק זיך צו דער ערד, האָט דער וויזוואָד אוועקגעפּויזעט מיט דער באלקע. אלעקסיי האָט זיך גע־האלטן ניט ווײַט פון דעם קאָמאנדיר, וועלכער האָט ניט לויטן אוסטאוו געפּויזעט צווישן די ערשטע. זיי זײַנען שוין געווען לעבן בריקל. פונדאנען איז פארבליבן ניט מער ווי הונדערט טריט ביזן כוטאָר, וואָס איז באשטאנען אינגאנצן פון עטלעכע שטיבער.

— נאָך מיר! — דער קאָמאנדיר איז אופגעשפּרונגען און עטוואָס אן אײַנגעבויגענער זיך געלאָזט לויפן פאָרויס. אין דער זעלבער רעגע זײַנען אופגעשפּרונגען די רויטארמייער. פון כוטאָר האָט זיך דערהערט א ביקסן־שיסערײַ. דער יונגער לייטענאנט מיטן פּיסטאָליעט אין דער פארהייבענער האנט איז צוזאמען מיט די רויטארמייער געלאָפן ווײַטער. די שיסערײַ איז געוואָרן העפטיקער. ערגעץ האָט אָנגעהויבן שטעפּן א קוילנוואַרפער. דער לייטענאנט איז געלאָפן נאָך עטלעכע טריט און מיטאמאָל, ווי ער וואָלט זיך פארטשעפּעט אָן עפּעס, אומגעפאלן מיטן פּאָנעם צו דער ערד. איינס נאָך איינס זײַנען אומגעפאלן נאָך עטלעכע רויטארמייער. די איבעריקע האָבן זיך צוגעדריקט צו דער ערד. אייניקע האָבן אָנגעהויבן פּויזען אף צוריק. אלעקסיי האָט דערפילט, ווי א קויל האָט דורכגעפײַפט לעבן סאמע אויער, ער איז אויך צוגעפאלן צו דער ערד און אָנגע־שטרענגט אײַנגעהערט זיך, צוגעקוקט זיך. אים איז קלאָר געוואָרן, אז דער קוילנוואַרפער בא־שיסט זיי פון רעכטס. יאָ, פון אָט יענעם הויז, וואָס שטייט אין א זײַט. אלעקסיי האָט מיטאמאָל זיך א ריס געטאָן פון אָרט. איבערן סאמע קאָפּ האָבן דורכגעפײַפט עטלעכע קוילן. ער האָט זיך אָנגעבויגן און צווישן די קוסטעס זיך געלאָזט אהין, ווו ס'האָט זיך געפונען דער פארפעסטיקטער דײַטשישער פונקט. מיטאמאָל האָט אים עפּעס ווי א שטויס געטאָן און ער איז אומגעפאלן. ער האָט אָבער באלד פלינק זיך אופגעהויבן און אָפּגעלאָפן נאָך עטלעכע טריט. ער איז געווען שוין גאָר נאָענט פון דעם הויז, ווו עס האָט זיך געפונען דער קוילנוואַרפער. אלעקסיי האָט א ריס געטאָן די גראנאטע פון רימען און מיט אלע קויכעס זי א שלײַדער געטאָן אין פענצטער ארײַן. די ערד האָט א ציטער געטאָן פונעם אופרײַס. דאָס הילצערנע הויז האָט ארומגעכאפּט א פלאַם, עס איז פארהילט געוואָרן אין א געדיכטן שווארצן רויך. דער קוילנוואַרפער איז אנשוויגן געוואָרן. פון דעם פלאַקערנדיקן הויז איז ארויסגעשפּרונגען מיט אן אווטאָמאט אין האנט א הויכער דארער היטלעריסט און זיך געלאָזט לויפן צו דער שכיינעסדיקער שטוב. אלעקסיי האָט פארביסן די ליפּן און אויסגעשאָסן. דער היטלעריסט האָט אומגעלומפּערט פארוואָרפן די הענט און איז אום־געפאלן אף דער פּלייצע.

דער וויזוואָד איז אוועק אין אטאקע. אלעקסיי האָט געוואָלט זיך פאריייניקן צו אים, געמאכט עטלעכע טריט און ערשט איצט באמערקט, אז די גימנאסטיאָרקע און די הויזן זײַנען בא אים נאס פון בלוט.

נאָך א קורצער שלאכט האָט דער וויזוואָד פארנומען דעם כוטאָר. די רויטארמייער האָבן פארבײַגייענדיק מיט נײַגער באטראכט דעם טויטן דײַטש, וועלכער איז געלעגן מיטן פּאָנעם ארויף, די געקאָוועטע שטיוול אײַנגעגראָבן אין דער ערד. די קאסקע האָט זיך אראָפּגערוקט בא אים איבער די אויגן. עס האָט געשטארצט א שפּיציק־קלײַנדיקע נאָז. פון דעם האלב אָפענעם אויסגעקרימטן מויל האָבן ארויסגעקוקט גרויסע שיטערע ציין.

„אָט דאָס איז ער, דער „אומבאזיגבארער“ פאשיסט?..“

אין אָוונט האָט דער וויזוואָד באקומען א באפעל פארלאָזן דעם כוטאָר. דער פּאָלק איז אָפּגעטראָטן.

אלעקסייען, זייער א בלייכן, האָט מען געבראַכט אין פעלד־שפּיטאָל. דער שפּיטאָל האָט זיך געפונען אין א שול־געבײַדע, אין א גרויס דאָרף אפן רעכטן ברעג דניעפּער.

אלעקסיי האָט פארלוירן א סאך בלוט, נאָר די ווונדן זײַנען געווען ניט קיין געפערלעכע. ווי אלע ניט שווער פארווונדעטע, האָט מען אים אוועקגעלייגט אין א געדוימער „פּאלאטע" אף אונטערגעבעטער שטרוי.

אין דער „פּאלאטע" האָט שארף געשמעקט מיט יאָד, מיט ספּירט און קאָלערליי רעפּועס, פון דעם רייעך האָט בא אלעקסייען זיך געדרייט דער קאָפּ.

אף מאָרגן אינדערפרי, נאָכן פרישטיק, האָט דער סאניטאר געבראַכט אין דער „פּאלאטע" עטלעכע צײַטונגען און צעטיילט צווישן די פארווונדעטע. אלעקסייען האָט ער געגעבן די דיוויזיע־צײַטונג. יענער האָט איבערגעלייענט די ערשטע זײַט און דערוווסט זיך ניט קיין פרייליכע נײַס — די שלאַכטן גייען שוין אף אָסטראָוווער, באָריסאָוווער, באָברויסקער, נאָוואָגראַד־וואָלינסקער ריכטונגען. אף דער צווייטער זײַט, סאמע פון אויבן, האָט ער באמערקט א נאָטיץ אונטערן קעפּל „העלדנטאט פונעם רויטארמייער אלעקסיי אָרעשין". „וועגן מיר?" מיט א שווער געפיל האָט ער איבערגעלייענט די נאָטיץ, אין וועלכער ס'איז געווען באשריבן, ווי אין דעם סאמע קריטישן מאָמענט באם אָנגרײַפן אפן כוטאר האָט דער רויטארמייער אלעקסיי אָרעשין ארויסגעוויזן איניציאַטיוו און געוואגטקײַט, זיך דערקליבן אונטער א האָגל קוילן צו דעם סוינעס קוילנוואָרפער־נעסט, אופגעריסן זי מיט א גראנאטע און געהאָלפן אזוי־ארום אויספילן מיט דערפאָלג די שלאַכט־אופגאבע.

„גיי ריכט זיך. אָט האָסטו דיר... מע וועט עס איבערלייענען אין שטאב, אין פּאָליט־אָפּטייל און מע וועט זיך אָנהייבן פּאנאנדערפרעגן — ווער, וואָס, פונוואַנען..."

אן אומצופרידענער האָט אלעקסיי פארוקט די צײַטונג צוקאָפּנס. אים האָט זיך ניט געוואָלט, אז מע זאָל זי זען. ער האָט זיך געפילט זייער אָפּגעשוואַכט, ס'האָט אים געשווינדלט אין קאָפּ און ער האָט אײַנגעדרעמלט. ער איז געשלאָפן לאנג. אופגעכאַפּט האָט ער זיך מיט א פארשטיקט געשריי. ס'האָט זיך אים געכאָלעמט, אז ער איז צוריק אף דער „ווײַסער סאָפּקע".

„ניין, ניין, ווי קומט ער צו זײַן אין לאגער. ער איז דאָך געווען אין שלאַכט. ער איז דאָך פארווונדעט. ער ליגט דאָך אין פעלד־שפּיטאָל! אינגיכן, האָט געזאָגט דער דאָקטער, וועט ער זיך אומקערן צוריק אין טייל". — אלעקסיי האָט לײַכטער אָפּגעאָטעמט און אים האָט זיך פארוואָלט שוין איצט, טייקעף אָנשרײַבן עלקען.

אלעקסיי האָט זיך עטוואָס אופגעהויבן, געוואָלט בעטן באם סאניטאר, וואָס איז געזעסן אינמיטן „פּאלאטע" באם טישל, א בלײַפעדער מיט א שטיקל פּאפּיר. נאָר ס'האָט זיך געעפנט די טיר און אין „פּאלאטע" זײַנען ארײַן א הויכע פולבלעכע פרוי און א נידעריקער מאנצבל. דער סאניטאר איז אופגעשפּרונגען און זיך געלאָזט זיי אנטקעגן. זיי האָבן אויסגעהערט זײַן ראַפּאָרט, און דער מאנצבל האָט עפּעס אומצופרידן א בורטשע געטאָן.

דער סאניטאר איז אוועקגעלאָפן צום טישל, גענומען די פּאפּירן, וואָס זײַנען דאָרט געלעגן, און אוועקגעאײַלט צוריק צו זיי.

— ווער זײַנען עס? — האָט אלעקסיי א פרעג געטאָן בא דעם פארווונדעטן פּיסאר פונעם שטאב, וואָס איז געלעגן רעכטס פון אים.

— זי איז נאטשאלניק פונעם שפּיטאָל... א זעלטענע פרוי... און יענער... דער מאיאָר, איז דער אָסאָביסט, — האָט דער שאָכן שטיל געזאָגט, — א ביטערע ציבעלע... א וואָך, ווי ער איז אראָפּגעקומען, און ניט איינעם שוין אָנגעזאָלצן...

אלעקסיי האָט א קוק געטאָן אפן מאיאָר, וואָס האָט מיט לאנגזאמע טריט זיך דערנעענטערט צו דעם ווינקל, וווּ ער איז געלעגן, און איז מיטאמאָל בלייך געוואָרן.

„דעריוגין?.. נו יאָ... ער... זײַן געוועזענער אויספאָרשער"...

## קאפּיטל נײַן

ס'איז שוין אדורך העכער א וואָך זינט עלקע איז געווען אפן כוטאָר, און זעלדע האָט אלץ ניט געקאָנט קומען צו־ניך.

אפן שטערן האָבן זיך בא איר באוויזן נײַע קנייטשעלעך און די אויגן זײַנען געווען רויט און געשוואָלן פון וויינען דורך די נעכט.

פון פארטאָג ביז שפּעט אין אָוונט איז זי, ווי געווײנלעך, געווען אף די פיס. ניט גרינג איז געווען אין דער היץ דרײַ מאָל א טאָג מעלקן די בעהיימעס אף דער פערמע. און ווען זי האָט נאָר געהאַט פרײַע צײַט, האָט זי זיך געייסעקט אין שטוב, אפן הויף, פארנומען זיך מיט די קינדער, וועלכע זײַנען פאר אָט די טעג אינגאנצן צעבאלעוועט געוואָרן. זי האָט געקאָכט, געראַמט, גע־

וואַשן. געטאָן האָט עס זעלדע גיך, פלינקער ווי שטענדיק, נאָר שווײַגנדיק, מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ. מיט שעפטלען האָט זי פאַר אָט דער צײַט ניט אויסגערעדט קיין וואָרט.

שעפטל האָט פאַרשטאַנען, אַז ביז ער וועט איר ניט דערציילן, וועגן וואָס עלקע האָט גע־רעדט מיט אים, וועט זי זיך ניט באַרויקן. נאָר ווי האָט ער עס געקאָנט טאָן? עלקע האָט דאָך אים געבעטן קיינעם וועגן גאָרנישט ניט זאָגן.

זעלדעס אויסזען האָט אים פאַרשאַפן האַרצווייטיק, ער האָט זיך געסטאַרעט וואָס ווייניקער זײַן אין דער היים. אוועקגיין אַף דער אַרבעט פלעגט ער איצט נאָך פריִער ווי געוויינלעך און אומקערן זיך גאָר שפעט, ווען אַלע זײַנען שוין אין שטוב געשלאָפן.

פאַרטאָג פלעגט זעלדע צוגרייטן פאַר שעפטלען דעם פרישטיק און גלײַך אוועקגיין אַף דער פערמע.

מיטיק עסן פלעגט שעפטל אַהיים איצט ניט קומען. אַ שטאַרק פאַרברוינטער, אַ פאַרוואַק־סענער, אַ פאַרפּאָראָשעטער מיט שטויב און פּאָלאָווע, האָט ער פאַרטראָגן אַרומגעפּאַדעט איבערן ווייץ־פעלד, ווו מע האָט געדראָשן די טוווע. ער האָט זיך געזאָרגט, אַז דער ווייץ זאָל זײַן ריין דורכגעווייעט, די סטערטעס ריכטיק געווערשעוועט, אַז דער מיטיק פאַר די קאָלווירטניקעס זאָל גרייט זײַן צו דער צײַט, אין דייזשקע זאָל שטענדיק זײַן פריש וואַסער צום טרינקען. און נאָך פיל אַנדערע זאָרג האָט ער דאָ, באַ זיך אין בריגאַדע, געהאַט, און, זײַענדיק פאַרטראָגן דערמיט, פאַרגעסן אַ ביסל אָן די שטוב־דײַגעס.

שוין גאָר שפעט אין אָוונט פלעגט ער קומען אַהיים זייער אַ מידער און טרעפן אין קיך אַפן טיש צוגעגרייט דאָס עסן, איבערגעדעקט מיט אַ ריינעם האַנטעך.

געבעטן האָט זיך זעלדע באַזונדער אַף דער קורצער און האַרטער קאַנאַפּקע — אָן אַ קישן, אָן אַן אונטערבעט. געלעגן אַפן שטרויענעם סעניקל צונויפגעדרייט אין דעם אַנטאָן, איבערגע־דעקט מיט דער שוויגערס אַלטער שאַל.

מיט יעדן טאָג איז זעלדע אַלץ מער כוישעך געוואָרן. שעפטל האָט שוין פּאָשעט ניט געקאָנט צוזען, ווי זי מאַטערט זיך.

ער האָט באַשלאָסן הײַנט זיך אומקערן אַהיים פריִער, זיך דורכריידן מיט איר און מאַכן אַ סאָף צו אָט דעם בערויגעז.

ער האָט אָבער געמוזט זיך פאַרהאַלטן באַם אָפּשיקן אַ נײַע ברויט־וואָלקע צום עלעוואַטאָר. ווען ער האָט זיך אומגעקערט פון סטעפּ, איז זעלדע שוין געלעגן אַף דער קאַנאַפּע לעבן פאַנאַנ־דערגעעפנטן פענצטער און געדרעמלט.

שעפטלען האָט זיך געוואָלט צוגיין צו איר, זאָגן איר, אַז זי זאָל זיך לייגן אין בעט און ניט מאַטערן זיך, ניט דערגיין אומזיסט און אומנישט זיך און אים די יאָרן, נאָר ער האָט מוירע גע־האַט, אַז ווען ער וועט צוגיין צו איר, קאָן זי נאָך אופהייבן אַ געוויין און אופוועקן די קינדער.

שעפטל איז אַ ווײַל אומבאַהאָלפן געשטאַנען, מיט אַ שווער געמיט צוגעגאַנגען צום בעט און זיך גענומען אויסטאָן.

אין דעם ברייטן גוט־אויסגעבעטן ווייכן בעט האָט ער, ליגנדיק איינער אַליין, זיך געפילט אומהיימלעך און, ווי מיד ער איז ניט געווען, ניט געקאָנט אַנשלאָפן ווערן. ער האָט זיך צוגעהערט, ווי זעלדע קרעכצט שטיל צעצויגן, און פון יעדן קרעכץ אירן האָט שעפטלען, ווי מיט אַ נאָדל, אַ שטאָך געטאָן אין האַרצן.

„נו, וואָס האָב איך איר אַזוינס געטאָן, — האָט ער געפּרוווט זיך פאַרענטפערן פאַר זיך אַליין, — ניט דערציילט וועגן עלקעס איבערלעבונגען, וועגן די צאָרעס, וועלכע זי האָט... דערי־בער דאַרף מען אײַנלייגן אַזוי די וועלט?..״ — נאָר גלײַכצײַטיק האָט ער געפילט, אַז ס׳איז ניט גאָר אַזוי, אַז ער איז יאָ שולדיק פאַר זעלדען, ער איז באַגאַנגען אַן אוולע קעגן איר. דאָס, וואָס ער האָט ניט דערציילט וועגן עלקעס איבערלעבונגען, איז איין זאַך, אָבער וועגן דעם, אַז ער איז געווען באַ איר, זיך געזען מיט איר, האָט ער געדאַרפט זעלדען זאָגן גלײַך, ווי ער איז גע־קומען פון הולײַפּאָליע... פאַרוואָס זשע האָט ער איר ניט דערציילט? ער ווייסט אַליין ניט. מעגלעך, ווען זעלדע באַגעגנט אים דעמלט ניט מיט דער שרעקלעכער נײַס וועגן דער מילכאָמע, וואָלט ער איר געזאָגט. נאָר אַזוי, ווי ער האָט עס גלײַך ניט געטאָן, האָט ער נאָכדעם אַלץ אָפּגעלייגט אַף שפּעטער. — „גיי ווייס, אַז פון דעם וועט זיך באַקומען אַזאַ פאַרדרייעניש...״ שעפטל האָט זיך אופגעזעצט, זיך אײַנגעהערט. זעלדע האָט נאָך אַלץ געקרעכצט, נאָר שטילער, קוים־קוים, ווי מיט די לעצטע קויכעס.

ער איז אַראָפּ פון בעט, אַ באָרוועסער צוגעגאַנגען צו דער קאַנאַפּקע, אַף וועלכער זעלדע איז געלעגן, און פאָרזיכטיק זיך צוגעזעצט אַפן סאַמע ברעג.

זעלדע האָט העכער אַ צי אַרויף געטאָן די שאַל, זיך אָפּגערוקט און אויסגעדרייט מיטן פּאָנעם צו דער וואַנט.

שעפטל איז שווײַגנדיק געזעסן א ווײַלע און נאָכדעם זייער שטיל זי א רוף געטאָן:
— זעלדע...
זי האָט א טיפן קרעכץ געטאָן און גאָרנישט ניט געענטפערט.
— זעלדע... — האָט ער איבערגעכאַזערט.
זי האָט ווידער ניט געענטפערט. זי איז געלעגן, ווי א פארשטיינערטע, זיך קיין ריר ניט געטאָן.
— זעלדע... איך רייד דאָך צו דיר... — האָט ער מיט פארדרוס געזאָגט און זיך צוגערירט מיט דער האנט צו אירע האָר.
בא זעלדען איז אדורך א שטילער ציטער איבערן לײַב. זי האָט שוין לאנג געוואַרט אף דעם, געוואַרט, ער זאָל זי איבערבעטן, עס זאָל צעווייעט ווערן דער כשאַד, וואָס האָט, ווי א וואָרעם, זי געטאָטשעט און אָפּגעסאַמט דאָס לעבן.
— נו, זעלדע... וואָס מאַטערסטו זיך אומזיסט... קום... לייג זיך אין בעט...
זי האָט זיך נאָך מער צונויפגעקאָרטשעט, צוגעדריקט די הענט צום הארצן און ניט געענטפערט.
שעפטל איז געווען אין פארלעגנהײַט. פאר די אכט יאָר זינט זייער כאַסענע האָט ער זי נאָך קיינמאָל אזא ניט געזען און זיך ניט פאָרגעשטעלט, אז זי קאָן זײַן אזוי אײַנגעשפּאַרט.
— זעלדע... נו, קום... — האָט ער געפּרוּווט זי ארומנעמען.
— גיי אוועק... גיי אוועק פון מיר!.. — האָט זי אופגערעגט אויסגערופן.
— וואָס האָב איך דיר געטאָן אזוינס? — האָט שעפטל שטיל געזאָגט. ער האָט ניט געוואָלט, אז די מאַמע זאָל הערן.
— ווייניק? ס'איז דיר נאָך ווייניק?.. — האָט זי פארצווייפלט אויסגעשריִען.
פונעם ערשטן טאָג אָן פון זייער צוזאמענלעבן האָט זעלדע געגלייבט שעפטלען ווי זיך אליין. ס'איז איר קיינמאָל אפילע ניט געקומען אפן זינען, אז ער קאָן זי אָפּנארן, פארבײַטן אף אן אנדערער. דעריבער איז איצט דער ווייטעק בא איר געווען באזונדערס גרויס.
ניין, ניין... זי וועט עס אים קיינמאָל ניט מויכל זײַן... ווי קאָן זי לעבן מיט אים נאָך דעם, וואָס איז געווען צווישן אים מיט עלקען?.. וואָס זשע וועט זײַן מיט איר, מיט די קינדער?.. וואָס וועט זי טאָן?.. — זי איז איצט ניט אימשטאנד געווען אפילע טראכטן וועגן דעם.
— וועגן וואָס רעדסטו?.. כ'ווייס דאָך אפילע ניט, וועגן וואָס דו רעדסט, — האָט שעפטל זיך א בייזער געטאָן.
— ער ווייסט ניט. בעקיוון פארבליבן נעכטיקן אין הולײַפּאָליע... פארבליבן, קעדיי נעכ־טיקן בא איר... שיין... זייער שיין... א טאַטע פון פיר קינדער...
— ווער האָט סײַדן גענעכטיקט?.. וואָס זוכסטו זיך פון געפּייגערטע פערד פּאַדקעוועס...
— איז פארוואָס האָסטו ניט דערציילט, אויב אזוי?.. פארוואָס האָסטו אפילע ניט געזאָגט, אז דו ביסט געווען בא איר?.. פארוואָס האָסטו דאָס אויסבאהאַלטן פון מיר?..
שעפטל האָט זיך א קנייטש געטאָן. ער האָט ניט געוווּסט, וואָס צו ענטפערן. זאָגן איר דעם עמעס, האָט ער ניט געקאָנט. ער האָט געפּרוּווט עפּעס צוטראכטן, נאָר אפן זינען איז אים גאָר־נישט ניט געקומען.
— און נאָך וואָס... נאָך וואָס איז זי געקומען צו דיר?..
— וואָס הייסט נאָך וואָס? — האָט שעפטל עטוואָס אופגעהויבן דעם קאָפּ. — זי איז פּאָשעט געקומען... וואָסי, זי האָט ניט געטאָרט קומען אין כוטאָר...
— זי איז געקומען ניט אין כוטאָר... צו דיר איז זי געקומען... וועגן וואָס האָט איר זיך געסוידעט, וועגן וואָס?..
דאָס הארץ האָט בא זעלדען אומרויִק געטיאָכקעט. מער פאר אלץ האָט זי איצט, אין אָט דער מינוט, מוירע געהאַט פאר זײַן ענטפער, ווי פון דעם וואָלט באלאנגט איר ווײַטערדיק לעבן, דאָס לעבן פון זייערע קינדער, פון דער גאנצער שטוב זייערער... זי האָט געפאָדערט פון אים, ער זאָל איר דערציילן דעם עמעס, און אין דער זעלבער צײַט האָט זי מער פאר אלץ זיך גע־שראָקן פארן עמעס.
זעלדע איז געלעגן צונויפגעדרייט און שווער געאָטעמט. זי האָט געוואַרט... זי האָט דאָך געהאָפט, געוואָלט האָפן, אז ער וועט איר באלד זאָגן עפּעס אזוינס, פון וואָס זי וועט זיך סאָפּ־קאָלסאָף בארויִקן. איר וואָלט איצט, דוכט זיך, גענוג געווען, ווען ער זאָגט איר כאָטש צוויי ווערטער, אז צווישן אים און עלקען איז גאָרנישט ניט געווען. מער וויל זי גאָרניט.
נאָר שעפטל איז געזעסן אפן סאַמע ברעג קאַנאַפּקע ווידער מיט אן אראָפּגעלאָזטן קאָפּ און געשוויגן. און וואָס לענגער ער האָט געשוויגן, האָט זעלדע אלץ מער געפילט, אז זי עקט זיך מיטן לעבן.

— שוויַיגסט... האָסט ניט וואָס צו זאָגן?!

זעלדע האָט זיך האסטיק אופגעזעצט, אָנגענומען זיך מיט דער האנט אינעם בײַשטידל פונעם פענצטער. פלוצלינג האָבן זי פארלאָזט די קויכעס, זי האָט זיך צוריק אראָפּגעלאָזט אַף דער קאנאפּע, זיך אײַנגעגראָבן מיטן קאָפּ אינעם שטרויענעם סעניק און פארשטיקט אָנגעהויבן וויינען. שעפּטל האָט צעטראָגן זיך אופגעהויבן און איז ארויס פון שטוב.

„אָט האָסטו דיר אזא געשיכטע... אין אזא צײַט... אַף דער וועלט טוט זיך אזוינס... אזעלכע ביטערע סוואָדקעס... און זי... שוין בעסער ניט באַדארפט צוגיין צו איר"...

שעפּטל האָט זיך ארומגעדרייט אין איינע גרעט איבערן הויף. ער האָט געוואָלט ארײַן צוריק אין שטוב, נאָר זי קאָן דעמלט אָנהייבן וויינען נאָך שטארקער. עס פעלט נאָך, אז די שכיינים זאָלן דערהערן און זיך צונויפלויפן — וועט ער שוין אינגאנצן ניט קאָנען זיך ווײַזן אפן כוטאָר. ניט ארײַן — איז וויפל קאָן ער זיך אָט אזוי ארומדרייען? ער וואָלט אוועק אין סטעפּ, זיך צוגעלייגט דאָרט א ביסל אַף דער סטערטע, האָט ער מוירע איבערלאָזן זי אליין. מאלע וואָס. און דערצו ווי קאָן מען זיך לאָזן אין סטעפּ אין איינע גרעט. לעכאַטכילע ניט געדארפט זיך אויסטאָן, אָדער... ער ווייסט שוין אליין ניט, וואָס ער האָט געדארפט טאָן.

שעפּטל האָט א מידער געשפּאנט פון ברונעם ביזן פּאליסאדניק און צוריק.

„ווען עלקע זעט, ווי ער דרייט זיך איצט דאָ ארום, — האָט ער א טראכט געטאָן, — ווען זי זוייסט, וואָס עס טוט זיך בא אים אין שטוב פון יענעם טאָג אָן, זינט זי איז געווען דאָ"...

די לעצטע טעג האָט ער וועגן עלקען געטראכט ווייניקער. די דײַגעס, וואָס ער האָט געהאַט צוליב זעלדען, האָבן געדריקט אַף אים און דעריבער איז אים דער קאָפּ ניט געווען דערבײַ.

שעפּטלען איז דערעסן געוואָרן אָט אזוי־אָ, אָן א זין זיך ארומדרייען. ער איז צוגעגאנגען נעענטער צום פענצטער, זיך אײַנגעהערט: עפּשער האָט זי שוין אופגעהערט וויינען.

אין דער זעלבער מינוט האָט פון ערגעץ אין דער הייך זיך דערטראָגן אַן אַנוואַקסנדיק הודערײַ. די הודערײַ האָט זיך שנעל דערנעענטערט אהער. א באומרויִקטער האָט שעפּטל פּאַ־ריסן דעם קאָפּ צום גרויען הימל. דאָס הודען איז געוואָרן אַלץ שטארקער. איבער דעם שלאָפנדיקן כוטאָר האָבן מיט א דראָענדיק שארף געוויש זיך דורכגעטראָגן כוואַליעסווײַז איינע נאָך די אַנ־דערע צו עטלעכע פארניכטלער. די פארניכטלער האָבן דורכגעשניטן דעם הימל בליצשנעל, ווי זיי וואָלטן פארפאַלגט עמעצן, און באַלד פארשוווּנדן אין דער נאכט־פינצטערניש.

קנייטשנדיק דעם שטערן, האָט שעפּטל זיך צוגעהערט צו אָט דעם דראָענדיקן געוויש, וואָס האָט זיך דערוויַיטערט, און פארגעסן אָן די דײַגעס, וועלכע האָבן אים אָקאָרשט געמאַטערט.

„וואָס איז געשען... וווהין האָבן זיי זיך אזוי האסטיק אוועקגעטראָגן... צי האָבן זיך ניט באוויזן דאָ קיין דײַטשישע אַעראָפּלאַנען?.."

שעפּטל איז ארופגעקראָכן אפן שטאל, זיך אײַנגעקוקט, נאָר גאָרנישט ניט געזען. די גרוי־זאַמע פארניכטלער זײַנען שוין קאָנטיק געווען ווײַט. די הודערײַ איז אינגאנצן פארלוירן געגאנגען. שעפּטל איז אראָפּ פונעם שטאל און זיך געלאָזט גיין אין שטוב.

זעלדע האָט נאָך אַלץ געוויינט.

„וואָס טראכט זי זיך סאָפּקאָלסאָך... זיך ארײַנגענומען א מעשוגאַס אין קאָפּ"... — אלע אירע טײַנעס און די איבערלעבונגען אירע האָבן אים איצט אויסגעזען נאריש און נישטיק, און ער איז אַף אַן עמעס אין קאַס געוואָרן אַף איר. „אזא שרעקלעכע מילכאָמע... וויפל שטעט פארלאָזט... דערפער... וויפל לאנד... האָב און גוטס... און ער זיצט זיך דאָ אין כוטאָר בא דעם ווײַב לעבן קליידל און האָט צו טאָן מיט ווייסיך וואָס"...

מיט אַנטשיידענע טריט איז ער צוגעגאנגען צו זעלדען.

— האָסט כאָטש געהערט... האָסט געהערט, וויפל סאַמאָליאָטן עס זײַנען דורכגעפלויגן, — האָט ער אופגערעגט, עטוואָס פארשטיקט געזאָגט, — און דיר וואָס ליגט אין קאָפּ... עס גיסט זיך בלוט... טויזנטער ווערן דערהארגעט יעדן טאָג... אַף די סטאַנציעס... אַף די וואָקזאַלן, דערציילט מען, איז פול מיט בעזשענצעס... מע עוואַקויִרט זיך שוין פון קיִעוו... מע ווייסט ניט, וואָס מאָרגן וועט זײַן... וועגן א נײַער מאָביליזאַציע רעדט מען... און דו...

בא אנדערע אומשטענדן וואָלט ער איר עס ניט געזאָגט, באזונדערס וועגן מאָביליזאַ־ציע, קעדיי ניט מאכן איר שווער אפן הארצן. נאָר איצט איז דאָס געווען זײַן געווער, וויבאַלד ער האָט ניט געקאָנט מיט עפּעס אנדערש ווירקן אַף איר.

פון שעפּטלס ווערטער איז בא זעלדען פארקילט געוואָרן דאָס הארץ. ווי ס'איז איר די לעצטע טעג ניט ביטער געווען, האָט זי מער פאר אַלץ מוירע געהאַט, אז מע זאָל אים ניט צונעמען אַף דער מילכאָמע.

זעלדע האָט אופגעהערט וויינען. די קאנאפּקע האָט א סקריפּע געטאָן. זי האָט זיך אופגעזעצט און דערשראָקן אָנגענומען אים פאר א האנט.

שעפּטל האָט שוין איצט כאַראַטע געהאַט אַף דעם, וואָס ער האָט עס איר געזאָגט. ער האָט מיטאַמאָל דערפילט אַ ראַכמאָנעס צו זעלדען, און קעדיי זי זאָל זיך אופהערן מאַטערן, האָט ער דערציילט אַלץ וועגן עלקען, וועגן איר מאַן, וואָס איז שוין פיר יאָר ערגעץ אין אַ לאַגער און זי ווייסט אַפילע ניט ווו, וועגן איר טעכטערל, וואָס איז צו צוויי יאָר פאַרבליבן אָן אַ טאַטן, וועגן דער לאַגע, אין וועלכער עלקע געפינט זיך איצט, ווען זי איז געבליבן אָן אַרבעט (וועגן זײַנע געפילן צו איר האָט ער, פאַרשטייט זיך, גאָרנישט ניט געזאָגט). ער האָט דערציילט נאָך וואָס זי איז געקומען און וועגן וואָס זי האָט גערעדט מיט אים.

— וועגן טעכטערל האָט זי געבעטן... טאָמער וואָס, זאָלן מיר אין זינען האָבן סוועטקען...

— אוי, ווי איז מיר, ס'אַראַ אומגליק, — האָט זעלדע מיט האַרץ אויסגערופן, — פאַרוואָס האָסטו מיר דעמלט ניט דערציילט... ווען זי איז געווען דאָ... — האָט זעלדע זיך צוגעטוליעט צו אים.

שעפּטל האָט דערפילט איר הייסן אָטעם. ער האָט זי גענומען אַף די הענט און אַוועקגעטראָגן אין בעט.

נאָכן בערויגעז, נאָך די האַרץ-קלעמענישן איז אָט איצט, אין דער ערשטער מינוט פון איבערבעטן זיך, דאָס געפיל צו איר שטאַרקער געוואָרן, און פון דער באַרירונג צו איר קערפּער האָט אים פאַרכאַפּט דער אָטעם.

אים האָט זיך פאַרוואָלט איר זאָגן עפּעס גוטס, אַזוינס, וואָס ער האָט איר שוין לאַנג אָדער נאָך קיינמאָל ניט געזאָגט, נאָר ער האָט ניט געקאָנט איצט אַרויסברענגען קיין איין וואָרט. מיט דער ברייטער דלאָניע האָט ער איר געגלעט די האָר פון קאָפּ, דעם האַלדז, די אַקסלען.

— שעפּ-טל... — האָט זעלדע שטיל אַ קרעכץ געטאָן.

ס'האָט שוין גענומען טאָגן.

שעפּטל איז אופגעשטאַנען, אָפּגעזוכט אין פירהויז אַף דער ערד אַ קריגל מיט קאַלטן זויער-מילך און דורשטיק געכליאָפּטשעט, עס איז אים אַזש גערונען איבערן נאַקעטן האַלדז.

צוריק אין בעט האָט ער זיך שוין ניט געלייגט. ער איז אַ באַרוועסער אַרומגעגאַנגען, באַ-טראַכט די שטוב, די קינדערלעך, וועלכע זײַנען נאָך געשלאָפן, ווי ער וואָלט זיך אָקאָרשט אום-געקערט פון אַ ווײַטער רײַזע אַהיים...

זעלדע איז אויך גלײַך אופגעשטאַנען און, ווי זי וואָלט נאָך אַ שווערער קרענק פלוצלינג געזונט געוואָרן, אופגעלייגט-צופרידן גערעדט צו שעפּטלען, וועלכער האָט זיך געזעצט לעבן פענצטער גאָלן. זי האָט בעקיוון גערעדט אַף אַ קאָל. איר האָט זיך געוואָלט, קאַלזמאַן ער איז נאָך דאָ, קאַלזמאַן ער איז נאָך ניט אַוועק אין סטעפּ, זאָלן די קינדער זיך אופכאַפּן. ס'מאַכט ניט אויס, אויב זיי וועלן הײַנטיקס מאָל אופשטיין פריִער. איר האָט זיך געוואָלט, אַז זיי זאָלן זען דעם טאַטן אָט איצט דאָ, אין שטוב. ס'איז דאָך שוין העכער אַ וואָך, ווי זיי האָבן אים ניט געזען.

די קינדער זײַנען אָבער זיס געשלאָפן און אַפילע ניט געטראַכט זיך אופכאַפּן. זעלדע האָט נאָכאַמאָל עפּעס הויך געזאָגט און איז אַוועק אין קיך צוגרייטן פרישטיק פאַר שעפּטלען.

שעפּטל האָט גיך אָפּגעגאָלט די שטעכיקע באָרד, וואָס איז באַ אים אָנגעוואַקסן פאַר דער צײַט, זינט עלקע איז אַוועקגעפאָרן, נאָכדעם איז ער אַוועק צום ברונעם, לעבן וועלכן ער האָט באַנאַכט זיך אַרומגעדרייט, אַרויסגעצויגן אַ פולן עמער מיט קאַלטן וואַסער און גוט זיך אײַנגעוואַשן.

געגעסן האָט ער אײַליק, ווי ער וואָלט מוירע האָבן פאַרשפּעטיקן אין סטעפּ, און זעלדע איז די גאַנצע צײַט געשטאַנען לעבן טיש מיט אַזאַ אויסזען, פּונקט ווי זי וואָלט זיך געפילט שולדיק פאַר אים.

— שעפּטל... איך בעט דיך... זאָלסט הײַנט... דו הערסט... זאָלסט קומען עסן מיטיק... — האָט זי שטיל געזאָגט.

— גוט, — האָט שעפּטל קורץ געענטפערט.

— קום הײַנט כאָטש צו דער צײַט... וועלן מיר עסן צוזאַמען מיט די קינדער...

— כ'האָב דאָך שוין געזאָגט. כ'ל קומען... — ער האָט זיך אופגעהויבן, גענומען די אָפּגע-בליאַקעוועטע קעפּקע און אַוועק.

זעלדע איז אַרויס נאָך אים, באַגלייט ביז דער קאַליטקע.

זי האָט פאַרזאָרגט אים נאָכגעקוקט. עפּעס האָט זי נאָך געוואָגט. זי האָט אַליין ניט געוווּסט וואָס. און מיטאַמאָל זיך דערמאָנט: ער האָט גערעדט וועגן אַ נײַער „מאָביליזאַציע"... זי האָט מוירע געהאַט איצט אַפילע טראַכטן וועגן דעם, נאָר דאָס האָט זי שוין צורו ניט געלאָזט. איר האָט זיך געוואָלט פרעגן באַ אים, פון ווענען האָט ער עס געהערט, נאָר דאָס מויל האָט זיך באַ איר ניט געעפנט.

— שעפטל... — האָט זי דאָך זיך אָנגערופן, ווען ער איז שוין ארויס פון הויף.
— וואָסי? — האָט שעפטל, פאַרהאַלטנדיק זיך, א פרעג געטאָן.
— ניין, גאָרניט... גאָרניט... — האָט זעלדע געזאָגט און אוועקגעײַלט צוריק אין הויף.
שעפטל האָט געזען, אז זי האָט געוואָלט אים עפּעס זאָגן, נאָר ער האָט זיך שוין ניט אומ־געקערט און ניט איבערגעפרעגט, וואָס זי וויל.

דעמלט, אין יענער מינוט, ווען ער האָט זי איבערגעבעטן, איז ער גרייט געווען טאָן פאַר איר אַלץ, וואָס זי זאָל ניט וועלן, אבי נאָר זי זאָל זיך בארויִקן. נאָר איצט, ווען ער האָט זי שוין געהאַט איבערגעבעטן, איז אים שווער געוואָרן אפילו אירע זאָרג וועגן אים. אפן געדאַנק איז אים איצט ווידער גלײַך געקומען עלקע...

„וואָסי מיט איר? ס'איז דאָך שוין העכער א וואָך, זינט זי איז געווען דאָ... צי איז פאַר אָט דער צײַט מיט איר כאָטש גאָרנישט ניט געשען“...

אין קאַלווירט־הויף האָט שעפטל אײַנגעשפאַנט דעם הינגסט אין דער בעדאַרקע און אוועק־געפאָרן אין אופוואַכנדיקן פאַרטאָגיקן סטעפּ, ווו מע האָט הײַנט באַדאַרפט פאַרענדיקן דרעשן דעם ווייץ.

ווען ער איז שוין געווען אַרוף בערגל, האָט ער מיט בענקשאַפט זיך פאַרקוקט אף דעם הולײַפּאָליער שליאַך און מיטאַמאָל א טראַכט געטאָן, אז מאָרגן וועט ער גאָר מיט דער ברויט־וואָלקע צופאָרן קיין הולײַפּאָליע, ער דאַרף דאָך סײַווי זײַן דאָרט אין עמטעס און פאַריינס וועט ער כאָטש אף עטלעכע מינוט זיך אַראָפּכאַפּן צו עלקען, זיך דערוויסן, וואָס איז מיט איר...

פון דעם געדאַנק אַליין איז ער געוואָרן אומרויִקער, זיך אומגעקוקט אַהינטער און אומדער־וואַרט דערזען, ווי לענגויס דעם סטאַוואָק גייט זעלדע מיטן מעלק־שעפל אין האַנט צו דער פעֶרמע. און ווי ער וואָלט זיך איצט ווידער דערפילט שולדיק פאַר איר, האָט ער פאַרהייבן די בײַטש אין דער הייך און א פײַף געטאָן מיט איר איבערן אונטערטאַנצנדיקן הינגסט, סאַמע איבער זײַנע אָנגעשפּיצטע אויערן...

## קאַפּיטל צען

נאָך דעם אינדערפריִיקן ערשטן געמעלק האָט זעלדע אָנגעריסן אף דער לאָנקע, ניט ווײַט פון דער פעֶרמע, א פולן פאַרטעך מיט פרישן צאָמבער און קאַלערליי שאַרף־שמעקנדיקע סטעפּ־קווייטן, קעדיי פאַרשפּרייטן דעם דיל אין שטוב. איר האָט זיך זייער געוואָלט צוקלײַבן די שטוב ביז שעפּטל וועט קומען עסן מיטיק, אזוי ווי ער האָט ליב. נאָך באַם איבערזײַען דאָס מילך האָט זי, סטאַרענדיק זיך ניט ארויסווײַזן איר אומרויִקײַט, פאַרזיכטיק א פרעג געטאָן בא די מעלקערנס, צי האָבן זיי געהערט ריידן עפּעס וועגן א נײַער מאָביליזאַציע.

קיינער פון זיי האָט גאָרנישט ניט געהערט, און זעלדען האָט עס בארויִקט. אהיים האָט זי זיך אומגעקערט מיט א גרינג הארץ, מיט אזא געפיל, ווי ס'וואָלט זי דערוואַרט הײַנט, נאָך אַלע אירע איבערלעבונגען, א ביסל נאַכעס.

באַקומען האָט זיך אָבער ניט אזוי. דער טאָג האָט זיך שוין פון אינדערפרי אָן אָנגעהויבן מיט נײַע דײַגעס און זאָרג. ווען זעלדע איז געקומען פון דער פעֶרמע און נאָר געעפנט די טיר פון דער שטוב, האָט זי דערהערט א גוואַלד. די שוויגער האָט מיט די דאַרע ציטערנדיקע הענט אַראָפּגעצויגן פון דער פאַרוויינטער טײַבעלען דאָס דורכגעווייקטע קליידעלע, וואָס איז געווען צוגעקלעפּט צום לײַב, און האָט מיט טויטע קלאַפּס געשאָלטן קורטן.

— אזא ווירע־דאַק... אזא ניוועניק... כײַ וואָלט ער, גאַטעניו, געגעזיקט געוואָרן איידער זי האָט אים איבערגעלאָזט דאָ אף מײַן אַלטן קראַנקן קאָפּ... קרענקען זאָל ער צוזאַמען מיט היטלערן... נא, האָב פאַרגעניגן, — האָט זי בייז א קוק געטאָן אף זעלדען, — זע, וואָס ער האָט געטאָן מיטן קינד...

— וואָס איז מיט דיר, טײַבעלע? — האָט זעלדע געכאַפּט דאָס קינד אף די הענט, — וואָס איז דאָ פאַרגעקומען?..

— קורט האָט... קורט האָט געמאַכט אף מיר א רעגן, — האָט טײַבעלע, וואָס איז נאָך געווען איבערגעשראָקן פון דער באָבעס געשריי, געכליפּעט.

— קורט?.. פאַרוואָס?.. פאַרוואָס האָט ער דאָס געטאָן? — האָט זעלדע אופגערעגט געפרעגט, ארומווישנדיק זי מיט א האַנטעך.

— דערפאַר, ווײַל... ווײַל איך האָב געוואָלט גיכער וואַקסן...

— וואַקסן?.. וואָס וואַקסן? ווען וואַקסן?.. — זעלדע האָט ניט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, וואָס דאָ איז געשען.

און געשען איז אָט וואָס: באַלד ווי זי איז אוועק אַף דער פּערמע, האָבן די קינדער זיך פאַר־קליבן אין פּאַליסאַדניק און געשפּילט לעבן די מאַלוועס.

— פון וואָס זײַנען די קווייטן אַזוי הויך אויסגעוואַקסן, — האָט טײַבעלע, פאַרהייבנדיק דאָס קעפּל מיט די שטאַרצנדיקע צעפּלעך צו די ראָזלעכע און ווײַסע בלומען, געפרעגט.

— פונעם רעגן, וואָס איז געגאַנגען, — האָט געזאָגט דער שכיינעס מיידעלע.

— וואָסי, דער רעגן האָט פיס, וואָס ער איז געגאַנגען? — האָט טײַבעלע זיך צעלאַכט.

— וואָס פאַרשטייסטו ניט, — האָט קורט געזאָגט, — ס׳האָט געגאָסן אַ רעגן, דערפאַר איז עס אויסגעוואַקסן.

— און אַז דער רעגן וועט מיך באַגיסן, וועל איך אויך גיך אויסוואַקסן?

— אַהאַ, נאָך וויאַזוי!.. איך שטעל זיך שטענדיק מיטן קאָפּ אונטערן רעגן, דערפאַר וואַקס איך גיך...

— איך וויל אויך, — האָט טײַבעלע אויסגעשריִען. — עס גייט דאָך אָבער קיין רעגן ניט...

— איך קען אַליין מאַכן אַ רעגן. ווילסט?

— איך וויל, — האָט טײַבעלע אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

קורט האָט אויסגעגראָבן אַ גריבל, אוועקגעשטעלט טײַבעלען אַהין, פאַרשאָטן אירע באָר־וועסע פיסלעך מיט ערד, ווי מע פאַרשיט אַ געוויקס באַם פאַרפלאַנצן, אָנגענומען אַ קריגל וואַסער פון דער דייזשקע, וואָס איז געשטאַנען דערבײַ אונטער דעם ווײַנשלבוים, און אָנגעהויבן גיסן דורך דעם צעבראָכענעם דרושלאַק טײַבעלען אַפן קאָפּ.

— זעסט, אַ?.. אָן עמעסער רעגן!..

— אוי, — האָט טײַבעלע אַ ציטער געטאָן, ווען דאָס וואַסער האָט גענומען רינען באַ איר איבערן לײַב. — אוי, אוי!..

— שטיי. מע טאָר זיך ניט רירן פון אָרט. דעמלט וועסטו וואַקסן... דאָס איז נאָך אַ קליי־נער רעגן. איך וועל מאַכן אַ גרעסערן.

ער האָט אָנגענומען אין קריגל וואַסער נאָכן אַנדערן און געגאָסן אַף טײַבעלען.

טײַבעלע איז שוין געווען אײַנגאַנצן נאַס. דאָס רויטע קליידעלע אין ווײַסע אַרבעסלעך האָט זיך צוגעקלעפּט צו איר דאַרינקן לײַב, די דורכגעווייקטע צעפּלעך זײַנען אַראָפּגעהאַנגען ווי שנירלעך, פון פּאָנעם האָט באַ איר געקאַפּעט, ווי זי וואָלט ווירקלעך געשטאַנען אונטער אַ רעגן.

— איך בין שוין אַ ביסל אויסגעוואַקסן? — האָט זי געפרעגט, פּרווונדיק אַרויסציִען דאָס נאַסע פיסל פון דער בלאָטע.

— וואַרט, איך וועל נאָך רעגענען, — האָט קורט פאַרהייבן דאָס פולע קריגל מיט וואַסער.

צופעליק האָט די אַלטע געכאַפּט אַ קוק דורכן פענצטער און אופגעהויבן אַזאַ געשריי, אַז די קינדער, איבערגעשראָקענע אַף טויט, זײַנען זיך צעלאָפן, ווי די שפּערלעך, אין אַלע זײַטן און נאָר אין טײַבעלע איז געבליבן שטיין מיט די פיסלעך אין דער בלאָטע. די באָבע האָט זי מיט גוואַלד אוועקגעפירט אין שטוב.

— וויפל איז עס דער שיר צו לײַדן פון אים, — האָט די אַלטע געטײַנעט, — ער האָט דאָך, לאָזט זיך אויס, אַ מומע אין זאָנענטאַל... פאַרוואָס פירסטו אים ניט אַף צו זײַן מומען... וואָס האָט איר צו מײַן לעבן...

— ס׳וועט זיך מאַכן אַ פור, וועל איך אים אָפּפירן, — האָט זעלדע געזאָגט. זי האָט איבער־געטאָן טײַבעלען אין אַ ריין קליידעלע און געלאָזט זי גיין זיך שפּילן אין הויף.

— ווען זשע וועט זיך עס מאַכן? אַז איך וועל שוין ליגן אונטערן בערגל אַפן בעסוילעם?.. ווערמען אַרט עס?.. ווערמען גייט עס אָן?..

— כ׳ל אָפּפירן... ס׳ איז דאָך אַהין דרײַסיק ווערסט עפּשער... נו, נאָך אַ פּאָר טעג... ווי נאָר עס וועט גיין אַ פור, וועל איך אים אָפּפירן... — האָט זעלדע זיך געסטאַרעט זי באַרויִקן. נאָר די אַלטע האָט זיך שוין באַרויִקן ניט געקאָנט. זי איז נאָכגעגאַנגען זעלדען און ניט אופגעהערט צו וואָרטשען.

— שוין וויפל טעג, אַז איך האָב, נאָר דאַנקען דעם אייבערשטן, זיך דערוווּסט, אַז ער האָט אַ מומע און איך בעט זיך — פירט אים אָפּ צו איר... פירט אָפּ דאָס דײַטשל... וויפל איז דער שיר האַלטן באַ זיך אין שטוב אַ קעסטקינד, וואָס פרעסט פאַר דרײַען... אַ פולע שיסל מיט קאַרטאָפּל הײַנט אופגעפרעסן... גיי זיי פאַר אים, גיי גראָב, גיי האָרעווע... איך פאַרגין זיך ניט, און ער...

דער אַלטערס רייד האָבן געשניטן זעלדען איבערן האַרצן. זי האָט עס ניט געקאָנט אַריבער־זראָגן. טאָמער האָט קורט אופגעגעסן עטלעכע קאַרטאָפליעס, הייסט עס שוין באַ איר „אַ פולע זיסל“... און זי אַליין פאַרגינט זיך ניט... פאַרוואָס פאַרגינט זי זיך ניט? וואָסי, ס׳איז סײַדן ניטאָ, י עמעצער זשאַלעוועט איר?.. ווי קאָן אַ מענטש גאָר ריידן אַזוי...

זעלדע האָט געפילט, אַז אָט־אָט וועט זי ניט אויסהאַלטן און ענטפערן דער אַלטער, אָבער, ווי שטענדיק אין אַזעלכע פאַלן, האָט זי פאַרביסן די ליפּן. „גיב, גאָט, געדולד, — האָט זי אין זיך געטײַנעט, — גיב, גאָט, געדולד".

שעפּטל איז געקומען אַהיים אין דער סאַמע היץ.

זעלדע האָט אים דערזען דורכן קיך־פענצטער, ווען ער האָט פאַרקערעוועט צום הויף די בעדאַרקע, און זיך דערפרייט, פּונקט ווי אין די ערשטע טעג נאָך זייער כאַסענע. זי האָט אינדער־גיך אויסגעווישט די הענט אינעם פאַרטעך און אַרויס אים אַנטקעגן.

שעפּטל איז שווײַגנדיק אַרײַן אין שטוב. ער האָט אויסגעזען זייער מיד. דאָס רויטע פאַר־פאַליעטע פּאָנעם איז באַדעקט געוועזן מיט שטויב, באַזונדערס אונטער די אויגן און באַביידע זײַטן נאָז, די ליפּן זײַנען געווען איבערגעטריקנט און צעשפּאָלטן.

— כ'זאָל שוין גרייטן צום טיש אָדער וועסט זיך אָפּרוען אַ ביסל?.. — האָט זעלדע שטיל געפרעגט, דערלאַנגענדיק אים אַ קריגל קאַלט וואַסער אַף אײַנוואַשן זיך.

— אַ?.. — האָט ער פאַרזאָרגט איבערגעפרעגט.

שעפּטל איז געווען דערצאָרנט. ערשט ניט לאַנג, ווען ער איז דורכגעפאָרן דעם האַרמאַן, האָט ער זייער רויִק געזאָגט לייע־דוואָסיען, אַז זי זאָל אוועקלייגן אַף אַן אָרט די האַראַבליע, וועלכע זי האָט אַ וואָרף געטאָן, האָט יענע געעפנט אַף אים אַזאַ פּיסק, אַז ס'איז אים אַ ביזאָיען געווען פאַר די מענטשן, וואָס זײַנען געשטאַנען דערבײַ.

ווען ער האָט געהאַט שוין היפּש אָפּגעפאָרן, האָט ער נאָך געהערט, ווי זי האָט געשריִען:

— ער גייט מיך לערנען, קוקט אים נאָר אָן, וווהין איך זאָל אוועקלייגן די האַראַבליע... ווו איכל ווילן, וועל איך לייגן... מײַן מאַן גייט דאָרט אַפּ אַף דער מילכאָמע מיט בלוט, און ער קאָ־מאַנדעוועט דאָ, מיט די ווײַבער קאָמאַנדעוועט ער... אַהין אַפן פראָנט זאָל ער גיין קאָמאַנ־דעווען...

אירע ווערטער זײַנען, ווי שאַרפע שטיינער, אים נאָכגעפלויגן און אין דער מינוט האָט זיך אים געדוכט, אַז ניט נאָר זי, נאָר אַלע ווײַבער, וואָס זײַנען פאַרבליבן דאָ אָן מענער, אַלע סאָל־דאַטקעס, וואַרפן אין אים אָט די שטיינער...

זעלדע איז געווען אַזוי פאַרטראָגן, אַז זי האָט גאָרנישט ניט באַמערקט אַף שעפּטלען. זי איז אַרויס אין הויף און צווישן די זונרויזן אָפּגעזוכט די קינדער.

— דער טאַטע איז געקומען, — האָט זי אַ פריילעכע זיי אַ רוף געטאָן.

עסטערקע און טײַבעלע זײַנען באַלד פאַרסאָפּעטע אַרײַנגעלאָפן אין שטוב און זיך אָנגע־האַנגען אַף שעפּטלען.

פאַר דער גאַנצער צײַט, וואָס האָט זיך געצויגן זעלדעס בערויגעז, האָט שעפּטל ניט געזען די קינדער און זיך שטאַרק אויסגעבענקט נאָך זיי. באַזונדערס איצט האָט ער דערפילט אַ באַדער־פעניש צוטוליען זיי צו זיך, איצט, ווען ס'איז אים, נאָך דער געשיכטע אַפן האַרמאַן, אַזוי שווער געווען אַפן האַרצן.

שעפּטל האָט מיד זיך אַראָפּגעלאָזט אַף דער באַנק און אוועקגעזעצט די קינדער צו זיך אַף די ברייט־פאַנאַנדערגעשטעלטע קני.

— טאַטע... טאַטע... — האָט טײַבעלע אים אַרומגענומען, — דו ווייסט, טאַטע... די מאַמע האָט נאָך אינדערפרי געזאָגט, אַז ווען דו וועסט קומען, וועלן מיר אַלע צוזאַמען עסן מיטיק...

— נו, גוט, — האָט שעפּטל געזאָגט, — און ווו זשע איז שמועלקע?

— ער וועט שוין קומען...

— און קורט ווו איז?

טײַבעלע האָט אַ קוק געטאָן אַף עסטערקען מיט אַזאַ בליק, ווי זי וואָלט געבעטן גאָרנישט ניט דערציילן.

— טאַטע, דו ווייסט, וואָס די מאַמע האָט הײַנט אָפּגעקאָכט? — האָט זי זייער הויך, ווי פאַר־שרײַענדיק עפּעס, אויסגערופן. — אַ שטשאַוועל־באָרשטש און אַ מערן־צימעס און וואַרעניקעס פון ווײַנשל...

— מיר האָבן אַלע־אַלע געוואָרט אַף דיר, — האָט עסטערקע אַרומגעכאַפּט דעם טאַטן מיט די הענטלעך.

זעלדע האָט אַ פאַרשמײַעטע, ווי הײַנט וואָלט געווען אַ באַזונדערס ליבער טאָג אין איר לעבן, גיך געגרייט צום טיש.

— נו, גיי, שעפּטל... גייט, קינדער, זעצט זיך, — האָט זי מיטן פאַרטעך אויסגעווישט די בענקלעך.

— און די מאַמע... — האָט שעפּטל זיך אויפגעהויבן. — זי האָט שוין געגעסן?

— נו, ווי רעכנסטו?.. זי האָט אָפּגעגעסן און זיך צוגעלייגט...
— ווו זשע איז שמועלקע?
— איך וועל אים שוין א רוף טאָן.
— רוף זשע קורטן אויך.
— דו ווייסט, שעפּטל, — האָט זעלדע עטוואָס פארלוירן געזאָגט, — כ'רעכן די טעג אים אָפּפירן צו זײַן מומען אין זאַנענטאל... ער האָט דאָך א מומע... די מאמע איז געדערעכט...
— וואָסי, ס'האָט שוין עפּעס געטראָפן?
— ניין, גאָרניט... ס'האָט גאָרניט געטראָפן. — זעלדען האָט שוין פארדראָסן, וואָס זי האָט איצט גאָר פארפירט א רייד וועגן דעם, און גענומען גיך דערלאַנגען צום טיש.
שעפּטל האָט געפילט, אז זעלדע וויל אים עפּעס ניט דערציילן, נאָר מער האָט ער ניט געפרעגט און א פארזאָרגטער זיך געזעצט צווישן עסטערקען און טײַבעלען באם טיש. ס'איז אים געווען שווער. ער האָט אַלץ ניט געקאָנט פארגעסן אָן דעם, וואָס עס איז דאָ ניט לאַנג פארגעקו־מען אפן הארמאַן. לייע־דוואָסיעס ווערטער האָבן אים געפּאטערט די שטימונג און אים האָט זיך שוין ניט געוואָלט עסן. קעדיי אָבער ניט פארשאַפן זעלדען קיין אגמעסנעפעש, האָט ער צוגערוקט נעענטער צו די קינדער און צו זיך די טעלער מיטן קאלטן באָרשטש און, ניט דערוואַרטנדיק זיך אף שמועלקען און קורטן, גענומען זיך פארן לעפל. ער האָט געדאַרפט זיך צווײַלן. ער האָט זיך דאָך צוגעכאַפּט אהיים אף א ווײַל, קאַלזמאַן די קאָלווירטניקעס האָבן אפן סטעפּ נאָכן מיטיק א ביסל אָפּגערוט.
ווען מע האָט אָפּגעגעסן, האָט שעפּטל זיך אופגעהויבן און מיטאמאָל דערזען בא דער שוועל שמועלקען. ער איז געווען אינגאנצן צעבײַלט. די נאָז בלוי און געשוואָלן, די ליפּן צעבלוטיקט. דאָס נײַע העמדל, וואָס זעלדע האָט אים הײַנט אָנגעטאָן, איז געווען צעריסן פונעם קאָלנער ביז אראָפּ.
— אוי, ווי איז מיר, — האָט זעלדע אויסגעשריִען, — וואָסי, קינד מײַנס?.. וואָס איז גע־שען מיט דיר?.. — זי האָט צעטומלט געכאַפּט דעם האנטעך, אײַנגענעצט אין עמער מיט וואסער און א דערשראָקענע זיך געלאָזט צו אים.
— וואַרט צו... — האָט שעפּטל זי לײַכט פארהאלטן מיט דער אויסגעשטרעקטער האנט. ער איז מיט פּאמעלעכע טריט צוגעגאנגען גאָר נאָענט צו שמועלקען.
— ווער האָט דיר צעבײַלט דאָס פּאָנעם? — האָט ער אָנגעכמורעט געפרעגט.
שמועלקע האָט נידעריקער אראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.
— מיט וועמען האָסטו זיך געשלאָגן, א?
דאָס ייִנגל האָט געסאָפּעט מיט דעם בלוי־געשוואָלענעם נעזל און געשוויגן.
— איך פרעג דאָך בא דיר... ווו ביסטו געווען?.. מיט וועמען האָסטו זיך געשלאָגן?.. וואָס שווײַגסטו?.. — איז שעפּטל אופגעקאָכט געוואָרן און אראָפּגעלאָזט אים א פראסק איבער דער באַק.
— אוי, שעפּטל... וואָס טוסטו... דאָס קינד דיכעט דאָך קוים... האָב ראַכמאָנעס, — האָט זעלדע אויסגערופן.
— מיש זיך ניט, — איז שעפּטל געוואָרן נאָך מער אופגעקאָכט, — א ראכמאָנעס וועט זײַן אף אים, ווען ער וועט אויסוואקסן א הינטשלעגער, אָט דעמלט וועט זײַן א ראכמאָנעס...
— פארוואָס שווײַגסטו?.. פארוואָס ענטפערסטו ניט?.. — האָט שעפּטל אראָפּגענומען דעם אלטן צערעפּעטן פּאס פון די הויזן.
— שעפּטל... איך בעט דיך... שלאָג בעסער מיך...
שעפּטל איז געווען אויסער־זיך פון שמועלקעס אויסזען און גרייט געווען דעם גאנצן קאס איצט אויסלאָזן צו אים.
— ענטפער שוין, די מינוט, דו הערסט?.. ווער האָט עס... מיט וועמען האָסטו זיך גע־שלאָגן? — האָט שעפּטל פארהייבן דעם רימען.
— מיט... מיט זו... זוזיקן... — האָט שמועלקע, קוים באוועגנדיק מיט די געשוואָלענע ליפּן, פארשטיקט ארויסגערעדט.
— מיט זוזיקן? פארוואָס האָסטו זיך געשלאָגן מיט אים?.. פארוואָס האָט ער דיר צעקאליע־טשעט דאָס פּאָנעם? צעריסן אף דיר דאָס נײַע העמדל?
שמועלקע האָט געקוקט אף דער ערד און ניט געענטפערט.
— פארוואָס, פרעג איך דיך, — שעפּטל איז ארײַן אין גרימצאָרן און א שמיץ געטאָן מיטן רימען שמועלקען איבערן לײַב, — רייד, אויב ניט וועל איך שינדן פון דיר פּאסן...
— בארויִק זיך, שעפּטל... וואָס טוסטו?.. — האָט זעלדע אָנגעכאַפּט דעם רימען.
— מיש זיך ניט, האָב איך געזאָגט, — האָט שעפּטל אויסגעשריִען און זעלדע איז אָפּגע־טראָטן, — פארוואָס ביסטו געקראָכן זיך שלאָגן מיט אים, פארוואָס פרעג איך דיך!..

— דערפאַר... — האָט שמועלקע, ניט אופהייבנדיק דעם קאָפּ, א בורטשע געטאָן.
— פאַרוואָס דערפאַר?..
— דערפאַר... ווײַל... דערפאַר... וואָס ער האָט זיך געריייצט...
— און אַז ער האָט זיך געריייצט מיט דיר, דאַרפסטו קריכן זיך שלאָגן מיט אים, אַ? — האָט שעפטל ווידער פאַרהייבן דעם רימען.
— וועגן דיר... וועגן דיר האָט ער זיך געריייצט... אַז זײַן טאַטע... זײַן טאַטע איז אַף מיל-כאָמע... און דו... — שמועלקע האָט קוים גערעדט, ווי ער וואָלט זיך געשטיקט מיט די ווער-טער, — און אַז דו... — און מיטאַמאָל זיך צעוויינט הויך אַפן קאָל.
שעפטלען האָט א שלאָג געטאָן א היץ אין פּאָנעם און ער איז מיט שווערע טריט ארויס אין דרויסן. ס'איז אים א ביזאָיען געווען זײַן איצט בא זיך אין שטוב. א ביזאָיען פאַר די קינדער און א וויטעק פאַר שמועלקען, וואָס ער האָט אים אומזיסט געשלאָגן.
שעפטל האָט זיך געזעצט אַף דער אָנגעוואַרעמטער פון זון בעדאַרקע און אוועקגעפאַרן אין סטעפּ. די מיט גראָז פאַרוואַקסענע גאַס איז ער דורכגעפאָרן גיך מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. ער האָט זיך געפילט שולדיק פאַר זוזיקן און פאַר די איבעריקע קינדער פונעם כוטאָר, וואָס ער איז דאָ, אין דער צײַט, ווען זייערע טאַטעס זײַנען דאָרט אַף דער מילכאָמע...
„מע דאַרף וואָס גיכער פאַרענדיקן מיטן דרעשן, — האָט ער פאַרדײַגעט געטראַכט. — און טאָמער וועט מען ביז יענער צײַט מיך ניט רופן, וועל איך אליין... פרײַוויליק וועל איך אוועקגיין“...
די זון האָט נאָך אַלץ שטאַרק געסאַרפּעט. ס'האָט געפּאַרעט אַף א רעגן.
ווען שעפטל איז צוגעפאָרן צום האַרמאַן, האָט מען גלײַך זיך ווידער געשטעלט דרעשן.
צו פאַרנאַכט צו איז דער הימל צוביסלעך פאַרלאָפן געוואָרן מיט וואָלקנס. אין סטעפּ איז געוואָרן טונקעלער און ס'האָט אָנגעהויבן רעגענען. דער רעגן איז אַוועק זייער דריבנע און שטיל, ווי ער וואָלט זיך געקליבן גיין אָט אַזוי אַן אופהער א גאַנצע נאַכט...
מע האָט אָפּגעשטעלט די דרעשמאַשין, באַדעקט מיט ברעזענטן דעם ווייץ און די קאַלווירט-ניקעס האָבן זיך געלאָזט אַראָפּ בערגל צום כוטאָר. זיי האָבן געײַלט אַהיים. באַלד האָט ראַכמיִעל שוין געדאַרפט ברענגען די פּאָטשט.
די, וועלכע זײַנען געווען פון פריִער אין דער היים, זײַנען שוין געשטאַנען בא די אָפענע טירן, אונטער די סטרעכעס, בא די פענצטער און אַרויסגעקוקט מיט אומגעדולד צום עק גאַס. זינט ס'האָט זיך אָנגעהויבן די מילכאָמע, האָט מען יעדן אָוונט אַף קיינעם אַזוי ניט געוואַרט, ווי אַף דעם אַלטן ראַכמיִעלן. נאָר זעלדע האָט יעדן אָוונט, ווען ראַכמיִעל האָט געדאַרפט קומען, שטאַרק איבערגעלעבט. ס'האָט בא איר געציטערט דאָס האַרץ, צי טראָגט ער ניט קיין פּאָוועסטקע פאַר שעפטלען.
זי האָט קוים מיט צאָרעס אָפּגעזוכט קורטן, וואָס איז געלעגן באַהאַלטן, טיף פאַרנוראַעט הינ-טער דעם סטויג היי, אוועקגעפירט אים פאַר דער האַנט אין שטוב און אָנגעהאָדעוועט אים מיטן מיטיק, וועלכן זי האָט פאַר אים איבערגעלאָזט. נאָכדעם האָט זי ווידער געלייגט א קאַלטן קאָמ-פרעס שמועלקען אַפן פּאָנעם, צוגעגאַנגען ניט דרייסט צום פענצטער און דערזען, אַז אַף דער מיט גאַס שטייען פיל און פול מענטשן אַרום ראַכמיִעלן און, ניט געקוקט אַפן רעגן, גייט מען זיך ניט פאַנאַנדער.
זעלדע האָט אַרופגעוואָרפן אַף זיך שעפטלס אַלטן פּידזשאַק און אַרויסגעלאָפן פון שטוב.
דער אוילעם איז געוואָרן אַלץ גרעסער. מען איז געשטאַנען פאַרומערט-דערשלאָגן אונטער דעם נודנעם רעגן און שטיל גערעדט צווישן זיך.
— וואָסי געשען? — האָט זעלדע קוים איבערגעכאַפּט דעם אָטעם.
— אוי, פרעג בעסער ניט, — האָט העניע-ריווע זיך פאַנאַנדערגעכליפּעט, — א פּאָכאָראָנע... יאַסקע, דאָבע פּיסקונס איז אַף דער מילכאָמע דערהאַרגעט געוואָרן... ווײ איז דער מאַמען זײַנער...
— יאָסקע?! — האָט זעלדע, כאַפּנדיק זיך מיט די הענט באַם האַרצן, אויסגעשריִען.
— שאַ, אַן גייט דאָך דאָבע אַהער...
— זי ווייסט נאָך ניט?..
— פונוואַנען זאָל זי, נעבעך, וויסן...
דער אַלטער ראַכמיִעל, אײַנגאַנצן א דורכגעווייקטער, האָט אומבאַהאָלפן זיך אומגעקוקט און באַהאַלטן די פּאָכאָראָנע טיפער אין דעם פּאָטשט-טאַש. ער האָט אַפילע מוירע געהאַט צו טראַכטן וועגן אָפּגעבן זי מיט די אייגענע הענט דאָבען. זינט ער לעבט אַף דער וועלט האָט ער קיין שלעכטע בסורע קיינעם קיינמאָל ניט אָנגעזאָגט. ער האָט געמיינט, עפּשער וועט עמעצער פון די קאָלווירטניקעס מאַסקים זײַן אָפּגעבן די פּאָכאָראָנע. קיינער האָט אָבער ניט געוואָלט אָנזאָגן דער מוטער די פינצטערע בסורע.

א גאַנצע נאַכט האָט אַן אופהער געמאַראַקעט דער רעגן און אַנגעוואָרפן נאָך א גרעסערע מאַרעשכוירע אפן פּאַרטײַטן פינצטערן כוטאָר.

קיינער איז ניט געשלאָפן, אויסער דאָבען. נאָר זי איינע אינעם גאַנצן כוטאָר האָט ניט געוווּסט, אַז ס'איז אָנגעקומען א פּאַכאָראָנע, ווו ס'איז מיטגעטיילט געוואָרן, אַז איר איין־איינציקער זון, יאָסיף יודעלעוויטש פּיסקון, איז מיט א העלדנטויט געפאַלן אין שלאַכט.

אין א וואָך אַרום, דעם 17 יול, ווען צום כוטאָר איז דערגאַנגען די שווערע נײַס, אַז דער דײַטש האָט פאַרנומען סמאָלענסק און קעשענעוו, האָט שעפּטל, אַז קיינער, און דעריקער זעלדע, זאָל ניט וויסן, אָנגעשריבן א מעלדונג און זי אָפּגעגעבן דעם פאָרשטייער פונעם הוליײַ־פּאָליער ראַיוואָיענקאָמאַט. ער האָט געבעטן, ניט וואַרטנדיק ביז עס וועט קומען זײַן ריי, נעמען אים אַלס א פרײַוויליקן אין דער אַרמיי און שיקן אפן פראָנט.

פון אַט דער מינוט אָן האָט שעפּטל אומדערמידלעך זיך אָנגעהויבן גרייטן. ער האָט זיך געסטאַרעט וואָס גיכער פאַרענדיקן די וויכטיקסטע אַרבעטן אין בריגאַדע און ברענגען אין אָרדע־נונג די שטוב־באַלעבאַטישקײַט. אין די פרײַע מינוטן, פאַרטאָג אָדער שוין גאָר שפּעט אין אָוונט, בא דער לעוואָנע־שײַן, האָט ער צורעכט געמאַכט דעם סרוב פונעם ברונעם, אַרומגעקלאַפּט אים מיט נײַע ברעטער, פאַריכט די דרויסן־טיר, זי זאָל זיך גוט פאַרמאַכן און ס'זאָל ווינטער ניט אַנווייען קיין שניי אין פּירהויז, ער האָט אויסגעריײניקט דעם קעלער, צוגעגרייט אָרט, ווו צו האַלטן די קאַרטאָפל, די בורעקעס, די מערלעך, די דייזשקעס מיט אוגערקעס און פּאָמידאָרן, קעדיי זעלדע מיט די קינדער און די מאַמע זאָלן זײַן באַזאָרגט ביז דער נײַער געררעטעניש.

זעלדע האָט שוין לאַנג ניט געפילט אַזויפיל זאָרג פון אים צו דער שטוב. זי האָט זיך גע־פרייט מיט זײַן איבערגעגעבנקײַט צו איר, צו דער מישפּאָכע און איז געווען גליקלעך. זי האָט ניט געוווּסט, אַז שעפּטל האָט פון טאָג צו טאָג איצט געוואַרט אף א פּאָוועסטקע פון ראַיואָיענ־קאָמאַט...

## קאַפּיטל עלף

די לעצטע טעג איז די אַלטע געלעגן צו בעט בא זיך אינעם קליינעם זײַטיקן צימערל. קוים באַוועגנדיק מיט די אויסגעטריקנטע ליפּן, האָט זי שטיל געטײַנעט:

— איך שטאַרב...

זעלדע, א מידע פון האָרעווען א גאַנצן טאָג, האָט שווײַגנדיק צוגעלייגט דער קראַנקער א קאַלטן קאָמפּרעס צום האַרצן.

„מע וועט דאַרפן זאָגן שעפּטלען, ער זאָל מאָרגן אָפּלייגן אַלע אַרבעטן און צופאָרן נאָך א דאָקטער"...

זעלדע האָט פאַרזיכטיק פאַריכט בא דער שוויגער די קישן צוקאָפּנס און, שטיל פּאַטשנדיק מיטן האַנטעך, אַרויסגעטריבן די פליגן פון צימערל.

פון הויף האָבן זיך דערטראָגן טריט. עמעצער איז געגאַנגען אַהער, און זעלדע האָט אַן איבערגעשראָקענע זיך געלאָזט אַנטקעגן. די לעצטע צײַט פלעגט איר באַם דערהערן, אַז מע גייט, אײַנפאַלן דאָס האַרץ, ווי זי וואָלט קעסיידער דערוואַרט עפּעס א שלעכטע בסורע.

אינעם טונקעלן פּירהויז האָט א פאַרשמײַעטע זיך אַרײַנגעשטעלט הינדע סמעקונס עלטערע געשטופּלטע שנור, וועלכע מע האָט אין כוטאָר גערופן „אַנטענע". זי איז געווען הויך און דאַר, טאַקע ווי דער שטעקן פון אַן אַנטענע, און געוווּסט אַלע נײַס פונעם כוטאָר. כאָטש זי האָט איצט זיך געײַלט — בא איר האָט זיך געקאָכט דער פּאַסאָליעס־סוף אפן דרײַפוס און זי איז געקומען אף איין רעגע אַנטלײַען א ביסל זאַלץ (שטענדיק פלעגט זי עפּעס־וואָס אַנטלײַען), נאָר דאָך האָט זי זיך ניט געקאָנט אָפּזאָגן פונעם פאַרגעניגן צו ריידן א ביסל.

— געהערט... אין קאָוואַלעווסק זײַנען נעכטן דרײַ פּאַכאָראָנעס אָנגעקומען... דעם פּאָרזי־צערס זון איז דערהאַרגעט געוואָרן, דער קאָוואַל זייערער און דער בריגאַדיר... דעם בריגאַדיר איז נאָך קיין דרײַסיק יאָר ניט געווען... איבערגעלאָזט א ווײַב מיט דרײַ פּיצלעך קינדער...

מיט אירע נײַס האָט הינדע צעקאַלעמוטשעט זעלדען דאָס האַרץ, און ווען זעלדע איז פאַר־בליבן אַליין, האָט זי שוין ניט אופגעהערט צו טראַכטן וועגן די יונגע אַלמאָנעס און וועגן די יעסוימימלעך, וועגן די יעלאָלעס, וואָס קערן שטיין דאָרט אין די שטיבער...

זי האָט געוואָלט זיך פאַרגעסן און גענומען גרייטן וועטשערע צו שעפּטלס קומען. זי וועט גאָר אָפּבאַקן בלינצעס. שעפּטל האָט ליב בלינצעס מיט סמעטענע. אַראָפּגענומען פון פּאָליצע א קריגל מיט זויערמילך, קעדיי פאַרקנעטן אף דעם דאָס טייג, האָט זי מיטאַמאָל דערזען דורך דעם אָפענעם גאַס־פענצטער גיין אַהער דעם קוריער פון דאָרפראַט מיט א פּאַפּירל אין האַנט.

דאָס הארץ איז בא איר פארשטאַרבן, דאָס שווערע קריגל האָט זיך א קער געטאָן אין האנט און דאָס זויערמילך האָט זיך אויסגעגאָסן איבערן טיש.

זעלדע האָט ניט באוויזן צוקלײַבן, ווי ס'איז אַרײַן דער קוריער, שוין ניט קיין יונגער מענטש, מיט איין האנט, אן אינוואליד פון דער פאַריקער מילכאָמע.

— א גוטן־אָוונט, — האָט ער אויסגעווישט מיט דער קעפקע דעם שוויס פונעם פּאָנעם, — דער באלעבאָס איז דאָ?

— וואָסי? — האָט זעלדע ניט מיט איר קאָל געפרעגט.

— א פּאָוועסטקע אָט... שעפּטל קאָבילעצן... כ'האָב אהער געטראָפן?.. קיין טאָעס ניט געהאַט?..

— א פּאָוועסטקע? — זעלדע האָט דערפילט, ווי די פיס האָבן בא איר זיך אונטערגעבראָכן.

— ווּ איז ער?.. איך אײַל זיך. גיט אים א רוף.

— ער איז אין סטעפּ, — האָט זעלדע צעטומלט געזאָגט.

— איז שרײַבט איר זיך אונטער, — האָט ער איר דערלאנגט די פּאָוועסטקע.

זעלדע האָט ניט געוווּסט, וואָס מיט איר טוט זיך, האָט, אפילע ניט איבערלייענענדיק, זיך אונטערגעשריבן.

דער קוריער איז אוועק. זעלדע איז מיט דער פּאָוועסטקע צוגעגאנגען צום פענצטער, ווּ ס'איז געווען ליכטיקער. קוים פאנאנדערקלײַבנדיק די אויסיעס, וועלכע האָבן איר געשווינדלט פאר די אויגן, איבערגעלייענט און דערפילט, אז די ערד האָט זיך ארויסגעגליטשט פון אונטער אירע פיס.

אין דער פּאָוועסטקע איז געווען אָנגעוויזן, אז מאָרגן, דעם 21 יול, דארף שעפּטל זיך מעלדן אין הולײַפּאָליער ראַיוואָיענקאָמאַט...

זעלדע האָט ווי אן אונטערגעשניטענע זיך אראָפּגעלאָזט אף דער קאנאַפּקע און געבליבן זיצן אָנמעכטיק.

„מאָרגן... מאָרגן"...

זעלדע האָט די גאנצע צײַט, פון דעם ערשטן טאָג מילכאָמע, מיט ציטער געוואַרט אף אָט דער שרעקלעכער פאר איר מינוט, נאָר דאָך האָט זי זיך ניט געריכט, אז מע זאָל אים אזוי גיך נעמען. מע האָט דאָך ערשט ניט לאנג מאָביליזירט אזויפיל מענטשן... און שוין ווידער... מע קאָן זיך דערוווּל ניט באגיין אָן אים?.. ער איז דאָך א טאַטע פון פיר קליינע קינדער. דערצו נאָך א פרעמד קינד. און א קראנקע מאמע... וויִאזוי וועט זי איצט פארבלײַבן מיט אזא מישפּאָכע?..

זעלדע האָט זיך אָנגענומען מיט קויכעס און זיך אופגעשטעלט. „וואָס זיץ איך? מע דארף צולויפן אָפּזוכן שעפּטלען. ער קאָן זיך דאָרט פארהאלטן ביז שפּעט באנאכט און זי וועט אפילע ניט באוויזן זיך אָנקוקן אף אים"...

א צעטומלט־פארטראָגענע האָט זעלדע זיך שוין געלאָזט גיין, נאָר די אלטע האָט אָנגעהויבן קרעכצן און זעלדע איז אַרײַן צו איר.

— ווער איז דאָ געווען?.. — האָט די אלטע מיט א כריפּ געפרעגט.

— קיינער... — זעלדע האָט זיך געסטאַרעט ענטפערן רויִק.

— כ'האָב געהערט... געהערט ריידן...

— דאָס האָב איך גערעדט... כ'ל באלד אַרײַן, — האָט זעלדע צעשטרייט געזאָגט.

— גיי ניט אוועק... גיב א ביסל טיי... ווּ איז שעפּטל? ס'איז מיר ניט גוט...

— שוין... שוין, שוויגער... איך מאַך שוין טיי...

איבערלאָזן איצט די שוויגער און אוועקגיין האָט זעלדע שוין ניט געקאָנט. זי האָט גענומען פאנאנדערצינדן דעם פּרימוס. אלץ איז בא איר געפאלן פון די הענט. זי האָט זיך אף א רעגע ארויסגעכאַפּט אין הויף צום טויער, זען, צי שעפּטל גייט ניט. זי האָט געפרעגט בא די פארבײַגייענדיקע, ווּ איז ער, נאָר קיינער פון זיי האָט איר ניט געקאָנט קלאָר ענטפערן. אייניקע האָבן אים געזען אפן הארמאַן, אנדערע בא די סילאָס־גריבער, א דריטער — באם שוואַרצבראָך.

זעלדע האָט געפילט, אז זי עקט זיך מיטן לעבן. שוין עטלעכע שאָ אוואָדע ליגט די פּאָ־וועסטקע אין שטוב און ער ווייסט אפילע ניט. זי האָט מיט אומגעדולד ארויסגעקוקט, אז ער זאָל שוין וואָס גיכער קומען, און גלײַכצײַטיק האָט זי געשראָקן: „וויִאזוי וועט זי אים עס גאָר אָנזאָגן?"

די אלטע האָט א זופּ געטאָן עטלעכע לעפעלעך טיי און באלד אײַנגעדרעמלט. זעלדע האָט גענומען שאָלעמקען אף די הענט און אוועקגעלאָפן אין קאָלווירט־הויף.

שעפּטל איז דאָרט ניט געווען.

— וואָסי געשען? — האָט געפרעגט א קאָלווירטניק, וועלכער איז געשטאַנען לעבן שטאַל מיט א צײַטונג אין די הענט.

— די שוויגער איז ניט געזונט... ווי נאָר שעפּטל וועט קומען, זאָגט איר, זײַט אַזוי גוט, ער זאָל גלײַך קומען אַהײם...

וועגן דער פּאָוועסטקע האָט זי גאָרנישט ניט געזאָגט.

ווען זעלדע האָט זיך אומגעקערט אין הויף, זײַנען איר אַנטקעגן געלאָפן די קינדער, וועלכע זײַנען נאַרוואָס געקומען פונעם סטאַוואָק.

— מאַמע!..

— מאַמע, ווו ביסטו געווען?..

— גיב עסן, מאַמע!..

— עסן...

— עסן!.. — זײַנען זיי זי באַפאַלן פון אַלע זײַטן, געשלעפּט פאַר די אַרבל, פאַר דעם קלייד, געשטופּט זיך.

— שאַ... וואָסי די שׂימחה אויף אײַך אַזוי גרויס, — האָט זי מיט ווייטיק געזאָגט די קינדער. — מאָרגן... מאָרגן גייט אוועק דער טאַטע אויף דער מילכאָמע...

— אויף דער מילכאָמע? — האָט שמועלקע זיך דערפרייט. — טאַקע, מאַמע?.. און עמעס?..

אַז מע האָט גענומען זוזיקס טאַטן און די טאַטעס פון פיל אַנדערע אין כוטאָר אויף דער מילכאָמע און זײַן טאַטן ניט, האָט שמועלקע זייער איבערגעלעבט. די ייִנגלעך האָבן זיך געריצט מיט אים, מע פלעגט זיך ניט וועלן שפּילן מיט אים און אַז שוין יאָ, איז נאָר ווען עמעץ פלעגט אויספעלן צו דער צאָל.

איצט האָט שמועלקע אַ צופרידענער, אַ פרייִלעכער געקוקט אויף ביידע באַקן. מיטאַמאָל האָט ער באַמערקט, אַז בײַ דער מאַמען זײַנען פײַכט די אויגן און ער איז שטיל געוואָרן.

די קינדער האָבן אָפּגעגעסן און געבליבן זיצן בײַם טיש, געוואַרט אויפן טאַטן. אין דרויסן איז שוין געווען גוט טונקל און שעפּטל איז נאָך אַלץ ניט געווען. די קינדער האָבן אײַנציקווײַז זיך צוגעלייגט אין אַנטאָן אויף אַ ווײַל אין גרויסן בעט און זײַנען אַנשלאָפן געוואָרן.

זעלדע האָט פאַרהאַנגען מיט שעפּטלס בורקע דאָס פענצטער, אָנגעצונדן אַ קליין לעמפּל און אַרויס פון שטוב.

„ווו איז ער? — זי האָט זיך אַרומגעדרייט אויף דער סטעזשקע לעבן הויף. — ווו גייט מען אים זוכן?.. געדאַרפט גלײַך, די מינוט, ווי נאָר מע האָט געבראַכט די פּאָוועסטקע, לויפן אין סטעפּ... ער וועט דאָך ניט באַווײַזן אפילו צוגרייטן זיך אין וועג... וואָס זשע טוט מען?..“

מיטאַמאָל האָט זי דורך דער נאַכט־בלויקײַט דערזען אים גיין אויפן וועג.

— שעפּטל! — האָט זי אויסגעשריִען און זיך געלאָזט צו אים.

— זעלדע? — האָט שעפּטל פאַרכידעשט געפרעגט. — וואָסי?.. וואָס טוסטו דאָ?.. ס'איז עפּעס געשען?..

— איך... כ'האָב... איך בין...

— רייד שוין... וואָסי? — האָט שעפּטל דערשראָקן געזאָגט, פאַרגיכערנדיק די טריט. — מיט דער מאַמען עפּעס, אַ?

— ניין, ניין... גאָרניט... די מאַמע שלאָפט... וואָס אַזוי שפּעט?.. ווו ביסטו געווען ביז איצט?..

— וואָס הייסט ווו? — האָט שעפּטל, באַרויקנדיק זיך, געזאָגט. — כ'בין ערשט פון סטעפּ. אַריבערגעפירט די דרעשמאַשין אויפן נײַעם האַרמאַן... מאָרגן פאַרטאָג שטעלן מיר זיך דרעשן דעם גערשטן אין דער באַלקע...

שעפּטל איז מיט מידע טריט אַרײַן אין שטוב, שטיל געעפנט די טיר פון דעם זײַטיקן קלײנעם צימערל, זיך צוגעהערט. די מאַמע איז געשלאָפן. ער האָט צוריק פאָרזיכטיק צוגעמאַכט די טיר, אויסגעטאָן די פאַרשטויבטע קורטקע און ערשט איצט באַמערקט די קינדער אין בעט.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ נײַס? — האָט ער אומצופרידן געזאָגט.

— זיי האָבן געוואַרט אויף דיר, — האָט זעלדע מיט אַ געדריקטער שטים זיך אָנגערופן.

— וואָסי? וואָסי געשען? — האָט ער ווידער אַ באַומרויִקטער אַ קוק געטאָן אויף איר.

— פון דאַרפראַט איז מען געווען, — האָט זעלדע שטיל געזאָגט און האָט פאַרשטיקט אין זיך אַ כליפּ.

— כ'פאַרשטיי ניט. וואָס פון דאַרפראַט?.. ווער איז געווען?..

— אָט דער... נו, וואָס אָן דער האַנט, — זעלדע האָט זיך באַמיט, דאָס קאָל זאָל בײַ איר ניט ציטערן, ס'האָט איר פאַרכאַפּט דער אָטעם. — אַ פּאָוועסטקע...

— אַ פּאָוועסטקע? — שעפּטל האָט איבערגעפרעגט אַזוי, ווי ער וואָלט זיך ניט געריכט, אַז מע וועט אים אַזוי גיך אַרויסרופן.

כאָטש נאָך דעם, ווי ער האָט אָפּגעגעבן די מעלדונג דעם פאַרשטייער פון ראַיוואָיענקאָ־

מאַט, האָט ער יעדן טאָג געוואָרט, מע זאָל אים רופן, דאָך האָט ער איצט, אין דער ערשטער מינוט, זיך פאַרלוירן.

„שוין מאָרגן“... — האָט ער א ריב געטאָן דעם פּײַכט געוואָרענעם שטערן. ער האָט פאַרייכערט, זיך שטאַרק פאַרצויגן און צעטראָגן זיך דורכגעגאַנגען איבער דעם שוואָך־באַלויכטענעם צימער. ער האָט פאַרזאָרגט זיך אומגעקוקט אַף זעלדען, וועלכע איז געשטאַנען א בלייכע לעבן טיש, און אַף די קינדער, וועלכע זײַנען געשמאַק געשלאָפן.

— שעפּטל... פאַר אונדז זאָרג זיך ניט, — איז זעלדע צוגעגאַנגען צו אים און ניט דרייסט א גלעט געטאָן אים איבער די געדיכטע שוואַרצע האָר, — און וועגן דער מאַמען... כ׳ל אליין צופאָרן נאָך א דאָקטער... דו... — דאָס קאָל האָט בא איר א ציטער געטאָן. — געדענק... אז דער איקער ביסטו בא אונדז...

אין יענער מינוט, ווען שעפּטל האָט אָנגעשריבן און אָפּגעגעבן די מעלדונג, אז ער בעט אים שיקן אַפן פראָנט, האָט ער ניט באַנומען אזוי קלאָר, ווי איצט, וואָס הייסט איבערלאָזן אזא מישפּאָכע, איבערלאָזן זעלדען מיט פיר קינדער, איינס קלענער פונעם אנדערן, מיט דער קראַנקער מאַמען און דערצו נאָך מיט א פּרעמד קינד... זעקס נעפּאַשעס אַף זעלדעס פּלייצעס... וויאַזוי וועלן זיי לעבן אָן אים?..

ער האָט אַרומגענומען זעלדען און אַרויסגעזאָגט אַלץ, וואָס האָט אים איצט געמאַטערט.

— וואָס רעדסטו, שעפּטל, — זעלדע איז געווען גערירט פון זײַן איבערגעגעבנקײַט, — סײַדן נאָר איך איינע פאַרבלײַב מיט קליינע קינדער?.. קער זיך נאָר אום געזונטערהייט...

פון זעלדעס רייד האָט שעפּטל זיך א ביסל באַרויִקט, זיך צוגעזעצט אַף דער באַנק, ווידער פאַררייכערט און מיטאַמאָל א טראַכט געטאָן, אז ער האָט א וועלט מיט אַרבעט ביזן אָפּפאָרן. מע דאַרף נאָך עפּעס טאָן אין שטוב, אז זעלדע זאָל נאָכדעם זיך ניט דאַרפן פאַרנעמען מיט דעם. נאָר פריִער פאַר אַלץ דאַרף מען זיך צוכאַפּן אין קאָלווירט־קאָנטאָר, איבערגעבן די בריגאַדע. שעפּטלען האָט פון דעם א נאָג געטאָן דאָס האַרץ. ער האָט זיך אופגעהויבן און גענומען צוריק אָנטאָן די קורטקע.

— וווהין איז, שעפּטל? — האָט זעלדע דערשראָקן געפרעגט.

— כ׳ל צוגיין אין קאָנטאָר...

— איצטער־אָ?..

— ווען זשע?.. טו אויס די קינדער... לייג זיי שלאָפן...

— האָסט דאָך אפילע נאָך ניט געגעסן... ס׳איז פאַרבליבן אינגאַנצן עטלעכע שאָ אונדז זײַן צוזאַמען...

— נו, זאָג אליין, איך דאַרף דאָך צוגיין...

— איז גיי און פאַרהאַלט זיך ניט.

— כ׳ל באַלד קומען... כ׳ל זיך ניט פאַרהאַלטן... — און ער איז אַוועק.

ווי נאָר שעפּטל איז אַרויס פון הויף, האָט זעלדע זיך צוגעשפּאַרט מיטן קאָפּ צו דער וואַנט און פאַרשטיקט, אז קיינער זאָל ניט הערן, זיך גוט אויסגעוויינט.

אין דער שטאַרק אָנגערויכערטער קאָלווירט־קאָנטאָר האָט שעפּטל נאָך געטראָפן כאָנציען, כאַמע טראַסקונען און קאַלמען זאַהאַטן. פון די נײַס, וואָס ער האָט געבראַכט, זײַנען זיי געבליבן זיצן פאַרזאָרגט, באַזונדערס כאָנציע.

קאַלמאַן שעפּטל איז געווען בריגאַדיר, איז ער געווען רויִק פאַר דער אַרבעט אין פעלד. די פאַרזיצערס פון די שכיינעסדיקע קאָלווירטן זײַנען אים אפילע מעקאַנע געווען. „מיט שעפּטלען האָט דיר אָפּגעגליקט“ — האָט ער ניט איין מאָל געהערט פון זיי. און וואָס וועט איצט זײַן? ווען‏מען שטעלט מען אַוועק אַף שעפּטלס אָרט? סײַדן קאַלמען זאַהאַטן. אים וועט שוין אויסקומען שלעפּן צוויי וועגענער — אי די פערמע, אי די פעלד־בריגאַדע.

ווי שעפּטל האָט זיך ניט געײַלט, האָט ער זיך דאָך לאַנג פאַרהאַלטן אין קאָנטאָר. צוזאַמען מיט קאַלמען זאַהאַטן, מיט כאָנציען און כאַמע טראַסקונען האָט ער צונויפגעשטעלט א פּלאַן, וועלכע אַרבעט מע דאַרף פריִער אָפּטאָן אין סטעפּ.

ס׳איז שוין געווען שפּעט, ווען כאָנציע, כאַמע און קאַלמען זאַהאַט האָבן צוגעפירט שעפּטלען צו זײַן הויף און זיך געזעגנט מיט אים ביז מאָרגן אינדערפרי.

גאַנצפרי וועט גיין א וואַלקע ברויט צום עלעוואַטאָר און, קעדיי ניט טרײַבן קיין איבעריקן וואָגן, וועט שעפּטל שוין מיט דער ברויט־וואַלקע צופאָרן ביז הולײַפּאָליע...

— א גוטע־נאַכט...

— א גוטע־נאַכט...

— א גוטע־נאַכט, — האָט שעפּטל געענטפערט און איז אַוועק אין שטוב.

— וואָס אַזוי לאַנג? — האָט זעלדע שטיל אַ פרעג געטאָן. זי איז געווען אינגאַנצן פאַר־פלאַמט פון שטיין לעבן אויוון, זי האָט געבאַקט שמעקנדיקע קיכעלעך. די קינדער, אויסגעטאָנענע, זײַנען שוין געשלאָפן באַ זיך אין די בעטלעך.

— וועסט עסן? כ'ל שוין געבן...

— ניין, איך וויל ניט.

— האָסט דאָך ניט געגעסן.

— כ'וויל ניט... איצט וויל איך ניט...

— וואָסי... וואָסי דאַרט?.. — האָט זי אומרויִק אַף אים אַ קוק געטאָן.

— וואָס זאָל זײַן... זעקס אַזייגער אינדערפרי פאַר איך...

— זעקס אַזייגער?.. אַזוי פרי?..

— מיט דער ברויט־וואָלקע...

— איז וואָס, אַז מיט דער ברויט־וואָלקע... סײַדן זי קאָן ניט גיין שפּעטער אַ ביסל?.. דו פאָרסט דאָך מיסטאָמע ניט אַליין... ווער פאָרט נאָך?..

— אַ? — האָט שעפּטל איבערגעפרעגט, ווי ער וואָלט ניט געהערט.

— ס'האָט נאָך עמעצער באַקומען אַ פּאָוועסטקע?

— אַ פּאָוועסטקע?.. כ'ווייס ניט... ניין... כ'האָב ניט געהערט... דוכט זיך, ניין...

— נאָר דו?

— וואָס איז דיר דער אונטערשייד?.. וואָס טוסטו? וואָס באַקסטו? — האָט ער אַ פרעג געטאָן.

— קיכעלעך דיר אין וועג, — האָט זי זיך אַ וויש געטאָן דעם שווייס פונעם פּאָנעם.

— צוליב וואָס?.. איך דאַרף ניט קיין קיכעלעך...

— וואָס זשע געבן דיר מיט זיך?

— אַ שטיקל ברויט, אַ פּאָר אוגערקעס, אַ ביסל זאַלץ און פאַרטיק. מער דאַרף איך גאָר־ניט. מער וועל איך מיט זיך גאָרנישט ניט נעמען.

— דו ווילסט מיר אָפּעסן דאָס האַרץ?..

— איך וויל, אַז דו זאָלסט זיך שוין אָפּרוען...

— ווי קאָן איך איצט רוען, אַז מאָרגן אין דער צײַט... מאָרגן אין דער צײַט... — זי האָט זיך אָפּגעקערט און גיך אויסגעווישט די אויגן, אַז ער זאָל ניט זען, און באַלד, ווי זי וואָלט וועלן מאַכן אים און זיך גרינגער אַפן האַרצן, געזאָגט:

— און עפּשער וועט די מילכאָמע זיך גיך ענדיקן און דו וועסט זיך גאָר־גאָר אינגיכן אומ־קערן, אַ, שעפּטל?..

— עפּשער... — האָט שעפּטל געענטפערט, כאָטש ער האָט ווייניק געגלייבט אין דעם. פון טאָג צו טאָג זײַנען די סוואָדקעס געוואָרן אַלץ ערגער. דער דײַטש האָט געשפּאַרט אַף אַלע פראָנטן.

שעפּטל האָט דערפילט די מידקײַט פון דער האַרעוואַניע פאַרן טאָג. ס'האָט אים אַ צי געטאָן צום געלעגער, נאָר קאַלזמאַן זעלדע איז געווען אַף די פיס און זיך געקייסעקט באַם אויוון, האָט ער זיך ניט געלייגט. ער האָט זיך צוגעשפּאַרט אַף דער האַרטער קאַנאַפּע און עס זײַנען אים באַלד ווידער באַפאַלן די זאָרגן וועגן דער מישפּאָכע. „מאָרגן אין אָט דער צײַט וועט ער שוין דאָ ניט זײַן... ווי וועט דעמלט אויסזען די שטוב?.. זעלדע?.. די קינדער?..“ ער האָט עס אַפילע ניט געקאָנט זיך פאָרשטעלן. אַז ער איז דאָ, איז איר גאָר ניט גרינג מיט די קינדער, און אַז זי וועט פאַרבלײַבן אַליין מיט זיי, ווי וועט איר דעמלט זײַן? נאָך גוט, וואָס ער האָט געבראַכט אַ ביסל אין אָרדענונג די שטוב־באַלעבאַטישקײַט, וואָס ער האָט פאַריכט דעם סרוב פונעם ברונעם, צוגעדעקט די שטאַל, אויסגערייניקט דעם קעלער...

— כ'מיין, אַ, זעלדע, כ'רעכן, אַז קאַרטאָפל וועט זײַן גענוג... ס'וועט אײַך קלעקן אַפן ווינ־טער... הייצונג, מיין איך, וועט אײַך סטײַען... נו, און דאָס איבעריקע וועט שוין דער קאָלווירט... דעריקער, דו הערסט, זאָלסט אכטונג געבן אַף זיך, אַף די קינדער, נו, און אַף דער מאַמען... האָסט איר געזאָגט?.. זי ווייסט?..

— צוליב וואָס איר איצט אָפּעסן דאָס האַרץ?..

— יאָ, ביסט גערעכט, אָבער...

שעפּטל האָט זיך פאַרטראַכט. וואָס הייסט ניט זאָגן? ווי קאָן ער אַוועק אַף דער מילכאָמע און זיך ניט געזעגענען מיט דער מאַמען. ביפראַט אַז ווער ווייסט, צי ער וועט זי נאָך אַמאָל זען...

— ניין, מע דאַרף איר זאָגן... ווי זשע אַנדערש? — ער האָט ווידער פאַררייכערט אַ פּאַפּיראָס, גערעדט נאָך אַ ווײַל מיט זעלדען און מיט דעם ניט דערייכערטן פּאַפּיראָס אין האַנט אַנדרעמלט געוואָרן.

און זעלדע האָט נאָך אַלץ ארומגעפּאַדעט. זי האָט אָפּגעבאַקן די קיכעלעך, אָפּגעבראָטן אַ הון, אָפּגעקאָכט אייער און נאָכדעם געמומען צונויפלייגן דאָס אַלץ אין דער טאָרבע, וועלכע זי האָט אופגעניית פאַר שפּעטלען. זי האָט אַרײַנגעלייגט צוויי פּאַר אינגאַנצן נײַ גרעט, וואָס זי האָט געקויפט ערשט ניט לאַנג אין „סעלפּאָ“, אַ לײַלעך, אַ האַנטעך, צוויי פּאָר פּאַרטיאַנקעס, שוואַרצע און ווײַסע קנײַלעכלעך פאַדעם מיט אַ נאָדל, דאָס גאָלמעסער, זייף און נאָך קלייניקײַטן. באַזונדער, אין פּערגאַמענט־פּאַפּיר, האָט זי אײַנגעוויקלט אַ שטיק פרישן פּוטער, עטלעכע גאָמל־קעס, די הון. די טאָרבע איז געווען שוין קימאַט פול און זי האָט נאָך אַרײַנגעשטופּט אַ צענדליק אייער, אַ שקאַרמיץ מיט צוקער, אַ לאַבן ברויט און די פריש־שמעקנדיקע קיכעלעך. איר האָט זיך געוואָלט נאָך מיטגעבן אים אַ קריגעלע מיט הינער־שמאַלץ, אַ סלאָיִקל מיט האָניק, פרישע אוגערקעס, עפּל... ווען זי וואָלט געהאַט ווּהין אײַנפּאַקן, וואָלט זי אים מיטגעגעבן אַלץ, וואָס ס'איז געווען אין שטוב.

דרעמלענדיק האָט שפּעטל אַרויסגעלאָזט דעם אויסגעלאָשענעם פּאַפּיראָס פון דער האַנט, ער האָט געעפנט די אויגן און דערזען די אָנגעפּאַקטע טאָרבע אַפן טיש.

שפּעטל האָט זיך אופגעהויבן, גענומען די טאָרבע אין די הענט און אַזש אַ קרעכץ געטאָן.

— גישקאָשע פון אַ טאָרבע! — און אויסגעשאָטן אַלץ אַף דעם טישטעך.

— וואָס טוסטו? — האָט זעלדע אויסגעשריִען.

— נו, זאָג אַליין, וואָס האָסטו מיר דאָ אָנגעלייגט.

— שפּעטל... איך בעט דיך...

— בעט אַפילו ניט. אַף וואָס דאַרף איך עס? ווי איך קום אַהין, נעמט מען מיך דאָך גלײַך אַף „דאָוואָלסטוויע“.

— דאָרט וועסטו דאָך אָבער אַזאַ עסן ניט האָבן. איך בעט דיך... אַז איך וועל וויסן, אַז דו עסט דאָס, וואָס איך האָב פאַר דיר צוגעגרייט, וועט מיר פון דעם אַליין שוין זײַן גרינגער...

— גיין, גיין, — האָט שפּעטל אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט.

אים האָט זיך גאָרנישט ניט געוואָלט נעמען מיט זיך. זאָל דאָס בעסער בלײַבן אין שטוב פאַר די קינדער, פאַר איר, פאַר דער מאַמען... איצט, ווען ער גייט אַוועק אַף מילכאָמע, וועט אַלץ אין שטוב צוניצקומען...

— פאַרוואָס ווילסטו מיר אָפּעסן דאָס האַרץ, — האָט זעלדע מיט אַ ציטערנדיקער שטים געזאָגט, און שפּעטל האָט דערפילט, אַז אָט־אָט צעוויינט זי זיך.

— נו, שאַ... נו, גוט... נאָר צוליב וואָס דאָס גרעט?

— כ'האָב דאָך געקויפט פאַר דיר... דו האָסט דאָך עס אַפילו ניט אָנגעטאָן.

— כ'ל אָנטאָן, אַז איך וועל זיך אומקערן...

— האַלעווײַ... קער זיך וואָס גיכער אום, — האָט זי שטיל אַ זיפץ געטאָן, — קער זיך אום געזונטערהייט...

זעלדע האָט אַרײַנגעלייגט אַלץ צוריק אין דער טאָרבע, זיך ארומגעוואַשן, פאַרלאָשן די שײַן און זיך געלייגט שלאָפן.

שפּעטער אַ ווײַלע האָט זעלדע, גלעטנדיק שפּעטלען די האָר, פאַרזאָרגט געשעפּטשעט:

— מאָרגן אין דער צײַט, שפּעטל... ווו? ווו וועסטו זײַן?...

— איך ווייס? — האָט שפּעטל געענטפערט און בעשאַסמײַסע אַ טראַכט געטאָן, אַז מאָרגן אין דער צײַט וועט ער עפּשער נאָך זײַן אין הוליײַפּאָליע. ער האָט ארומגענומען זעלדען און זי אַ קוש געטאָן.

— לאָמיר שלאָפן, — האָט זעלדע אים אַ גל'עט געטאָן איבערן שטערן, — מע דאַרף שוין באַלד אופשטיין...

— גוט, זעלדע...

— שלאָף, שלאָף, שפּעטל... — זי האָט אים אויך שטיל אַ קוש געטאָן.

שפּעטל האָט צוגעמאַכט די אויגן. ער האָט זיך געסטאַרעט אַנשלאָפן ווערן, נאָר אין קאָפּ זײַנען אים געקראָכן פאַרשיידענע געדאַנקען. ס'איז אים אַ שאָד געווען, וואָס ער האָט ניט באַוויזן אָפּדרעשן דעם גערשטן און ניט פאַרלייגט די נײַע פינף צעמענטירטע גריבער מיט סילאָס... און דעם שוואַרצבראָך אין דער הינטישער באַלקע האָט מען נאָך אויך ניט איבערגעוואָלויטשעוועט, ס'האָט זיך דאָרט שוין באַוויזן בוריאַן. און די זיפּן דאַרף מען בײַטן אין דער דרעשמאַשין, ניט פאַרגעסן זאָגן מאָרגן קאַלמען זאַהאַטן וועגן דעם... נו, און די שטוב... וואָס דאַרף ער נאָך טאָן אין שטוב?.. ער וועט אופשטיין, ווי ס'וועט נאָר אָנהייבן שאַריען, וועט ער שוין זען... ניט גרינג וועט זײַן זעלדען, — האָט ער ווידער מיט זאָרג אַ טראַכט געטאָן און אָנגעשטויסן געוואָרן אַף זיך אַליין. האָסט איר ניט דערציילט אַפילו, אַז דו גייסט פרײַוויליק, זי ווייסט דאָך ניט. פאַר־

וואָס באַהאַלטסטו עס פון איר? שעפּטל האָט זיך דערפילט שולדיק, געוואָלט איר זאָגן, נאָר ער האָט געזשאַלעוועט זי וועקן, זאָל זי שלאָפן. זי האָט זיך גענוג אָנגעהאָרעוועט.

נאָר זעלדע איז ניט געשלאָפן. זי איז געלעגן אײַנגענורעט דעם קאָפּ אין קישן. דאָס האַרץ האָט בא איר גענאָגט, געוויינט אָן טרערן. „אָט ליגט ער לעבן איר. זי הערט ווי ער אָטעמט. און מאָרגן?.. מאָרגן וועט זי שוין ניט דאַרפן גרייטן פאַר אים קיין פרישטיק, ניט וואַרטן אַף אים מיטן מיטיק, ניט וואַשן און פּרעסן זײַנע העמדער, ניט זאָרגן יעדע מינוט, יעדע רעגע וועגן אים... ווי וועט זי לעבן אָן דעם?"... זי האָט מיטאַמאָל זיך דערמאָנט, ווי זי איז נאָך דער כאַסענע געפאָרן מיט אים אַף דער האַרבע אַף נאַכט אין סטעפּ, ווי זיי זײַנען געלעגן דאָרטן אונטער דער אָנגע־וואָרעמטער קאָפּיצע ביזן זון־אופגאַנג. ער האָט ניט געקאָנט זײַן אָן איר קיין איין רעגע, שטענדיק האָט ער געוואָלט, אַז זי זאָל זײַן לעבן אים, און זי האָט אויך אָן אים ניט געקאָנט זײַן. און איצט ווי? איר איז קיינמאָל אפילע ניט געקומען אפן זינען, אַז זיי וועלן זיך דאַרפן צעשיידן. און אָט זײַנען פאַרבליבן אינגאַנצן עטלעכע שאָ...

ווי ס'האָט נאָר אָנגעהויבן גרויען אַף טאָג איז שעפּטל אופגעשטאַנען און אַרויס אינעם פרישן קילבלעכן דרויסן. ער האָט אַרומגעשפּאַנט איבער דעם באַגרינטן הויף, געזוכט וואָס דאַרף מען נאָך צורעכט מאַכן, וואָס קאָן ער נאָך ברענגען אין אָרדענונג ביז זײַן אוועקפאָרן. ס'איז אים ניט געפעלן געוואָרן ווי דער ערשט ניט לאַנג צונויפגעלייגטער סטויג היי איז געוואָרשעוועט. ער איז מיט א ווילע אַרופגעקראָכן אין דער הייך און פאַריכט אים, אַז דער ווינט זאָל גאָרנישט ניט פאַנאַנדערוויען. נאָכדעם האָט ער אינדערגיך צונויפגעלייגט דאָס הייצוואַרג הינטער דער שטאַל, אַז דער רעגן זאָל עס ניט נעצן, אַרומגעגראָבן די געדיכט פאַנאַנדערגעוואַקסענע ווײַנשלבײַ־מער, ער האָט אָנגעגאָסן די דייזשקע, וואָס איז געשטאַנען לעבן ברונעם, א פולע מיט וואַסער און די לעצטע צוויי עמער אַרײַנגעטראָגן אין קיך.

— צוליב וואָס, שעפּטל, — האָט זעלדע צוגענומען בא אים די עמער פון די הענט. זי האָט זיך שוין געהאַט אומגעקערט פון דער פערמע און זיך געייסעקט באַם אויוון.

— איכל אַרײַנטראָגן נאָך א פּאָר עמער.

— איכל אַליין. רו זיך אָפּ. זעץ זיך אוועק. לאָז כאָטש צוזאַט זיך אָנקוקן אַף דיר... אוי, איך האָב דאָך פאַרגעסן געבן דיר זאַלץ מיט זיך, — האָט זעלדע מיטאַמאָל זיך א כאַפּ געטאָן און גע־נומען זוכן הינטערן פאָרהענגל.

— מע דאַרף ניט. איך וועל נעמען בא עמעצן.

— כ'וויל, זאָלסט האָבן אייגענע. כ'האָב נאָך נעכטן באַנאַכט צוגעגרייט, — זעלדע האָט אָפּגעזוכט דאָס טיכעלע מיט זאַלץ און אַרײַנגעשפּאַרט עס אין דער טאָרבע.

— און וואָס צו רייכערן האָסטו?

— כ'האָב.

— און שוועבעלעך?

— שוועבעלעך אויך.

— דערמאָן זיך, שעפּטל, וואָס דאַרפסטו נאָך... עפּשער געבן דיר די קאָלדרע?..

— און עפּשער די פּערענע? — האָט ער זיך א וויצל געטאָן.

— נו, שאַ... — זי האָט אים געהאָלפן פאַרבינדן די פולגעפּאַקטע טאָרבע און דערבײַ נאָכ־אַמאָל דערמאָנט, ווו וואָס עס ליגט, אין וואָס אײַנגעוויקלט, און אָנגעזאָגט אים ווידעראַמאָל, ער זאָל אַלץ אופעסן.

— גוט... גוט... די קינדער שלאָפן נאָך?.. כ'ל זיך נאָך צוכאַפּן אַף א ווײַל אין קאָלווירט־הויף... כ'ל זיך ניט זאַמען... באַלד קום איך...

— שעפּטל, ס'איז דאָך געבליבן עפּשער אינגאַנצן א שאָ, — האָט זעלדע מיט א בעטנדי־קער שטים געזאָגט.

— איך קום שוין... איכל זיך ניט זאַמען. וועק דערווײַל אוף די קינדער...

מיט גיכע טריט איז שעפּטל אַרויס פון שטוב און זיך געלאָזט צום קאָלווירט־הויף. איצט, פאַר זײַן אוועקפאָרן, האָט ער מיטאַמאָל דערפילט, ווי שווער ס'איז אים זיך צעשיידן מיט דער שטוב, מיט די קינדער, מיט זעלדען, מיט דער מאַמען, מיט זײַן בריגאַדע, מיטן כוטאָר — מיט דעם אַלעמען, וואָס רינגלט אים דאָ אַרום. ער האָט איצט, ווי נאָך קיינמאָל, דערזען און דערפילט, ווי שיין ס'איז דאָ אַלץ, — אי די געדיכטע אַקאַציעס־אַליי בא ביידע זײַטן גאַס, אי די ווײַס־אַרומגעקאַלכטע שטיבער מיט די גרינ־ און בלוי־אַרומגעפירטע ווינקלען, אי דער שטיל־שלענגל־דיקער וועג, דאָס גראָז און די קאַנאַוועס. אַלץ איז אים געווען ליב און טײַער: דאָס מעכײַעדיק שיקערנדיקע גערוך, וואָס האָט געטראָגן פון דעם אַרומיקן סטעפּ, די פרישע גרינקײַט פון די יונגע ביימער אין די סעדלעך, די שמאָלע אויסגעטראָטענע סטעזשקעלעך... יעדער שפּאַן אָט דאָ,

אף דער היימישער ערד, און דער הימל, וואָס איז זייער הויך און בלוי, ווי ער וואָלט זײַן אזא נאָר דאָ, איבער זייער כוטאָר...

אינעם קאָלווירט־הויף איז געווען טומלדיק. מע האָט די זעק מיט דעם אָפּגערייניקטן און גוט־צוגעטריקנטן ווייץ פונעם צענטראַלן אמבאר אָנגעלאָדן אַף די אײַנגעשפּאַנטע צוועלף וועגע־נער, וועלכע האָבן באַלד געדאַרפט גיין צום עלעוואַטאָר.

געבאַלעבאַטעוועט האָט שוין דער נײַ־באַשטימטער בריגאַדיר — קאַלמען זאַהאַט. דערזען שעפּטלען, האָט ער זיך געלאָזט צו אים. שעפּטל איז מיט אים אוועק איבער דער ווירטשאַפט און נאָכאמאָל דערקלערט, וועלכע אַרבעט מע דאַרף דאָ אָפּטאָן אין דער ערשטער ריי. נאָכדעם האָבן זיי זיך געזעצט אַף דער בעדאַרקע און אוועקגעשמיסן אין סטעפּ צום נײַעם האַרמאַן, ווו מע האָט הײַנט זיך געדאַרפט שטעלן דרעשן דעם גערשטן פון דער באַלקע. שעפּטל האָט צוזאַמען מיט קאַלמען זאַהאַטן איבערגעשטעלט די זיפּן אין דער דרעשמאַשין און אויסגערעגולירט דעם באַראַבאַן, ער זאָל גוט נעמען דעם זאַנג. פון דאָרט האָבן זיי זיך צוגעכאַפּט צום אָפּגעשניטענעם גערשטן־פעלד, צו די זונרויזן און אַפן שוואַרצבראָך. שעפּטלען האָט זיך געוואָלט, אַז קאַלמען זאַהאַט זאָל מיט זײַנע אייגענע אויגן זען, ווו און וואָס מע דאַרף דאָ נאָך טאָן.

אומגעקערט האָט זיך שעפּטל אַהיים, ווען מע האָט שוין געדאַרפט אָט־אָט זיך לאָזן אין וועג. זעלדע איז געווען אויסער־זיך. זי האָט ניט געוווּסט, וואָס פריִער צו טאָן. אין שטוב איז געשטאַ־נען אַ טומל. שאָלעמקע האָט געוויינט אין וויגל. די שוויגער האָט באַ זיך אין צימערל געקרעכצט און זיך אויסגעטײַנעט מיט זיך אַליין. זי האָט שוין געוווּסט, אַז שעפּטל פאָרט באַלד אַוועק. די קינדער זײַנען אַרומגעלאָפן הין און הער און געשטיפט, ווי ערעוו אַ כאַסענע. און לעבן טויער האָבן זיך שוין געקליבן קאָלווירטניצעס און קאָלווירטניקעס. פאַרן אַוועקגיין אין סטעפּ אַף דער אַרבעט זײַנען זיי געקומען זיך זעגענען מיט זייער בריגאַדיר.

— עפּשער וועסטו זיך שוין זעצן עסן, — האָט זעלדע געזאָגט, — עס וועלן דאָך שוין באַלד צופאָרן די פורן...

— שוין... איין מינוט... — האָט שעפּטל געזאָגט און איז אַרײַן צו דער מאַמען.

ער האָט זיך אומגעקערט אַ צעשטרייטער און זיך געזעצט צום פאַרשפּרייטן טיש. די קינ־דער האָבן זיך אָנגעהויבן שטופּן אַרום אים. יעדער פון זיי — סײַ שמועלקע, וועלכער האָט שוין געהאַט אָנגעזאָגט זויקן און די איבעריקע יינגלעך די סימכע, אַז דער טאַטע גייט הײַנט אַוועק אַף דער מילכאָמע, סײַ עסטערקע און טײַבעלע האָבן געוואָלט זיצן לעבן טאַטן. קורט האָט אויך געוואָלט זיך זעצן נאָר לעבן שעפּטלען.

זעלדע האָט אַוועקגעשטעלט אַפן טיש אַ פאַלומעסעק מיט קאַרטאָפל־לאַטקעס, פולע גלע־זער מיט קאַלטן זויערמילך, אַ הייסע פּרעזשעניצע — דאָס, וואָס שעפּטל האָט באַזונדערס ליב געהאַט.

— נו, זעץ זיך שוין אויך אַוועק, — האָט שעפּטל זיך אָנגערופן.

— עס... עס... אַף מיר וואַרט ניט, — זי האָט אַוועקגעװיִלט אין קיך, געבראַכט שמעקנדיקע קאַווע פאַרוויִסט מיט מילך און זיך צוגעזעצט אַף דער ברייטער באַנק אַנטקעגן שעפּטלען.

— זאָלסט ניט פאַרגעסן, זעלדע, ווי נאָר מע וועט ברענגען אין קלייט די לערנביכער, קויפן שמועלקען אַ בוקוואַר, — האָט שעפּטל געזאָגט, צוזוקנדיק נעענטער צו די קינדער די פּרעזשעניצע, — נאָך אַ כוידעש, און ער גייט דאָך שוין אין שול... ניי אים איבער אַ ווינטער־מאַנטל פון מײַנעם... פונעם אַלטן... ס'וועט זײַן פאַר אים אַ גוטער, וואַרעמער מאַנטל... נו, וואָס נאָך?.. כ'האָב, דוכט זיך, אַלץ אָנגעזאָגט... זאָלסט ניט פאַרגעסן דעם טאַפּאָל, אָט דעם, וועלכן כ'האָב האָיאָר פאַרזעצט אַנטקעגן פענצטער... זאָלסט שרײַבן... און טאַמער וועסט עפּעס דאַרפן, איז זאָג כאַנציען אָדער כאַמען...

— גוט, — האָט זעלדע צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און זיך אומגעקוקט צום פענצטער. זי האָט געציטערט, אַז עס זאָל זיך ניט באַווײַזן די ברויט־וואַלקע, מיט וועלכער שעפּטל דאַרף פאָרן. זאָל כאָטש נאָך געדויערן אַ ביסל. זאָל ער זײַן נאָך אַ ווײַלע אין דער היים, מיט די קינדער....

מיטאַמאָל האָט זעלדע דערהערט אַ הילכיק טראַכקען פון וועגענער און דערשראָקן צוגע־לאָפן צום פענצטער. אַנטקעגן זייער הויף האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ הויך־אָנגעלאָדענער וואָגן מיט זעקלעך ווייץ, הינטער אים נאָך אַ וואָגן, נאָך איינער און נאָך איינער.

די גאַנצע וואַלקע — צוועלף הויך־אָנגעלאָדענע וועגענער זײַנען געבליבן שטיין אַף דעם אויסגעפּאַרענעם וועג, וואָס האָט זיך געשלענגלט אין דער מיט גאַס.

זעלדע האָט דערפילט, אַז ס'האָבן באַ איר זיך אָפּגענומען די פיס. ערשט איצט האָט זי אָפּ־דערעמעסן פאַרשטאַנען, אַז שעפּטל לאָזט זיי איבער און פאָרט באַלד אַוועק.

— נו, די ברויט־וואלקע איז שוין דאָ, — האָט שעפּטל האַסטיק זיך אופגעהויבן, — הייסט עס, שוין צײַט... ווּ איז, א, זעלדע, דער פּידזשאַק?..

בא זעלדען האָט פאַרקלעמט דאָס האַרץ, אין די אויגן האָבן זיך געשטעלט טרערן, זי האָט זיי גיך אויסגעווישט, דערלאַנגט דעם פּידזשאַק און געהאָלפן אים אָנטאָן.

שעפּטל האָט באַהאַלטן אין בוזעם־קעשענע די פּאַפּירן, דאָס מיליטער־ביכל און איז אַרײַן צו דער מאַמען זיך געזעגענען מיט איר.

לעבן דעם טויער און אַף דער מיט גאַס אַרום דעם ערשטן וואָגן מיטן טראַנספּאַראַנט: „אַלץ פאַרן פראָנט!” האָט זיך געקליבן אַלץ מער אוילעם — עלטערע מאַנצבלען, קינדער און דעריקער פרויען. די סאָלדאַטקעס, וועלכע זײַנען זײַנען נאָך ערשט נעכטן געווען אָנגעשטויסן אַף זעלדען דער־פאַר, וואָס שעפּטל איז דאָ מיט איר, אין דער צײַט, ווען זייערע מענער זײַנען אַפן פראָנט, זײַנען געשטאַנען פאַרומערטע און געווישט זיך די אויגן.

די קאָלווירטניקעס האָבן געגרייכערט און פאַרזאָרגט געראַדט צווישן זיך וועגן דער לאַגע אַף די פראָנטן.

— ניט גוט. ווידער ניט פריילעך, — האָט שיִע קוקוי געשאָקלט מיטן פליכעוואַטן קאָפּ, — אונדזערע זײַנען ווידער אָפּגעטראָטן...

— מאָרגן ווערט ערשט א כוידעש, ווי ס'האָט זיך אָנגעהויבן די מילכאָמע, — האָט סמעקון זיך געערגערט, — און דער דײַטש איז שוין אין סמאָלענסק...

— אין סמאָלענסק איז ער געווען נאָך דעם זעכצעטן...

— ניט אַנדערש, אַז עפּעס איז געשען... עפּעס טוט זיך ניט אַזוי...

— ס'איז ניט גוט... זייער ניט גוט...

די פערד, וואָס זײַנען געווען געשפּאַנט אין די וועגענער, האָבן אָן אופהער געשמיסן מיט די עקן, געטריבן פון זיך די אײַנגעגעסענע פליגן.

אַרומגערינגלט פון די קינדער, איז שעפּטל אַרויס פון שטוב אינעם פּידזשאַק און אין די נײַע יוכטאָווע שטיוול. אַף די הענט האָט ער געהאַלטן שאַלעמקען. זעלדע איז געגאַנגען הינטער זיי און געטראָגן די טאָרבע.

— זאָג אָן פאַרן אוועקפאָרן... וואָס דאַרף איך נאָך טאָן?.. — האָט זי מיט א ציטערנדיקער שטים געבעטן אים.

— דוכט זיך, אַלץ...

— נו, לאָמיר זיך געזעגענען, — האָט כאָנציע, וועלכער האָט זיך שוין געאײַלט אין סטעפּ, זיך אָנגערופן, ווען שעפּטל איז אַרויס פון זײַן הויף און צוגעמאַכט הינטער זיך די קאַליטקע.

זעלדע האָט אוועקגעלייגט די טאָרבע אַפן ערשטן וואָגן, פון פאָרנט, לעבן דאָדיע בורלאַקן, און גענומען בא שעפּטלען פון די הענט שאַלעמקען.

שעפּטל האָט זיך געזעגנט מיטן קאָלווירט־פּאָרזיצער, מיט כאָמע טראַסקונען, מיט קאַלמען זאַהאָטן, מיט אַלע איבעריקע. ער איז אויך צוגעגאַנגען צו לייע־דוואָסיען, וועלכע איז געשטאַנען באַזונדער, איינע אַליין אין א זײַט פון יענער זײַט פאַרקן און געגעבן איר די האַנט.

— פאַרבלײַבט געזונט... און האָט אַף מיר קיין פאַריבל ניט, — האָט שעפּטל געזאָגט.

— וואָס איז שוין איצט פאַראַן צו פאַריבל האָבן...

שעפּטל האָט זיך גענומען זעגענען מיט די קינדער. ער האָט זיך געזעגנט מיט שמועלקען, מיט עסטערקען און נאָכדעם אופגעהויבן אַף די הענט טײַבעלען.

— זאָלסט פאָלגן די מאַמע, — האָט ער זי א גלעט געטאָן איבערן קעפּל, — גוט? טײַבעלע האָט געשוויגן.

— נעם אַרום דעם טאַטן... נעם אַרום... גיב א קוש, — האָט זעלדע שטיל געזאָגט, — ווער ווייסט, ווען מיר וועלן אים זען...

— מע דאַרף ניט, טאַטע, — האָט טײַבעלע מיטאַמאָל זיך צעוויינט, — פאָר ניט אוועק... זי האָט אַרומגעכאַפּט אים מיט די הענטלעך און זיך צוגעדריקט צו אים.

— נו, אָט האָסטו דיר... איך וועל זיך דאָך איינגיכן אומקערן.... — האָט שעפּטל הויך מיט א געמאַכטער פריילעכקײַט אויסגערופן, — וועסט וואַרטן אַף מיר, אי?.. וועסט וואַרטן?..

— כ'ל וואַרטן, — זי האָט זיך צוגעטוליעט צו אים און א קוש געטאָן.

ווען שעפּטל האָט אַראָפּגעלאָזט טײַבעלען אַף דער ערד, האָט ניט דרייסט זיך צוגערוקט נעענטער צו אים קורט. א באָרוועסער, אין די קורצע הייזלעך אַף שלייקעלעך, איז ער געבליבן שטיין אַנטקעגן שעפּטלען מיט די פאַרהייבענע בלויע אויגן, וואַרטנדיק, אַז שעפּטל זאָל אויך מיט אים זיך זעגענען.

שעפּטל האָט זיך עטוואָס פאַרלוירן, גענומען אים אַף די הענט. קורט האָט מיט די הענטלעך

אַרומגעכאַפּט שעפּטלען באַם האַלדז פונקט אַזוי, ווי ס'האָבן פריִער געטאָן די איבעריקע קינדער, און אַ קוש געטאָן אים אין באַק. שעפּטל האָט אים אויך אַ קוש געטאָן, פּאַטערלעך אַ גלעט געטאָן איבער דער פּלייצקע און איבערן קעפּל, פונקט אַזוי ווי זײַנע אייגענע קינדער, אַראָפּגעלאָזט אַף דער ערד און צוגעגאַנגען צו זעלדען, וואָס איז געשטאַנען, ווי אַ פאַרשטיינערטע, מיט שאַלעמקען אַף די הענט.

שאַלעמקע, אָנגעטאָן אין אַ געקוויטלט העמדעלע, האָט געשמייכלט מיט פּאַרמאַכטע ליפּן און דער שמייכל האָט אויסגעזען זייער קלוג און פאַרשטאַנדיק. וואָס האָט ער איצט געשמייכלט? וואָס האָט דאָס יאָריקע קינד געוווּסט?.. וואָס האָט עס פאַרשטאַנען?..

שעפּטל האָט זיך אײַנגעקוקט אין דעם מיזיניק, אים עטלעכע מאָל אַ קוש געטאָן, און, פילנדיק, אַז ס'איז פאַרבליבן דאָס סאַמע שווערסטע, געזעגענען זיך מיט זעלדען, בעקיוון זיך צוגעײַלט.

— נו, זײַ געזונט... גיב אַכטונג אַף זיך, אַף די קינדער, אַף דער מאַמען, — האָט ער זי אַרומגענומען.

— פאַר אונדז, בעט איך דיך, זאָרג זיך ניט, — באַ זעלדען זײַנען געשטאַנען טרערן אין האַלדז, נאָר זי האָט זיך געשטאַרקט מיט אַלע קויכעס. — פאַר אונדז זאָל דיך ניט קימערן... איך בעט דיך, שעפּטל, זאָלסט שרײַבן כאָטש יעדע וואָך... דו הערסט, וואָס איך בעט דיך?.. — האָט זי קוים איבערגעכאַפּט דעם אָטעם.

— איך הער... איך הער...

— כאָטש צוויי ווערטער. נאָר יעדע וואָך, געדענק...

— גוט. כ'ל שרײַבן. נו, אַלץ... — האָט ער זי נאָכאַמאָל אַ קוש געטאָן. — גיי אין שטוב... די מאַמע איז אַליין... זײַט געזונט... זײַט געזונט...

שעפּטל האָט מיט גיכע טריט זיך געלאָזט צו דער וואַלקע, אַרופגעכאַפּט זיך אַף דעם ערשטן וואָגן און אַ שטורכע געטאָן דאָדיע בורלאַקן, ער זאָל פאָרן.

— אין אַ גוטער שאָ... — האָט דאָדיע בורלאַק געזאָגט און אַ צי געטאָן די לייצעס. די אויסגעפּאַשעטע פאַר גניאַדע פערד האָבן שטײַף אָנגעצויגן די פּאָסטראָמקעס און דער וואָגן האָט זיך גערירט.

זעלדע, אַ בלייכע, האָט זיך צוגעשפּאַרט מיט שאַלעמקען אַף די הענט צום ברייטן מילבערבוים.

— קער זיך אום געזונטערהייט... קער זיך אום גאַנצערהייט... — האָט זי געשעפּטשעט אין זיך, ווי אַ טפילע, נאָכקוקנדיק נאָך דעם זיך דערווײַטערנדיקן וואָגן, אַף וועלכן שעפּטל איז געזעסן אין דער הייך אַף אַ זעקל ווייץ. גלײַך פון אָרט זײַנען די פערד אַוועק אין שנעלן געלויף און די ברויט־וואַלקע — די צוועלף וועגענער מיטן רויטן טראַנספּאַראַנט פון פאָרנט האָבן געשווינד אַוועקגעטראַסקעט אַראָפּ מיט דער גאַס און פאַרקערעוועט פאַרבײַ דעם זאַהאַן.

די קאָלווירטניקעס זײַנען נאָך אַ ווײַלע געשטאַנען, נאָכגעקוקט די וועגענער און זיך גענומען פאַנאַנדערגיין.

זעלדע מיט די קינדער זײַנען אַרײַן צו זיך אינעם פּאָסט־געבליבענעם הויף.

שמועלקע האָט אַ רוף געטאָן אויך זוזיקן. ער האָט זיך געפילט איצט, ווי אַ גלײַכער מיט אים.

דער ערשטער וואָגן איז שוין געווען אַפן סאַמע אַרוף־באַרג. פון הינטן, אָפּשטייענדיק ניט קיין סאַך איינער פונעם אַנדערן, האָבן זיך געצויגן די איבעריקע.

שעפּטל האָט זיך אומגעקוקט פונדאַנען אַפן כוטאָר, וואָס איז פאַרבליבן שוין ווײַט, אָפּגעזוכט מיט די אויגן זײַן שטוב און דערזען, ווי אַפן מיט הויף שטייט דאָרט זעלדע מיט די קינדער און קוקן אַהער, אַרוף־באַרג.

„צי איז מיר באַשערט זיך אומקערן אַהער, צי וועל איך זיי נאָך וועגן ס'איז זען?..“ — האָט שעפּטל אַ טראַכט געטאָן...

דער וואָגן האָט מיט אַ קלינגערײַ, מיט אַ טראַכקען זיך אַוועקגעטראָגן אַראָפּ־באַרג, און די ווײַס־אויסגעקאַלכטע שטוב זײַנע, דער הויף, דער כוטאָר צוזאַמען מיטן סטאַוואָק און מיט דער הערבליע זײַנען פאַרשוווּנדן פון זײַנע אויגן...

## קאַפּיטל צוועלף

די ערשטע העלפט וועג ביז הולײַפּאָליע איז שעפּטל, וואָס איז אַ שווײַגנדיק־פאַרזאָרגטער געזעסן אַפן הויך־אָנגעלאָדענעם זיך אונטערטרייסלענדיקן וואָגן, געווען מיט זײַן גאַנצן וועזן, מיט אַלע זײַנע געפילן און געדאַנקען נאָך אַלץ דאָרט, באַ זיך אין כוטאָר, אין דער היים. דאָס האַרץ האָט אים געגאָגט. ער האָט געטראַכט וועגן די קינדער און וועגן זעלדען. ערשט איצט,

אוועקפאָרנדיק פון דער היים, האָט ער אין דער פולער מאָס פאַרשטאַנען, וויפל גוטסקייט און געטרײַשאַפט זעלדע פאַרמאָגט אין זיך. עס האָט זיך אים געדוכט, אז ער זעט פאַר זיך דאָס בילד, ווי זי שטייט אינמיטן הויף אַרומגערינגלט מיט די קינדער און מיט שאַלעמקעס אַף די הענט און קוקט אומבאַוועגלעך אַרויף־באַרג... און וואָס טוט זעלדע איצט, אין אָט דער מינוט?.. זי מוז איצט זײַן אַף דער פאַרמע, מעלקט די בעהיימעס... און די קינדער?.. די קינדער לויפן מיסטאָמע, ווי געוויינלעך, אַרום איבערן הויף, שפּילן זיך... געדאַרפט ברענגען אַ דאָקטער צו דער מאַמען... ניט באַוויזן... וואָס האָט ער נאָך געדאַרפט טאָן? ער האָט זיך דאָך געקליבן פאַרקיטעווען די שויבן, אז ס'זאָל ווינטער ניט בלאָזן, און פאַרגעסן. אינגאַנצן פון קאָפּ אַרויס. איצט וועט זעלדע שוין דאַרפן אַלץ טאָן אַליין... ווי־אַזוי האָט ער עס פאַרגעסן?.. און קאַלמען זאַהאַטן האָט ער אויך פאַרגעסן זאָגן, אז אין דעם נײַעם אַמבאַר ליגט אַ קאָמפּלעקט שנײַדמעסערס... נאָר כאָמע ווייסט וועגן דעם... וואָס האָט ער עס געזאָגט מיר לעבן וואָגן?.. קאַטערינע האָט אַוועקגעפירט דעם פּריש־טיק די טראַקטאָריסטן און דעריבער ניט געקאָנט קומען זיך זעגענען... מיט וועמען נאָך האָט ער זיך ניט געזעגנט?.. דוכט זיך, געזעגנט זיך מיט אַלעמען. ניין, מיט דאָבע יודל פּיסקונס... זי ליגט קראַנק. נעכטן ערשט זיך דערוווּסט וועגן דער פאַכאַראַנע. געדאַרפט אַרײַנגיין צו איר... און ווו איז יודל?.. פאַרוואָס איז ער ביז איצט ניטאָ?.. ער האָט דאָך געדאַרפט אַרויס פון לאַגער נאָך סאָף יון... צי איז ער ניט אַרײַנגעפאַלן אין מינסק צו די דײַטשן?.. און אַף באַסיען איז אויך אַ ראַכ־מאָנעס. אַ צאַר געווען צו קוקן אַף איר... זי האָט זייער ליב געהאַט יאַסקען... ווען ניט די מיל־כאָמע, וואָלטן זיי אין האַרבסט, נאָכן אַראָפּנעמען די גערעטעניש, כאַסענע געהאַט. אַוועקגעפאָרן איז יאַסקע אַ פריילעכער. ניט אַרויסגעלאָזט די האַרמאָניק פון די הענט... און פון וואַנען איז שוין אויך צוויי וואָכן קיין בריוו ניטאָ... ניט גרינג וועט איצט זײַן קאַלמען זאַהאַטן באַלעבאַטעווען אי אַף דער פאַרמע, אי אין דער פעלד־בריגאַדע... וואָס טוט זיך דאָרט איצט?... ווי גייט אָן אים די אַרבעט אין דער בריגאַדע?.. — באַ שעפּטלען האָט אַ טיאַכקע געטאָן דאָס האַרץ. אַזוי בוילעט האָט ער זיך פאַרגעשטעלט דעם נײַעם האַרמאַן. די דרעשמאַשין הודעט, קלאַפּט מיט די זיפּן, פולע האַרבעס מיט זאַנגען ציִען זיך פון דער גערשטן־באַלקע. עס בלענדן אַנטקעגן דער זון ווילעס, באַסטערמאַקעס... נאָר ער איז דאָרט ניטאָ...

נאָר וואָס מער די ברויט־וואַלקע האָט זיך דערווײַטערט פון כוטאָר, פון דער היימישער בוריאַנאַוווקער ערד און זיך דערנעענטערט צום ראַיצענטער, צו הולײַפּאָליע, ווו שעפּטל האָט געדאַרפט נאָך הײַנט זיך מעלדן אין ראַיוואָיענקאָמאַט, האָבן אים אַלץ מער אָנגעהויבן קריכן און באַמרוּיקן געדאַנקען וועגן דעם, וואָס עס דערוואַרט אים...

די זון האָט זיך געגומען שוין צוביסלעך אַראָפּזעצן, זיך פאַמעלעך געקײַקלט אַלץ נידעריקער אַראָפּ פונעם הימל און האָט שוין ניט אַזוי געסמאַליעט.

די לופט אין סטעפּ איז געוואָרן עטוואָס געדיכטער. פון דער באַלקע האָט געצויגן אַהער מיטן גערוך פון דעם אָפּגעשניטענעם גוט־צוגעטריקנטן גערשטן, וואָס איז נאָך געלעגן אין די געל־באַגילדעטע קאָפּיצעס, פון די פאַסטראָמקעס און רעדער האָט געטראָגן מיט דזעגעכץ, פון די פול־אָנגעלאָדענע זעקלעך האָט געשמעקט מיט דעם ניט לאַנג צוריק אָפּגעדראָשענעם פרישן ווייץ.

שעפּטל האָט דורשטיק אײַנגעאָטעמט אין זיך אָט דאָס ליבע און מעכײַעדיקע גערוך, פילנדיק, אז אָט־אָט צעשיידט ער זיך מיט זײַן ליבער היים און ווער ווייסט אַף וויפל...

„קוק זיך אײַן אין אָט די גרינענדיקע באַלקעס, קוק אַף די בערגלעך, אַף די אַרומיקע פעלדער מיט די זונרויזן, מיט דער קוקורוזע, מיט די צווויי טאָפּאָלן, שפּיגל זיך גוט אין אָט דער ערד, אין אָט דעם הימל, ווײַל מאָרגן וועסטו עס שוין ניט זען און ווער ווייסט, ווען דו וועסט ווידער פאָרן אָט דאָ, מיט אָט דעם וועג..." — האָט שעפּטל ווי גערעדט צו זיך אַליין.

די פערד האָבן נידעריק געפּאָכעט מיט די קעפּ און, שוין מידע, נאָך אַלץ גיך געלאָפן איבער דעם ברייטן אויסגעפאָרענעם וועג.

דאָדיע בורלאַק, וואָס איז מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ געזעסן פון פאָרנט, אַ ביסל נידעריקער פון שעפּטלען, האָט זעלטן־ווען אַ צי געטאָן די לייצעס אָדער אַ נוקע געטאָן צו די גניאַדע. קימאַט דעם גאַנצן וועג האָט ער געשוויגן. פון זינט זײַן עלטסט און באַליבט אייניקל זאָרעך, דער לייטענאַנט, וואָס האָט אים אָנגעטאָן דעם קאָוועד און איז געקומען צו פליִען אַף דער גאָלדענער כאַסענע און גלײַך, אינעם ערשטן טאָג פון דער מילכאָמע, אַוועקגעפאָרן, קעדיי וואָס גיכער זיך דערקלײַבן צו זײַן טייל ערגעץ לעבן דווינסק, — פון יענעם טאָג אָן איז פון אים ניט געווען קיין איין בריוו.

אין שטוב האָט מען זייער איבערגעלעבט, ניט געוווּסט וואָס איבערצוטראַכטן. קסעניע האָט געצאַנקט ווי אַ ליכט, כאַנע־איטקע איז אַרומגעגאַנגען אַ דערשלאָגענע, און נאָר ער, דאָדיע, האָט פאַר זיי אין די אויגן זיך געמאַכט האַרץ, זיך געסטאַרעט זיי באַרוּיקן.

— מאלע וואָס... עפּשער האָט זאָרעך אין אײַלעניש ניט ריכטיק אָנגעשריבן דעם אדרעס, אָדער דער בריוו איז אפן וועג פארפאלן געוואָרן... ער וואַרט אף אַן ענטפער און שרײַבט דערווײַל ניט... און עפּשער האָט דער בריוו זיך ערגעץ פארהאלטן און וועט מאָרגן אָדער איבערמאָרגן אָנקומען...

בארוּיקנדיק קסעניען און כאנע־איטקען, האָט דאָדיע בעשאסמײַסע זיך אַליין אויך עטוואָס בארוּיקט. אָבער איצט, ווען ער האָט פאר קיינעם ניט געדאַרפט זיך מאַכן־האַרץ, איז פאר אים קלאָר געווען, אַז ער נאַרט אי זיי, אי זיך... אַז מע שרײַבט, קומט אָן. עפּעס האָט געטראָפן מיט זאָרעכן... אָדער ער איז כאַסוועשאָלעם שווער פארוווּנדעט און וויל ניט און קאָן ניט שרײַבן, אָדער, גאָט באהיט, ער איז שוין ניטאָ אף דער וועלט, אָדער... — און דאָס האָט דעם אַלטן בורלאַקן געשראָקן מער פאר אַלץ — אָדער ער איז אַרײַנגעפאלן אין געפאַנגענשאַפט צו די דײַטשן, צו די היטלעריסטן אין די הענט... אָט די שווערע געדאַנקען האָבן אים אַ גאַנצן וועג געמאַטערט. נאָר ער האָט געשוויגן, מוירע געהאַט אין דער הייך עס אַפילע אַרויסברענגען פארן מויל. פון מאָל צו מאָל האָט ער פון דער זײַט געכאַפּט אַ קוק אף שעפטלען, וועלכער איז געזעסן בײַ אים אפן וואָגן, און יעדעס מאָל טרויעריק אַ טראַכט געטאָן: „אָט פאָרט ער אויך אַהין אין פײַער, ווער ווייסט, צי וועט ער זיך אומקערן?..“

מיטאמאָל האָט דאָדיע בורלאַק אַ ציִ געטאָן די לייצעס און די פערד זײַנען אַוועק גיכער. זיי זײַנען פארבײַגעפאָרן דעם ניט לאַנג צוריק אויסגעבויטן ציגל־זאַוואָד, די ליים־גריבער, און זיך פארנומען מיט דער אַלטער בריק. דער שווער־אָנגעלאָדענער וואָגן האָט טראַכקענדיק זיך אַוועקגעקײַקלט איבער דעם שלעכט־ברוקירטן אַראָפּבאַרגיקן געסל.

דאָס איז שוין געווען דער ראַיצענטער. נאָכן ערשטן וואָגן האָבן איבערן שטיינערנעם ברוק זיך אַוועקגעצויגן אַלע איבעריקע, באַגלייט מיט דער בילערײַ פון די הינט אין די גרין־אַרומגעצוימטע הויפן.

פונדערווײַטן האָט שעפטל אף דער סטעזשקע דערזען אַ פרוי אין אַ ווײַס קאָפּטעלע און האַסטיק זיך אַ הייב געטאָן פון אָרט. אף אַ רעגע האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ס׳איז עלקע. ניין, ניט זי. נאָר שעפטל האָט זיך שוין ניט געקאָנט בארוּיקן.

„אָט איז ער אין הולײַפּאָליע און עלקע איז דאָך דאָ“... — האָט ער אַ טראַכט געטאָן. אים האָט זיך זייער פארוואָלט זי זען, באַזונדערס איצט, פאר זײַן אַוועקגיין אף דער מילכאָמע, דערוויסן זיך, וואָס איז מיט איר, צי האָט מען זי מער ניט אַרויסגערופן, צי אַרבעט זי שוין און צי האָט זי עפּשער באַקומען אַן ענטפער וועגן אַלעקסייען... אויב מע וועט נאָר פון וואָיענקאָמאַט אים גלײַך ניט אַוועקשיקן אין טייל, וועט ער אומבאַדינגט, כאָטש אף עטלעכע מינוט זיך אַראָפּכאַפּן צו איר... זי וווינט דאָך ניט ווײַט פון דער פאָטשט, ער דאַרף סײַווי דאָרט זײַן. ער וועט אָנשרײַבן אַ קאַרטל אַהיים, צו וויסן געבן וועגן זיך, זאָל זעלדע זיך ניט באַומרוּיקן.

דער ערשטער וואָגן, אף וועלכן שעפטל איז געזעסן, האָט זיך פארנומען מיט דער לאַנגער גאַס, וואָס האָט געפירט צום עלעוואַטאָר.

דער ראַיוואָיענקאָמאַט האָט זיך געפונען עטוואָס רעכטס, אפן סטאַלין־פּלאַץ.

דאָדיע בורלאַק האָט אפן ראָג פארהאַלטן די פערד. שעפטל איז אַראָפּגעשפּרונגען פון וואָגן, זיך געזעגנט מיט דאָדיען און מיט די איבעריקע קאָלווירטניקעס, וועלכע האָבן אָנגעטריבן די וועגענער. אַ קורצע ווײַלע איז שעפטל נאָך געשטאַנען אפן ברוק, נאָכגעקוקט די היימישע פורן, וואָס האָבן זיך דערווײַטערט, נאָכדעם פארוואָרפן די שווערע טאָרבע איבערן אַקסל און מיט ברייטע טריט זיך געלאָזט גיין צום ראַיוואָיענקאָמאַט.

דאָ, אין צענטער פון הולײַפּאָליע, זײַנען קיין פּאַליסאַדניקעס ניט געווען. די איינשטאָקיקע און ערטערווײַז צווישטאָקיקע שטיבער האָבן אַרויסגעקוקט מיט די פענצטער גלײַך צו דער גאַס, און שעפטל האָט ערשט איצט באַמערקט, אַז אַלע שויבן פון די פענצטער זײַנען פארקלעפּט מיט לאַנגע און שמאָלע פּאַסן פּאַפּיר, איבערגעקרייצט איינער איבערן אַנדערן, ווי אף יעדער שויב וואָלט מען געהאַלטן אין איין קייפלען.

די שויבן פון די הויכע פענצטער פון דער איינשטאָקיקער רויט־געמויערטער געבײַדע, וווּ עס האָט אַמאָל געלעבט דער פּריסטאַוו און וווּ ס׳האָט זיך איצט געפונען דער ראַיוואָיענקאָמאַט, זײַנען אויך געווען דורכויס איבערגעקרייצט מיט לאַנגע ווײַסע פּאַסן פּאַפּיר.

אַרום ראַיוואָיענקאָמאַט איז געווען טומלדיק. שעפטל איז גלײַך אַוועק צום וואָיענקאָם. דער וואָיענקאָם האָט זיך געגריסט מיט אים, צוגענומען די פּאָוועסטקע, דאָס מיליטער־ביכל און געהייסן גלײַך, קאָלזמאַן די דאָקטוירים זײַנען ניט אַוועק, דורכגיין די מעדיצינישע קאָמיסיע. „צוליב וואָס, — האָט שעפטל געפּרוּווט דערווידערן, — אַז איך בין געזונט אַרום און אַרום“... נאָר ס׳האָט אים ניט געהאָלפן. ער האָט געמוזט זיך אויסטאָן און ווײַזן זיך די דאָקטוירים.

נאָך דער קאָמיסאָוועקע האָט מען אים געמאָלדן: „גאָדיען״[1] און געהייסן וואַרטן צוזאַמען מיט אַלע איבעריקע אין הויף.

אין גראַמען הויף איז שוין געווען היפּש אוילעם, — נאָך יונגע, עטלעכע־און־צוואַנציק־יאָריקע כעווריע, און שוין מיטליאָריקע מאַנצבלען. זיי זײַנען געווען פאַרשיידן געקליידט: ווער האַלב־מיליטעריש — אין אַן אַלטער כאַקי־גימנאַסטיאָרקע אָדער אין גאַליפע־הויזן, ווער ציוויל־וואָכעדיק — אין אַן אַלטן פּידזשאַק, און ווער יאָמטעוודיק, ווער אין אויסגעטראָטענע פּאַרלאַטעטע שיך און ווער אין נײַע גלאַנציקע שטיוול. אַלע מיט טאָרבעס אויף די פּלייצעס אָדער אין די הענט. דער אוילעם, ווי שעפּטל האָט זיך באַלד דערוווּסט, איז אין גרונט באַשטאַנען פון מיליטער־פליכטיקע, זייער יאָר איז שוין געווען מאָביליזירט, נאָר זיי האָבן זיך ניט געקאָנט מעלדן פריִער צוליב פאַרשיידענע סיבעס: אייניקע זײַנען געווען ניט געזונט, אַנדערע ווײַט פון דער היים, די דריטע האָבן געהאַט אַ קורצווײַליקע אָטסראָטשקע צוליב פאַמיליען־אָנגעלעגנהײַטן.

אומגעריכט האָט שעפּטל באַגעגנט צווישן דעם אוילעם זײַן נאָענטן פרײַנט, דעם בריגאַדיר פון ווּעסיאָלאָקוטער קאָלווירט, מיט וועמען ער האָט אין מעשעך פון עטלעכע יאָר געהאַט אַן אָפּמאַך פון סאָציאַליסטישער פאַרמעסטונג, — אַלעס יאַנקאָווענקאָ. אַלעס איז געווען עטוואָס עלטער פון שעפּטלען, געהאַט דרײַ קינדער. דער פּאָרזיצער האָט זיך אויסגעסטאַרעט פאַר אים בראָן, נאָר ער האָט פון בראָן זיך אָפּגעזאָגט און זיך געמאָלדן פרײַוויליק. זיי האָבן זיך ביידע דערפרייט מיט דער באַגעגעניש און זיך שוין געהאַלטן צוזאַמען. זיי האָט זיך געוואָלט איצט איינס — מע זאָל זיי שיקן אין איין טייל.

דאָ זײַנען געווען נאָך אייניקע אין זייערע יאָרן און אפילו אַ ביסל עלטער, וואָס האָבן זיך אויך געמאָלדן פרײַוויליק. אמערסטן זײַנען עס געווען דאָרף־קאָמוניסטן, וועלכע האָבן אין די אומפאַרגעסלעכע ניין־און־צוואַנציקסטן און דרײַסיקסטן יאָרן דורכגעפירט די קאָלעקטיוויזאַציע.

דער אוילעם האָט געוואַרט אויפן וואָיענקאָם, וועלכער האָט געדאַרפט מעלדן, ווער אין וואָס פאַר אַ טייל איז פאַרעכנט און ווען, מיט וואָס פאַר אַ צוג מע וועט זיי אָפּשיקן.

מע האָט ארומגעשפּאַצירט איבערן הויף, געררייכערט, אַנדערע האָבן זיך אויסגעזעצט אויפן קאַסטן מיט זאַמד, וואָס איז געשטאַנען באַם אַרײַנגאַנג אין וואָיענקאָמאַט, פאַנאַנדערגעבונדן די טאָרבעס און איבערגעביסן. ניט ווײַט פון קאַסטן מיט זאַמד איז געשטאַנען אַ פעסל מיט פאַר־שימלטן וואַסער און אויף אַ גרויסן רויט־אָפּגעפאַרבטן ברעט זײַנען צוגעפעסטיקט געווען לאָפּעטעס, לאָמען — פאַרשיידענע מאַכשירים אויף לעשן אַ סרייפע בעשאַס אַ באָמבאַרדירונג. אַרום און אַרום און באַזונדערס לעבן דעם קאַסטן מיט זאַמד האָט זיך געוואַלגערט שאָלעכץ פון אייער, פון אוגערקעס, שטיקלעך רויטע פּאָמידאָרן, ווײַדלען און קעפּ פון הערינג, אָקורקעס און שטיקלעך פּאַפּיר.

שעפּטל האָט ארומגעשפּאַצירט איבערן הויף זאַלבענאַנד מיט אַלעסן און פּונקט ווי אַלע איבעריקע און עפּשער נאָך מער געוואַרט אויפן וואָיענקאָם. אים האָט זיך געוואָלט וויסן, ווען וועט מען אים אָפּשיקן, וועט ער עפּשער קאָנען זיך צוכאַפּן אויף עטלעכע מינוט צו עלקען. פון ראַיוואָיענ־קאָמאַט ביז דעם הויז אינעם נײַעם געסל, וווּ עלקע האָט געוווינט, איז געווען ניט איבעריקס ווײַט, נאָר אָוועקגיין איצט אָן אַ דערלויבעניש האָט ער שוין ניט געקאָנט. מיטאַמאָל האָט איבערן הויף אַ הילך געטאָן אַ קאָמאַנדע:

— סטראָיסיאַ!..

די, וואָס זײַנען געזעסן, זײַנען אופגעשפּרונגען פון די ערטער; די, וואָס האָבן געררייכערט, האָבן אַוועקגעוואָרפן די פּאַפּיראָסן און גיך זיך אויסגעשטעלט אין איין ריי אין מיט הויף.

עס איז אַרויס דער וואָיענקאָם — אַ הויכער, זייער אַ דאַרער, מיט אַ פּאַרטופּייע איבער דער פלאַכער ברוסט. מיט אים אַ נידעריטשקער, אַ פולבלעכער אין גרויסע ברילן.

— ווער איז דער? — האָט שעפּטל שטיל אַ פרעג געטאָן בא אַלעס יאַנקאָווענקאָ, וועלכער איז געשטאַנען פון רעכטס לעבן אים.

— דער נײַער סעקרעטאַר פון ראַיפּאַרטקאָם...

— און מיקאָלע סטעפּאַנאָוויטש? — האָט שעפּטל פאַרכידעשט געפרעגט.

— ליגט אין שפּיטאָל.... מיט אַ האַרץ־שלאָג...

— וואָס רעדסטו?.. ווען?.. וויאַזוי?..

אַלעס האָט געוואָלט אים נאָך עפּעס זאָגן, נאָר ס׳האָט זיך דערטראָגן אַ קאָמאַנדע „סמירנאָ!״

דער וואָיענקאָם האָט געמאָלדן, אַז די גאַנצע גרופּע, וועלכע באַשטייט פון זעקס און צוואַנ־ציק מאַן, ווערט געשיקט אין איין טייל. דער טייל געפינט זיך איצט לעבן קיִעוו. אַלס עלטסטער פון דער גרופּע ווערט באַשטימט אַנטאָן איוואַנאָוויטש שעלעסטאָוו, דער געוועזענער בודיאָנאָוועץ

[1] — טויג צו מיליטער־דינסט.

און סעקרעטאר פון דער היגער קאָלווירטישער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע. נאָכדעם האָט דער וואָיענקאָם געגעבן א וואָרט דעם סעקרעטאר פון ראַיפּאַרטקאָם.

שעפּטל איז געווען שטאַרק צערודערט פון דער נײַס, אז איוואַשטשענקאָ ליגט מיט א האַרץ־שלאַג, און ער האָט קימאַט ווי ניט געהערט, וואָס דער נײַער סעקרעטאר פון ראַיפּאַרטקאָם האָט גערעדט, ער האָט אפילו ניט באַמערקט, ווי יענער האָט פאַרענדיקט זײַן קורץ באַגלייטונגס־וואָרט. דער וואָיענקאָם האָט א רוף געטאָן צו זיך שעלעסטאָוון, וועלכער איז אָנגעטאָן געווען אין דער פאַרהיטער בודיאָני־פאָרם, געגעבן אים א גרויסן פאַרכאַסמעטן פּאַקעט און געמאָלדן, אז אין א שאָ ארום דאַרפן אלע זײַן אפן וואָקזאַל באַם מיליטער־קאָמענדאַנט, ווײַל אכצן נאָל־נאָל גייט אָפּ דער צוג אף זשמערינקע...

„שוין אין א שאָ ארום? — בא שעפּטלען האָט שווער א טיאָכקע געטאָן דאָס האַרץ. — און עלקע?..“

אין דער זעלבער רעגע האָט שעלעסטאָוו געגעבן א קאָמאַנדע און די שערענגע האָט זיך איבערגרופּירט צו פיר אין א ריי. און גלײַך נאָך א קאָמאַנדע:

— נאַ־פּראַ־וואָ!.. שאַגאָם אַרש!..

די קאָלאָנע האָט זיך לײַכט א וויג געטאָן, ארויסגעמאַרשירט פון הויף און זיך פאַרנומען מיט דער גאַס, וועלכע האָט געפירט פאַרבײַ דעם וואַסער־טורעם גלײַך צו דער אײַזנבאַן־סטאַנציע.

אף דעם, אז מע וועט זיך ניט פאַרהאַלטן אפילו אף א האַלב שאָ דאָ, האָט שעפּטל זיך אינגאַנצן ניט גערעכט. נאָר וואָס האָט ער שוין איצט געקאָנט טאָן? שפּאַנענדיק אין דער ריי אין מיט פון דער קאָלאָנע, האָט ער צעטראָגן זיך אומגעקוקט אף ביידע זײַטן גאַס מיט דער האָפענונג, עפשער וועט ער צווישן דעם אוילעם, וואָס איז געגאַנגען איבער די טראָטואַרן, דערזען עלקען.

ווען זי ווייסט, וואָלט זי געוויס ארויס כאָטש פונדערווײַטן זיך זעגענען מיט אים. נאָר פונוואַנען זאָל זי וויסן?

דאָס געסל, ווו עלקע האָט געוווינט, איז איצט שוין געווען גאָר נאָענט, עפשער הונדערט שפּאַן פונדאַנען. דאָס האָט שעפּטלען נאָך מער געערגערט. ער איז דאָך קימאַט לעבן איר שטוב...

פון פאָרנט האָט עמעצער פאַרצויגן א ליד. די קאָלאָנע האָט אוועקגעשפּאַנט גיכער, דערווײַטערנדיק זיך אלץ מער און מער.

„אויס... איצט וועל איך זי שוין ניט זען“... — האָט שעפּטל זיך אויסגעגעסן דאָס האַרץ.

צו דער אײַזנבאַן־סטאַנציע איז די קאָלאָנע א צעהיצטע געקומען באַצײַטנס. דער עלטסטער, אנטאָן שעלעסטאָוו, איז אוועק צום קאָמענדאַנט און זיך דערוווּסט, אז דער צוג, וואָס גייט אף זשמערינקע, פאַרשפּעטיקט אף א שאָ.

שעפּטל האָט שוין ניט אופגעהערט צו ערגערן זיך. די שאָ צײַט האָט ער דאָך געקאָנט זיך פאַרהאַלטן דאָרט. גיי ווייס.

דער עלטסטער האָט דערלויבט דער גרופּע דערווײַל זיך אָפּרוען און אָנגעזאָגט: פּינקטלעך נײַנצן נאָל־נאָל זײַן אנטקעגן דער טיר פון מיליטער־קאָמענדאַנט.

א צערודערטער איז שעפּטל גלײַך אוועק צום קיאָסק, געקויפט א קאַרטל און, אָנשפּאַרנדיק זיך אינעם שטיינערנעם פּאַרקן, מיט א בלײַפעדער אָנגעשריבן זעלדען עטלעכע שורעס. ער האָט איר געשריבן, אז ער האָט דאָ, אין וואָיענקאָמאַט, זיך געטראָפן מיט זײַן אלטן גוטן־פרײַנט פון וועסיאָלאָקוט — מיט אָלעס יאַנקאָווענקאָ, און אז מע שיקט זיי אין איין טייל, אזוי אז זיי וועלן זײַן צוזאַמען.

שעפּטל האָט געוווּסט, אז זעלדע וועט זײַן צופרידן פון דעם און דאָס וועט זי באַרויִקן א ביסל.

שעפּטל האָט קוים ארײַנגעשטופּט דאָס קאַרטל אין דעם פול־אָנגעפּאַקטן פּאָטשט־קעסטל און אוועקגעשפּאַנט איבער דער טומלדיקער פּלאַטפאָרמע.

אף דער פּלאַטפאָרמע און אין וואָקזאַל־סעדל איז פול געווען מיט עוואַקויִרטע — פרויען, קליינע קינדער, עלטערע מענטשן. עס איז געשטאַנען א טומל — א געמיש פון פאַרשיידענע שפּראַכן. מע האָט הויך גערעדט אף אוקראַיִניש, מאָלדאַוויש, יִדיש און רוסיש.

שעפּטלען האָט א צי געטאָן צום אוילעם. מיט אייניקע פון זיי האָט ער זיך פאַנאַנדערגערעדט און זיך דערוווּסט, אז דאָס זײַנען עוואַקויִרטע פון ראָווגע, לוואָוו, טיראַספּאָל, טשערנאָוויץ... אינדערפרי האָט מען זיי ארויסגעזעצט דאָ פונעם עשעלאָן און זיי וואַרטן אף פורן פון די דערבײַיִקע קאָלווירטן, ווו זיי וועלן, ווי עס האָט זיי געמאָלדן די ראַיאָנע אָנפירונג, זיך באַזעצן.

שעפּטל האָט מיט זאָרג געקוקט אף די אויסגעמאַטערטע היימלאָזע מענטשן, וואָס האָבן פאַרפולט דאָס סעדל, זײַנען געזעסן אף די פּעקלעך און געלעגן אף די פאַרשפּרייטע קאָלדרעס און מאַנטלען.

„יעדערער פון זיי האָט דאָך נאָך ערשט ניט לאַנג געהאַט א היים און אָט וואַלגערן זיי זיך

מיט קליינע קינדער אונטערן אָפענעם הימל... וויפל היימען זײַנען צעשטערט געוואָרן פאר דער צײַט״...

גאָר נאָענט האָט זיך דערטראָגן א צעצויגענער פײַף פון א לאָקאָמאָטיוו און באלד האָט פארבײַ דעם סעדל, פארבײַ דעם וואָקזאל זיך דורכגעטראָגן מיט ראַש אן אײַלנדיקער פראכטצוג מיט פארפלאָמבירטע רויטע פולמאן־וואגאָנעס און אָפענע גרויסע פלאטפאָרמעס, וועלכע זײַנען געווען אָנגעלאָדן מיט טאָקער־ און פרעזער־ווערקשטעלן, מיט מאָטאָרן, מיט הייבקראנען, מיט פארשיידענער אויסשטאטונג פון אן עוואקויִרטן זאוואָד.

און אין דער זעלבער צײַט האָט פון מיזרעך זיך ארײַנגעשניטן אן אנטקעגנדיקער אײַלנדיקער פראכטצוג. פון די האלב־אָפענע טעפלושקעס האָבן ארויסגעקוקט יונגע רויטארמייער, פון אונטער די גרויסע ברעזענטן, מיט וועלכע עס זײַנען געווען איבערגעצויגן די הויך־אָנגעלאָדענע פלאט־פאָרמעס, האָבן זיך ווו־ניט־ווו ארויסגעזען דראָענדיקע רערן פון טאנקען, פון שווערע הארמאטן, ווײַסע קאסטנס מיט סנאריאדן, זעניטקעס.... איין צוג האָט געיאָגט אין הינטערלאנד, דער צווייטער אהין, ווו ס׳האָט זיך געפונען די פראָנט־ליניע.

שעפטל האָט ניט באוויזן אָפזוכן צווישן דעם אוילעם אָלעסן, ווי ס׳האָבן ווידער אָנגעהויבן הודען די רעלסן. פון מײַרעוו איז מיט א צעצויגענעם פײַף אָנגעקומען א לאנגער צוג מיט שטויב באדעקטע פאסאזשיר־וואגאָנעס. אנטקעגן דער רויטער איינשטאָקיקער וואָקזאל־געבײַדע האָט דער לאָקאָמאָטיוו א לעצטן סאָפע געטאָן און מיט א ראַש ארויסגעלאָזט געדיכטע קנוילן דאמף. עס האָט זיך דערטראָגן א געקלאנג פון די בופערן, וועלכע האָבן זיך אָנגעשטויסן איינער אינעם אנ־דערן, און דער אָנגעקומענער צוג איז געבליבן שטיין. אין די אָפענע פענצטער האָבן זיך באוויזן פארבאנדאזשירטע קעפּ, אויסגעבלייכטע פענעמער, אף די טאמבורן זײַנען געשטאנען פאר־וווּנדעטע, אין איינע גרעט, אייניקע — אָנגעשפארט אף מיליצעס, אנדערע מיט ארָאָפגעהאנגענע פוסטע ארבל...

דער אוילעם, וואָס איז געווען אף דער פלאטפאָרמע, האָט זיך געלאָזט לויפן צו דעם עשעלאָן פון די פארווּנדעטע. בא די וואגאָנעס האָבן זיך געשטופּט אי די אָרטיקע, די הולײַפּאָליער, אי די, וועלכע זײַנען געקומען פון די ארומיקע קאָלווירטן, און אויך די עוואקויִרטע. ווער האָט דען ניט געהאט עמעצן אף דער מילכאָמע — א מאן, א זון, א ברודער, — און יעדן האָט אין דער מינוט זיך געדוכט, עפשער איז גראָד עמעצער פון זײַנע אייגענע פאראן צווישן די פארווּנדעטע. די פרויען זײַנען צעפּאָלאָכעטע געלאָפן לענגויס דעם לאנגן עשעלאָן, פון וועלכן עס האָט געטראָגן מיט היץ און מיט דעם ניט אָנגענעמענעם גערוך פון יאָדאָפאָרם און קארבאָלקע.

שעפטל איז געשטאנען מיט דער טאָרבע אפן אקסל עטוואָס אין א זײַט און געקוקט אף דעם, וואָס עס האָט זיך געטאָן לעבן צוג.

„יעדערער פון זיי איז שוין געווען אין פײַער, — האָט ער געטראכט מיט אָפּשײַ וועגן די פארווּנדעטע, — יעדערער פון זיי האָט שוין געזען דעם טויט פאר די אויגן״...

ווען דער עשעלאָן מיט די פארווּנדעטע איז אָפּגעגאנגען, האָט שעפטל גענומען זוכן אָלעס יאנקאָווענקאָן און געפונען אים לעבן פּאָטשט־קעסטל. ער האָט אויך אָפּגעשיקט א קארטל אהיים. דער וואָקזאל־זייגער האָט געוויזן אָן צען מינוט זיבן. זיי זײַנען אוועק אהין, ווו ס׳האָט זיך שוין געקליבן זייער קאָמאנדע.

אינגיכן איז אָנגעקומען דער זשמערינקער צוג. ער איז געווען אָנגעשטאָפּט מיט מיליטער־לײַט. אפילע אף די בופערן איז געווען פול. אנטאָן שעלעסטאָוו צוזאמען מיט דער קאָמאנדע איז באָכגעגאנגען נאָכן קאָמענדאנט, געפּאָדערט ארײַנזעצן אין צוג.

— ווו... ווו זאָל איך אײַך זעצן... אף די רעדער רײַטנדיק?.. — האָט דער קאָמענדאנט זיך צעשריִען. — אירט צוווארטן. אין דרײַ שאָ ארום וועט זײַן נאָך א צוג...

„נאָך דרײַ שאָ ווארטן? — האָט זיך שעפטל דערפרייט. — אויב אזוי... אויב אזוי קאָן איך זיך נאָך צוכאפּן צו עלקען״...

שעפטל האָט זיך אָפּגעבעטן באם עלטסטן אף אָנדערהאלבן שאָ אין שטאָט ארײַן. ער האָט איבערגעלאָזט זײַן טאָרבע אָלעסן און איז ארויס אפן שאָסיי.

א שטיק וועג איז שעפטל אונטערגעפאָרן אף א טרעפל פון א לאסטמאשין. ס׳איז געווען א שטילער פארנאכט און מע האָט ווײַט ארום געהערט, ווי אפן סטאלין־פּלאץ האָט דער הויכריידער הייזעריק איבערגעגעבן די סוואָדקע פון סאָווינפאָרמביוראָ.

„אונטער דעם דרוק פונעם סוינעס איבערוועגנדיקער קראפט זײַנען אונדזערע טיילן אָפּגע־טראָטן אף נײַע פּאָזיציעס״...

ניט ווײַט פונעם פּלאץ איז שעפטל ארָאָפּגעשפרונגען און זיך פארנומען צו דעם נײַעם געסל. מיטאמאָל האָט ער דערהערט א געשריי:

— א שפּיאָן!..

— א שפּיאָן געכאַפּט!..

פון ביידע זײַטן געסל איז מען געלאָפן צו דעם שוין היפשן רעדל, וואָס האָט אַפּן סאַמע ראָג ארומגערינגלט א הויכן דארן מענטשן מיט א געל בערדל און אין שפּאַקולן.

— געפּאַקט!..

— געפּאַקט א שפּיאָן!..

— ווו איז דער וואָקזאַל, האָט ער זיך פאַנאַנדערגעפרעגט...

— קוקט אים נאָר אָן, א בערדל זיך צוגעקלעפּט.

— רײַסט אראָפּ פון אים דאָס בערדל...

— ער זאָגט, אַז ער איז פון די עוואַקויִרטע...

— ניין, וואָס וועט ער זאָגן?.. גיט א קוק אף זײַנע שפּאַקולן, מע זעט גלײַך, אַז ס'איז א שפּיאָן...

— שאַ... אָט איז שוין דער מיליציאָנער... — האָט אויסגעשריִען אַן עלטערע פרוי.

ווי שעפּטל האָט זיך ניט געײַלט, האָט ער דאָך זיך פאַרהאַלטן אף א רעגע. דער מיליציאָנער איז מיט ברייטע הוידענדיקע טריט צוגעגאַנגען. דערזען דעם פאַרשוין מיטן געלן בערדל, האָט ער מיט קאַס אויסגעשפּיגן.

— ווידער געכאַפּט אים... לאָזט אים גיין... ס'איז דאָך אַן עוואַקויִרטער...

„אומזיסט געפּאַטערט צײַט" — האָט שעפּטל מיט פאַרדראָס אף זיך א טראַכט געטאָן און איז גיך אוועק איבער דעם נײַעם געסל. ער איז שוין געווען נאָענט פון דער באַקאַנטער שטוב, ווו עלקע האָט געוווינט. „צי איז זי כאָטש אין דער היים?.. צי וועט ער זי טרעפן איצט?.."

ער האָט באַמערקט, אַז דאָס פענצטער פון איר צימער איז אָפן. הייסט עס — זי איז דאָ...

אין קאָרידאָר האָט שעפּטל א ווײַלע זיך פאַרהאַלטן, קעדיי איבערכאַפּן דעם אָטעם, און מיטאַמאָל דערהערט, ווי פון עלקעס צימער טראָגט זיך זייער האַפּערדיק און זאַרגלאָז־פריילעך:

У самовара я и моя Маша...[1]

אף אזוינס האָט שעפּטל זיך בעשום־אויפן ניט געריכט און דעריבער עטוואָס אופגערעגט הויך אָנגעקלאַפּט.

דער פּאַטעפאָן האָט גלײַך אופגעהערט שפּילן. עס האָט זיך געעפנט די טיר און שעפּטל האָט דערזען פאַר זיך א יונגע פרוי, א פאַרפּוצטע, שטאַרק דעקאָלטירטע, מיט אונטערגעפּירטע אויגן און געדיכט־אָנגעפאַרבטע ליפּן.

— ווּעמען דאַרפט איר? — האָט זי א קאָסיע געטאָן מיט די אויגן אף אים.

שעפּטל האָט ניט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, וואָס דאָס באַטײַט, און איבער איר אַקסל געכאַפּט א קוק אין צימער. די ווענט זײַנען געווען דורכויס באַהאַנגען מיט פאַרביקע טעפּעכער.

„צי דען האָב איך א טאָעס געהאַט? ניט אהין אָנגעקלאַפּט?.."

— איך דאַרף צו דער כאַווערטע רודנער... — האָט ער צעטומלט געזאָגט.

— וואָס זשע באַאומרויִקט איר אונדז? — האָט זי אומצופרידן זיך אָנגערופן. — אײַער כאַווערטע וווינט שוין דאָ ניט...

— ווו זשע... — האָט ער דערשראָקן א פרעג געטאָן, און אין קאָפּ איז בא אים דורכגעפלויגן א געדאַנק, צי איז ניט געשען עפּעס שרעקלעכס?

— פונוואַנען זאָל איך וויסן, — האָט די פרוי געענטפערט, געוואָלט שוין צומאַכן די טיר, נאָר איבערגעטראַכט.

— סאַשאָק, דו ווייסט ניט, ווּהין האָט זיך אריבערגעקליבן אָט די, וועלכע האָט געוווינט דאָ?..

— אף דער ציגײַנער־גאַס... ווו ס'איז געווען דער פערד־מאַרק, — האָט פון צימער געענטפערט א זאַטע מענער־שטים, — אין דעם הויף, וואָס אנטקעגן דער קוזניע...

שעפּטל האָט געוואָלט נאָך עפּעס פרעגן, נאָר ער האָט זיך אויסגעדרייט און, ניט באַדאַנקענדיק, וואָס גיכער אוועק פונדאַנען. די טיר האָט זיך פאַרמאַכט און פונעם צימער האָט ווידער זייער האַפּערדיק זיך דערטראָגן:

У самовара я и моя Маша...

מיט האַסטיקע טריט האָט שעפּטל זיך געלאָזט גיין צו דער ציגײַנער־גאַס. צײַט האָט ער געהאַט ווייניק און געמוזט זיך צוײַלן.

דער הויכריידער אפן פלאַץ האָט מיט דער זעלבער הייזעריקער שטים נאָכאַמאָל איבער־געגעבן די סוואָדקע פון סאָווינפאָרמביוראָ:

[1] — באַם סאַמאָוואַר עס זיצן איך און מאַשע (פון א רוסישער ליד, וואָס מע האָט געזונגען אין די 30־ער יאָרן).

„אונטער דעם דרוק פונעם סוינעס איבערוועגנדיקער קראַפט זײַנען אונדזערע טײלן אָפּגע־טראָטן אויף נײַע פּאָזיציעס"...

אויפן ראָג, לעבן זומער־גאָרטן, האָט אַן עלטערע פרוי צוגעקלעפּט אַ גרויסע אַפישע:

גאַסטראָלן פונעם זאַפּאָראָזשיער טעאַטער
„דער אומקום פון דער עסקאַדרע"

„פאַרוואָס האָט זי זיך אַרויסגעקליבן פון צימער, — האָט שעפּטל פאַרזאָרגט געטראַכט, — ווער ווייסט, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען פאַר די דרײַ וואָכן, ווי זיי האָבן זיך ניט געזען".

מיט אומגעדולד האָט ער פאַרקערעוועט אויף דער ניט אויסגעברוקירטער שטויביקער ציגײַנער־גאַס און איז אַרײַן אינעם ענגן פאַרלאָזטן הויף, וואָס אַנטקעגן דער קוזניע.

אין אַן אַלטן צעבראָכענעם פאַעטאָן האָבן זיך געשפּילט קינדער. ער האָט צווישן זיי דערקענט סוועטקען און זי אַ רוף געטאָן. סוועטקע איז פלינק אַראָפּגעשפּרונגען פונעם פאַעטאָן, וואָס איז געשטאַנען אָנגעבויגן אין אַ זײַט, און זיך געלאָזט לויפן אים אַנטקעגן.

— איר זײַט געקומען צו אונדז, אַ, דיאַדיע? — האָט זי אַ צופרידענע אים אַרומגעכאַפּט מיט די הענטלעך.

שעפּטל האָט באַמערקט, אַז דאָס מיידעלע איז פאַר דעם כוידעש צײַט, וואָס ער האָט זי ניט געזען, כוישעכער געוואָרן.

— און ווו איז די מאַמע? — האָט ער געפרעגט.

— די מאַמע איז אַקאָרשט אוועק אין מיל. איר ווייסט ווו? וואָס באַם טײַך. ס'איז זייער ווײַט פונדאַנען...

— נאָך וואָס איז זי אוועק אַהין?

— די מאַמע איז דאָרט אַ פריזאָמשטשיצע. אויף דער באַנאַכטיקער סמענע...

שעפּטל האָט גוט געוווּסט די אַלטע, צעטרייסלטע מיל. דאָרט איז שטענדיק געשטאַנען אַ ווילד געררויש און די לופט איז געווען אָנגעזאַפּט מיט אַזאַ געדיכטן שטויב, אַז ס'איז ניט געווען מיט וואָס צו עטעמען. און דאָך איז אים לײַכטער געוואָרן אויפן האַרצן. „אַבי זי אַרבעט... ס'איז איר דאָרט, פאַרשטייט זיך, ניט גרינג, נאָר וויבאַלד זי אַרבעט, איז שוין גוט..."

גיין איצט צו דער מיל איז געווען אומעגלעך. שוין צײַט געווען אומקערן זיך אויפן וואָקזאַל. ער וועט נאָר אַ קוק טאָן, ווי זיי וווינען דאָ. סוועטקע האָט אים אַרײַנגעפירט דורך אַ שמאָל קיכל אין אַ נידעריק קליין צימערל, ווו, אַרײַנגעשפּאַרט צווישן צוויי ווענט, איז געשטאַנען אַ בעט און דערבײַ אַ טישל מיט איין בענקל. מער גאָרניט. אויף דער וואַנט אַנטקעגן דער נידעריקער אויסגעקרימטער טיר איז געהאַנגען סטאַלינס אַ באַרעליעף און אין אַ שיין געשניצט ראַמל אַלעקסייס פאָטאָגראַפיע.

שעפּטל איז צוגעגאַנגען נעענטער און האָט זייער אויפמערקזאַם זיך אײַנגעקוקט אין אַלעקסייס גוטמוטיקן פּאָנעם.

„ווען מע האָט באַנאַכט אים אַרויסגעפירט פון שטוב, האָט עלקע דערציילט, האָט ער זיך אויסגעדרייט און געזאָגט: זאָלסט וויסן — איך בין ניט שולדיק. איך גאָרנישט ניט שולדיק".

באַ דער טיר איז געשטאַנען סוועטקע אין אַלטע סאַנדאַלן. זי איז זייער ענלעך געווען אויפן טאַטן. שעפּטל האָט זי אויפגעהויבן אויף די הענט, אַ גלעט געטאָן איבערן קעפּל און אַראָפּגעלאָזט.

— נו, — האָט ער געעפנט די טיר, — וועסט זאָגן דער מאַמען, אַז איך בין געווען.

— גייט ניט אוועק, דיאַדיע, — האָט זי אים זייער שטיל אַ בעט געטאָן.

— איך מוז גיין...

— איר האָט דאָך צוגעזאָגט מיך אויסלערנען פאָרן רײַטנדיק... און ווײַזן די כאַזיירימלעך... איר געדענקט?..

— איך געדענק, — האָט שעפּטל פאַרלוירן אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, — אַוודע געדענק איך... אַז דו וועסט פאָלגן די מאַמע...

— די מאַמע פאָלג איך. אָט האָט די מאַמע מיר איבערגעלאָזט, איך זאָל עסן, — האָט זי אויפגעהויבן דעם האַנטעך, וואָס האָט איבערגעדעקט אַ טעלער. אויפן טעלער זײַנען געלעגן עטלעכע שטיקלעך ברויט, אַן אוגערקע און אַן איי, — און איך וויל נאָך ניט עסן. שפּעטער, ווען איך וועל ווערן גוט הונגעריק...

שעפּטל האָט זיך אָנגעבויגן, זי אַ קוש געטאָן און אַרויס.

סוועטע איז אים נאָכגעלאָפן.

— איר וועט נאָך קומען?

— כ'ל קומען, כ'ל קומען...

ווען שפּטל איז שוין היפּש אָפּגעגאַנגען, האָט ער זיך אומגעקוקט, סוועטע איז נאָך גע־שטאַנען לעבן טויער. ער האָט א מאַך געטאָן מיט דער האַנט, זי זאָל אַרײַן אין הויף.

דאָס האַרץ האָט אים געגאַגט. עס האָט אים ווי געטאָן פאַר עלקען, פאַר איר טעכטערל. ער האָט זיך ניט געקאָנט מוחל זײַן, וואָס ער איז ניט געקומען פריִער. ווען ער קומט א ביסל פריִער, טרעפט ער זי נאָך...

איבערן ראַיצענטער האָט צוביסלעך זיך אָנגערוקט דער אָוונט. די לופט האָט אָנגעהויבן ווערן בלוילעך. שפּטל האָט געגומען שפּאַנען גיכער. ער האָט שוין געפילט א מידקײַט, נאָר ס'האָט אים ניט פאַרדראָסן, וואָס ער איז געגאַנגען אהער. כאָטש ער האָט עלקען ניט געטראָפן, פונדעסט־וועגן האָט ער זיך דערוווּסט עפּעס און געזען איר קינד. געדאַרפט איבערלאָזן א צעטעלע. עלקע ווייסט דאָך אפילו ניט, אז ער גייט אוועק אין דער אַרמיי... ווי־אַזוי איז עס אים אפן זינען ניט געקומען.

שפּטל האָט פאַרקערעוועט איבער דער הילצערנער בריק. גיך געשפּאַנט. און פּלוצלינג זיך דערמאָנט, אז אָט דאָ, אף דער בריק, איז ער דאָך דעמלט געשטאַנען מיט עלקען... טאַקע דאָ לעבן פאַרענטשע זײַנען זיי געשטאַנען... ס'איז געווען פונקט מיט א כוידעש צוריק, דעם איין־און־צוואַנציקסטן יוני, שאַבייסנאַכטס. האָבן זיי דען געקאָנט וויסן, וואָס עס דערוואַרט זיי...

ער איז אף איין רגע געבליבן שטיין לעבן פאַרענטשע, ווי ער וואָלט אזוי זיך געזעגנט מיט עלקען.

אין דער זעלבער רגע האָט אף דער בריק מיט פעסטע טריט אַרופגעשפּאַנט א ראָטע סאָל־דאַטן. אַלע נײַ געקליידט, מיט ביקסן אף די אַקסל. און באַלד האָט איבער דעם אַרום זיך צעהילכט די מעכטיקע ליד:

Вставай, страна огромная,
Вставай на смертный бой
С фашистской силой темною,
С проклятою ордой!

Пусть ярость благородная
Вскипает, как волна.
Идет война народная,
Священная война...[1]

שפּטל האָט אוועקגעשפּאַנט אין טאַקט מיט דער ליד. ער האָט געאײַלט צו זײַן קאָמאַנדע. אינגיכן וועלן זיי זיך זעצן אין צוג, וועלכער וועט זיי ברענגען אין זייער מיליטער־טייל.

ערגעץ אין א זײַט, אפן שאָסיי, האָבן געטראַסקעט פורן מיט ברויט צום עלעוואַטאָר און עס האָבן אונטערגעקלונגען וועגענער, מיט וועלכע די עוואַקויִרטע זײַנען זיך צעפאָרן איבער די קאָלווירטן. אינעם הימל האָבן דראָענדיק דורכגערוישט איינע נאָך דער אַנדערער עטלעכע כוואַליעס פאַרניכטלער און פון דער אײַזנבאַן־סטאַנציע האָט זיך דערטראָגן אן אומרויִק פײַפן פון אן אײַלנדיקן לאָקאָמאָטיוו...

שפּטל איז שוין געווען ניט ווײַט פון וואָקזאַל. ער האָט געשפּאַנט מיט ברייטע טריט און אין די אויערן האָבן אים נאָך געקלונגען די ווערטער פון דער ליד:

Пусть ярость благородная
Вскипает, как волна,
Идет война народная,
Священная война...



[1] א פּאָפּולערע ליד פון די ערשטע מילכאָמע־טעג. זי רופט דאָס סאָוועטישע פאָלק צו העלדנמוטיקן קאַמף קעגן די פאַשיסטישע האָרדעס.

שלוימע טשערניאַווסקי

# כ׳בין ניט געשטאַנען אָן א זײַט

איך קום אײַך, פרײַנט, באַגעגענען, באַגלייטן
אַף גרויסן לעבנסוועג אָן ראַש, אָן לויב,
ניט כאַנפּענען מיט פּוסטע לידער־קווייטן.
כ׳האָב אָפּגעטיילט דאָס ליכטיקע פון שטויב.
פאַר אַלדאָס מענטשלעך טײַערסטע איך ווייטעק.
מײַן ליד צעבײַט איך ניט אַף דרויב.

כ׳בין אַן א זײַט פון לעבן ניט געשטאַנען,
פריצײַטיק האָט די צײַט מײַן קאָפּ פאַרשנייט.
אָ, וויפל כ׳בין ניסיוינעס אויסגעשטאַנען,
נאָר מיט דער ליד געגאַנגען זאַלבעצווייט.
און ווידער בליַען קיעווער קאַשטאַנען,
און ווידער שעפּטשען ליפּן שטילערהייט...

# דער מענטש האָט דעם אַטאָם צעשפּליטערט

דער מענטש האָט דעם אַטאָם צעשפּליטערט
פאַר אייביקן ווױליזײַן און גליק,
ניט פאַלן סע זאָלן קיין שפּליטערס
פון טויט אַף זײַן ערדישער וויג.

דער מענטש —
אַף קאָנגרעסן און פאָרומס

א שוווּע ער גיט איר, דער וועלט:
זי וועט ניט פאַרזייט זײַן מיט קוואָרים,
מיט רו וועט פאַרזייט זײַן דאָס פעלד.

עס וועט זיך די שעפע דאָרט זאַנגלען,
און זײַן וועט מיט שעפע דער שניט.
איז לאָמיר די הענט זיך דערלאַנגען,
ס׳זאָל אייביק די ערד זײַן אין צוויט!

# דער גרינער דעמב

אוועלכער גוירל האָט פאַרטראָגן
אינמיטן פעלד אַהער דעם זוים
נאָך לאַנגע וואָגלענישן, פּלאָגן, —
ס׳זאָל אויסוואַקסן פון אים א בוים?

ס׳איז דאָ א רעגע אינעם לעבן,
ווען בלײַבן דאַרפסט מיט זיך אַליין
און זײַן זאָל קיינער ניט דערנעבן,
איז קום צו אָט דעם דעמב צו גיין.

ווען דאַרפסט פון שווערע ווערטער־קייטן
באַפרײַען זיך ווי פּראָמעטיי
און אַף א בייגעלע א גרייטן
אַרויסבערענגען פון הארץ דעם וויי,

איז דאַנק דעם פרײַנט, דעם אומדערוואַרטן,
וואָס איז געוואָרן דײַן געצעלט,
פאַר רעגעס ליכטיקע און צאַרטע, —
דעם שטאָלצן דעמב אינמיטן פעלד!

# שטענדיק זײַן אין וועג

מיט דער ליד איך שפּאַן צוזאַמען,
קיין געוויטער אונדז ניט שרעקט,
זינגער, זע, זאָלסט ניט פאַרזאַמען,
שטענדיק דאַרפסטו זײַן אין וועג.

אויסגעפאָרן, אויסגערעדערט
כ׳האָב די ערד פון ראַנד ביז ראַנד,

און דעם דופט פון אירע סעדער
טראָג איך איצט פון לאַנד צו לאַנד.

ווי א פייגלפאַנגער בין איך,
כ׳לאָז ניט דורך קיין מינדסטן קלאַנג,
און אַף אוונטברויט פאַרדין איך
שטענדיק ערלעך מיט געזאַנג.



יאָסל לערנער

# אין א זומערדיקער נאכט

אין דרויסן איז נאכט,
נאָר אין הארצן איז ליכט.
די פינצטערניש גלעט מיר
מיט זײַד דאָס געזיכט.
א שטערן אין ווײַטנס
טוט א בליץ,
און לאָזט אפן הימל
א גאָלדענעם קריץ...

דער גאָלדענער קריץ
שײַנט א ווײַל און פארגייט,
און שענקט מיר זײַן שײַן —
א טראָפנדל פרייד.
איך קלײַב די טראָפנדלעך
פרייד און שײַן
און לייג זיי
אין גאָלדענעם בעכער ארײַן.

ווערט מײַן בעכער
פול ביז ארוף,
אין כאָלעם די קינדערלעך אלע
איך רוף,
און טייל זיי אײַן
די שטראַלעכלעך פרייד,
די טראָפנדלעך שײַן.

וואקסן די קינדערלעך
הויך און שיין
און זײַנען ווי א נײַע
לעוואָנע ריין,
און בענטשן דאָס לעבן,
די פרייד און דאָס ליכט,
וואָס צאפלט, ווי פלאטערלעך,
אף יעדנס געזיכט.

# פּייזאזש-מיניאטורן

באלד פון אָוונט אָן האָט דער גאָרטן זיך
געטויוולט
אין טוי און אין לעוואָנע־שײַן, —
ער וויל אין רײנקײַט
די ליכטיקײַט פון טאָג באגעגענען...

□

טרינק זיך אָן, מײַן פרײַנט, פון דעם ברונעם,
פון וועלכן דער רעגנבויגן טרינקט,
קעדיי דײַן ליד זאָל אויך פארביק זײַן...

□

מיט זײַן ווײַסן אָרעם
נעמט ארום דאָס טײַכעלע דעם טונקעלן בארג
און מורמלט.
וואקסט דאָס הארץ באם בארג פאר פרייד...

□

פארטאָג.
דער קארשנבוים האָט ברייט צעעפנט
זײַנע קארשן־אויגן
און מיך אָנגעקוקט פארכידעשט:
פונוואנען קומען אזוינע גרויסע טראָפּנס טוי
אין מײַנע אויגן?..

□

די לאָנקע הינטערן בארג איז אלץ נאָך יונג
און גרין.
דאָרט לויפן אום מײַנע קינדער־יאָרן,
זיי שפילן זיך...

□

פון פינצטערן וואלד פליסט ארויס א קלאָר
טײַכעלע,
און מיר דאכט זיך:
דאָ הייבט אָן צו טאָגן...

□

נעם מיך אָן בא דער האנט!
כ'וועל דיר נאָכגיין מיט צוגעמאכטע אויגן.
דער טאָג איז, ווי א מעווע, איבערן יאם געפלויגן
און א מידער זיך אף הייסן זאמד געוואָרפן.
דער שפיץ פון בארג פארנאכט־צו זעט אויס
שארפער,
און, דאָרשטיקע, סע טרינקען אויס די
וואָלקנדלעך
דעם רעגנבויגן...

□

דער וואלד שטייט באגאָסן מיט זון
און שמייכלט צו מיר.
ער האָט זיך דערפרייט מיט זײַן אלטן פרײַנט...

מישע לעוו

# קימאַט אַ לעגענדע

נאָך דעם, ווי דער שנעלצוג איז אָפּגעגאַנגען פון דער סטאַנציע ראָסטאָוו, זײַנען אַף דער פוסט־געוואָרענער פלאַטפאָרמע פאַרבליבן דרײַ מאַנצבלען, אײַנגעקלאַמערטע איינער אין דעם אַנדערן, — די פּנעמער זעט מען ניט, די פּלייצעס ציטערן אָן אופהער.

אין צוואַנציק יאָר אַרום נאָך דעם אופשטאַנד אין פאַשיסטישן טויט־לאַגער סאָביבור האָבן זיך אין ראָסטאָוו באַגעגנט דרײַ לעבן געבליבענע אופשטענדלער.

יאָ, שוין צוואַנציק יאָר זײַנען אַוועק פון יענער צײַט. אָבער עס לעבט דער אָנדענק פון די מאַרטירער און העלדן.

טײַערע לייענער, באַלד וועל איך אײַך דערציילן וועגן פיר לעבן געבליבענע אופשטענדלער פון סאָביבורער טויט־לאַגער — אַלעקסאַנדער פּעטשערסקי, אַרקאַדי ווײַספּאַפּיר, סעמיאָן ראָזענפעלד און יעפים ליטווינאָווסקי. און כאָטש דערציילן וועל איך אײַך בלויז אַ מינדסטן כיילעק פון דעם, וואָס איז מיר באַוווסט, דאָך, גלייב איך, וועט איר אויך אַ קלער טאָן, אַז עס איז ניטאָ קיין מאָס און קיין גרענעץ צו מענטשלעכער פּײַן און צו מענטשלעכער גבורע. ניטאָ!



פון רעכטס אַף לינקס: אַ. פּעטשערסקי, אַ. ווײַספּאַפּיר, ס. ראָזענפעלד.

...אָנהייב מילכאָמע. שלאַכטן, שלאַכטן... פון איין אַרומרינגלונג זיך אַרויסגעריסן, אין אַ צווייטער אַרײַנגעפאַלן. דער אומגליק האָט דעם לייטענאַנט פּעטשערסקי געטראָפן אָנהייב אָקטיאַבער 1941. לעבן וויאַזמע האָט ער און זײַן כאַווער דער פּאָליטרוק פּושקין באַקומען אַ באַפעל אַרויסטראָגן פון אַרומרינגלונג דעם שווער פאַרוווּנדעטן קאָמיסאַר פון פּאָלק. דער קאָמיסאַר איז אַפן צווייטן טאָג געשטאָרבן און זיי זײַנען אַרײַנגעפאַלן צו די דײַטשן אין די הענט.

אַרקאַדי ווײַספּאַפּיר שטאַמט פון דער אַלטער קאָלאָניע באַבראָווי קוט, לעבן קאַלינינדאָרף. דאָרט זײַנען געבוירן געוואָרן זײַן זיידע דער שמיד, זײַן טאַטע דער קאָלווירטישער בריגאַדיר. דאָרט האָט אַרקאַדי פאַרענדיקט די צעניאָריקע שול און פון דאָרט איז ער ערעוו דער מילכאָמע אַוועק אין דער רויטער אַרמיי. געדינט האָט ער אַף דער גרענעץ, ניט ווײַט פון בריסק.

לעבן טשערניגאָוו איז ער פאַרוווּנדעט געוואָרן צום דריטן מאָל. זײַנער אַ כאַווער האָט אים איבערגעבונדן די וווּנד און אַף זיך געטראָגן ביז דעם דעסנע־טײַך. אַף אַ שטיקל צײַט האָט אַרקאַדי פאַרלאָרן דאָס באַוווּסטזײַן. ווען ער איז געקומען צו־זיך, האָט ער דערפילט אַ שאַרפן ווייטאָק און אַ פײַכטע קעלט. איבערן טײַך האָט זיך געקײַקלט דער עכאָ פון האַרמאַטן־זאַלפן. אין לופט האָבן אָן אופהער געפײַפט קוילן און שפּליטערס. לעבן ברעג טײַך איז געלעגן טויט אַרקאַדיס כאַווער, וואָס האָט אים אַהער געבראַכט צו טראָגן.

ווי דערקלײַבט מען זיך צום וואַסער, כאָטש די ליפּן צו באַנעצן? אַרקאַדי האָט זיך געפּרוווט אופשטעלן, נאָר גלײַך איז ער ווידער אומגעפאַלן. עטוואָס לײַכטער איז אים געוואָרן, ווען עס האָט זיך אים אײַנגעגעבן אָפּבינדן דאָס שטיקל צײַג, מיט וועלכן דער כאַווער האָט אים איבערגעבונדן, און אַרויסלאָזן אַ ביסל בלוט פון די וווּנדן.

עס האָבן זיך באַוויזן דײַטשן. זיי האָבן אַרופגעוואָרפן אַרקאַדין אַף אַן אָפענער לאַסטמאַשין, ווו עס זײַנען געלעגן נאָך אַכט פאַרוווּנדעטע רויטאַרמייער.

וואָס ווײַטער? ווײַטער — האַמלער לאַגער, באָברויסקער, מינסקער...

ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די מילכאָמע, איז סעמיאָן ראָזענפעלד נאָך ניט אַלט געווען קיין נײַנצן יאָר. ער האָט באַוויזן ענדיקן אין טערנאָווקע ניט ווײַט פון וויניצע די צעניאָריקע שול און

געדינט אין דווינסקער 152־טן באזונדערן ארטילעריע־פּאָלק. וועגן דעם, אַז די פאשיסטן זײַנען אַנגעפאַלן אַף אונדזער לאַנד, האָט ער זיך דערוווּסט ניט דורך ראַדיאָ, נאָר פון דעם ערשטן שאָס.

אָפּטרעטנדיק פון דער גרענעץ, האָבן די רעשטן פון זײַן פּאָלק זיך אָפּגעשטעלט לעבן א שאָסיי, וואָס איז געווען אָנגעפּיקעוועט מיט דײַטשישע לאסט־אויטאָמאָבילן. די פאשיסטן האָבן זיך געפילט אזוי זיכער, אַז אַף די קאַסטנס מיט סנאַריאַדן, וואָס זיי האָבן געפירט צום פראָנט, האָבן זיי אוועקגעשטעלט פּאַטעפאָנען און צוזאַמען מיטן רעווען פון די מאָטאָרן האָבן זיך געטראָגן קלאַנגען פון רוסישער מוזיק.

ראָזענפעלד דערציילט:

— איר האָט דען א פאַרשטעלונג, ווי אויסגעמאַטערט מיר זײַנען דאַן געווען. ביז איצט קאָן איך ניט פאַרשטיין, פונוואַנען האָט זיך צו אונדז גענומען אזא קויעך. אין איין אויגנבליק האָבן מיר באַלאַגערט דעם וועג, און מאַמעש אין געציילטע מינוטן איז אַלץ, וואָס אַפן שאָסיי, געווען איין שטיק פײַער. אָט האָט איר אײַך רוסישע מוזיק.

אָבער ווײַט אַוועק פון דעם וועג האָט זיך ראָזענפעלדן ניט אײַנגעגעבן. א פאַרווונדעטער און א קאָנטוזיעטער איז ער אַרײַנגעפאַלן צו די דײַטשן.

דער פּערטער — יעפים ליטווינאָווסקי, דער, וואָס האָט הײַנט ניט געקאָנט קומען קיין ראָסטאָוו, — האָט געדינט אין דער 15־טער קובאַנער קאַוואַלעריע־דיוויזיע. אין געפאַנגענשאַפט האָט אים דער סוינע גענומען אַפן שלאַכטפעלד, ווו ער איז געלעגן א פאַרווונדעטער, אָן באַוווּסטזײַן.

אַלע פיר האָבן זיך שוין קימאַט צוויי יאָר געפונען אין די פאשיסטישע לאַגערן פאַר סאָוועטישע קריגסגעפאַנגענע. לעבן זײַנען זיי געבליבן נאָר אַדאַנק גוטעפרײַנט — רוסן און אַרמענער, ווײַסרוסן און אוזבעקן... אין מינסקער קאַרצער האָט מען זיי צוזאַמען מיט פיל אַנדערע געבראַכט, ווײַל מע האָט זיך דערוווּסט, אַז זיי זײַנען ייִדן.

אין פינצטערן קעלער איז געווען אזוי ענג, אַז בלויז אַפן פינפטן אָדער אַפן זעקסטן טאָג, ווען דער גרעסטער טייל פון די, וועלכע מע האָט פאַרטריבן אַהער, איז שוין אומגעקומען, האָט מען געקאָנט געפינען אַן אָרט אַף זיך צולייגן, דערבײַ בלויז אַף א זײַט און ניט מער, ווי אַף א פּאָר שאָ.

יעדעס מאָל, ווען מע פלעגט עפענען די טיר אַף אַרויסטראָגן די געשטאָרבענע, האָט דער וואַכמאַן געפרעגט:

— נאָך לאַנג צו וואַרטן, ביז איר וועט פּייגערן?

— לאַנג, — פלעגט שטענדיק ענטפערן איין און דער זעלבער מענטש.

איינמאָל האָט דער עלטסטער וואַכמאַן א זאָג געטאָן:

— איר זײַט אונדז שוין דערעסן. נאָר ס'איז ניטאָ קיין באַפעל אײַך שיסן אָדער הענגען. איז עפּשער געגנוג זיך מאַטערן? דערשטיקט איינער דעם צווייטן...

דער זעלבער, וואָס פלעגט ענטפערן: „לאַנג!“, האָט פון דער פינצטער א געשריי געטאָן:

— אַף דעם וועט איר זיך ניט דערוואַרטן!

דעם דאָזיקן מענטשן האָבן די פאַרורטיילטע ניט אויסגעווײלט פאַר זייער עלטסטן. קיינער האָט אַפילו ניט געוווּסט זײַן נאָמען. בלויז באָריס ציבולסקין, א געוועזענעם שאַכטיאָר פון דאָנבאַס, און דעם פּוילישן קאָמוניסט שלוימע לייטמאַן האָט ער געזאָגט, אַז ער הייסט סאשע און אַז זײַן פאַמיליע איז פּעטשערסקי.

ניין, קיין עלטסטער איז ער ניט געווען, נאָר געפאָלגט האָבן אים אַלע.

פון וואָס האָט זיך עס אָנגעהויבן?

ווי נאָר מע האָט זיי פאַרטריבן אַהער, האָט איינער פון די אַרעסטירטע מיט א געפאַלענער שטים געזאָגט:

— מיר דאַרפן נאָך דאַנקען די דײַטשן, וואָס זיי האָבן אונדז גלײַך ניט דערשאָסן...

אָט דאַן האָט מען צום ערשטן מאָל דערהערט סאשקאָס שטים:

— הער נאָר דו, אויב דו ווילסט ניט, אַז איך זאָל זיך א נעם טאָן צו דיר, איז וועך בעסער גלײַך אַנשוויגן!

אַן אַנדערשמאָל האָט ער געזאָגט:

— מיר ווילן אזוי דאָ אַלע פון זינען אַראָפּ: זיצן און וואַרטן אַפן טויט. זאָל יעדערער דערציילן, וואָס ער ווייסט און קען.

עס איז גאָר קיין כידעש ניט, וואָס אין קעלער איז געוואָרן א טומל און א גערודער. דער וואַכמאַן האָט גענומען קלאַפּן מיט דער ביקס אין טיר.

— טומלט ניט, — האָט סאשקאָ א געשריי געטאָן, — צווישן אונדז זײַנען פאַראַן דאָקטוירים,

לערער, אינזשעניערן, אגראָנאָמען. ווער פון אײַך וועט אָנהייבן? ניטאָ קיין באַלאָנים? וועל איך דערציילן דער ערשטער...

די דײַטשישע אימפּעריע האָט פאַרלאַנגט ניט נאָר קוואַרים, נאָר אויך קנעכט. אָפּט פלעגט געשען אויך אַזוי, אַז מע האָט דרינגענדיק געדאַרפט וואָס מער קנעכט. יענעם פאַרטאָג האָט זיך אין זיי געניייטיקט דער קאָמענדאַנט פון מינסקער אַרבעטס־לאַגער וואַקס. ער האָט אַראָפּגענומען דאָס טעלעפאָן־טרײַבל און העפלעך געבעטן די טעלעפאָניסטקע, זי זאָל אים פאַרבינדן מיטן „וואַלד־לאַגער" (אַזוי האָט ער אָנגערופן דעם זעלבן קאַרצער, וואָס האָט זיך געפונען זיבן קילאָ־מעטער פון שטאָט).

— העלאָ, עס רעדט וואַקס. וויפל יידן זײַנען בא אײַך פאַרבליבן? העלאָ, ביסט שיקער, צי וואָס? ערשט האָסטו געזאָגט, אַז דו האָסט דרײַסיק, דערנאָך, אַז די קאָנסט פון זיי מאַכן פינף און צוואַנציק, איצט דערציילסטו מיר גאָר, אַז ביז אָוונט וועט אַלץ זײַן פאַרטיק... גענוג! צום סאָף טאָג זאָלן די פינף און צוואַנציק זײַן בא מיר אין קאָמענדאַטור.

אין דעם „וואַלד־לאַגער" האָט דער שעף פון דער וואַך נאָך לאַנג געהאַלטן דאָס טרײַבל אין די הענט. דערנאָך האָט אַ קוים באַמערקבאַרער שמייכל זיך באַוויזן אַף זײַן פּאָנעם. דער קאָ־מענדאַנט איז גערעכט. וואָס איז דאָ צו קלערן? אין וועג וועט ער פינף יידן דערשיסן, וועלן בלײַבן פינף און צוואַנציק. דעם וואַכמאַן, וואָס איז געשטאַנען באַם גאַנעק, האָט ער באַפוילן:

— די יידן פון קאַרצער אַרויספירן, געבן יעדן אַ פּײַקע ברויט און אַ פּאָרציע באַלאַנדע. וואָס שטייסטו, ווי אַ ליימענער גוילעם, האָסט געהערט מײַן באַפעל?

דער וואַכמאַן האָט צעפּראַלט די טיר און געהייסן אַלעמען אַרויס פון קעלער. דעם באַפעל האָט ער איבערגעכאַזערט נאָכאַמאָל, נאָר קיינער האָט זיך פון אָרט ניט גערירט. אַלע זײַנען געווען זיכער, אַז ער וועט זיך גלײַך כאַפּן פאַר דער ביקס. נאָר, ניין. ער האָט פון קעשענע אַרויסגענומען אַ פײַפל, ווײַזט אויס, גערופן צו הילף. די פּאָליצײַען זײַנען זיך צונויפגעלאָפן און גענומען שלעפּן צום אַרויסגאַנג די, וואָס זײַנען געווען נעענטער צו דער טיר.

— קומט! — האָט סאַשקאָ פּאָרגעלייגט. — ווערן זיך איז ניט שײַעך.

צוויי און צוואַנציק שטיינערנע טרעפּ... צוויי און צוואַנציק טריט. ס'איז ניט קיין זומפּ, נאָר אַלציינס קאָנסטו ניט אָפּרײַסן דעם פוס און מאַכן אַ שפּאַן.

אין הויף האָט פּעטשערסקי זיך צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט און לאַנג געשטאַנען מיט פאַרזשמורעטע אויגן. דאָס ערשטע, וואָס ער האָט דערזען, זײַנען געווען די אײַז־טויעלעך אַפן דאַך און אַפן שטעכדראָט, אײַז־ליכטלעך אַף די רינוועס, אַ דין אײַז־הײַטל אַף דער ערד.

— ברויט! — האָט עמעצער אויסגעשריִען און געלאָזט זיך לויפן.

אַ שאָס. ווען מע האָט אויסגעשטעלט די געפאַנגענע, זײַנען שוין געווען נײַן און צוואַנציק.

פון „וואַלד־לאַגער" האָט מען די געפאַנגענע אַרויסגעפירט גאַנצפרי, נאָר ביז שיראַקע־גאַס, וווּ עס האָט זיך געפונען דער מינסקער אַרבעטס־לאַגער, האָבן זיי זיך דערקליבן ערשט שפּעט באַנאַכט. אין וועג האָט מען נאָך פיר מענטשן דערשאָסן.

אין אָט דעם עסעסישן אַרבעטס־לאַגער האָבן זיך געפונען בא 900 מענטשן. פון זיי 500 קוואַליפיצירטע שוסטער, שנײַדער, טעסליערס, סטאָליערס, וועלכע מע האָט געבראַכט אַהער פון מינסקער געטאָ. געווען אויך אַ היפשע גרופּע אָרטיקע אײַנוווינער — ווײַסרוסן, רוסן און אוקראַי־נער, וועלכע האָבן מיט זייער אָפּירונג אַרויסגערופן פאַרדאַכט בא די דײַטשן. פאַר די לעצטע טעג האָט מען געבראַכט צו פירן בא 100 יידן קריגסגעפאַנגענע.

צו פּעטשערסקין און לייטמאַנען איז צוגעגאַנגען אַ מענטש מיט אַ געלער לאַטע און שטיל אַ זאָג געטאָן:

— ווען מע וועט בא אײַך פרעגן, זאָגט, אַז איר זײַט סטאָליערס.
— איך האָב אין לעבן קיין הובל אין האַנט ניט געהאַלטן, — האָט געזאָגט פּעטשערסקי.
— דאָס איז ניט אײַער דײַגע. די ערשטע צײַט וועלן מיר פאַר אײַך אַרבעטן.
— אַ דאַנק, כאַווער. ווער זײַט איר?
— ליפשיץ. לעאָניד ליפשיץ. אַ מינסקער. מײַן פרוי האָט מען די טעג דערשאָסן, און מײַן צוועלפיאָריקער זון איז געבליבן אין געטאָ.

זייער שלעכט האָט געהאַלטן מיט דעם שווער פאַרוווּנדעטן סעמיאָן ראָזענפעלדן. ער שטאַמט דאַפקע פון עכטע סטאָליערס און ווייסט, וואָס אַ הובל איז. נאָר אין קאַרצער האָט זיך בא אים געעפנט די וווּנד, און נאָך דעם, ווי ער האָט דורכגעמאַכט די זיבן קילאָמעטער, האָט ער זיך מער ניט געקאָנט רירן פון אָרט. עמעצער האָט אים געבראַכט אַ טאַרבעלע פּראַסע, איז ער געלעגן אַף דער הילצערנער נאַרע און אָן אויפהער געזיאַמקעט מיט די ציין (דערפאַר האָט מען אים געקרוינט

מיטן צונאָמען זיאמע). גרעבאָוועט האָט אים דער מינסקער דאָקטער בערמאַן. מיט דער הילף פון דעם קאַפּאָ בלאַטמאַן האָט מען אים אַרײַנגענומען אין איזאָליאַטאָר.

אויב אַרקאַדי ווײַספּאַפּיר איז דעמלט געבליבן לעבן, האָט ער עס אויך צו פאַרדאַנקען דעם קאַפּאָ שלוימע בלאַטמאַן, דעם באָקסיאָר פון פוילן. דאָס האָט ער באַפוילן פאַרעכענען אַרקאַדין אין דער קאָמאַנדע מיטן מאָדנעם נאָמען „גענעראַל-גובערנאַטאָרשאַפט" און געוואָרנט:

— ביז דאָס באָכערל וועט ניט קומען צו-זיך, באַהאַלט אים בײַס דער אַרבעט צווישן דעם געהילץ. נאָר פאַרגעסט ניט אויסטיילן אים אַ פּאָרציע באַלאַנדע.

אין הויף, ווו אַרקאַדי און נאָך נײַנציק מאַן האָבן געזעגן און געהאַקט האָלץ, האָט זיך געפונען אַ געוועהר-סקלאַד. דורך דעם הויז, ווו עס זײַנען געווען צונויפגעלייגט פּוסטע קעסטלעך, האָט זיך אַ גרופּע געפאַנגענע פאַרקליבן אַפן בוידעם פונעם געוועהר-סקלאַד, דורכגעקלאַפּט אין סטעליע אַ לאָך, גענומען אַ היפּשע צאָל ביקסן און קוילן און צײַטווײַליק אויסבאַהאַלטן עס אין דעם קאַרעוון מויער ניט ווײַט פון דער עלעקטרישער זאָג.

מיט אַ ציווילן שאָפער האָט מען פאַרפריִער אָפּגעמאַכט, אַז ער וועט אַף זײַן לאַסטמאַשין אַרויספירן דאָס געוועהר אין אַ זיכער אָרט. מעגלעך, אַז דער שאָפער איז געווען אַ פּראָוואָקאַטאָר. ווי די זאַך זאָל ניט זײַן, די מאַשין האָט מען אַרומגערינגלט, דערשאָסן זעקס מענטשן באַ דער זאָג און צוואַנציק אין גאַראַזש. ווײַספּאַפּיר און ציבולסקי האָבן זיך צופעליק געראַטעוועט, ווײַל זיי זײַנען אין דער מינוט ניט געווען אין הויף.

אַלע איבעריקע האָט מען דערנאָך אַרומגעטריבן איבער דער שטאָט מיט אויפגעהויבענע הענט. אין הויף פונעם אַרבעטס-לאַגער געשלאָגן זיי ביז טויט. איינעם אַ רויטאַרמייער, באַריס קאַהאַן פון טולע, האָט מען באַגאָסן מיט זודיקן וואַסער, דערנאָך מיט קאַלטן און אַ לעבעדיקן נאָך אַרויסגעוואָרפן אַפן שניי, ווו ער איז פאַרפרוירן געוואָרן. דעם קאַפּאָ בלאַטמאַן האָט מען אַרעס-טירט און דערנאָך אוועקגעשיקט קיין סאָביבור, ווו מע האָט אים פאַרברענט.

פון דאַרעם האָבן זיך אומגעקערט די פייגל. אַפילו אונטערן זעגעכץ איז צעגאַנגען דער שניי. די זון האָט אויסגעטריקנט די ברודיקע ריטשקעלעך. אַף די צווײַגן האָבן זיך באַוויזן די ערשטע קנאָספּן. אַרום איז געווען אַזויפיל זון און שײַן! און נאָר די לאַגערניקעס האָבן נאָך געטראָגן אַף זיך די צעריסענע לײַזיקע וואַטניקעס.

פּעטשערסקי, לייטמאַן, ציבולסקי און ליפשיץ האָבן זיך געגרייט אַנטלויפן. ראָזענפעלד און ווײַספּאַפּיר זײַנען אַרײַנגעפאַלן אין אַן אַרבעטס-קאָמאַנדע, וואָס מע האָט אָפּגעשיקט אַף עטלעכע כאַדאָשים אין אַ וועלדל בויען אַ נײַעם לאַגער. דאָ האָבן זיי געוואַלגערט ביימער. פאַרבליבן זײַנען פון דעם וועלדל בלויז פאַרטריקנטע, פאַרקוילטע שטאַמען.

ווען ווײַספּאַפּיר און ראָזענפעלד האָבן זיך אומגעקערט אַף שיראָקע-גאַס, האָט זיך זיי גלײַך געוואָרפן אין די אויגן, אַז דאָ איז שטאַרק ענג געוואָרן. פון מינסקער געטאָ האָט מען געטריבן אַהער פאַרטיע נאָך פאַרטיע. מע האָט אויך געבראַכט עטלעכע עשעלאָנען דײַטשישע יידן.

דרײַ טעג נאָכאַנאַנד האָט מען קיינעם אַף דער אַרבעט ניט געטריבן. אַפן פערטן, דעם 18 סענטיאַבער קאַיאָר, האָט מען אַלעמען אויסגעשטעלט אין הויף, און וואַקס האָט געמאָלדן:

— אײַך האָט אָפּגעגליקט. דער פיורער אַליין האָט געפונען פאַר מעגלעך צו שענקען אײַך דאָס לעבן. אַלס הויך-קוואַליפיצירטע ספּעציאַליסטן שיקן מיר אײַך אָפּ אַף אַרבעט קיין דײַטשלאַנד. מיט אײַך וועלן פאָרן אײַערע מישפּאָכעס. איר קאָנט נעמען מיט זיך אַלע זאַכן.

צי האָט עמעצער געגלייבט וואַקסן? מעגלעך...

עס זײַנען צוגעפאָרן שווערע לאַסטמאַשינעס, און די פרויען מיט די קינדער האָט מען אוועק-געפירט צום וואָקזאַל. די מאַנצבלען האָט מען אויסגעשטעלט אין אַ קאָלאָנע און אוועקגעפירט אין דער באַגלייטונג פון עסעסאָווצעס מיט הינט. ווען די קאָלאָנע איז פאַרבײַגעגאַנגען די געטאָ, האָבן זיך דערהערט אויסגעשרייען:

— מע פירט אײַך צום טויט! איר הערט? צום טויט!

די געטאָ-אײַנוווינער, אַליין לעבעדיקע סקעלעטן, האָבן גענומען וואַרפן אין דער קאָלאָנע אַרײַן ווער — אַ געקאָכטע קאַרטאָפל, ווער אַ בורעק, אַ מער, אַ היפּטל קרויט.

אין פעלד, ווײַט פון וואָקזאַל, איז געשטאַנען אַן עשעלאָן פון פינף און צוואַנציק וואַגאָנעס. אין יעדן וואַגאָן האָט מען אַרײַנגעשטופּט צו זיבעציק מענטשן.

דער צוג האָט זיך געשלעפּט העכער פיר מעסלעס. פאַר דער גאַנצער צײַט האָט מען די מענטשן ניט געגעבן קיין ברעקל ברויט און קיין טראָפּן וואַסער. לעבן פּעטשערסקין איז געשטאַנען אַ יונגע פרוי מיט אַ דרײַיאָריק מיידעלע אַף די הענט. דאָס קינד האָט פּעטשערסקי באַמערקט נאָך מיט עטלעכע טעג צוריק אַף שיראָקע-גאַס. עמעצער האָט אים געזאָגט, אַז מע רופט זי עטעלע פון געטאָ, אַז איר טאַטע איז געווען אַ מיליטער-דאָקטער און די מאַמע — אַ סטודענטקע פון מינסקער

פּאָליטעכנישן אינסטיטוט. באַם קינד זײַנען געווען גאָלד־געלאָקטע האָר, בלויע אויגן און געטאָקטע ווײַסע ציינדלעך.

— ווי רופט מען דיך? — האָט פּעטשערסקי געפרעגט בא איר.

— עטעלע.

— קום צו מיר, דײַן מאַמען איז דאָך שווער דיך האַלטן די גאַנצע צײַט אויף די הענט.

דאָס מיידעלע האָט אויסגעשטרעקט די דאַרע הענטעלעך און אַרומגעכאַפּט פּעטשערסקין פאַרן האַלדז, זי האָט אײַנגעדרעמלט. אַלעקסאַנדער האָט געהוידעט זיך צוזאַמען מיטן וואַגאָן. שוין צום צווייטן מאָל האָט עטעלעס מאַמע געבעטן אים אומקערן איר דאָס קינד, און ער האָט איר אַלץ געענטפערט מיט אַ שאָקל פון קאָפּ: ניין, ער איז נאָך ניט מיד. עטעלעס קעפּעלע האָט געוואָרעמט זײַן ברוסט, און אים האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס פילט ער די וואַרעמקייט פון זײַן עלאַטשקע, זײַן איינציק טעכטערל, וועלכע איז מיט עטעלען אין איין עלטער.

דאָס קינד האָט זיך אופגעכאַפּט און געגומען זיך אַרומקוקן.

— איך בין דאָ, לעבן דיר, — האָט זי די מאַמע באַרויִקט.

— מאַמע, מיר איז הייס. איך וויל אַהיים.

— און ווו איז דײַן היים? — האָט בא איר פּעטשערסקי געפרעגט.

— אין געטאָ. דאָרט האָבן מיר אַ נאַרע און אַ סאַך־אַ סאַך שמאַטעס.

פּעטשערסקי האָט איר דערלאַנגט אַ געקאָכטע קאַלטע קאַרטאָפל און געגעבן אַ ביסל וואַסער פון דער פעלד־פלאַש, וואָס ער האָט באַהאַלטן אונטערן העמד.

פון אים איז עטעלע איבערגעגאַנגען צו שלוימע לייטמאַנען, דערנאָך צו דעם שנײַדער באָריס עסטרין, צו דעם עקאָנאָמיסט לייב סראַגאָוויטש, וועלכער האָט אַליין קוים־קוים געזשיפּעט, צו דעם אײַזנבאַן־אינזשעניער אַלעקסאַנדער שובאַיעוו און דערנאָך צו באָריס ציבולסקין.

— פּעטער, — האָט ציבולסקי אַ טאַרע געטאָן זײַן שאָכן, — נעמט אַ ביסל דאָס קינד.

— איך שטיי אַליין קוים אויף די פיס, — האָט יענער אים געענטפערט.

— אַלע שטייען מיר קוים אויף די פיס און גראַד איר, פּינקעוויטש, טאָרט זיך ניט אָפּזאָגן.

פּינקעוויטש, אַ געוועזענער מאַיאָר, האָט געוויס פאַרשטאַנען ציבולסקיס שטאָך.

העכער צען שאָ איז דער עשעלאָן אָפּגעשטאַנען אין לובלין. ערשט דעם 22 סעפּטעמבער איז ער אָנגעקומען אויפן פּאָלוסטאַנאָק סאָביבור. פון איין זײַט האָט זיך געצויגן אַ וואַלד, פון דער צווייטער — דער לאַגער, אַרומגעצוימט מיט פיל רייען שטעכדראָט. אין די דראָטן זײַנען געווען אײַנגעפלאָכטן צווײַגן פוןביימער. אַ פײַף פון לאָקאָמאָטיוו, און די טויערן האָבן זיך ברייט צעעפנט. ווען די עקסטע זעקס וואַגאָנעס פונעם עשעלאָן זײַנען שוין געווען אויף דער טעריטאָריע פונעם לאַגער, האָט דער צוג־וואַכמאַן זיי אָפּגעקייטלט און די טויערן האָבן זיך ווידער פאַרמאַכט.

פון אַ הויז, וואָס אַנטקעגניבער, איז אַרויס אַ גרופּע דײַטשישע אָפיצערן. איינער פון זיי האָט עפּעס באַפוילן דעם וואַכמאַן און יענער האָט זיך געלאָזט לויפן. אין געציילטע מינוטן אַרום האָט ער זיך אומגעקערט מיט אַ גרופּע יִונגלעך און געמאָלדן:

— הער אָבערשאַרפירער! די באַנהאָף־קאָמאַנדע איז גרייט!

מיט וואָס עס פאַרנעמט זיך די באַנהאָף־קאָמאַנדע האָט מען זיך גלײַך געקאָנט אָנשטויסן לויט דעם „געווער“, וואָס די יִונגלעך האָבן געהאַלטן אין די הענט. דאָס זײַנען געווען עמערס, בעזעמער, בערשטלעך. נאָר דער אויסזען פון די כוואַליע איז געווען ניט צו באַגרײַפן. אַלע אין עלטער פון 17־18 יאָר. אַלע אין געלע פּוילישע קאָנפעדעראַטקעס, אין אָנצוגן, נאָרוואָס פון דער נאָדל אַרויס, אין הויזן מיט געלע קאַנטן, אין טונקעלע קיטלען מיט פאַרביקע לאַצקאַנעס, אין ווײַסע הענטשקעס. און דעריקער — קיין שום סימאָנים פון הונגער אויף די פּנעמער. און שיין זײַנען זיי געווען, ווי מע וואָלט זיי טאַקע אָפּגעקליבן פון הונדערטער טויזנטער.

לייטמאַן האָט שטיל אַ זאָג געטאָן צו פּעטשערסקין:

— ווי געפעלט דיר דער ספּעקטאַקל? ווען ניט דער טרויער אין זייערע אויגן, וואָלט מען געמעגט מיינען, אַז מיר האָבן געטראָפן גלײַך אין גאַניידן אַרײַן...

דער זעלבער אָבערשאַרפירער (ציבולסקי האָט אים גלײַך געקרוינט מיטן נאָמען אָבער־מאַלכהאַמאָוועס) איז צוגעגאַנגען נעענטער און באַפוילן, אַז די סטאָליערס און טעסליערס, וואָס האָבן ניט קיין מישפּאָכעס, זאָלן אַרויסגיין. פּעטשערסקי, לייטמאַן, ראָזענפעלד, ווײַספּאַפּיר, ליטווינאָווסקי, ציבולסקי, שובאַיעוו און נאָך אַ גרופּע האָבן געמאַכט עטלעכע שפּאַן פאָרויס. גלײַך האָט מען זיי אָוועקגעפירט אין אַן אַנדער הויף, וואָס איז אויך געווען אַרומגעצוימט מיט שטעכ־דראָט. דאָ האָבן די לאַגערניקעס געטראָגן און צונויפגעלייגט קלעצער. ראָזענפעלד איז צוגעגאַנגען צו זיי, נאָר קיינער האָט ניט געענטפערט ניט אויף דער באַגריסונג, ניט אויף די פראַגן.

צו די נײַ־אָנגעקומענע האָט זיך דערנעענטערט אַ מענטש מיט אַ געשוואָלן פּאָנעם און אויף שטומלאָשן געגעבן צו פאַרשטיין, אַז זיי זאָלן זיך אויסקערעווען מיט די פּלייצעס צום עשעלאָן.

וויפל מע האָט זיך בא אים ניט געבעטן, ער זאָל כאָטש זאָגן, וווהין זײַנען זיי עס אַנגעקומען, האָט ער בלויז געשאָקלט מיטן קאָפּ.

עמעצער האָט זיך אויסגעזידלט, א צווייטער האָט באמערקט, אז ריידן צו די מענטשן איז ווי צו דער וואנט. א דריטער האָט א פרעג געטאָן, צי מע האָט דאָ בא זיי די צינגער ניט אויס־געשניטן? יענער האָט זיך אָבער אויסגעדרייט און איז אוועק.

מיטאמאָל איז געוואָרן שווער צו אָטעמען, ביז דערשטיקט צו ווערן. אף העכער א האלבן קילאָ־מעטער האָט זיך צעשפּרייט א שווארצער, געדיכטער רויך. אינדערלופטן האָבן זיך באוויזן פײַער־צונגען און עס האָט זיך דערהערט א שרעקלעכער טומל. עס האָבן געגראַגערט הונדערטער גענדז.

ווען אלע זײַנען שוין געווען אין באראק, איז ארײַן דער מענטש, וואָס האָט זיי געהייסן, זיי זאָלן זיך אויסקערעווען מיט די פלייצעס צום עשעלאָן. ער האָט זיך ארומגעקוקט און געפרעגט:

— פונוואנען קומען יידן?

— פון מינסק, — האָט אים לייטמאַן געענטפערט. — נאָר צוערשט דערציילט, פארוואָס שווײַגן דאָ אלע?

— אזא באפעל.

— פארוואָס?

— ווײַל מע האָט נאָך ניט אלעמען פון אײַער עשעלאָן פארברענט. אײַך האָט מען איבער־געלאָזט, קעדיי פארענדיקן דעם נאָרד־לאַגער.

אף א ווײַלע איז געוואָרן טויט־שטיל. פעטשערסקי האָט זיך אנגעשפּארט אין דער נארע: „עטעלע, איר מאמע, זײַנע לאנדסלײַט, לייב סראגאָוויטש, באָריס עסטרין און אלע, אלע... איז אָט פונוואנען עס שמעקט סמאלענעס".

אין דעם אָוונט האָבן זיי זיך דערוווּסט: געבויט דעם סאָביבורער לאגער האָט מען לויט הימלערס א ספּעציעלן באפעל. פונקציאָנירן האָט ער אָנגעהויבן דעם 8 מײַ 1942. דעם פּראָיעקט האָט צונויפגעשטעלט דער עסעסישער אינזשעניער טאָמאַלע. מיט דער בויונג האָבן אָנגעפירט דער הויפּט־אינספּעקטאָר פון די טויט־לאגערן גאָלצײַמער און דער אינזשעניער מאָזער. אליין הימלער האָט באזוכט דעם לאגער אין יול 1943, און נאָך זײַן וויזיט האָט מען אנגעהויבן פאר־ברענען ביז פופצן טויזנט מענטשן א טאָג.

די טויט־פאבריק, וואָס געפינט זיך צווישן וולאָדאווע און כעלם, איז ארומגערינגלט מיט פיר רייען שטעכדראָט העכער דרײַ מעטער די הייך, מיט א ריוו, וואָס איז אָנגעפילט מיט וואסער, און מיט א מינען־פעלד. אין לאגער גופא געפינט זיך א היפשע צאָל וואך־טורעמס און וואך־פּאָסטנס. סאָביבור באשטייט פאקטיש פון דרײַ לאגערס. אין ערשטן לאגער, ווו זיי געפינען זיך איצט, זײַנען פאראן שוסטער־, שנײַדער־ און מעבל־ווארשטאטן. דאָ שטייען אויך צוויי הײַזער פאר די דײַטשישע אָפיצערן. פונדאנען איז פאראן א דורכגאנג אין צווייטן לאגער, ווו מע סאָרטירט און מע פּאקט די זאכן פון די, וואָס ווערן אָפּגעפירט דורך דער אזויגערופענער „הימל־שטראסע" אין דריטן לאגער. דאָרט האָט מען שוין אומגעבראכט העכער א האלבן מיליאָן יידן. קיין סאָביבור קומען אָן קימאַט יעדן טאָג 1500—2000 מענטשן פון פוילן, טשעכאָסלאָוואקיע, האָלאנד, פראנקרײַך, עסטרײַך און אנדערע אָקופּירטע לענדער. פון סאָוועטנפארבאנד איז דאָס דער ערשטער עשעלאָן.

אָנהייב פרילינג האָט א פּאַרפאַלק געפּרוּווט אנטלויפן. מע האָט זיי דערשאָסן צוזאמען מיט נאָך 150 מענטשן, וואָס האָבן דאַן געארבעט אין זעלבן לאגער. געווען איז אויך ניט קיין געלונגענער פּרווו זיך דורכלייגן א וועג אונטער דער ערד. געווען א פאַל, ווען צוויי קאָמוניסטן, וואָס האָבן געארבעט מיט א גרופּע לאגערניקעס אין נאָענטן וואלד, האָבן דערשטיקט דעם וואכמאַן און זײַנען אנטלאָפן. אלע איבעריקע האָט מען געבראכט צוריק פון וואלד און דערשאָסן.

עטלעכע און זיבעציק מאַן פון האָלאנד האָבן באשטימט אונטערקויפן א וואכמאַן. דער אָנפי־רער פון דער גרופּע איז געווען א זשורנאליסט, וועמען זיי פלעגן שטילערהייט רופן „הער קאַפּי־טאַן". וויפל די דײַטשן האָבן זיך דערנאָך איבער אים ניט איזדיעקעוועט, האָט ער קיינעם ניט אויסגעגעבן און ביז דער לעצטער רעגע געטײַנעט, אז לויפן האָט ער זיך געקליבן איינער אליין. פון דעמלט אָן ציילט מען די לאגערניקעס איבער ניט ווייניקער ווי דרײַ מאָל א טאָג. דאָס טוט ניט אבי־ווער, נאָר דער הויפּט־שעף אליין, דער אָבערשאַרפיורער פראנץ.

דער מענטש, וואָס האָט דאָס אלץ דערציילט, איז געווען פון די איינצלנע, וועמען עס איז געלונגען פארהיטן דאָס לעבן שוין העכער א יאָר צײַט. געהייסן האָט ער באָרעך און געווען איז ער א מענער־שנײַדער, דער עלטסטער פון דער גרופּע, וואָס האָט געארבעט אינעם צווייטן לאגער.

באנאכט האָט פעטשערסקי אזוי געשריִען פון שלאָף, אז ציבולסקי און לייטמאַן, וואָס זײַנען געלעגן באנאנד מיט אים, האָבן אים גענומען וועקן.

— ווער אנשוויגן, — האָט אים באַריס פאַרשטעלט דאָס מויל, — דו שרײַסט אזוי, אַז דער אָבער־מאַלכהאַמאָוועס פראַנץ קאָן דערהערן.

אַלעקסאַנדער האָט אים אָפּגעשטופּט פון זיך.

— מיט דײַנע יאַדאָים קאָנסטו דערשטיקן אפילע אַ פערד.

— אַמאָל בין איך טאַקע געווען אַ פורמאַן און, דוכט זיך, דער איינציקער, וואָס האָט ניט באַדאַרפט קיין בײַטש. איצט, בעט איך דיך, צי ניט לאַנג, הייס מיר נאַר, ווען סטו זען, ווי איך וועל זיי שטיקן.

פּעטשערסקי האָט אים איבערגעשלאָגן:

— פּלאַפּל ניט, שלאָף.

שפּעטער, ווען ציבולסקי האָט שוין אונטערגעכראָפּעט, האָט לייטמאַן זיך אָנגעבויגן צו פּעטשערסקין:

— סאַשע, געטרויסט אים ניט?

— ווי זיך אַליין. נאַר דערציילן פאַר דער צײַט אַ סאָד איז ניט קעדײַ. זאָג מיר, שלוימע, בעסער אָט וואָס: דער טיפ, וואָס איז דאָ הײַנט געווען, האָט אונדז ניט געוואָלט אָנשרעקן?

— מעגלעך, נאַר דאַרפסט פאַרשטיין, אַז איבעריקע פאָרזיכטיקײַט איז אַ געפערלעכע קרענק. באַרעך ווייסט דאָך, אַז דאָ וועט ער ניט אויסמײַדן די „הימל־שטראַסע".

— האָסט מיך ניט איבערצײַגט. דערמאָן זיך בעסער אין דעם פּראָוואָקאַטאָר, וואָס האָט דיך, דעם קאָמוניסט, ארײַנגעזעצט אין וואַרשעווער טפּיסע. איר האָט דאָך שוין געהאַט אַ כשאד אף אים. פאַרוואָס זשע האָט איר אים באַצײַטנס ניט אָפּגעראַמט פון וועג?

— טאַקע דערפאַר, ווײַל דאַן איז עס געווען ניט מער ווי אַ כשאַד. וואָס איז שײַעך באַרעכן, וועלן מיר גאָר איינגיכן זיך דערוויסן, צי דאָס, וואָס ער האָט אונדז דערציילט, איז עמעס, צי ליגן. איך מיין, אַז עמעס. אויב אַזוי, פאַרשטיי איך, וואָס ער וויל.

— איז לאָמיך אויך וויסן.

— באַרעך האָט געגעבן אָנצוהערן, אַז די גאַנצע האָפענונג איז אַף די קאָמוניסטן, אַף די סאָוועטישע מענטשן, און אַז מיר טאָרן ניט קלערן לאַנג און בלויז וועגן זיך. אויב לויפן, דאַרפן אַלע מיטאַמאָל. וואָס שווײַגסטו? ענטפער.

— דאָס איז ניט באַרעכס, נאַר מײַן געדאַנק. צו דעם מענטשן וועלן מיר זיך נאָך צוקוקן.

אינדרויסן האָט עמעצער פינף מאָל אַ קלאַפּ געטאָן מיט אַ שטיק אײַזן אין אַ רעלס. פּונקט פינף אזייגער מיט פינף מינוט זײַנען שוין אַלע געווען אף די פיס. באַם באַקומען די פּײַקע ברויט און דאָס קענדל זודיק וואַסער האָט מען אַלעמען איבערגעציילט. באַם לאָזן זיך אף דער אַרבעט — אַ צווייט מאָל.

אין נאָרד־לאַגער, וווּ מע האָט זיי געבראַכט, איז געבליבן אַרבעט ניט מער, ווי אף אַ כוידעש.

אין דעם טאָג האָבן פופצן פון די ניי־אָנגעקומענע באַקומען צו פינף און צוואַנציק שמיץ. געשלאָגן האָט מען מיט דראָט, אַרומגעוויקלט מיט גומי, דערבײַ האָט דער געשמיסענער באַדאַרפט הויך אף אַ קאָל ציילן די שמיץ. קוים האָט ער געהאַט אַ טאָעס, האָט מען אָנגעהויבן די עקזעקוציע פונסנײַ.

אפן צווייטן טאָג האָבן פינף און צוואַנציק מענטשן באַקומען צו פינף און צוואַנציק שמיץ. איינעם האָט מען דערשאָסן דערפאַר, ווײַל ער איז צוגעגאַנגען צו דעם דראָט.

אפן דריטן טאָג האָט פראַנץ אַליין פאַרשמיסן ביז טויט דעם קעכער, ווײַל יענער האָט ניט באַוויזן פאַר צוואַנציק מינוט אויסטיילן אַלעמען די באַלאַנדע.

אפן פערטן טאָג האָט בלויז אַ גליקלעכער צופאַל געראַטעוועט פּעטשערסקין פון טויט. צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע צענדליק מענטשן איז ער געשטאַנען אין הויף פון נאָרד־לאַגער און געהאַקט מיט אַ טעמפּער האַק דעמבענע סוקעוואַטע קלעצער. אַלעקסאַנדערס שאָכן, אַ געוועזענער נאָטאַריוס פון האָלאַנד, האָט איידער זיך נעמען האַקן די קלאָץ, אויסגעווישט די ברילן, געשטאַנען אַ פּאָר רעגעס און געטראַכט, ווי מע נעמט זיך עס צו אזאַ אַקשן. פראַנץ האָט מיטן גאַנצן קויעך אַראָפּגעלאָזט זײַן גומענעם שטעקן אף דעם נאָטאַריוסעס קאָפּ. דעם האָלענדערס ברילן זײַנען אַראָפּגעפאַלן און זיך צעבראָכן אף פיצלעך. דער האָלענדער — אַ פּאַך מיט דער האַק, פראַנץ — מיטן שטעקן. וואָס ווײַטער, אַלץ אָפטער. נאָר דער פּניאַק גיט זיך ניט אונטער, און דער לאַגערניק באַגיסט זיך מיט בלוט.

פּעטשערסקי האָט שוין, דוכט זיך, געמעגט וויסן: ער דאַרף מאַכן דעם אָנשטעל, אַז ער איז פאַרטיפט אין זײַן אַרבעט און באַמערקט ניט, וואָס אַרום טוט זיך. איז ניין. דאָס האַרץ פאָלגט ניט. ער שטייט און לאָזט קיין אויג ניט אַראָפּ פון זייביידן — פראַנצן און דעם נאָטאַריוס, ביז צוויי בליקן קרייצן זיך ניט איבער און דאַן...

— רוס, קאָם!

דער קאַפּאָ בזשעצקי דערקלערט פּעטשערסקין:

— דער אָבערשאַרפירער גיט דיר פינף מינוט אַף צעהאַקן די קלאָץ. וועט זיך עס דיר איינגעבן, באַקומסטו אַ פּעקל סיגאַרעטן. אויב ניט, שלאָגט ער דיך ביז טויט. גרייט זיך צו.

אַלעקסאַנדער האָט צעשטעלט די פיס, אַ רײַב געטאָן די הענט, פאַרהויבן די האַק און אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו פראַנצן. יענער האָט אָנגעטאַפּט די קאָבורע און איז אײַליק אָפּגעטראָטן אַף צוריק. ער האָט אויך אופגעהויבן די האַנט, אַף דער זון האָט אַ שעמעריר געטאָן דער גאָלדענער בראַסלעט פון זײַן זייגער.

— אָנגעהויבן!

אין אָט די פינף מינוט האָט די קלאָץ פאַרשטעלט פּעטשערסקין די גאַנצע וועלט. אַ האַק — פאַראַן דער ערשטער קאַרב. נאָך אַ האַק — און דער קאַרב ווערט טיפער. די שווערע קלאָץ טוט אַ קרעכץ. און דאָ, דערציילן אײדעס, האָט פּעטשערסקי אָפּגעווישט מיטן אַרבל דעם שווייס און, אומבאַוווּסט צו וועמען, אַ געשריי געטאָן: „לײַגסט!“ אין דעם זעלבן אויגנבליק האָט זיך צעשפּאָלטן די קאָרע, ס'האָט זיך דערהערט אַ טראַסק, די האַק איז געבליבן שטעקן. איצט האָט שוין פראַנץ ניט מוירע צוגיין נעענטער. ער שמייכלט צופרידן.

אַלעקסאַנדער האָט זיך געשטעלט אַף דער רעכטער קני, אַ רײַב געטאָן מיט די הענט די זאַמדיקע ערד, דערנאָך צוזאַמען מיט דער קלאָץ לאַנגזאַם זיך אופגעהויבן, מיט וואַקלענדיקע טריט צוגעגאַנגען צום שטיין, שאַרף אַ קער געטאָן דעם פניאַק מיט דעם האַקשטיל אַראָפּ און אָפּגעגעבן דעם לעצטן קויעך זײַנע הענט.

וואָס איז געווען נאָך דעם? גאָרנישט, עס זײַנען געפלויגן האָלץ־שפּליטערס.

— פיר מינוט מיט דרײַסיק סעקונד, — האָט פראַנץ קאָנסטאַטירט. — באַקום דײַן פּעקל סיגאַרעטן.

— אַ דאַנק, איך רייכער ניט.

דער שעף פון לאַגער האָט עפּעס אַ זאָג געטאָן בזשעצקין און יענער איז פאַרשוווּנדן. אומגעקערט האָט ער זיך מיט אַ האַלב לעבל ברויט און מיט אַ פּעקל מאַרגאַרין. דוכט זיך, אַז פּעטשערסקי האָט דאָס מאָל געהאַט גענוג צײַט אַף צו באַקלערן זײַן ענטפער. מעגלעך, אַז טאַקע גראָד דערפאַר האָט ער נאָכאַמאָל באַדאַנקט דעם הענקער און געזאָגט:

— איך בין זאַט.

פאַרוואָס האָט דער אָבערשאַרפירער אַרײַנגעלייגט צוריק דעם פאַראַבעלום אין קאָבורע? שווער צו זאָגן...

קיינער ווייסט ניט, צי האָט פראַנץ דערציילט זײַנע אָפיצערן וועגן דעם פאַל. דערפאַר ווייסט מען זיכער, אַז די נײַס האָט זיך ווי אַ פרילינג־דונער צעטראָגן צווישן די לאַגערניקעס. ווען דער קאַפּאָ שמידט האָט פאַרהויבן זײַן שטעקן אַף סעמיאָן ראָזענפעלדן, איז צוגעלאָפן בזשעצקי און האָט אים אָנגעכאַפּט פאַר דער האַנט:

— טשעפּע אים בעסער ניט, ער איז אַ רוסישער...

דער שנײַדער באָרעך איז געקומען צו פּעטשערסקין מיט אַזאַ נײַס:

— אין פרויען־באַראַק האַלט מען אין אייןריידן וועגן אײַך. די פרויען בעטן אײַך קומען הײַנט אין אָוונט. איך וועל אײַך דורכפירן.

אַלעקסאַנדער האָט אַ קוק געטאָן אַף שלוימען, יענער איז מאַסקים געווען, אַז פּעטשערסקי זאָל גיין, נאָר מיט איין טנאַי, אַז ער גייט אויך מיט.

אַלע הונדערט פופציק פרויען האָבן אויסגעדרייט די קעפּ צו די אַרײַנגעקומענע. אַף דער באַגריסונג ענטפערט מען — ווער אַף ייִדיש, ווער אַף רוסיש, ווער אַף פּויליש, טשעכיש, רומעניש, דײַטש, פראַנצויזיש, האָלענדיש... צוריק מיט עטלעכע שאָ האָט מען פונדאַנען צוגענומען אין דריטן לאַגער די, וועלכע זײַנען שוין ניט בעקויעך צו אַרבעטן באַם סאָרטירן און פּאַקעווען די קליידער. ווער פון די איבערגעבליבענע פרויען איז זיכער, אַז מאָרגן וועט זי זיך ניט פאַרשטעכן קיין פינגער, ניט אויסגליטשן זיך, ניט באַקומען קיין לונגען־אָנצינדונג, זיך ניט אָנשטעקן מיט פלעק־טיפוס, — און דאַן וועט שוין אַף זיכער אויסקומען שפּאַנען איבער דער „הימל־שטראַסע“.

פּעטשערסקי קוקט אַף זיי און טראַכט: פון וואָס הייבט מען אָן דעם שמועס? זײַן בליק איז געפאַלן אַף ניט קיין הויכער יונגער פרוי מיט קורץ־געשוירענע קאַשטאַנעווע האָר, מיט גרויסע טרויעריקע אויגן. ער איז צוגעגאַנגען צו איר, און גלײַך האָט זי זיך אַ רוק געטאָן, באַפרײַט אַן אָרט, ער זאָל זיך צוזעצן.

— ווי רופט מען אײַך? — האָט ער זיך געווענדט צו איר אַף רוסיש.

— וואָס?

פּעטשערסקי קען אַ ביסל דײַטש. כאַזערט ער איר איבער די פראַגע. זי ענטפערט אים:



— ליוקע, דערציילט אונדז, וואָס הערט זיך אפן פראָנט? די גאַנצע האָפענונג איז דאָך בלויז אף די רוסן.

דערציילט ער, און שלוימע מיט באָרעכן זעצן איבער אף אַנדערע שפּראַכן, וועגן דעם, אַז מע האָט צעקלאַפּט די דײַטשן הינטער מאָסקווע, לעבן דער וואָלגע, הינטער קורסק, אַז די סאָ־וועטישע דיוויזיעס דערנעענטערן זיך צום דניעפּער. פאַראַן, זאָגט ער, א סאך פּאַרטיזאַנישע מאכ־נעס אין ווײַסרוסלאַנד, אוקראַינע, פּוילן. געווען אן אופשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ. עמעס, ער אליין ווייסט זייער ווייניק, נאָר די, וואָס הערן אים, ווייסן נאָך ווייניקער.

ערגעץ פון א ווינקל פרעגט מען:

— אויב עס זײַנען יאָ פאַראַן אזויפיל פּאַרטיזאַנער, פאַרוואָס פאַלן זיי ניט אָן אף אונדזער לאַגער און באַפרײַען אונדז ניט? צום וואַלד איז דאָך מיט דער האַנט צו דערלאַנגען...

— באַפרײַען אונדז וואָלטן די פּאַרטיזאַנער עפּשער געקאָנט, נאָר פאַרגעסט ניט, אַז די פאַשיסטן האָבן נאָך א מעכטיקע אַרמיי, און אַרויספירן פון די אָקופּירטע ראַיאָנען אזויפיל מענטשן קאָנען ניט די פּאַרטיזאַנער... פאַר זיך דאַרפן מיר אליין זאָרגן...

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דעם ענטפער אף דער לעצטער פראַגע האָבן ניט נאָר די פרויען געהערט, נאָר אויך דער קאַפּאָ בזשעצקי, וואָס איז מיט א פּאָר מינוט פריִער שטילערהייט אַרײַן אין באַראַק.

באָרעך האָט מיט יעדן טאָג אַרויסגערופן אלץ מער צוטרוי. אָט האָט ער אין א פּאַסיקן מאָמענט פאַרפירט מיט פעטשערסקין אזא געשפּרעך:

— לאָמיר שפּילן אָן אָפענעם זעקס־און־זעכציק. איך ווייס, אַז איר, סאָוועטישע, וועט ניט זיצן מיט פאַרלייגטע הענט, קאָן דאָך ניט זײַן, אַז אליין זאָלט איר לויפן און אונדז איבערלאָזן אף אומקום...

— איר זײַט דאָ העכער א יאָר צײַט, וואָס האָט איר געטאָן?

— אײַך פאַרטרוי איך. געטאָן... נאָר מיר דאַרפן אזא מענטשן, ווי איר. מיר בעטן, אַז אין קאָמיטעט זאָל אויך אַרײַנגיין אײַער כאַווער שלוימע לייטמאַן.

אלעקסאַנדער האָט אים אָנגעכאַפּט פאַר דער האַנט.

— אין לאַגער איז פאַראַן אן אונטערערדישער קאָמיטעט?

— ניין, נאָר ס'איז פאַראַן א גרופּע. טאַקע זי האָט מיך באַפולמעכטיקט, איך זאָל זיך פאַר־בינדן מיט אײַך.

— ווער גייט אַרײַן אין דער גרופּע?

— לעאָן פעלדהענדלער, וועלכער אַרבעט צוזאַמען מיט מיר אין צווייטן לאַגער, דער עלטסטער פון שנײַדער־וואַרשטאַט יוזעף, דער שוסטער יאַקוב, דער סטאָליער יאַנעק.

— איר ווייסט, וויאַזוי דאָס פעלד איז מינירט?

— יאָ. ווי א שאָך־ברעט. איך אליין האָב געגראָבן די גריבלעך פאַר די מינעס.

— וואָס פאַר א צווישטאָקיקע כורווע שטייט עס פון יענער זײַט צוים, דאָס איז ניט קיין פאַרמאַסקירטער וואַך־פּונקט?

— איך מיין, אַז ניט. אַמאָל איז דאָרט געווען א מיל.

— באַרעך, זאָגט מיר, איר האָט אויך באַמערקט, אַז די דײַטשן פאַרטרויען ניט די וואַכלײַט?

— אַוואַדע. מע גיט זיי אַרויס בלויז צו פינף קוילן, ווען זיי גייען אַפּן פּאָסטן. די קוילן האַלטן די דײַטשן אין דער געבײַדע פון קאָמוטאַטאָר, ניט ווײַט פון צענטראַלן טויער. דאָרט שטייט א דײַטשישער וואַכמאַן. אויב מע דאַרף זיך נאָך עפּעס דערוויסן, זאָגט, מיר וועלן טאָן אַלץ, וואָס איר וועט הייסן.

— שפּירט נאָך נאָך דער מיל, צי גייט ניט עמעצער אַהין. דאָס קאָן מען טאָן פון סטאַליער־וואַרשטאַט, פון בוידעם. דערוויסט זיך, צי בײַט זיך די וואַך שטענדיק אין איין און דער זעלבער צײַט. אַף ווײַטער וועלן מיר זיך טרעפן מיט אײַך אין פּרויען־באַראַק, בא ליוקען. דאָס, וואָס זי קען קיין רוסיש ניט, איז אַפילע א מײַלע.

איינמאָל, ווען עס איז אָנגעקומען א נײַער עשעלאָן, איז אַף דער סטאַנציע עפּעס געשען און אַלע דײַטשן האָבן זיך געלאָזט אַהין. אַף דער וואַך זײַנען פאַרבליבן בלויז פינף סאָלדאַטן. דער גרעסטער טייל געפאַנגענע האָט זיך דאַן געפונען אין נאָרד־לאַגער. פּעטשערסקי מיט נאָך עטלעכע מענטשן האָבן גראָד רעמאָנטירט דעם באַראַק, וווּ זיי האָבן געוווינט. צו אים איז צוגעלאָפן ציבולסקי און גענומען זיך בעטן בא אים:

— סאַשע, לאָמיר לויפן! מיט די פינף וועלן מיר זיך ספּראַווען.

— וואָס מיינסטו, זיי וועלן אונדז צולאָזן אַזוי נאָענט, אַז מיר זאָלן זיי קאָנען שטילערהייט פּאַטערן? און די דראָט־פאַרצוימונגען, די מינעס? נאָר לאָמיר זאָגן, אַז עמעצן פון אונדז וועט געלינגען ראַטעווען זיך, די איבעריקע וועט מען דאָך דערשיסן. ניין, אַזוי טאָר מען ניט.

אָן אַנדערשמאָל איז אָבער אויסגעקומען אַרויסצושטעלן אַן אייגענע וואַך, קעדיי ניט דערלאָזן, אַז א קליינע גרופּע זאָל פּרווון איבערשנײַדן די דראָט־פאַרצוימונגען און אַנטלויפן. איינער פון דער גרופּע האָט זיך מאַמעש געוואָרפן אַף פּעטשערסקין מיט די פויסטן:

— ווער ביסטו, — האָט ער געשריִען, — וואָס דו נעמסט זיך דאָס רעכט אונדז צו באַפעלן?

— א סאָוועטישער אָפיצער.

— און אויב איך וועל דיך ניט פאָלגן?

— דערפאַר שטייט טאַקע אונדזער וואַך...

פּעטשערסקי איז שוין עטלעכע מאָל געווען אין פּרויען־באַראַק. ער האָט שוין געוווּסט, אַז ליוקע איז געבוירן און געלעבט אין האַמבורג, אַז איר פאָטער איז געווען אַן אָנגעזעענער דײַטשישער רעוואָלוציאָנערער טוער. ווען די פאַשיסטן זײַנען געקומען צו דער מאַכט, איז ליוקעס טאַטע, ווי די גאַנצע פּאַרטיי, אַוועק אין אונטערערד. ס'איז ניט איבערצוגעבן, ווי מע האָט געפּײַניקט די מאַמע און זיי, די קינדער, זיי זאָלן זאָגן זײַן אַדרעס, אָנרופן די פאַמיליעס פון די, וואָס פלעגן אַרײַנקומען צו זיי אין שטוב. מיט דער הילף פון דעם פאָטערס פּאַרטיי־כאַווירים האָט זיך זיי אײַנגעגעבן אַריבערפאָרן קיין האָלאַנד און אין א צײַט אַרום איז אַהין געקומען אויך דער טאַטע.

אין אָקופּירטן האָלאַנד האָט מען זיי געפּאַקט, ווי זיי הערן מאָסקווע דורך ראַדיאָ. ליוקעס טאַטע און צוויי ברידער האָט מען פאַרברענט אין סאָביבור. פון דער גאַנצער מישפּאָכע זײַנען געבליבן זי און די מוטער.

ליוקעס אַרבעט איז — האָדעווען קראָליקעס. אַמאָל גיט זיך איר אײַן צוגאַנוווענען א בלעטל קרויט, א מער, אַפילע א שטיקל ברויט. פון דער „הימל־שטראַסע" איז דער הויף, וווּ זי אַרבעט, אָפּגעטיילט מיט א הילצערנעם פּלויט, אין וועלכן עס זײַנען פאַראַן שפּעלטעלעך. זעט זי, ווי מע לאָזט צוערשט אַרויס די דרײַ הונדערט גענדז. זיי גייען אַזוי מאַיעסטעטיש... נאָך די גענדז ציִען זיך שאָענלאַנג נאַקעטע אײַנגעהויקערטע מענטשן. מע טרײַבט זיי פאַרטיעסווײַז צו אַכט הונדערט מיטאַמאָל. אַוואַדע ווייסן זיי ניט, אַז ליוקע קוקט זיי נאָך. ליוקע ווייסט, ווען מע פאַרטרײַבט זיי אין דער ציגלנער געבײַדע און ווען מע פאַרמאַכט נאָך זיי די אײַזערנע טויערן, זי ווייסט, ווײַל דאַן ווערט אײַנגעשלאָסן דער דיזעל, וואָס טרײַבט דעם שטיק־גאַז...

...פּעטשערסקי און לייטמאַן האָבן אָנגעהויבן אָפט אַרײַנקומען צו די שלאָסערס און שמידן. אין איינעם א פאַרנאַכט, ווען זיי זײַנען אַרײַן אין קוזניע, איז באַם טיש געזעסן דער קאַפּאָ בזשעצקי. אַף דער רעכטער האַנט דאָס צוגעניייטע בענדל, דאָס אויסגערונענע אויג פאַרמאַכט, דאָס געזונטע פאַרזשמורעטע אויג לויפט איבער פון איין מענטש צום צווייטן.

— סאַשע, קום צו די שלאָסערס, עפּשער וועלן זיי אונדז געבן פאַרייכערן, — האָט שלוימע א שלעפּ געטאָן פּעטשערסקין פאַר דער האַנט.

— גיי אליין, — האָט אים געענטפערט דער קאַפּאָ. — איך דאַרף מיט דעם באַכער א שמועס טאָן.

אז בזשעצקי האָט ליב צו געבן פּעטש, דאָס האָבן אלע געוווּסט. אז די דײַטשן גלייבן אים — דאָס אויך. נאָר אז ער איז א מאָסער, דאָס האָט נאָך וועגן אים קיינער ניט געזאָגט. ווען ער מיט פּעטשערסקין זײַנען פאַרבליבן אויג־אויף־אויג, האָט ער א זאָג געטאָן:

— איר זײַט ניט פּאַרזיכטיק. די מײַסע מיט פראַנצן, אײַער געשפּרעך אין פרויען־באַראַק. איר מיינט, איך פאַרשטיי ניט, אז ליוקע איז ניט מער, ווי א שירמע? אײַער רעכטע האַנט איז שלוימע לייטמאַן. קורץ געררעדט, איך וויל אײַך זאָגן, אז ווען איך וואָלט געווען א קעלעוו, וואָלט איך אײַך שוין לאַנג פאַרקויפט. נאָר איך פאַרשטיי, אז אויך מיך וועט מען פאַרברענען. דער „אייביקער לאַגער", ווי א סאַך רופן אים דאָ, וועט אייביק ניט עקזיסטירן, און קיין לעבעדיקע איידעס וועלן זיי ניט איבערלאָזן.

— גוט, וואָס איר פאַרשטייט, — האָט אים פּעטשערסקי איבערגעשלאָגן. — נאָר פאַרוואָס זאָגט איר עס גראָד מיר?

— סאַשע, לאָמיר ניט פאַטערן אומזיסט קיין צײַט. געדענקט, איר קאָנט א סאַך געווינען און א סאַך פאַרלירן. אונדז, די קאַפּאָס, פאַרטרויען די דײַטשן. איך גיי אַרום פראַנק־און־פרײַ אומעטום, אויסער דעם דריטן לאַגער. קורץ, איר נעמט אונדז אַרײַן אין אײַער געשעפט?

— ווער איז עס דער „אונדז"?

— איך און דער קאַפּאָ פון דער באַנהאָף־קאָמאַנדע טשעפּיק. פאַרן קאַפּאָ שמידט האָב איך אליין מוירע. איך ווייס, אז איר וועט מיר גלײַך ניט ענטפערן, איז באַקלערט זיך און טאָקע וואָס גיכער. דערווײַל האָט מיר א גוטע־נאַכט.

דעם 12 אָקטיאָבער אין אָוונט זײַנען אַף דער וואַך אין סאָביבורער טויט־פאַבריק געשטאַנען ניט נאָר די פאַשיסטן, נאָר אויך די סאָוועטישע קריגסגעפאַנגענע. אַרקאַדי ווײַספּאַפּיר, וואָס האָט נאָכגעשפּירט נאָכן הויף, און סעמיאָן ראָזענפעלד, וואָס האָט קיין אויג ניט אַראָפּגענומען פון דעם צענטראַלן טויער, האָבן באַקומען א באַפעל, טאָמער וועלן זיי באַמערקן עפּעס פאַרדעכטיקס, זאָלן זיי טייקעף געבן א סיגנאַל.

אָבער אפילע זיי האָבן ניט געוווּסט, אז אין דער מינוט, ווען דער וואַכמאַן קלאַפּט נײַן מאָל נאָכאַנאַנד מיט זײַן אײַזערנעם שטעקל אין רעלס, האָבן זיך אין סטאָליער־וואַרשטאַט צונויפגענומען נײַן מענטשן, וואָס דערווײַל אַמפּערן זיי זיך, צי זאָל מען אײַנלאַדן נאָך איינעם, א צענטן, צי ניין. וואָס וואָלט געזאָגט אַרקאַדי ווײַספּאַפּיר, ווען ער ווייסט, אז דער צענטער — דאָס איז דער קאַפּאָ בזשעצקי, וואָס האָט אים צוריק מיט צוויי וואָכן אזוי געמיימעסט, אז ער פּילט עס נאָך איצט.

סאַשע האָט געשיקט נאָך בזשעצקין. און ווען דער קאַפּאָ האָט זיך באַוויזן אַף דער שוועל, האָט פּעטשערסקי געמאָלדן:

— מיר הייבן אָן די באַראַטונג.

בא בזשעצקין איז דאָס רעקל געווען שטענדיק צעכראַסטעט. איצט האָט ער עס פאַרשפּיליעט אַף אלע קנעפּ. זיך אַרומגעקוקט און געפרעגט:

— וואָס, סאַשע, איר ווילט מיך אויספרווון, צי בלויז וואָרענען?

— ס'איז ניט קיין צײַט איצט פאַר פוסטע רייד. איר האָט טאַקע פאַרדינט, מע זאָל אײַך מישפּעטן, און דאָך פאַרטרויען מיר אײַך דאָס לעבן פון זעקס הונדערט מענטשן. צוליב וואָס וואָרענען? איר אליין ווייסט גוט, וואָס אײַך דערוואַרט, אויב איר וועט פאַראַטן... און איצט — וועגן דעם פּלאַן פון אופשטאַנד.

אַף מאָרגן גאַנצפרי איז צו די סטאָליערס אַרײַנגעקומען בזשעצקי און אָנגעשריִען אַף יאַנעקן, פאַרוואָס אין דער קאַזאַרמע, ווו די וואַך געפינט זיך, פאַרשליסן זיך שלעכט די טירן.

— פונוואַנען זאָל איך וויסן, — האָט זיך יאַנעק פאַרענטפערט, — מיר האָבן דאָך אהין קיין צוטריט ניט.

— שטענדיק איז בא אײַך גרייט א טערעץ. גיט מיר עמעצן פון אײַערע באַלמעלאָכעס, וועל איך אים גלײַך אהין אָפּפירן.

ס'איז לײַכט זיך אָנצושטויסן, אז דער באַלמעלאָכע, וואָס האָט גענומען דאָס קעסטל מיט אינסטרומענטן אין האַנט, איז געווען פּעטשערסקי. אין די פוסטע צימערן פון דער קאַזאַרמע האָט ער, קלוימערשט קעדיי אויספרווון די שלעסער, צוגעמאַכט די טירן און דאָ טאַקע אפגיך געעפנט די שאַפעס, ווו עס שטייען די ביקסן. פאַר עטלעכע מינוט האָט ער זיך איבערצײַגט, אז די ביקסן־מאַגאַזינען און די פּאַטראָנטאַשן זײַנען פוסט.

נאָכמיטיק האָט ער מיט שלוימען זיך פאַרקליבן אַפן בוידעם און לאַנג געקוקט צום נאָענטן וואַלד אַף רעכטס פונעם טויער.

דאָס שטעכדראָט האָבן זיי באַשטימט איבערשנײַדן לעבן דעם אָפּיצערן־הויז. דער גרעסטער טייל מינעס, וואָס זײַנען דאָ פאַרגראָבן, האָבן זיי געוווּסט, זײַנען ספּעציִעלע אַליאַרעם־מינעס, אויפרײַסן זיי וועט זײַן לײַכט מיט די שטיינער, וואָס זײַנען שוין פאַרפריִער געווען פאַרגרייט. זיי האָבן אויך פאַרגרייט טרוקענעם זאַמד אַף צו שיטן די וואַכלײַט אין די אויגן.

דאָ, אַפן בוידעם, זײַנען ענדגילטיק אָנגעמערקט געוואָרן די מענטשן, וואָס וועלן ליקווידירן די וואַך און צערײַסן די טעלעפאָן־ און עלעקטרע־דראָטן. ס'איז אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס — אָנהייבן דעם אופשטאַנד מאָרגן, דאָנערשטיק, דעם 14 אָקטיאַבער, 4 אַזייגער באַטאָג, ווען די דײַטשישע אָפּיצערן קומען מעסטן זייערע קליידער. פאַרענדיקן האָט מען אַלץ געמוזט ביז פינף אַזייגער — צו דער שאָ פון אַפּעל. הײַנט באַנאַכט האָבן די סאַמע זיכערע מענטשן באַדאַרפט באַקומען די זיבעציק שאַרפע מעסערס און די יעגער־העק, וועלכע די שמידן און שלאָסערס האָבן בישטיקע געמאַכט.

אהער אַפן בוידעם האָט זיך פון לאַגער די גאַנצע צײַט ניט דערטראָגן קיין איין קלאַנג. מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט דאָס גראַגערן פון די גענדז. צום הימל האָבן זיך גענומען ציִען שוואַרצע וואָלקנס רויך.

...די נאַכט־פינצטערניש האָט געאָטעמט מיט פײַכטקײַט און מיט קעלט. דאָ, אין באַראַק, איז געווען אַזוי שטיקנדיק הייס, אַז אַף דער איינציקער שויב, וואָס הינטער די גראַטעס, האָבן זיך באַוויזן טראָפּנס שווייס. ס'איז שוין שפּעט. נאָר פּעטשערסקי מיט לייטמאַנען האַלטן זיך נאָך אין איין סוידען. שלוימע פּאָדערט:

— לייג זיך צו, דו מוזט זיך אויסרוען.

— באַלד, — ענטפערט סאַשע, — נאָר גיב אַן אייצע. איך וויל פאַרלייגן פּינקעוויטשן, ער זאָל אַרויספירן די קאָלאָנע פון לאַגער. ער איז דאָך פונדעסטוועגן אַ מאַיאָר, און זײַן דערפאַרונג קאָן צוניצקומען.

— זאָלסט ניט וואַגן. צו אים קוק איך זיך צו די גאַנצע צײַט. מעגסט מיר גלייבן, ער איז אַ פּאַכדן. צוריק מיט אַ פּאָר טעג האָב איך אים געגעבן אָנצוהערן, אַז מע דאַרף עפּעס טאָן, האָט ער געענטפערט, אַז אין קיין אַוואַנטיורעס וועט ער קיין אָנטייל ניט נעמען.

— עפּשער, שלוימע, פאַרטרויט ער דיר ניט?

— נאַרישקײַטן. נאָך אין מינסק אַף שיראָקע־גאַס האָט ער מיר געזאָגט, אַז בײַ פּילסודסקין, זעסטו, האָט מען נאָך געקאָנט זײַן אַ קאָמוניסט און בײַ היטלערן ניט. כאַפּט אים דער וואַטנמאַכער. שלאָף!

זעלטן, אַז אין אָקטיאַבער כּוידעש זאָל אין אָט די קאַנטן אויספאַלן אַזאַ וואַרעמער און זוניקער טאָג. מע האָט באַקומען די באַלאַנדע און געוואַרט אַפן סיגנאַל זיך לאָזן צו דער אַרבעט. בזשעצקי האָט געהאַלטן אין דער האַנט דאָס גומענע רערל פון אַ קעגנגאַז־מאַסקע. הײַנט האָט ער געווילדעוועט, ווי קיינמאָל ניט. דער שעף פון דער וואַך גריישוץ האָט אים צוגערופן און דערלאַנגט אַ פּעקל סיגאַרעטן.

פּעטשערסקי און נאָך זיבן מענטשן האָבן זיך געלאָזט אין קליינעם סטאָליער־וואַרשטאַט. פון דאָרט זעט מען דעם ערשטן לאַגער, ווי אַף דער דלאָניע. אין דעם גרויסן וואַרשטאַט איז הײַנט דער עלטסטער ניט יאַנעק, נאָר לייטמאַן. צוזאַמען מיט אים האָבן אין באַראַק זיך געפונען נאָך צוואַנציק רויטאַרמייער, וואָס האָבן אויסבאַהאַלטן אונטער די העמדער מעסערס.

דרײַ אַזייגער מיט דרײַסיק מינוט האָט בזשעצקי געזאָלט אָפּפירן אין צווייטן לאַגער ציבולסקין מיט נאָך צוויי כאַווײרים. זיי האָבן באַדאַרפט אַנטוואָפענען און טייטן די פיר פאַשיסטן, וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען. אָבער מיט אָנדערהאַלבן שאָ פריִער איז אַרײַנגעקומען אַן עסעסאַ־וועץ און באַפוילן בזשעצקין מיט נאָך דרײַ מענטשן גיין מיט אים. אָט ווען פּעטשערסקין האָט באַגאַסן אַ קאַלטער שווייס. ער איז גלײַך אַוועק אין גרויסן סטאָליער־וואַרשטאַט און געהייסן יאַנעקן און דעם קאַפּאָ טשעפּיק זיך דערוויסן, וווּהין מע האָט יענע אַוועקגעפירט. אויסגעלאָזט האָט זיך, אַז זיי זײַנען אין נאָרד־לאַגער און לייגן צונויף געהילץ אין שטאַבעלן. פּעטשערסקי האָט צוגערופן ציבולסקין.

— אין צווייטן לאַגער וועט אײַך פירן טשעפּיק.

— אויסגעשלאָסן! — האָט טשעפּיק אויסגעשריִען, — אָן קיין דערלויבעניש טאָר איך אהין ניט גיין. מיר מוזן אַלץ אָפּלייגן אַף מאָרגן.

— וואָס? איר וועט אויספּילן מײַן באַפעל?

געענטפערט האָט ציבולסקי:

— אַלץ וועט זײַן אין אָרדענונג.

די דײַטשישע אָפּיצערן האָט מען איבערגעגעבן, אַז מע פאַרבעט זיי צו אַ באַשטימטער צײַט קומען מעסטן די קליידער און די שטיוול, וואָס מע מאַכט פאַר זיי. דער הענקער ניימאַן האָט

באַדאַרפֿט קומען אין שנײַדער־וואַרשטאַט דער ערשטער — צו פֿיר אַזייגער באַטאָג. ער איז געקומען צו רײַטן מיט צוואַנציק מינוט פֿריִער. דער עלטסטער שנײַדער יוזעף, די „שנײַדער״ שובאַיעוו און ראָזענפֿעלד האָבן אים באַגעגנט און געבעטן אויסטאָן דעם מונדיר. ניימאַן האָט אַראָפּגענומען און אוועקגעלייגט אַפֿן טיש דעם רימען מיטן פּאַראַבעלום.

— ביטע! — האָט אים יוזעף אַנטקעגן געטראָגן אַ נײַנקן אָנצוג, — ביטע, דרייט זיך אויס צו דער שפּיגל.

אין דער רגע האָט ראָזענפֿעלד אַרופֿגעלייגט זײַן האַנט אַף ניימאַנס געווער און שובאַיעוו האָט אַ כאַפּ געטאָן די האַק, וואָס איז געשטאַנען אַ פֿאַרדעקטע לעבן פֿיסל פֿון טיש....

ניימאַן האָט אַזאַ רעווע געטאָן, אַז זײַן פֿערד אין הויף האָט זיך געטאָן אַ ריס פֿון אָרט. צום גליק, האָט זיך איינעם פֿון דער באַנהאַף־קאָמאַנדע אײַנגעגעבן אָנכאַפּן דאָס פֿערד פֿאַרן צײַמל און אָפּפֿירן עס אין אַ זײַט. ניימאַנען האָט מען פֿאַרדעקט מיט אַ קאָלדרע און די בלוט־פֿלעקן אַפֿן דיל באַשאָטן מיט זאַמד. שובאַיעוו איז אַוועק אָנזאָגן פּעטשערסקין די בשׂורה און אים איבערגעבן דעם ערשטן טראָפֿיי.

פֿיר אַזייגער מיט פֿינף מינוט איז געקומען נאָך זײַנע שטיוול דער באַלעבאָס פֿון דער „הימל־שטראַסע״, דער געהילפֿס־שעף פֿון דעם דריטן לאַגער געטינגער. מיט אים האָט זיך ספּראַוועט אַרקאַדי ווײַספּאַפּיר.

פֿיר אַזייגער מיט צען מינוט האָט געעפֿנט די טיר פֿונעם שנײַדער־וואַרשטאַט דער שעף פֿון דער לאַגער־וואַך גריישוץ. געעפֿנט און גלײַך אומגעפֿאַלן. אים האָט באַגעגנט סעמיאָן.

אין דער צײַט האָט זיך פֿון ווײַטן באַוויזן דער עסעסאָוועץ גאָולשטיד. ער איז געגאַנגען צום צווייטן לאַגער, פֿונוואַנען פּעטשערסקי האָט נאָך קיין שום ידיעות ניט געהאַט. אים אַנטקעגן איז אַרויסגעלאָפֿן לייטמאַן.

— הער אָפֿיצער! אונדז איז באַפֿוילן הײַנט פֿאַרענדיקן די נאַרעס און מיר האָבן ניט קיין פּינקטלעכע אָנווײַזונגען. די סטאָליערס שטייען אָן אַרבעט. עפּשער וועט איר אַף אַ מינוט אַרײַנגיין?

שלוימע האָט אים אָפּגעטראָטן דעם וועג און געלאָזט אים צוגיין צו די נאַרעס. פֿון דעם ערשטן קלאַפּ איז גאָולשטיד אומגעפֿאַלן מיט צעשפּרייטע הענט.

פֿיר אַזייגער מיט צוואַנציק מינוט איז צו פּעטשערסקין געקומען צו לויפֿן ציבולסקי און ראַפּאָרטירט:

— אַלע פֿיר אָפֿיצערן טויט. דאָס געווער צוגענומען. די טעלעפֿאָן־פֿאַרבינדונג און די סיגנאַליזאַציע איבערגעריסן. די באַלעבאַטים פֿונעם צווייטן לאַגער זײַנען איצט לעאָן און באָרעך.

אין הויף זײַנען אַרײַנגעקומען עטלעכע בלעכער מיט צינקענע רינוועס אין די הענט. דאָס האָבן זיי געבראַכט זעקס דײַטשישע ביקסן און קוילן צו זיי.

פֿיר אַזייגער מיט דרײַסיק מינוט האָט זיך אומגעקערט בזשעצקי מיט זײַן גרופּע. ער האָט דערציילט, אַז דער לאַדזשער שלאָסער הענריך הענגעל האָט אין גאַראַזש מיט אַן אײַזערנעם פּרענט אוועקגעלייגט דעם אונטערשאַרפֿיורער בעקמאַן און צוגענומען זײַן אויטאָמאַט.

שוין צײַט געבן דעם סיגנאַל צום אַלגעמיינעם שטורעם. נאָר פּעטשערסקי וואַרט. עס לעבט נאָך פֿראַנץ, דער הויפּט־שעף פֿון סאָביבורער טויט־לאַגער. ס׳איז, דוכט זיך, געווען פּעסט באַ־וואָרנט, אַז ער זאָל אַרײַנקומען אין קליינעם סטאָליער־וואַרשטאַט אַ קוק טאָן אַף די נײַע שאַפֿעס. פֿאַרוואָס איז ער נאָך ניטאָ?

און דאָך מוז מען אָנהייבן. פּעטשערסקי באַפֿוילט בזשעצקין געבן אַ סיגנאַל און אויסשטעלן אַלעמען אין איין קאָלאָנע.

פֿאַרויס האָבן זיך אוועקגעשטעלט זיבעציק סאָוועטישע קריגסגעפֿאַנגענע, וואָס האָבן געדאַרפֿט אָנפֿאַלן אַף דעם געווער־סקלאַד. לעאָן פֿון דעם צווייטן לאַגער געבראַכט צו פֿירן אַ קאָלאָנע פֿון הונדערט פֿופֿציק מענטשן. עס איז געוואָרן אַ טומל, אַ גערודער. עפּעס האָט מען זיך גענומען אָנשטויסן. און יעדערער האָט געוואָלט זײַן וואָס נעענטער צום טויער.

אין דער מינוט איז ווי פֿון אונטער דער ערד אויסגעוואַקסן דער שעף פֿון קאַראַול. ער האָט ניט געקאָנט באַנעמען, פֿאַרוואָס קלײַבט מען זיך צום אַפּעל מיט אַזאַ טומל, און גענומען אַרודעווען מיט דער בײַטש אַף רעכטס און אַף לינקס. דוכט זיך, אים האָט זיך שוין קימאַט אײַנגעגעבן אויסשטעלן אַלעמען צו פֿינף אין אַ ריי. נאָר דאָ האָט ער באַמערקט, אַז אויסער בזשעצקין גייען אים נאָך פּוסטרייט נאָך עטלעכע לאַגערניקעס.

— זע, קאַפּאָ, ווי זיי וועלן באַ מיר באַלד אַלע שטיין! — האָט ער אַ געשריי געטאָן און זיך גענומען צו דער קאָבורע.

ראָזענפֿעלד און נאָך עטלעכע מענטשן האָבן אויפֿגעהויבן און אַראָפּגעלאָזט זייערע העק. אײַנ־האַלטן דעם אויפֿעם איז שוין געוואָרן אוממעגלעך. און דאָ האָט זיך דערהערט פּעטשערסקיס באַפֿעל:

— כאווירים! צום אָפּיצערן־הויז! רײַסט דאָרט איבער די דראָטן.

ערשט דאָ האָט מען זיך אַף די וואַך־טורעמס געכאַפּט, אַז אין לאַגער קומט עפּעס פאָר.

עס איז געוואָרן א שיסערײַ. פּינקעוויטש און נאָך איש א סאַך אַנדערע האָבן זיך געלאָזט לויפן צום צענטראַלן טויער. דעם וואַכמאַן באַם טויער האָט פאַרשלונגען דאָס געדראַנג פון מענטשן. אָבער צום וואַלד זײַנען פיל פון זיי ניט דערלאָפן. זיי האָבן זיך אופגעריסן אַף די מינעס.

די סאָוועטישע קריגסגעפאַנגענע מיט פּעטשערסקין בעראָש האָבן זיך געלאָזט צום געווער־סקלאַד, נאָר א שקוואַל פײַער האָט זיי צוגעדריקט צו דער ערד. אַהער, צום געווער־סקלאַד, זײַנען געלאָפן די לעבן געבליבענע פאַשיסטן. די אופשטענדלער האָבן פאַרמאָגט געציילטע עטלעכע ביקסן און פּיסטאָלעטן, דאָס איז געווען גענוג צו צווינגען די היטלעריסטן פויזען אַף אַלע פיר, נאָר ווייניק אַף צו פאַרכאַפּן דעם געווער־סקלאַד.

פראַנצן, דעם הויפּט־שעף פון סאָביבור, האָט פּעטשערסקי באַמערקט, האָט פּעטשערסקי באַמערקט, ווען יענער האָט זיך קימאַט דערקליבן צו דער טיר פון געווער־סקלאַד. ווען דער אָבערשאַרפיורער האָט זיך געפרווווט אופשטעלן, האָט אַלעקסאַנדער אויסגעשאָסן.

— איינציקווײַז צום אָפּיצערן־הויז! רײַסט די דראָטן און אַפּגיך צום וואַלד, — באַפוילט פּעטשערסקי.

אַליין וועט ער דאָ נאָך בלײַבן מיט עטלעכע באַוואָפנטע מענטשן, דער סוינע זאָל ניט קאָנען פאַרפאָלגן די ניט באַוואָפנטע אופשטענדלער.

— כאַווער קאָמאַנדיר, — האָט זיך צו אים עמעצער געווענדט, — שוין צײַט אָפּטרעטן.

„כאַווער קאָמאַנדיר“ — דאָס האַרץ האָט א צאַפּל געטאָן. צום ערשטן מאָל פאַר צוויי יאָר רופט מען אים אַזוי אָן. כאָטש ער איז נאָך אין טויט־לאַגער, איז ער שוין דאָך ניט קיין לאַגערניק!

באַם ראַנד וואַלד האָט ער זיך אָפּגעשטעלט איבערכאַפּן דעם אָטעם. אַהער, האָט ער באַמערקט, לויפן נאָך מענטשן. קוילן פײַפן אַלץ אָפּטער. אָט איז מיטן פאָנעם אַראָפּ געפאַלן איינער, אַן אַנדערער האָט אָנגעטראָטן אַף א מינע, און אָט פאַלט ווי אַן אונטערגעשניטענע די פרוי, וואָס איז שוין געווען גאָר נאָענט פונדאַנען...

מע לאָזט זיך אין וועג. נאָך דעם זידנדיקן קעסל, פון וואַנען זיי האָבן זיך נאָרוואָס ארויס־געריסן, האָט זיך געדוכט, אַז דער וואַלד דרעמלט. פון לאַגער דערטראָגט זיך נאָך די שיסערײַ, און דאָ הוידען זיך פּאַמעלעך די צווײַגן און שיידן זיך שטילערהייט מיט די לעצטע בלעטער.

געגאַנגען איז מען איינער הינטער דעם אַנדערן. פּעטשערסקי דער ערשטער, נאָך אים ציבולסקי. געשלאָסן די גרופּע האָט ווײַספאַפּיר.

פאַרלאָזן דעם וואַלד איז געווען, ווי פאַרלאָזן א פעסטונג. ווײַטער האָט זיך געצויגן א פעלד און שוין גאָר אומגעריכט — א ברייטער טיפער ריוו, פול מיט וואַסער. עפּעס האָט ווײַספאַפּיר דערהערט, און איינער גייט גלײַך איבער א צווייטן:

— אַכטונג! דאָ איז פאַראַן נאָך עמעצער!

אַף דעם זעלבן אויפן באַקומט ווײַספאַפּיר דעם קאָמאַנדירס באַפעל:

— דערוויסן זיך!

אַרקאַדי פויזעט אַפן בויך. ער הערט — עמעצער רעדט מיט א קאַווקאַזער אַקצענט. אַזוי קאָן ריידן נאָר שובאַיעוו. און טאַקע: ער און זײַן גרופּע האָבן שוין באַוויזן אַפּגיך מאַכן א מין פּליט. מען איז שוין בעשאָלעם אַף דער צווייטער זײַט. און ווידער ציט זיך וואַלד. וואָס זשע איז פּעטשערסקי אַזוי דערשלאָגן? שובאַיעוו האָט געבראַכט די יעדיִע, אַז לייטמאַן איז שווער פאַרוווּנ־דעט. שלוימע, לעאָן און באַרעך האָבן געדאַרפט אָפּזוכן די פּוילישע פּאַרטיזאַנער. און איצט ליגט ער, שלוימע לייטמאַן, אַף א טראָגבעטל און ווער ווייסט, צי ער וועט דערלעבן ביז טאָג.

פּעטשערסקי גייט און טראַכט: אַזויפיל טעג אין לאַגער, טעג, וואָס זײַנען געגליכן צו יאָרן, אָפּגעלעבט זײַט־בא־זײַט מיט לייטמאַנען און זיך קיינמאָל ניט פאַרטראַכט, ווי ליב און טײַער שלוימע איז אים. גענוג געווען, לייטמאַן זאָל א שאָקל טאָן מיטן קאָפּ אַף יאָ, און פּעטשערסקי האָט שוין געוווּסט, אַז אַנדערש קאָן גאָרניט זײַן. מיט שובאַיעוון האָט שלוימע אים איבערגעגעבן זײַן לעצטן גרוס און זײַן דאַנק. זײַן דאַנק... וועמען, אויב ניט שלוימען, קומט דער ערשטער דאַנק פאַר דעם, וואָס זיי זײַנען איצט פרײַ. וויפל ער, פּעטשערסקי, וועט לעבן, וועט ער אים ניט פאַרגעסן. נאָר מער זינקען אין שווערע געדאַנקען האָט פּעטשערסקי קיין רעכט ניט. ער מוז קלערן וועגן די זעכציק מענטשן, וואָס גייען הינטער אים. ער ווייסט: מיט אַזא גרויסער גרופּע איז קימאַט אומעגלעך זיך אויסבאַהאַלטן, אומעגלעך זיך דורכשמוגלען אומבאַמערקט.

א שאָרך, און אַלע פאַרטײַען דעם אָטעם. ס׳איז ווידער שטיל. גוט, וואָס די שרעק איז אָן אומזיסטע. מע לאָזט זיך ווײַטער, און דאָ צעשרײַט זיך א ייִדענע, ווי זי זאָל זײַן בא זיך אין אַלקער:

— מוישע, ווו ביסטו?

עמעס, קיינער האָט ניט געהערט, אַז מוישע זאָל איר ענטפערן. דערפאַר האָט זיך אַלעמען

געדאכט, אז ניט נאָר אין וואלד, נאָר אף מײַלן ארום האָט זיך צעטראָגן איר „מוישע, ווו ביסטו?" איז וואָס? דורכטרײַבן זי? שלוימע וואָלט געוויס א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אף „ניין".

עס גייען אוועק און קערן זיך אום די אויספירער. זיי וואָלטן געמעגט אָנזאָגן בעסערע בסורעס. שיטערע וועלדלעך, א פעלד און אן אײַזנבאַן־ליניע.

וואָס טוט מען? בלײַבן אין וואלד? דאָ וועט מען זיי דאָך געוויס זוכן. מע האָט צוגעפּויזעט נעענטער צו דער סטאנציע און דאָ זיך פארקליבן אין די קוסטן. צום גליק האָט דאָס עסעריקע ווינטל ניט צעטריבן די וואָלקנס און פון גאנצפרי אָן האָט געגומען טריפן א נודנע רעגנדל. בלויז סאָף טאָג האָבן זיך אין הימל באוויזן אעראָפּלאַנען. אין די ארומיקע וועלדלעך האָבן גענישטערט דײַטשן און פּאָליצײַען. עס האָט זיך דערהערט א שיסערײַ, א בילן פון הינט.

קוים דערלעבט די נאכט, האָט מען אריבערגעפּויזעט די רעלסן און זיך געלאָזט ווײַטער. אין וואלד האָבן זיי באגעגנט נאָך צוויי סאָביבוראָווצעס:

— איר גייט צום בוג? קערט זיך אום. מע האָט אונדז געזאָגט, אז דאָרט איז פול מיט דײַטשן.

פּעטשערסקי מיט נאָך אכט מענטשן האָבן באשטימט ניט ענדערן דעם מארשרוט.

אף א קליינער וואלד־לאָנקע האָט מען זיך צום לעצטן מאָל צונויפגענומען אלע איינעם.

— כאווירים, — האָט געזאָגט פּעטשערסקי, — מיר צעטיילן זיך אף זעקס גרופּעס. איך ווינטש אלעמען א גליקלעכן וועג. זײַט מאצליעך און נעמט נעקאָמע!

מענטשן האָבן אים ארומגענומען, געקושט, געשעפּטשעט:

— א דאנק דיר, סאשקאָ! מיר וועלן דיך קיינמאָל ניט פארגעסן...

אין פיר טעג ארום, שפּעט אין אָוונט, האָבן נײַן מענטשן זיך שטילערהייט געגאנוועט צו א כוטאָר, וואָס איז באשטאנען סאכאקל פון איין הויף. נאָך דעם כוטאָר האָבן זיי נאָכגעשפּירט עטלעכע שאָ נאָכאנאנד. דאָ האָט מען געדארפט זײַן באזונדערס פּארזיכטיק — דער בוג איז נאָענט.

אלעקסאנדער האָט אָנגעקלאַפּט אין פענצטער. עמעצער האָט אָפּגערוקט דאָס פּאָרהענגל. אין א רעגע ארום האָט זיך די טיר געעפנט. אין שטוב זײַנען אריין פּעטשערסקי, ציבולסקי, שובאיעוו און ווײַספּאפיר. די איבעריקע זײַנען פארבליבן אף דער וואך. דאָ, אין דעם פארוואָרפענעם כוטאָר, בא דער סאמע גרענעץ צווישן פּוילן און ווײַסרוסלאנד, האָט מען שוין געהערט, אז ערגעץ לעבן כעלם אָדער לעבן מײַדאנעק איז געשען א נעס.

— מע זאָגט, — דערציילט דער באלעבאָס פון הויז, — אז פון די אויוונס, אין וועלכע די פאשיסטן פארברענען מענטשן, האָבן מיטאמאָל אָנגעהויבן ארויסשפּרינגען לעבעדיקע מייסים און גענומען כאפּן די דײַטשן פאר די גאָרגלען. וועמען געכאַפּט — דעם דערשטיקט. נאָך זאָגט מען, אז דאָרט ניט ווײַט איז געשטאנען א גאנצער פּאָלק דײַטשן. צוערשט האָבן זיי, פארשטייט זיך, א כאפּ געטאָן די ביקסן, דערנאָך, זאָגט מען, האָבן זיי פאר שרעק געוואָרפן דאָס געווער און געלאָזט זיך לויפן, וווהין די אויגן טראָגן.

ווי דאן, אין הויף פון מינסקער קארצער, איז פּעטשערסקי געשטאנען אָנגעשפּארט אין דער וואנט, די אויגן פארזשמורעט. עפּעס זיי האָט ער פּאָשעט מוירע געהאט. עפּשער איז דאָס טאקע ניט מער, ווי א לעגענדע, א גוטער כאָלעם? שטילערהייט האָט ער א זאָג געטאָן:

— העלפט אונדז אריבערגיין דעם בוג...

דער באלעבאָס האָט פאריכט דעם קנויט פון קאנעץ, מיט א קאָלדרע פארדעקט דאָס פענצ־טער און געענטפערט:

— גאָט אליין העלפט אײַך. איז ווי זשע קאָנען מיר אָפּזאָגן? — און צו זײַנע קינדער: — יאדזע, דערלאנג צום טיש. און דו, טאדעק, טו אָן די שטיוול און גרייט זיך אין וועג.

אין דער נאכט אפן 20 אָקטיאבער האָבן זיי שוין באטראָטן די ווײַסרוסישע ערד. אין נאָך צוויי טעג ארום האָבן זיי ניט ווײַט פון בריסק באגעגנט די ערשטע פארטיזאנער. אכט מאן זײַנען אָנגענומען געוואָרן אין אָטריאד אף קאָטאָווסקיס נאָמען. פּעטשערסקי איז אוועק מיט אן אנדער מאכנע, אף שטשאָרס נאָמען. אוועק, ווײַל דאָרט האָט מען אים צוגעזאָגט פארעכענען אין א דיווערסאנטן־גרופּע, וואָס האָט געדארפט די טעג זיך לאָזן אף דער אײַזנבאן אופרײַסן א פײַנטלעכן עשעלאָן.

...באָריס ציבולסקי און אלעקסאנדער שובאיעוו זײַנען העלדיש אומגעקומען. אלעקסאנדער פּעטשערסקי און ארקאדי ווײַספּאפּיר האָבן דערלעבט ביז דעם טאָג, ווען זיי האָבן זיך פארייניקט מיט דער רויטער ארמיי, די רויטע פאסיקלעך אף די היטלען פארביטן מיט שטערנדלעך. און ווידער שלאכטן. סאָף אווגוסט איז פּעטשערסקי שווער פארוווּנדעט געוואָרן. ווײַספּאפּיר האָט געעײַלט אף מײַרעוו.

אין לאזארעט, ווו פּעטשערסקי איז אָפּגעלעגן פיר כאדאָשים, אין דעם רעזערוו־פּאָלק און דערנאָך אין ראָסטאָוו, זײַענדיק שוין א ציווילער מענטש, האָט ער אלץ זיך נאָכגעפרעגט וועגן זײַנע פרײַנט, די אופשטענדלער.

ער האָט זיך דערוווּסט, אַז נאָך אין דעם זעלבן אָונט, ווען זיי זײַנען אַנטלאָפֿן פֿון לאַגער, איז מיטן אײַזנבאַן־טעלעגראַף אַוועק אַן אַליאַרעם־דעפּעש: „דרינגענדיק אַרויסשיקן מיליטער און אַניאָגן די אופֿשטענדלער". אַ יונגע פֿרוי, וואָס האָט געאַרבעט אויפֿן כעלמער וואָקזאַל אַלס טעלעגראַפֿיסטין, האָט, ריזיקירנדיק מיטן לעבן, איבערגעגעבן די דעפּעש דעם דײַטשישן פֿאַרבינדלער מיט אַ פֿאַרשפּעטיקונג אויף העכער פֿיר שעה...

דעם 16 אָקטיאַבער איז קיין סאָביבור אָנגעקומען אַ ספּעציעלער סאַפּיאָרן־טייל. מיט דינאַמיט האָט מען אויפֿגעריסן אַלע געבײַדעס און די וואַך־טורעמס. פֿון דער ערד האָט מען אַרויסגעריסן די סטויפּעס מיט דעם שטעכדראָט. מע האָט אָנגעלאָדן אויף פּלאַטפֿאָרמעס און אַוועקגעפֿירט די עקסקאַוואַטאָרן, וואָס האָבן געגראָבן די גריבער פֿאַרן אַש פֿון די פֿאַרברענטע, די טראַנספּאָרטיאָרן, אויף וועלכע עס זײַנען נאָך געלעגן טויטע קערפּערס, די דיזעל־מאָטאָרן, וואָס האָבן געטריבן דעם שטיק־גאַז. אַפֿילע די גענדז און די קראָליקעס האָט מען אויפֿן אָרט געשאָכטן.

פֿון בערלין איז געקומען אַ געהיימער און שטרענגער באַפֿעל: אום יעדער פּרײַז פֿאַרניכטן די אופֿשטענדלער. ניט ווייניק פֿון די אַנטלאָפֿענע האָט מען טאַקע געכאַפּט. פֿיל אָבער האָבן געפֿונען דעם וועג צו די פּאַרטיזאַנער. אַנדערע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן בײַ די פּוילישע פּויערים.

יעפֿים ליטווינאָווסקי איז צוערשט געווען אין אַ פּוילישן פּאַרטיזאַנישן אָטריאַד, דערנאָך האָט ער אין די סקאָוואָראָדניצער וועלדער באַגעגנט אַ גרופּע רויטאַרמייער, וועלכע זײַנען אויך מיט אַ צײַט צוריק אַנטלאָפֿן פֿון די דײַטשישע לאַגערן. זייער אָנפֿירער איז געווען פֿיאָדאָר קאָוואַליאָוו. צוזאַמען זײַנען זיי אַרײַנגעטראָטן אין דער באַוווּסטער פּאַרטיזאַנישער פֿאַרייניקונג, וווּ קאָמאַנדיר איז געווען דער צוויי מאָל העלד פֿון סאָוועטנפֿאַרבאַנד פֿיאָדאָראָוו.

נו, און סעמיאָן ראָזענפֿעלד, וואָס איז מיט אים געוואָרן? ערשט אין אַ שעה דרײַ אַרום נאָכן אַנטלויפֿן פֿון לאַגער האָט ער דערפֿילט אַ שאַרפֿן ווייטעק אין רעכטן פֿוס. שלעכט. גלײַך פֿון אָנהייב — אַ קאַליקע. ער מיט צוויי ייִנגלעך, די ברידער מאָנעק און יוזיק, זײַנען אָפּגעשטאַנען פֿון באָרעכס גרופּע און זיך געלאָזט אויף דאָרעם צו די סאַווינער וועלדער. דאָרט, האָט מען זיי געזאָגט, אָפּערירט אַ פּאַרטיזאַנישע מאַכנע. צוויי וואָכן האָבן זיי אַרומגעבלאָנקעט אין וואַלד, ביז זיי האָבן לעבן כוטאָר יאַנאָוו אָנגעטראָפֿן אויף אַ פֿאַרלאָשענעם שײַטער. פֿאַרדעקט מיט צווײַגן איז לעבן שײַטער געשטאַנען אַ ברייטע און בײַכיקע מאַקרעטע, פֿול מיט געקאָכטע אַרבעס. קלאָר, אַז עמעצער מוז דאָ זײַן. אַ מעטער הונדערט פֿון דעם אָרט האָבן זיי געפֿונען אַ בלינדאַזש, וווּ עס האָבן געוווינט פֿינף סאָביבוראָווצעס, וואָס זײַנען געקומען אַהער מיט צען טעג פֿריִער, און דרײַ טשעכישע ייִדן (שנאַבעל, קאַרנישאָנער און זילבערמאַן), זיי זײַנען אַנטלאָפֿן פֿון אַן אַנדער לאַגער.

אָנהייב דעקאַבער איז אויסגעפֿאַלן דער ערשטער שניי. ווײַזט אויס, אַז טאַקע לויט די שפּורן אויפֿן שניי האָט אַהער זיך דערקליבן אַ גרופּע באַוואָפֿנטע פּוילישע נאַציאָנאַליסטן — „אַקאָווצעס". פֿון די זעקס מענטשן, וואָס האָבן ניט באַוויזן אַרײַנלויפֿן אין בלינדאַזש, האָבן זיי פֿינף דערשאָסן (איינעם האָט זיך אײַנגעגעבן אַנטלויפֿן). מיט אַ גראַנאַטע, וואָס זיי האָבן אַרײַנגעוואָרפֿן אין בלינדאַזש, האָבן די באַנדיטן געהאַרגעט נאָך איינעם. זיי האָבן שוין גענומען שלעפּן די קלעצער פֿון דער סטעליע.

בײַ ראָזענפֿעלדן אין קעשענע זײַנען געלעגן דרײַ פּאַטראָנעס. ער האָט זיי אָפּגיך צונויפֿגעבונדן, אַוועקגעלייגט אויף די באַלקנס, אונטער זיי אײַנגעמאָסטעט אַ ברענענדיקע ליכט, און, שטעלט אײַך פֿאָר, די פּאַטראָנעס האָבן אויסגעשאָסן. דאָס איז געווען גענוג, אַז די באַנדיטן זאָלן זיך צעלויפֿן.

פֿאַרבליבן זײַנען אין בלינדאַזש פֿיר מענטשן. קימאַט זיבן כאָדאָשים האָבן זיי זיך דערנאָך אויסבאַהאַלטן בײַ גוטעפֿרײַנט אויף די כוטאָרס צווישן לובלין און כעלם.

אין דער צווייטער העלפֿט יול 1944 האָט די רויטע אַרמיי באַפֿרײַט כעלם. בײַ ראָזענפֿעלדן האָט די וווּנד נאָך אַלץ געעײַטערט, נאָר ער איז אַוועק צום סאָוועטישן קאָמענדאַנט און געפֿאָדערט:

— שיקט מיך גלײַך אויפֿן פֿראָנט.

בײַ לאָדזש — אַ סאָלדאַט. בײַ פּויזן — אַ סערזשאַנט. ווידער פֿאַרווווּנדעט אין רעכטן פֿוס און אין דער רעכטער האַנט. און צוריק קיין לאָדזש אין שפּיטאָל. דאָס מאָל אָבער ניט אויף לאַנג. ווען דער רייכסטאַג איז נאָך געווען פֿאַרהילט אין רויך, איז בײַ איינער פֿון זײַנע ווענט, באַגלײַך מיט טויזנטער אַזוינע, ווי ער, געשטאַנען אַ מענטש, וואָס האָט בלויז אויף אַ מינוט איבערגעכאַפּט דעם אויטאָמאַט אין דער לינקער האַנט. דאָס איז געווען סעמיאָן ראָזענפֿעלד, צו קנאַפּע דרײַ און צוואַנציק יאָר אַ ווײַס־באַזילבערטער, מיט טיפֿע קנייטשן אויפֿן שטערן. מיט אַ שפּליטער האָט ער אויסגעקריצט „באַראַנאָוויטש — סאָביבור — בערלין".

# אַף דער ערד פונעם קאָסמאָנאַוט־3

באַ די ברעגן פון וואָלגע־טײַך, בישכיינעס מיט רוס־לאַנד, טאַטאַריע, מאַרי און מאַרדאָוויע, ליגט די טשוואַ־שער אווטאָנאָמע סאָוועטישע סאָציאַליסטישע רעפּובליק.

האַפּנונגסלאָזער דאַלעס, אומראַכמאָנעסדיקע אונטער־דריקונג, פינצטערניש און פאַרשטויסנקײַט — דאָס איז געווען דער גוירל פון דעם טשוואַשישן פאָלק ביז דער גרויסער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע. דאָס פאָלק האָט אָבער ניט אופגעהערט צו כאָלעמען וועגן אַן אַנדער גוירל. אין די מעכטיקע פויערים־אופשטאַנדן, בעראָש פון וועלכע עס זײַנען געשטאַנען באָלאָטניקאָוו, ראַזין, פּוגאַטשאָוו, האָבן אַקסל־צו־אַקסל מיט די רוסן און אַנדערע פעלקער זיך געשלאָגן קעגן דעם אומרעכט טויזנטער און טויזנטער טשוואַשן. אויך אין די רעוואָליוציאָנערע געשעענישן אין 1905 און שפּעטער — בײַם דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע — האָבן די טשוואַשן מיט גרויס מעסירעסנעפעש זיך געראַנגלט פאַר דער מאַכט פון די סאָוועטן.

איצט איז דער געוועזענער „אַרעמפויערים־קאַנט“, ווי מע פלעגט אַמאָל רופן טשוואַשיע, א פאַרגעשריטענע סאָוועטן־רעפּובליק. ס'איז עפּשער ניט קיין צופאַל, וואָס גראָד דאָ, אין אָט דעם בלײַענדיקן ווינקל באַ דער וואָלגע, איז געבוירן געוואָרן און זיך אויסגעכאָוועט דער קאָסמאָ־נאַווט־3, דער העלדישער סאָקאָל, מיט וועלכן עס שטאָל־צירן אַלע סאָוועטישע פעלקער, — אַנדריִאַן ניקאָלאַיעוו.

עס זײַנען אַלגעמיין באַוווּסט די שעפערישע קאָנטאַקטן פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור מיט די ברידערלעכע ליטעראַטורן פון אונדזער לאַנד, דערין אויך מיט דער טשוואַשישער. „ניט פאַרגעסן האָסטו, כ'וועל אים פרעגן, יענע גרויזאַמע מילכאָמע־וועגן?..“ — אַזוי שרײַבט דער ייִדישער דיכטער ז. טעלעסין אין זײַן ליד „צו כוזאַנגײַען“ („סאָוועטיש היימלאַנד“ נומ. 2, 1962). און דער פאָלקס־זינגער פון טשוואַשיע פּעדער כוזאַנגײַ דרוקט אין דער צײַטונג „ליטעראַטורנאַיאַ ראָסיאַ“ פאַרן 5 אַפּרעל 1963 א ליד, וואָס קלינגט ווי א דירעקטער ענטפער אַף אָט די שורעס:

קאָן מען די מילכאָמע דען פאַרגעסן? —
ס'האָט די ערד מיט פײַער זיך געשטיקט!
זיאַמע איז געווען מיט מיר — טעלעסין.
כ'זע, ווי ס'פלאַמט זײַן אומרויִקער בליק...
מיטן רוס אוועק איז אין אַטאַקע.
האַנט־באַ־האַנט א ייִד און א טשוואַש...

יאַקאָוו אוכסײַ, וועלכער איז געווען שטאַרק באַפרײַנ־דעט מיט פּערעץ מאַרקישן און איציק פעפערן, האָט מיט גרויס ליבע איבערגעזעצט אַף טשוואַשיש פעפערס „דענקמאָל“, „די קרעמל־וואַנט“ און אַנדערע זײַנע לידער. פּאָפּולער זײַנען אין טשוואַשיע די קינדער־לידער פון לייב קוויטקאָ, באַזונדערס „א בריוו צו וואָראָשילאָוון“, „צוגאַסט“ און אַנד.

„אין די יונגע יאָרן בין איך שטאַרק באַווירקט געווען פון מאַרקישעס פלאַמיקער פּאַטריאָטישער פּאָעזיע... אין די יאָרן 1937—1938, זײַענדיק א סטודענט אין קאַזאַנער אוניווערסיטעט, האָב איך א סאַך איבערגעזעצט מאַרקישן פאַר די טשוואַשישע ראַדיאָ־טראַנסלירונגען און דערנאָך אַליין געלייענט זײַנע טעמפּעראַמענטפולע שאַפונגען באַם מיקראָפאָן“... אַזוי דערציילט אין איינעם א בריוו דער טאַלאַנטפולער טשוואַשישער דיכטער סטיכוואַן שאַוולי. ריידנדיק וועגן אייניקע לידער זײַנע פון יענע יאָרן, לידער, וואָס לעבן נאָך ביז הײַנט אין דער פּאָעזיע פון טשוואַשיע, פאַרענדיקט זײַן בריוו שאַוולי:

„און די דאָזיקע סטראָפעס זײַנען דאָך געשאַפן געוואָרן באַ דער דירעקטער ווירקונג פון דער שטראַלנדיקער באַגײַסטערטער מוזע פון א ו נ ד ז ע ר פּערעץ מאַרקיש!“.

מיר גיבן אין הײַנטיקן נומער א ריי איבערזעצונגען פון דער טשוואַשישער סאָוועטישער דיכטונג.



## אַלעקסאַנדער אַלגאַ

## גליק

א זון אַזאַ גוטע
שטייט אוף איבער אַלץ,
א שיינער פרימאָרגן צעוויקלט זיך.
זיי גייען אינצווייען דורך פעלד און דורך וואַלד,
אינצווייען, און ביידע — גליקלעכע.

די לופט איז דאָ דורכזיכטיק, דופטיק און ריין,
און מילד איז דאָס ווינטל און ווייך אַזוי,
א באָכער, א מיידל, געטוליעט זיי גיי'ן,
צו זון און צו פרילינג צעשמייכלטע.

עס פאַלן, ווי כוואַליעס, די ליכטיקע צעפּ
אַריבער די אַקסלען די מיידלשע,
ווײַזט אויס, פון די אויגן פון אירע פאַרשעפּט
דער טאָג האָט זײַן בלוי און זײַן אײדל־שײַן...

די לאָנקע פאַרבײַ און אַרוף אַפן פעלדז
און מער ניט קיין שפּאַן — ווי פאַרבלענדעטע:
ס'טראָגט מעכטיק דאָס וואַסער, עס פינקלט און קוועלט
די וואָלגע די ברייטע, אומענדלעכע.

פון יענער זײַט ברעג זײַנען לאָנקעס אין טױ
און װײַטער נאָך — סאָסנעס פּאַרנפּעלטע.
און קלאָר איז — װען שײן זײַנען ברעגן אַזױ,
איז פּאַשעט אַ נאַכעס צו לעבן דאָך!

ביפּראַט נאָך, װען ס'בושעװען גאַסן אין צװיט
און צערטלעך די שטאָט איז און פֿײַערלעך.
נאָר איז דען בעקױעך באַזינגען די ליד,
װי אַלץ איז דאָ אײגן און טײַער זױ.

װי טײַער איז אַלץ, װאָס די אױגן באַשײַנט,
און אַרבעט אַ װעלט װעט נאָך קלעקן זױ.
די הײמישע שטאָט, װי אַ לײַבלעכער פֿרײַנט,
מיט אָפֿענע אָרעמס באַגעגנט זױ.

— גוט־מאָרגן, מײַן שטאָט! ס'קומען בײדע צוריק,
פֿאַרפּלײצטע מיט זוניקײַט גאָלדענער...
און ס'דאַכט: ניט קײן פּאָר קײן פֿאַרליבטע, —
דאָס גליק
שפּאַנט באַ די ברעגן פֿון װאָלגע־טײַך.

## סטיכװאַן שאװלי

# די בריק



אַ לאַסטמאַשין גײט שװער געלאָדן,
ס'קומט אָן אַ רױשיקער טראַמװײַ,
די אױטאָס פֿליִען, פֿערד און װאָגן
זיך טראָגן דורך דער בריק פֿאַרבײַ.

און אין די טױזנטער זיך אײַלן
פֿאַרבײַגײער, אַהין־און־צריק.
באַטאָג, באַנאַכט — קײן פֿרײַע װײַל ניט,
ס'איז שטענדיק אַף דער װאַך די בריק.

אױך אונדזער האַרץ, װי אָט די בריק איז, —
די יאָרן גײען. טאָג װי נאַכט
אָן אָפּרו קלאַפּן גאָר ניט גרינג איז,
נאָר ס'קלאַפּט דאָס האַרץ, ס'איז אַף דער װאַך!

# כּ'װיװעס

כּ'האָב יִישװוים טשװאַשער באַגעגנט אַ סאַך,
און מיט פֿרײד יעדעס הױז איך דערמאָן,
װו געשמאַק איז דאָס ברױט, און װו הײמלעך — דער דאַך,
און קײן גראָשן האָט קײנער געמאָנט!

ס'האָבן פֿונקען פֿון אונטער די טלאָען געשפּריצט,
װען געײַלט כּ'האָב אַף לעמפּערטן־פֿערד,
ס'האָבן אָנטרײַבער שעלמיש — אַ װױץ נאָך אַ װױץ, —
װי מיט פּערל מײַן אױצער פֿאַרמערט.

און װי רענדלעך געסילעט איך האָב און פֿאַרהיט
דײַנע מײַסעלעך, פֿאָלק, דײַן געזאַנג.
מיט דײַן לױטערער כאָכמע געשלײַפֿט האָסט מײַן ליד,
און קײן גראָשן דערפֿאַר פֿאַרלאַנגט!

איז אַ דאַנק פֿאַר דײַן גוטער ברײטהאַרציקער האַנט,
זאָל געבענטשט זײַן דײַן ברױט און דײַן זאַלץ!
דורך די נעכט כ'װעל ניט שלאָפֿן, ניט רוען, קאָלזמאַן
כ'װעל ניט אָפּצאָלן, פֿאָלק מײַנס, פֿאַר אַלץ.

**ג ע אָ ר ג י   י ע פ י מ אָ ו**



# ב ר ו י ט

א קײַלעכדיקער לאבן ברויט,
א קאָרענער — געשמאק־פארברוינט,

מע לייגט אים אויבן־אָן אנידער,
פון אים אליין הײַנט נאָר מע רעדט,
טאָ זאָל מען, אים לעקאָוועד, לידער
הײַנט זינגען, פרײַנט מײַנע, ביז זעט!

דעם טיש ארויסגערוקט אינמיטן —
דער טישטעך קלאָר ווי שניי, ער שײַנט,
צעעפנט טיר־און־טויער — ביטע,
אהער צוגאסט קומט, גוטע פרײַנט!

די גוטע באלעבאָסטע באקט הײַנט, —
מע ווערט פארשיקערט גלײַך באם שוועל
פון ברויט־גערוך, ס׳איז דער געשמאקסטער,
דער דופטיקסטער אף גאָר דער וועלט!

און איך, די פייגל זינגען הער איך,
כ׳דערזע דאָס קאָרן־פעלד פון ווײַט,
און יענער פרילינג־רעגן, שווער איך,
אפסנײַ אף דעכער קלינגט פארשײַט.

ער שמײַסט, ער גיסט, ער ליאפעט פריילעך,
ער ווייקט די ביימער, שווענקט דאָס גראָז.
פיטש־נאס די קליידער מײַנע? מיילע!
זאָל אלץ פארנעצט זײַן, נו, איז וואָס?

און אָט ווערט שטיל. דער הימל — ציכטיק,
שוין לויטער בלוי, באנײַס א קאָן,
ס׳צעשמייכלען ריטשקעלעך זיך ליכטיק,
און דאָרשטיק שלינג איך דעם אָזאָן!

די ערד האָט גוט זיך אויסגעוואשן,
און אויסווישן וועט זי דער ווינט,
די זון, זי לאכט: די ערד זיך לאשטשעט,
פונקט ווי אן אָנגעזויגן קינד...

אָ, ברויט! דאָס פרישע ברויט, דאָס נײַע —
עס שמעקט מיט פעלד, עס שמעקט מיט זון,
ניטאָ פאר אונדז קיין מער נאָך טײַערס,
קיין ברויט קיין זיסערס נאָך דערפון!

מיט הענט שערשאווע צארט מיר נעמען
צו לוסטעס ברויט, און שטיל איך פרעג:
געדענקט איר, פרײַנט מײַנע, אָט יענע,
מיט שווערער מי פארפולטע טעג?

ייִדיש — י ו י ס ע ף   ק ע ר ל ע ר.

---

# כראָניק

■

אין מארט איז געוואָרן 400 יאָר, זינט איוואן פיאָדאָראָוו און זײַן געהילף פיאָטער מסטיסלאַוועץ האָבן ארויסגעלאָזט אין מאָסקווע דאָס ערשטע רוסישע געדרוקטע בוך.

דער 400־טער יאָרטאָג פון רוסישן דרוק־וועזן ווערט אָפּגעמערקט ווי א גרויסער יאָמטעוו פון אלע סאָוועטישע פעלקער. די יובילײ־פײַערונגען, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן אין פעברואַל, וועלן דויערן ביז מײַ. דעם 5 מײַ וועט אין לוואָוו פארלייגט ווערן א דענקמאָל איוואן פיאָדאָראָוון. אין אָנדענק פון דער מערקווירדיקער דאַטע איז ארויסגעלאָזט געוואָרן א בראָנזענע מעדאל און א מעמאָריאַלער צייכן.

■

אין מאָסקוועער פארלאג פאר אויסלענדישער ליטעראַטור איז אונטער דער רעדאקציע פונעם דיכטער באָריס סלוצקי דערשינען אין רוסיש א זאמלונג „פּאָעטן פון ייִסראַעל“. דאָס איז דער ערשטער פרווו צו באקענען דעם סאָוועטישן לייענער מיט דער הײַנטצײַטיקער ייִסראַעל־פּאָעזיע.

אינעם בוך זײַנען פאָרגעשטעלט העכער 40 דיכטער, וועלכע געהערן צו פארשיידענע ליטעראַרישע ריכטונגען און שרײַבן אין העברעיִש, ייִדיש און אראביש. די לידער האָבן איבערזעצט אָנגעזעענע רוסישע און ייִסראַעלדיקע פּאָעטן.

■

דער מעלוכע־פארלאג פון ווײַסרוסלאנד האָט ארויסגעגעבן דאָס בוך פונעם וואַרשעווער ייִדישן שרײַבער און געזעלשאפטלעכן טוער מ. מירסקי „ביעגעם מארש“, וואָס שילדערט דעם טרויעריק־בארימטן קאָנצענטראַציע־לאַגער פונעם פּילסודסקי־פוילן — קארטוז־בערעזע.

דאָס בוך האָבן איבערזעצט אף ווײַסרוסיש יאנקאָ בריל און יאקאָב מיסקאָ. „ביעגעם מארש“ איז אויך ארויסגעגעבן געוואָרן אין לוואָוו אין אן איבערזעצונג אף אוקראַיִניש.

מוישע אלטמאַן




1


ער האַלבער דאָקטער, שוין צוויי וואָכן גיט מיר ניט קיין רו איינע א טשיקאַווע פּאַסירונג. איך בין נײַגעריק, וואָס איר וועט זאָגן.

„האַלבער דאָקטער"... — דאָס האָט ער מיך אַזוי געקרוינט, מײַן גוטער באַקאַנטער, א דאָקטער־פּסיכיאַטער מיט א גרויסער דערפאַרונג. און אַזוי איז עס פאַרבליבן אין אונדזערע באַציִונגען. איך האָב מיך צוגעזעצט נעענטער, קעדיי בעסער צו הערן.

— ...צוריק מיט א וואָכן צוויי, אין אן אָוונט, ווען כ'האָב גערעכנט, אַז איך קער שוין צו זיך אַליין, וועל קאָנען רויִק לייענען א בוך און ביכלל זײַן מיט זיך אַליין, צעקלינגט זיך שאַרף דאָס גלעקל. דאָס איז געווען א געקלינגערײַ א נערוועזע און פאָדערנדיקע. מײַן שטוב־אַרבעטערן איז גראָד אַוועק אין קינאָ, מאַך איך זיך ניט וויסנדיק פונעם גלעקלס טײַנעס. עס קלינגט אָבער ווידער און נאָך מער פאָדערנדיק. גיי איך מיט א פעסטן באַשלוס קיינעם ניט אויפצונעמען, ווער ס'זאָל ניט זײַן. אָבער גיי זאָג אָפּ, אַז פאַר דער טיר שטייט א בלייכע פרוי פון א יאָר עטלעכע און דרײַסיק. אין אירע אויגן — פאַרצווייפלונג און געבעט. און איידער איך באַוויז צו עפענען דאָס מויל, מאַכט זי:

— דאָקטער, איר מוזט מיך אויסהערן.

אײַך איז באַוווּסט, אַז בײַ מיר איז א באַזונדערע שוואַכקײַט צו דעם וואָרט „הערן". איך בין דערפאַר אַזאַ קעגנער פון דער פאָרמולע „א שרײַבער איז דער אינזשעניר פון דער מענטשלעכער נשמה". אן אינזשעניר באַגייט זיך נאָר מיט זען... דעם מענטשנס נשמה איז ניט קיין געוויינלעכער בוי־מאַטעריאַל, דאָרט, ווו זי איז פאַראַן, זעט מען ניט. מע דאַרף זי דערהערן. און הערן הערט מען ניט נאָר מיט די אויערן — מע הערט מיט די אויגן, מיט דער הויט פונעם לײַב, מיט... דער נשמה. נאַטורן עגאָצענטרישע הערן ניט. איך האַלט דעריבער, אַז א שרײַבער דאַרף זײַן א דאָקטער, ווי טשעכאָוו, אָדער א פּאָטענציִעלער דאָקטער. איר, מײַן פרײַנט, זײַט א האַלבער דאָקטער. דאָס איז שוין אויך א מאַדרייגע. זײַט זשע אַזוי גוט און הערט.

דער „איר מוזט מיך אויסהערן" איז געווען אין אירע אויגן, אינעם צוק פון די אַקסל. עס האָט מיך אַנטוואָפנט. איך האָב זי פאַרבעטן אין מײַן אויפנעם־צימער, געוויזן אַף א שטול. איבעריקנס, זי האָט ניט געוואַרט אַף קיין אײַנלאַדונג, זיך אַוועקגעזעצט מיט א שאַרפער באַוועגונג. אין דעם מאָמענט האָב איך מיר אָפּגעגעבן רעכענונג, אַז זי דאַרף זײַן אין די הויכע דרײַסיקער, בײַ די פערציק, אין אַזויגערופענעם געפערלעכן עלטער בײַ פרויען. אין מײַן פּראַקטיק האָב איך געהאַט גענוג פאַלן פון נערוועזיטעט, היסטעריזם בײַ פרויען אין דעם עלטער, דערבײַ איז יעדער פאַל א קאַפּיטל פאַר זיך. דאָס אַלגעמיינע אין אַלע פאַלן — די באַדערפעניש אין עפּעס נײַס. די מיינונג, וואָס איך האָב אַרויסגעטראָגן פון מײַן דערפאַרונג, איז: ניט נאָר דער סעקסועלער מאָמענט איז דאָ דער הערשער, כאָטש ער שפּילט זיכער א גרויסע ראָליע, — עס איז מער א באַדערפעניש פון פּסיכישער באַנײַונג, א באַדערפעניש אין א נײַעם סטימול. באַוואָפנט מיט דעם פאָרורטייל, עפן איך מײַן סייפער־האַזיכרוינעס צו פאַרשרײַבן דאָס, וואָס א דאָקטער דאַרף פאַרשרײַבן. פאַקט זי מיך פאַר די הענט מיט טיפער אַנגסט:

— דאָקטער, איך באַשווער אײַך. אַבסאָליוטע דיסקרעציע. שרײַבט ניט גאָרנישט. הערט מיך נאָר אויס.

און קימאַט אין איין אָטעם, אָן אַ פּאַוזע:

— דאָקטער, וואָס טראַכט איר וועגן נעוויִים?

איר עפנט ברייט די אויגן. הער האַלבער דאָקטער? שטעלט אײַך פאָר, אַז אפילו פאַר מיר, בא מײַן גאַנצער דערפאַרונג, איז די פראַגע געווען אַ סורפּריז. אָבער יעדע פּראָפעסיע אַרבעט אויס בא דעם פּראָפעסיאָנאַל אַ געוויסע געוווינהײַט, אַ געוויסן... ווי זאָל איך עס אָנרופן? שווינדל וועט זײַן צו גראָב און ניט פּינקטלעך. איך האָב אַמאָל געפרעגט אַ טאַלענטירטן און געבילדעטן אַקטיאָר, וויאַזוי האָט ער געקענט שפּילן אַן אומגעלומפּערטע ראָל אין אַ טאַלאַנטלאָזער מאַכערײַקע פון איינעם אַ קאָמעדיע־מעכאַבער? ער האָט געענטפערט: אַן אַקטיאָר מוז קענען אַלצדינג שפּילן. בא אונדז, דאָקטוירים, אַרבעט אויס די פּראָפעסיע אַ געוויסע רויִקײַט אין דער אָנוועזנ־הײַט פונעם פּאַציִענט. אויך דאָס מאָל האָב איך געענטפערט רויִק: — איך טראַכט ניט פון די זאַכן, זי האָט עס אָנגענומען סקעפּטיש און מיט אומצוטרוי.

— דאָקטער, — זאָגט זי, — עס איז אַ טערעץ אָף אָפּטשעפּען זיך פון מיר. אַ פּסיכיאַטער, און אַ געבילדעטן מענטשן דערצו, מוז די פראַגע אינטערעסירן. איך ווייס וועגן אײַך פיל מער, איידער איר שטעלט זיך פאָר. איר לייענט אַ סאַך. איר קענט העברעיִש. עס איז ניט מעגלעך, איר זאָלט זיך ניט פאַרטראַכטן וועגן דער דערשײַנונג נעוווּע, עס איז דאָך אַן אויסערגעוויינלעכע דערשײַנונג!.. און דערציילט מיר ניט, אַז נעוויִים זײַנען פּאָעטן, מענטשן פון הויכער מאָראַל, רעוואָליוציאָנערן, וואָס קעמפן קעגן קאָרופּציע און סאָציאַלער אומרעכט. דאָס אַלץ ווייס איך גראָד ניט ערגער פון אײַך. מיך אינטערעסירט עפּעס אַנדערש. וויאַזוי דערקלערן פּסיכיאַטערן אָט דאָס וואָרזען פון די נעוויִים, דאָס, וואָס פאַר זיי עקזיסטירן ניט קיין מעכיצעס פון צײַט און אָרט, וואָס פאַר זיי איז אָפן און אַנטפּלעקט דאָס, וואָס פאַר אַנדערע איז פאַרבאָרגן. איך ווייס, מיר לעבן אין אַ צײַט פון טעכניק. אָבער, דאָקטער, טוט אַ טראַכט: עס האַלט דערבײַ, ווי עס פאַרזיכערן אייניקע קיבערנעטיקער, אַז מאַשינעס זאָלן קענען פאַרפאַסן ביכער, לידער, ראָמאַנען. פאַרוואָס זאָל מען ניט דערלאָזן, אַז בא מענטשן, די פּולקומסטע פון אַלע מעכאַניזמען, זאָלן קאָנען געבוירן ווערן אייניקע אויסדערוויילטע, באַשענקטע מיטן גײַסט פון נעוווּע? איך רייד ניט פון מאַניאַקן אָדער שאַרלאַטאַנעס, ווי דער אַסטראָלאָג אין געטעס „פאַוסט“. איך רייד פון עכטע, ערלעכע, עמעסע באַגאַבטע, פון יענע, וואָס ווייטעקן מיט אַלע ווייען פונעם מענטשן, וואָס ניט רום און ניט פאַרמעגן גייט זיי אָן, זיי שעמען זיך, אָדער האָבן מוירע זיך אויסצוגעבן, ווײַל פאַר אַזעלכע אויסדערוויילטע שטייט שטענדיק פאַרטיק דער שפּאָט פון דער מענגע, אפילו מעשוגאָים־הײַזער, דאָקטער.

איר מאָנאָלאָג האָט מיך אָנגעהויבן נערווירן, און איך פרעג, וואָס, אייגנטלעך, וויל זי פון מיר? ענטפערט זי קעהײַ לישנע:

— איך בין אַ נעוויִע.

דער דאָקטער האָט דאָ באַנוצט אַ פּאַוזע. וואָס איז ער אויסן געווען דערמיט, דער געניטער פּסיכיאַטער? האָט ער אַליין פאַר זיך געפּרוווט צעבײַסן דעם פאַל, וואָס האָט, ווי ער האָט פון אָנהייב אָן געזאָגט, אים קיין רו ניט געגעבן? אָדער געוואָלט אויספּרווון די רעאַקציע בא זײַן צוהערער, דעם „האַלבן דאָקטער“? ביידע האַשאָרעס זײַנען דערלאָזבאַר. ער האָט, ווײַזט אויס, בעקיוון אָפּגעווײַכט פונעם דירעקטן דערציילן און גאָר ערנסט אַ זאָג געטאָן:

— הער האַלבער דאָקטער און פרײַנט, איך וואָרן אײַך, אויב איר נוצט אויס די געשיכטע צום ליטעראַטעווען, שטעלט ניט קיין טוץ פּינטעלעך נאָך דער טשיקאַווער דערקלערונג פון מײַן באַזוכערן. די פּינטעלעך האַלט פאַר זיך. איך מיין עס ערנסט. איך האָב זיי ניט ליב. טשעכאָוו איז זיך באַגאַנגען אָן פּינטעלעך און אָן אויסרוף־צייכנס. דאָס לעבן איז פּראָסט און דאָס פּראָסטע איז טראַגיש־קאָמפּליצירט. עפּשער טאַקע דערפאַר אַזוי טראַגיש, ווײַל פּראָסט. שטעל איך אײַך אַ גוטע אָטמעטקע דערפאַר, וואָס איר האָט זיך ניט צעלאַכט. מיר איז אויך ניט אָנגעגאַנגען קיין געלעכ־טער. עס איז מיר באַלד קלאָר געוואָרן, אַז די פרוי איז אַן אינטעליגענטע, גוט אָנגעלייענטע, אָבער אַ צעקאַליעטשעטע. וואָס טוט מען מיט איר? כ'האָב געפּרוווט ריידן צו איר פאַרשטאַנד, זי זאָל זיך נעמען אין די הענט אַרײַן, באַקעמפן די מאַניע, ווײַל עס קאָן זיך שלעכט ענדיקן. רײַסט זי מיך איבער מיט אַן איראָנישן שמייכל:

— אַראָפּ פונעם זינען? מעשוגע ווערן?

— ניין, — זאָג איך, — אַזוי ווײַט האַלט עס ניט. אָבער פאַרלאָזן איז געפערלעך. איך ראָט אײַך אַ סאַך אַרבעטן פיזיש, שפּאַצירן אָף פרישער לופט, פאַרנעמען זיך מיט פיזקולטור, לייענען הומאָריסטישע ווערק. איך וועל אײַך עפּעס פאַרשרײַבן.

רײַסט זי ווידער איבער:

— לאָזט אָפּ, דאָקטער, מיט די נאַרישקײַטן. איך לעב ניט פון ריינע רוכניעס. איך אַרבעט. אין שווימען ווער איך ניט פאַרשעמט. דער דניעסטער איז ניט קיין קליין טײַכל, דאָס האָט נאָך גאָאָל געוווסט. איך שווים אים אַריבער. און אַז איך בין מיט אַ גרופּע געלאָפן פונעם דײַטש

איבערן בוג, האָב איך בא א מוטער צוגענומען דאָס קינד און אַזוי, מיטן קינד אָנגעקלאַמערט אַף מיר, בעשאָלעם אַריבער. איך קאָן זיי אײַך ביידן ווײַזן. איך בין ניט קיין צעקראָכענע אינטעליגענטקע. אָבער דאָס שטערט מיר ניט צו האָבן זעונגען. איך רוף זיי ניט, זיי קומען צו מיר.

זי נעמט דערציילן אירע זעונגען. זי איז געווען אין לאַגער בא די דײַטשן, בא די רומענער. צענדליקער מאָל אַף א האָר פון טויט. אָבער זי האָט „געזען" בענעוווּע, אַז זי וועט ניצל ווערן, און ס'איז אַזוי געשען. זי האָט „געזען", ווי איר ברודער איז געפאַלן אַפן פראָנט. ניין, זאָגט זי, דאָס איז געשען אַזוי: אין לאַגער, איינמאָל באַנאַכט, ווינטער צוויי־און־פערציקסטן, זי איז געזעסן אַף דער נאַרע, ניט געקאָנט שלאָפן, און פּלוצעם פאַלט אַף איר אָן א דרעמל. וויפל מינוט? שווער צו זאָגן. אין דרעמל בייגט זיך צו איר צו דעם ברודערס קאָפּ, דאָס פּאָנעם אײַנגאַנצן בלוטלאָז און מיט בלוטלאָזע ליפּן זיך צוגערירט צו אירע ליפּן. זי האָט זיך אופגעכאַפּט. עס איז באַלד אופגעשווומען א זעונג — דאָס אָרט, איר געפאַלענער ברודער. זי האָט „געזען", ווען קיינער האָט זיך ניט געריכט דערויף, די מאַפּאָלע פון די דײַטשן בא דער וואָלגע. און דען נאָר דאָס? אַך, ווען זי קאָן באַצײַטנס אויסזאָגן אַלע אירע זעונגען און מע הערט זיך צו, וויפל מיליאָנען לעבנס וואָלטן ניצל געוואָרן! און עפּשער ניט? עפּשער איז פאַראַן ערגעץ א ניט־געזעענער גרויסער סאַדיסט, וואָס מאַכט זיך לוסטיק איבער דער מענטשהײַט אַף דער ערד: האַרגעט אײַך אויס, מאָרדעט אײַך אויס, בויט הײַנט אַף מאָרגן כּאַרעוו צו מאַכן. אָט האָט זי איצט אויך זעונגען, זי זעט...

זי האָט גענומען אויסלייגן זעונגען, אַז ס'איז מיר קאַלט געוואָרן אין אַלע אייווּרים. א מוירעדיקער אורכאַאָס פון דער מענטשהײַט... זי האָט ווי געוואָרנט: זײַט וואַכזאַם! זײַט וואַכזאַם צו דעם, וואָס עס דראָט ווידעראַמאָל אונדזער וועלט. און א שפּראַך! ווו האָט זי די שפּראַך גענומען? די שפּראַך פון דער קלאַסישער טויכבעלע איז, דוכט זיך, געגנוג שטאַרק, און דאָך איז עס גאָרניט אין פאַרגלײַך מיט דעם, וואָס האָט געפלאָסן פון איר מויל. א שוואַרצע ברענענדיקע לאַווע. איך ווייס ניט, וואָס מיט מיר איז געשען. כ'האָב פאַרלוירן מײַן פּראָפעסיאָנעלן גלײַכגעוויכט. עס האָט מיך אופגעטראָגן פונעם אָרט און כ'האָב א געשריי געטאָן: — הערט אויס! איר דאַרפט א מאַן! איר דאַרפט האָבן קינדער!

זי האָט זיך גלײַך אופגעהויבן און מיט א טאָן פון פאַראַכטונג א זאָג געטאָן:

— ווי באַנאַל... איך האָב געמיינט, איר זײַט אַן איידעלער מענטש. צום סאָף זע איך א גרוביאַן, ווי אַלע. א נעוויִע באַדאַרף א מאַן?..

א מאַך געטאָן מיט דער האַנט א זשעסט פון ביטל און — א פּראַל מיט דער טיר.

וואָס קאָנט איר עפּעס זאָגן דערצו, הער האַלבער דאָקטער?

* * *

וואָס איז געשען מיט דעם „האַלבן דאָקטער", דעם, וואָס פאַרצייכנט אויסן זיקאָרן יענעמס שמועס? פאַרוואָס פּרוּווט ער די אין טאָך גאָר ניט פריילעכע געשיכטע אַריבערפירן אַף הומאָריסטישע רעלסן? בין איך מוידע, אַז כ'בין באַגאַנגען א נאַרישקײַט. דעם דאָקטערס פּאָנעם און זײַנע אויגן האָבן עס מיר געזאָגט גאָר האַרב.

— הערט, — מאַכט ער, — פאַראַן אַן אַלטע קלוגע מעמרע אין קויהעלעס. איר געדענקט געוויס. „פאַראַן א צײַט צום לאַכן". דאָס הייסט — ניט שטענדיק. און מע דאַרף זײַן געוואָרנט, זייער געוואָרנט מיט כאָכמענען זיך. אַף הײַנט נעם איך בא אײַך צוריק דעם טיטל האַלבער דאָקטער, ווײַל איר האָט ניט דערהערט. איך קאָן עס מויכל זײַן אײַערע קאָלעגן, די לײַכטשרײַבער. אײַך — ניט. א ווײַסער קאָפּ פאַרפּליכטעט. מיר וועלן הײַנט דערפון מער ניט ריידן.

## 2

— הער האַלבער! איר לעבט?

שווער געווען צו דערקענען אין דער שטימע דורכן טעלעפאָן־טרײַבל די שטימונג בא מײַן גוטן באַקאַנטן. און א ביסל רויִגזע איז מיר אויך פאַרבליבן פאַרן אוועקנעמען בא מיר דעם טיטל, צו וועלכן איך האָב זיך צוגעוווינט אין אונדזערע באַציִונגען. האָב איך ניט געענטפערט.

— רעב מוישע! איך זע אײַך... איר האַלט דאָס טרײַבל און ציטערוועט. זײַט זשע א קלענערער כאָכעם, ווײַל קיין געזונט וועט אײַך דערפון ניט צוקומען. דאָס זאָגט אײַך א גאַנצער דאָקטער. אויב איר האָט צײַט און כיישעק, קומט באַלד אַריבער. איך וועל אײַנשפּאַנען מײַן „מאָסקוויטש" און מיר וועלן מאַכן אַן אויספלוג. נו?

— איך קום גלײַך.

— זײַט איר נאָך באַם פולן סייכל.

געווען אינטערעסאַנט צוצוזען, ווי דער באַאַרטער מאַן ספּראַוועט זיך מיט זײַן מאַשין: ערנסט, אָן אַפעקטאַציע און — מע האָט עס לײַכט געקאָנט באַמערקן — אָן אַ באַזונדערער אָנשטרענגונג. יאָ, דער פסיכיאַטער האָט ניט צעטרענצלט זײַנע פיזישע קויכעס. איז עס ריין צופעליק, אָדער אַ רעזולטאַט פון אַ פעסטן ווילן און מאָראַלישער זעלבסטדיסציפּלין? אָ, אַזאַ מענטש וועט ניט באַגיין יענע פאַטאַלע פעלערן, וואָס פון אויבן־אויף, דוכט זיך, ס׳איז אַ קלייניקייט, און אין סאַכאַקל צעקאַליעטשעט מען דאָס גאַנצע לעבן און ניט נאָר דאָס אייגענע. ווײַל ס׳איז ניט פאַראַן קיין שום פּריוואַט לעבן, יעדעס לעבן איז אַ קייטעלע אין אַ רינג.

— נו, וואָס טראַכט איר? ס׳איז דאָך עפּעס הײַנט שאַבעס. ווי הייסט עס בײַ זיי, אויף די אינדזלען — וויק־ענד. הײַנט דאַרף מען פאַרגעסן אין אַלע טראַכטענישן. שטײַגט אײַן.

און שוין זיצנדיק אין מאַשין, וואָס ער האָט געלאָזט אין לאַנגזאַמען טעמפּ, צוגעגעבן:

— מיר דוכט זיך, אַז נאָך ניוטאָנען, דאַרווינען און ראָבערט אָווענען האָבן זיי דאָרטן בכלל אויפגעהערט צו טראַכטן. בײַ זיי איז לויטער וויק־ענד.

— איר האָט שעקספּירן פאַרגעסן.

— יאָ... שעקספּיר...

ער האָט דעם נאָמען אַרויסגערעדט גאָר אויף אַ באַזונדער אויפן. און — ניט אַ וואָרט מער. אויסער דער שטאָט האָט ער געלאָזט די מאַשין אין פולער שנעלקייט, פאַרלאַנגזאַמט ערשט, ווען מע האָט געגרייכט צו די פאָרבערג. דאָ איז ער געפאָרן פּאַמעלעך. קוקנדיק אויף אים פון דער זײַט, האָט מען געקאָנט האָבן דעם אײַנדרוק, אַז ער שלינגט דעם פּייזאַזש מיט די אויגן. אויף איין אָרט זיך פאַרהאַלטן, געקוקט לאַנג אויף אַ בוים, וואָס איז געשטאַנען איינער אַליין אינמיטן אַ פעלד. דאָס פעלד איז שוין געווען אָפּגעקאָסיעט. וואָס טראַכט ער? ניט אַ וואָרט געזאָגט, אַפילו ניט אַ בליק געטאָן צו זײַן שאָכן. ווײַטער געפאָרן. דער באָדן אַלץ העכער — באַרג און וואַלד. ווו־הין מע דרייט דעם קאָפּ, זעט מען נאָר וואַלד. אויף איין אָרט געבליבן שטיין. אַרויס פון דער קאַבינע. זיך אָנגעשפּאַרט אין דעקל און לאַנג, גאָר לאַנג זיך אײַנגעקוקט. בײַם ראַנד פון וועג — אַ טיפער טאָל און פונעם גרונט פון טאָל ביז אַרויף די העכסטע שפּיצן פון די בערג — ביימער, ביימער. און ער רײַסט ניט אָפּ די אויגן. וואָס זשע ציטערן בײַ אים די אַקסל? אַ ציטער, ווי פון אַ שווערער דערמאָנונג. אַרײַן צוריק אין דער קאַבינע, אַרופגעפאָרן העכער: ער האָט, ווי־זט אויס, גוט געקענט די אומגעגנט, ווײַל העכער מיט אַוועלכע הונדערט מעטער האָט ער לײַכט אויסגעקערעוועט אויף צוריק און, ווידער אָן אַ וואָרט צו ריידן, זיך אומגעקערט אין שטאָט אַרײַן.

עס איז שוין געווען טונקל. בײַם אויסשטײַגן האָט ער אַ זאָג געטאָן צו זײַן באַגלייטער:

— אויב איר זײַט ניט מיד, קומט אַרײַן. מיר'ן טרינקען שוואַרצע קאַווע.

ער האָט די קאַווע געקאָכט אַליין און געטאָן די אַרבעט מיט קאָוואָנע. אַרויסגענומען פון בופעט אַ פלעשל ראָם, ביסקוויט.

— אײַך צוגיסן ראָם? נאָר ניין. איר וועט דערנאָך ניט קאָנען שלאָפן. מיט אײַערע נערוון... איבעריקנס, איר זײַט עפּשער הונגעריק?

— ניין. אַ דאַנק. און פון ראָם זאָג איך זיך ניט אָפּ.

מיר האָבן לאַנגזאַם געזופּט די געשמאַקע קאַווע. און ווען געענדיקט, האָט ער פּלוצעם אַ פרעג געטאָן:

— אין וועלכן יאָר זײַט איר געווען אין בוענאָס־אײַרעס?.. אײַך וווּנדערט מײַן פראַגע? איך האָב מיך דערמאָנט, אַז איר האָט מיר דערציילט ווי איינמאָל, ווען איר זײַט אַרײַנגעקומען אין ביוראָ פון דער געזעלשאַפט „עזראָ“, האָט אײַך דער סעקרעטאַר אָנגעוויזן אויף דער גרויסער צאָל טעקעס אויף די פּאָליצעס און געזאָגט: „דאָס איז ניט קיין פּאַפּיר, ס׳איז בלוט און טרערן. מע קאָן אַראָפּ פונעם זינען פון זיי: צו וואָס פאַר אַ יערידע מענטשן קאָנען דערגיין. מענער פאַרקויפן זייערע ווײַבער, ברידער פאַרקויפן שוועסטער“. איך האָב מיך דערמאָנט, קוקנדיק אויף מײַנע טעקעס. דאָרטן איז ניט פאַראַן קיין בלוט און שענדלעכע טאַטן. אָבער וויפל מענטשלעכע פּײַן. און די פּײַן פאַרפאָלגט, מוז פאַרפאָלגן יעדן, ווער עס פאַרמאָגט נאָך אין זיך אַ טראָפּן מענטשלעכקייט. ווער עס שטעלט זיך ניט העכער פונעם מענטשן.

אַ ווײַלע האָט ער געשוויגן און, שטרענג קנייטשנדיק דעם שטערן, געפרעגט:

— איר האָט נאָכגעטראַכט וועגן דעם פאַל מיט דער נעוויִע?

ניט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער, ווײַטער גערעדט:

— איר פאַרשטייט, ניט אין דעם איינצלנעם פאַל גייט עס. עס גייט אין פיל מער. איר האָט דאָך אַמאָל געבויגן דעם רוקן איבער אַ געמאָרע, מוזט איר געדענקען... אָבער לאָמיר לאָזן צו רו די געמאָרע, זי איז ווײַט. פאַראַן צוויי ייִדישע שפּריכווערטער, זיי געדענקט איר אַוודאי. איינס הייסט: טאַטע־מאַמע זינדיקן און קינדער קומען אָפּ. דאָס צווייטע: נויט ברעכט אײַזן. איר האָט אַמאָל זיך אַרײַנגעטראַכט אין זיי? אונדזער טרוים, אונדזער אַלעמענס טרוים איז: אַ פיזיש און מאָראַליש

געזונטער מענטש אין א געזונטער געזעלשאַפט. דאָס ערשטע קאָן מען אָנרופן קורץ — כאַ־ראַקטער. דאָס צווייטע — א גערעכטע סאָציאַלע אָרדענונג. אָבער... ווו האַלטן מיר אין דער וועלט? וואָס האָט געבראַכט די, אָן צווייפל, גוטע אינטעליגענטע פרוי צו אַזעלכע שווארצע זוונגען?

דער פסיכיאַטער האָט א ווײַלע געשוויגן. לויטן קנייטש אף זײַן ניט גאָר הויכן, אָבער שיין געפורעמטן שטערן האָט זיך געלאָזט מערקן, אַז ער זוכט די פאָרם פאר לאָגישער בינדונג פון זײַן טראַכטן. ער האָט ווידער גערעדט:

— איך האָב דערמאָנט די צוויי פאָלקסשפּרוכן ניט אומזיסט. איך בין געקומען צו זיי נאָך א לאַנגער דערפאַרונג. א מיפּולע דערפאַרונג. איך בין ניט קיין אָנהענגער פון זיגמונד פרייד. דאָס שטעלן אַלצדינג אפן סעקסועלן באָדן איז וויסנשאַפטלעך א כימערע. וואָס זשע דען יאָ? איך בין געקומען צו דער איבערצײַגונג, אַז אין די מיינסטע פאַלן פון פסיכישע קראַנקײַטן — איך רייד ניט פון אַזעלכע, וואָס זײַנען א רעזולטאַט פון א פיזישן אַקצידענט, — אין די מיינסטע פאַלן האָבן מיר צו טאָן מיט א מאָראַלישער טראַוומע, וואָס מע באַהאַלט אויס. די אַזויגערופענע ווידע, דאָס מיסוואַדע זײַן זיך, וואָס זיגמונד פרייד האָט אין איין צײַט געהאַלטן פאר׳א סגולע, האָט זיך ניט באַרעכטיקט. דאָס האָט ער אַליין אַנערקענט. דער מאָראַלישער טיף מענטש גייט אַמיינסטן אַוועק פון דער וועלט און טראָגט מיט זיך אַוועק אין קייווער זײַן סאָד, די סיבע פון זײַן טראַוומע. זייער א גרויסע צאָל פסיכישע טראַוומעס פאַרורזאַכן די עלטערן. בא אַן עמפינדלעך קינד פאַרבלײַבט אפן גאַנצן לעבן א בייזע סצענע צווישן טאַטע־מאַמע. הײַנט א לײַכטזיניקער לעבנס־פעלער פון איינעם פון די עלטערן, טאַטע־מאַמע זינדיקן... און ווידער — די נויט, וואָס ברענגט אײַזן. אָרעמקײַט, נויט — דאָס איז א שרעקלעכער פאַקטאָר. עס ברענגט צו שווערע ניסיוינעס. עס ברענגט דעם כאַראַקטער, דעם אײַזערנעם כאַראַקטער. באם אײַנגעבוירענעם מענוּוול ברענגט עס גאַרניסט... אָבער באם פון נאַטור מאָראַלישן מענטשן בלײַבט א שווערע טראַוומע, ווען אפילע ער האָט געזינדיקט קעגן זײַן געוויסן ניט פאַקטיש, נאָר בלויז מיט דער מאַכשאָווע געהאַט א מאָמענט פון ירידע.

אָבער פאַראַן נאָך אַנדערע טראַוומעס. דאָך אין אַלע שפּילט א גרויסע, א דאָמינירנדיקע ראָליע דער זיקאָרן. הערט, מײַן פרײַנט, איר זײַט א שרײַבער, און איך האַלט אײַך פאר אַזעלכן. האָט איר אַמאָל זיך פאַרטראַכט וועגן דער ראָליע פונעם זיקאָרן? ניט נאָר דעם פּראַקטישן זיקאָרן, דעם זאַמלער פון „אינפאָרמאַציע״, נײַערט דעם, וואָס דערמאָנט, דעם, וואָס מאָנט כעזשבן, פאָדערט? דער זיקאָרן, אָט דער זיקאָרן, וואָס זאָגט דיר: דו עסט ברויט, און פאַראַן הונגעריקע, דו לעבסט רויִק, און אַרום אַזויפיל אוּולעס. בעקיצער: דו ביסט א מענטש און דעריבער א באַלכויו צום מענטשלעכן מין, צו דער מענטשהײַט, צום מענטשלעכן. איר האָט זיכער אין שרײַבן און ריידן געניצט ניט איין מאָל דאָס וואָרט „פּערזענלעכקײַט״. האָט איר זיך גוט אַרײַנגעטראַכט דערין, וואָס דאָס איז? פאר געוויסע מענטשן איז א גרויסער מערדער א פּערזענלעכקײַט. אינדערעמעסן איז פּערזענלעכקײַט אַן עטישער באַגריף. פּערזענלעכקײַט אַנטפּלעקט זיך דורך מאָראַלישער האַשפּאָע, און וואָס גרעסער דער מענטש — די פּערזענלעכקײַט, אַלץ ברייטער און טיפער איז זײַן האַשפּאָע. דאָס איז שעפערישע האַשפּאָע. און דאָ שפּילט גאָר א גרויסע ראָליע דער זיקאָרן, דער, וואָס דערמאָנט דיר, אַז דו ביסט א מענטש, און א מענטש האָט אף זיך גרויסע כויוועס.

דער פסיכיאַטער האָט א לאַנגע ווײַלע נאָכגעטראַכט, ווי זיך יישעוונדיק מיט זיך. ענדלעך אָנגענומען א באַשלוס, געעפנט א שופלאָד פון טיש, אַרויסגענומען פון א פײַן זעקעלע צוויי אָרדענס און, ווײַזנדיק אף זיי, געזאָגט:

— איר זעט זיי צום ערשטן מאָל און צום לעצטן מאָל. איך טראָג זיי ניט. איך וויל דערמיט ניט זאָגן, אַז מע דאַרף זיי ניט טראָגן. פון צײַט צו צײַט, מיינסטנס באַנאַכט, ווען איך בין אַליין, נעם איך זיי אַרויס און טראַכט פון יענע, די אומגעקומענע, וואָס זייערע פאַרשניטענע לעבנס ליגן אין די ברידער־קווּרים אף פעלדער און אין וועלדער. אָפטמאָל בעט איך אין געדאַנק: זײַט מיר מויכל, מײַנע ברידער, מײַנע פרײַנט, איך האָב געוואָלט, איר זאָלט לעבן, בויען, שאַפן... זײַט מיר מויכל...

ער האָט צוריק פאַרשלאָסן די אָרדענס, דערבײַ האָט זיך געלאָזט מערקן, אַז ער באַגייט זיך מיט זיי, ווי מיט א הייליקטום, אָפּגעזיפצט שווער און מיט א מערקבאַרער אָנשטרענגונג פאַרגעזעצט:

— בין איך, הייסט עס, אויך ניט אינגאַנצן נאָרמאַל. זאָגט זשע מיר אופריכטיק, וואָס באַטײַט נאָרמאַל? פאַראַן, אַשטייגער, אַזעלכע, וואָס האַלטן פאר נאָרמאַל דאָס קענען כיטרע אויסבאַהאַלטן זייער געמיינקײַט און נעמען — נעמען וואָס מער, אַנדערע ווידער — קענען פאַר־מעל לאָגיש אורטיילן, זיך האַלטן בא געוויסע געזעלשאַפטלעך אָנגענומענע מאָראַלישע נאָרמעס. קערט איבער די מאָטבייע, באַטראַכט זי אופמערקזאַמער. איר וועט דערזען אין בעסטן פאַל דעם

גלײַכגילטיקן, דעם טיף, וואָס זאָגט: שעלי — שעלי, שעלאַך — שעלאַך, מײַנס איז מײַנס און דײַנס איז דײַנס. געדענקט איר, וואָס אונדזערע אַמאָליקע כאַכאַמים האָבן וועגן דעם געזאָגט? עס איז סדאָם-עטיק... אַ וווּנדערלעכער זאָג. אייניקע פון אונדז, וואָס האָבן דעם גאַנצן גרויל אַליין איבערגעלעבט, מיטגעלעבט, זײַנען מיט אַ טראַוומע אַף דער נעשאָמע. אויך די אומגליקלעכע נעווויִע, אויך איך, דער פּסיכישער רופֿע, דער נעשאָמע-היילער. נאָר איך הייל זי, מײַן טראַוומע. איך לעב, אַרבעט, מאַך אויספלוגן.

דער פּסיכיִאַטער האָט לאַנג געשוויגן און אומגעריכט פאַר זײַן צוהערער מיט אַ שאַרפער באַוועגונג זיך אופגעהויבן:

— אַד קאַן. פאַרן הײַנטיקן וויק-ענד גענוג. איך האַלט שוין בײַ מײַן טראַוומע. דאַרף איך האָבן מיט זיך גאָר אַ גרויסן יישעווו-האַדאַס. לאָזן מיר עס אַף אַן אַנדער געלעגנהײַט.

ער איז צוגעגאַנגען צו זײַן אַרבעטס-טיש און געבראַכט אַ בוך.

— זעט, שרײַבער, וואָס איך לייען אַצינד. דיומאַס ראָמאַן „די דרײַ מושקעטיאָרן". דאָס האָט מיך אַזוי מײַן שטוב-אַרבעטערן אַנגעשטעקט. זי האָט אַזוי לאַנג דערציילט וועגן פילם, אַז ס'האָט מיך אָנגענומען אַ כיישעק איבערצולייענען דאָס בוך. און ווייסט איר, וואָס איך וועל אײַך זאָגן? אַ גאַנץ גוטער ראָמאַן.

עס איז געווען אַ קאַפּוליער אַנצוהערעניש: איך וויל איצט זײַן אַליין.

דער געוועזענער האַלבער דאָקטער האָט עס פאַרשטאַנען.

3

יענעם שאַבעס האָט מען קיין אויספלוג ניט געמאַכט. דער פּסיכיִאַטער האָט זיך פאַרופן אַף זײַן שטימונג. דער שרײַבער האָט געמאַכט באַ זיך אַ האַשאָרע, אַז זײַן פרײַנט דריקט עפּעס אָפּן האַרצן. ער מוז זיך אויסריידן. די האַשאָרע האָט זיך באַרעכטיקט. נאָך אַ קורצן שמועס פון דעם, פון יענעם — לויטער נעבן-זאַכן — האָט דער פּסיכיִאַטער פּלוצעם אַ פרעג געטאָן:

— איר האָט שוין לאַנג געלייענט „טיכי דאָן"?

און אַזוי ווי דער געפרעגטער האָט נאָר געענטפערט מיט אַ פרעגנדיקן זשעסט, האָט דער פּסיכיִאַטער ווײַטער גערעדט:

— מיר איז אינטערעסאַנט צו הערן, וואָס פאַר אַ געשטאַלט איז אײַך אַמבעסטן געפעלן. מיט „אַמבעסטן" מיין איך: קינסטלעריש, מענטשלעך טיפער. איר פאַרשטייט מיך. מיר — עפשער איז שולדיק אין דעם מײַן פאַך — איז מער אַרײַן אין מײַן טראַכטן אַקסיניע... איר זײַט ניט מע־כוּיעוו צו טיילן מיט מיר אָט דעם קוק. איך בין מיך מעשײַער, אַז לויט אײַער געשמאַק, ווי ווײַט איך קען אײַך, קאָן אײַך מער געפעלן נאַטאַליע. אין מיר איז אַרײַן דער דיבעק אַקסיניע. אַקסיניע... די נאַטור האָט איר, דוכט זיך, געגעבן אַלצדינג אַף צו זײַן אַליין גליקלעך און געבן גליק. אָבער אַ ביטערער אַקצידענט, אַ טאַטע אַ כײַע פאַרגוואַלדיקט זי און — איר גוירל איז געכאַסמעט. אַ באַגאַבטע נאַטור גייט פון בראָך צו בראָך ביז אומקום. טראַכט זיך אַרײַן, שרײַבער. ס'האָט ניט געקלעקט קיין כאַראַקטער, וועט עמעצער זאָגן. און פאַר מיר איז אַזאַ זאָג — אַמראַצעס. דער עמעצער ווייסט ניט, וואָס עס הייסט אַ פּסיכישע טראַוומע. און סוויווע... און מעגלעך ס'איז אַ פּאַראַדאָקס, אָבער איך מיין, אַז דער קוק איז ניט אָן אַ גרונט: אַן איידעלע נאַטור לײַדט מער. אַזאַ נאַטור מוז האָבן אַ גינסטיקן קלימאַט, ווי אַ פײַן געוויקס.

דער דאָקטער האָט אַ ווײַלע נאָכגעטראַכט, זיך געיישעוועט — ריידן, צי ניט ריידן. ווײַטער גערעדט:

— איך בין, ווי איר ווייסט, אַן אַלטער כאָלאָסטיאַק. אַמאָל פלעגט מען אָפּשפּעטן: אַן אַלטער באָכער. עס האָט געהייסן — ניט נאָרמאַל. מיילע. עס איז ניט קיין צופאַל. איך האָב עס געוואָלט. גלײַך געטאָן, צי קרום, קלוג, אָדער נאַריש, שפּעט צו ריידן דערפון. אַ געוויסע באַרעכטיקונג האָב איך געהאַט אָדער זיך אויסגעטראַכט: איך וויל אינגאַנצן זיך ווידמענען מײַן פאַך. האַגאַם דעם פּראָפעסאָר פּאַוולאָוו האָט ניט געשטערט צו זײַן פּאַוולאָוו און האָבן אַ פאַמיליע. בין איך, ליידער, ניט קיין פּאַוולאָוו. און שטעלט אײַך פאָר, דער כאָלאָסטיאַק האָט ליב קינדער ס'כּיִעס. קינדער — דאָס איז מײַן קראַנק אָרט. און נאָך אַ לײַדנשאַפט — צו דער נאַטור. מײַן ווינציקע פערזענלעכע אוילעמהאַזע אַצינדערט באַשטייט אין דעם, וואָס פרילינג און זומער, אויך אין גאָלדענעם האַרבסט, אין די פרײַע שאָען שפּאַן איך אײַן מײַן „מאָסקוויטש" און פאָר אַרויס אויסער דער שטאָט. נאַטור. אָרגאַנישע נאַטור, דאָס איז מײַן צווייט קראַנק אָרט. גאָרניט איז ניט בעקויעך דאָס צו פאַרבײַטן. פעלדער באַארבעטע, סעדער, גערטנער, לאָנקעס גראָז, וואַלד, — איך ווער ניט זאַט עס צו באַוווּנדערן. אַמאָל פאָרפאָר איך ווײַט ביז אין די פאָרבערג. איך ווער פאַרכאַפּט פון די באַוואַל־דערטע בערג, פון די פאָרמען. וויפל פאַנטאַזיע! אָט שטייט אַ באַרג אָפּגעזונדערט, אַ פּאָרוש, מאַכט

זיך שאבעס פאר זיך. ווער האָט אים דאָ אוועקגעשטעלט? וואָס פאר א מײַסטער? הײַנט זײַן אָפגערונדעטע פאָרם. און אָט א גאנצע פעסט־געשלאָסענע קייט. אוןביימער, ביימער, פונעם טיפסטן טאָל ביז העט־ארוף צו די העכסטע שפיצן. איך שטיי און שטוין: ביימער, וויִאזוי האָט איר זיך אהין ארופגעדראפעט? דאָרטן דערפיל איך דעם גרויסן דראנג צו שאפן, צו יעצירע, צו ליבשאפט, צו פרײַנטשאפט. און איך דערפיל דעם אומעט פונעם איינזאמען בוים אינמיטן אָפּעקאָסיעטן פעלד. און דאָ צעשרײַט זיך אין מיר מײַן וווּנד, מײַן אינטימע וווּנד: אניענקא! אניענקא! א־ניען־קא!

ער האָט זיך שווער אופגעהויבן, צוגעגאנגען צום כאָלאָסטיאצקי בופעטל, ארויסגענומען א פלעשל קאָניאק. איין גלעזל. א צווייטס. געשטאנען עטלעכע מינוט אָנגעשפּארט מיט איין האנט אין בופעטל, די אנדערע — אפן הארצן. ביסלעכווײַז האָט דאָס פּאָנעם צוריקגעקראָגן א נאָרמאלע מארע. צוריקגעקומען צום טיש, האָט ער זיך אוועקגעזעצט און טיף אָפּגעאָטעמט:

— טאק־ס. אָט אזוי. איר זײַט מיד? איר ווילט עפּעס פרעגן?

— ניין. איך הער אײַך.

— איר הערט. דאָס איז גוט. אָבער, צי הערט איר טאקע? נו, לאָמיר זאָגן, אז יאָ. בא מיר הייסט הערן, אז דורכן הערן דערזעט מען. אָבער וועגן דעם בא א צווייטער געלעגנהײַט. איצט שטעלט אוועק — ווי הייסט עס אף אײַער זשארגאָן? — „פאָרזעצונג קומט". איר זײַט עפּשער בערויגעז פארן וואָרט „זשארגאָן"? אומזיסט. עס האָט ניט קיין שײַכעס צום יִדישן לאָשן, צום פאָלקסלאָשן. נאָר אז איך לייען אמאָל אין א יִדישער צײַטונג אָדער אין א זשורנאל דעם „פאָרזעצונג קומט", ווערט מיר איבלדיק. פאראן א פאָלקסוואָרט דערוף: „העמשעך", לערנען „העמשעך", דה. טעקסט־פארבינדונג. מיט וואָס איז „העמשעך" ערגער פון דער דײַטשמעריש־קלינגענדיקער „פאָרזעצונג"? מע קאָן דאָך פּאָשעטער — „ווײַטער אין קומענדיקן נומער".

דעם שרײַבער איז געווען קלאָר, אז ס׳איז דעם פסיכיִאטער שווער צו קומען צו זײַן העמשעך. אז דער גאנצער פילפל וועגן פאָרזעצונג איז נאָר אן אויסרייד. האָט ער פארגרינגערט זײַן פרײַנט די אווידע:

— אויב איר האָט גאָרנישט קעגן, וועל איך ארײַנקומען מאָרגן.

דער פסיכיִאטער האָט אים אָנגעקוקט פאָרשנדיק. דערלאנגט די האנט, מיט א טאָן פון באגיטיקונג און קימאט דאנקבארקײַט:

— הײַנט האָט איר גוט געהערט.

4

— בין איך, הייסט עס, אן אלטער כאָלאָסטיאק. און דאָך האָב איך געהאט מײַן מישפּאָכע און בין געווען שטארק, זייער שטארק צוגעבונדן צו איר... איך בין פרי געבליבן א יאָסעם, אָן א מאמע. זיך שטארק צוגעבונדן צו מײַן מאמעס אן עלטערער שוועסטער, א כאכאָמע, א טיכטיקע, נאָר א קליינער בארמאזל. גלייבט יאָ אין גוירל, גלייבט ניט, פאראן מענטשן, דוכט זיך, מיט אלע נייטיקע מײַלעס אף צו האָבן א גליקלעך לעבן, אי גוטע, אי קלוגע, נאָר ווו עפּעס א צאָרע, טרעפט זי זיי. אזוי איז געווען מיט מײַן באליבטער מומע און איר מאַן. מיילע, פון אָרעמקײַט איז דאָך אָפּגערעדט. דער פעטער — א פארומערטער שווײַגער, נעבעך, ניט קיין כידעש. ווינטער — א דאָרפגייער. אײַנגעהאנדלט א האָזן־פעלכל, א קאָשעק אייער. און אלץ צופוס.

דער דערציילער איז אנשוויגן געוואָרן. ס׳איז געווען צו באמערקן, אז א שווערע דערינערונג האָט איבער אים א פלייץ געטאָן. דער שרײַבער האָט דאן איבערגענומען די ראָל פון א פסיכיִאטער, איידל א בעט געטאָן: — דערציילט אלצדינג.

— כ׳ל דערציילן, ווײַל איר הערט. א רעמיניסצענץ פון א סצענע, וואָס פארפאָלגט מיך דורכן גאנצן לעבן. און ווען איך זאָל לעבן אזוי לאנג, ווי דער לעגענדארער מעסושעלעך, וועל איך זי ניט פארגעסן. א קינד נאָך קימאט בין איך דעמלט געווען. אָבער די סצענע איז מיר ארײַן אין בלוט. ווינטער, שפּעט אין אָוונט. דער פעטער איז געגאנגען פון דאָרף מיט א קאָשעק אייער. עס האָט אים אָפּגעגליקט. א היימישער פויער האָט אים אפן וועג אָנגעיאָגט, ארופגענומען און א שטיקל וועג געפירט אף זײַן וואָגן. דוכט זיך, גוט. דערנעענטערט זיך צו דער שטאָט, איז דער פויער זיך אוועקגעפאָרן זײַן וועגס. דער פעטער לאָזט זיך אהיים און — גליטשט זיך אויס. איך געדענק זײַן ארײַנקומען מיטן קויש צעבראָכענע אייער. דאָס וועל איך קיינמאָל ניט פארגעסן. איר זײַט דער ערשטער און מיסטאמע דער לעצטער, פאר וועמען איך דערצייל עס. דעמלט, מיין איך, האָט זיך אין מיר אָנגעצונדן דער בונט קעגן אָרעמקײַט.

א קורצע פּאוזע. און דער פסיכיִאטער רעדט ווײַטער:

— זומער פלעגט ער פארקויפן קאָסעס. ער האָט פארמאָגט זײַן אייגנס א... שטיין. א כאזאָקע־

שטיין אָף דער אַזויגערופענער גרויסער בריק איבערן טײַכל, וואָס טיילט דאָס שטעטל אָף צווייען. איך געדענק אים זיצן אָף זײַן שטיין, אָנגעשפּאַרט מיט דער פּלייצע אָן דער פּאַרענטשע פֿון דער בריק, לעבן אים דער קאַסטן קאָסעס. פֿלעגט קומען א פּויער קויפֿן א קאָסע, אויספּרוּוון דעם קלאַנג פֿון דער קאָסע אין שטיין. איך, א שנעק, נײַגעריק, ווי א מויז, פֿלעג שטיין אין א זײַט און זיך צוקוקן און אײַנהערן אינעם קלאַנג פֿון דער קאָסע. עס איז מיר פֿאַרבליבן אָפֿן גאַנצן לעבן. ביז הײַנט קלינגט עס אָפּ אין מײַן געמיט.

ווידער א פּאוזע. באַם צוהערער — א געפֿיל, אַז יענער הערט זיך אײַן אין ווײַטן עכאָ פֿונעם קלאַנג פֿון דער קאָסע אין שטיין. דער פּסיכיאַטער האָט ווײַטער גערעדט:

— איז, מיילע, פֿון אָרעמקײַט איז אָפּגערעדט. שלים־שלימאזל. איז עס ווינציק. געווען נאָך עפּעס ערגערס, עפּעס שרעקלעכס. עס האָבן זיך באַ זיי קיין קינדער ניט געהאַלטן. וואַקסט א קינד, שיין, קלוג, געזונט, און פּלוצעם — איינס־צוויי און ס׳ווערט אויסגעכאַפּט. דער פֿעטער האָט עס ניט אויסגעהאַלטן. אַוועקגעשטאָרבן. און אויך אַזוי: זיך גענומען צום האַרצן, זיך אַוועקגעלייגט און אין א פּאָר טעג — ניטאָ!

די מומע איז פֿאַרבליבן מיט צוויי קינדער: א מיידל — א יאָר פֿינף עלטער פֿון מיר, און א ייִנגל — אין מײַנע יאָרן. איז ווו עפּעס א קרענק, ווו עפּעס אַן עפּידעמיע, האָט עס צו זיי געטראָפֿן. דאָס געראַנגל דער מומעס פֿאַר די קינדער — א געראַנגל מיטן גורל. עס דערמאָנט מיר אין די אַנטישע גריכישע טראַגעדיעס. דאָס איז געווען א געראַנגל פֿון א לייבעכע — זיי דערצויגן מיט מי און מאַטערניש. כאַסענע געמאַכט דאָס מיידל, דאָס ייִנגל. דערלעבט טײַערע, ווילע אייניקלעך. דאָס עלטסטע אייניקל האָט כאַסענע געהאַט. די מומע האָט דערלעבט צוויי אור־אייניקלעך. פֿאַרענ־דיקט דעם געראַנגל מיט זיג און געשטאָרבן. איך, א דאָקטער מיט שיינער פּראַקטיק, האָב געלעבט דעמלט אין א גרויסער שטאָט, געקראָגן די טעלעגראַמע וועגן דער מומעס טויט, — זי האָט אַזוי אָנגעזאָגט, — בין איך געפֿלויגן אַהין, בײַגעווען באַ דער קוורע. דעמלט זיך נעענטער באַקאַנט מיטן אויסגעגעבענעם אייניקל און אירע צוויי קינדערלעך. דאָס עלטסטע — אַניענקע...

ווידער א פּאוזע, א שווערע פּאוזע.

— אַניענקע... ווען איך זאָל גלייבן אין מלאָכים, וואָלט איך זיי מיר אַזוי פֿאָרגעשטעלט. איך האָב דאָס קינד ליב געקראָגן. עס איז מיר אַרײַן אין האַרצן. אין געדאַנק האָב איך עס אַדאָפּטירט. דעם קינד וועל איך אָפּגעבן דאָס טאַטישע, וואָס האָט אין מיר געלעבט. יעדעס יאָר פֿלעג איך פֿאַרברענגען מײַנע וואַקאַציעס אין יענעם שטעטל צוליבן קינד. און דערווײַל זײַנען אָנגעקומען די געשעענישן, וואָס איר ווייסט. איך בין צוריק אין מײַן בעסאַראַבישן היימלאַנד, אַרבעט אין א גרויסער שטאָט. איך וויל אַריבערנעמען אַניענקען צו מיר, באַשטייען ניט די עלטערן. נעם איך בויען פּלענער, זיי אַריבערנעמען צו מיר. און ביז עפּעס־וואָס — די מילכאָמע.

באַלד נאָך דער עוואַקואַציע בין איך אַוועק אין יענעם שטעטל, א גרענעץ־שטעטל, און זיך דערוווּסט וועגן דעם שיינעם טאַכלעס, וואָס איז געוואָרן פֿון מײַנע קרויווים. דער טאָכטערס בעניאָכיד און דעם זונס בעניאָכיד, ביידע קאָמוניסטן, זײַנען אַוועק אין דער אַרמיי און געפֿאַלן אָפֿן פֿראָנט. דער טאָכטערס מיזינקע, א לערערן, מיט א גרופּע געוועזענע פּאָדפּאָלשטשיקעס איז אַרײַנגעפֿאַלן צום דײַטש און אומגעקומען. די אַנדערע, אַזויווי זיי האָבן פֿאַרמאָגט אייגענע פֿערד מיט א וואָגן, האָבן זיך אויפֿגעזעצט מיט האַק און פּאַק און זיך געלאָזט אָף מיזרעך, אָבער ניט דערפֿאָרן. אַלע אומגעקומען. ניטאָ מײַן אַניענקע. אַניענקע, מײַן מאַלעכל... אַניענקע...

א קורצע שווערע פּאוזע. און ווי איינער, וואָס רײַסט אַרויס מיט ווייִ א געדיכט שטיק בלוט פֿונעם האַלדז:

— איך האָב געזאָגט: געשטאָרבן מײַן מומע? ניין, געהאַרגעט מײַן מומע... מײַן לייבעכע.

דער דערציילער האָט לאַנג געשוויגן. דער גראָוער קאָפּ אָנגעשפּאַרט אָף דער האַנט. און פּלוצעם מיט א ניגון, ווי אַמאָל אין כיידער:

— איי־כאָ... איי־כאָ... וויִאַזוי... וויִאַזוי...

און זיך צוגעשאָקלט צום טאַקט.

וועגן דעם, וואָס דער האַלבער דאָקטער, דער פֿאַרצייכענער פֿון דער געשיכטע, האָט דעמלט געפֿילט, וועט דאָ ניט דערמאָנט ווערן. דער דאָקטער האָט מיטאַמאָל אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ, א פֿיר געטאָן מיט דער האַנט פֿונעם שטערן ביזן נאַקן:

— יאָ, פֿון וואָס האָבן מיר אָנגעהויבן? שטייט א ווײַלע. יאָ, איך האָב אײַך דערציילט דעם פֿאַל מיט דער נעוויִע: איר האָט עס געוואָלט מאַכן צו קליינגעלט. מיך פֿאַרפֿאָלגט עס. עפּשער איז מײַן טראַוומע שולדיק. אָבער... זאָגט מיר, איר גיט אײַך אָפּ רעכענונג פֿון דעם, וואָס עס טוט זיך אָף אונדזער ערד? אַטאָם־באָמבעס, וואַסערשטאָף־באָמבעס, כימישע רעציכע־מיטלען. טויט־קאָנצערנען, אָף וועלכע עס אַרבעטן טויזנטער טעכניקער און וויסנשאַפֿט־מענער. און גאָרניט.

די ערד דרייט זיך. איר פארטראכט זיך וועגן דעם? מיך, דעם פסיכיאטער, לאזט עס ניט רוען. וווהין גייט די מענטשהייט? ווער וועט זי ראטעווען? איר האט אמאל א טראכט געטאן וועגן דעם?

דער בליק פון דאקטערס אויגן איז געווען שטרענג און פאדערנדיק. אבער דא איז געשען עפעס מיטן צוהערער. א שארפער שטראם האט דורכגענומען זיין גאנצן קערפער, און ער האט הייס און איבערציטיגט געענטפערט:

— הערט, מיין פריינט. איך האב אייך געהערט. און דערהערט אויך דאס, וואס איר האט ניט דערזאגט, ווייל שטענדיק בלייבט עפעס ניט דערזאגטעס. אפילו בא די גאונים. איצט פאדער איך פון אייך, איר זאלט הערן און דערהערן. ווייל ניט נאר מיין מויל וועט איצט ריידן, נאר מיין הארץ, דאס בלוט, אלע פיברען. הערט! א רעטער איז פאראן. און ער וועט ראטעווען די מענטשהייט און דעם מענטשן!

— ווער? ווו?

— ווו? אומעטום. און ווער? דער מענטש פון ארבעט! פון ארבעט און ניט פון אייגנטום! הערט גוט, וואס איך זאג אייך. ניט איך, נאר דאס גאנצע בלוט אין מיר זאגט עס. און איך מאן בא אייך, איר זאלט דערהערן. דער ארבעטס-מענטש! ער וועט ראטעווען. ער מוז, עס איז זיין היסטארישע מיסיע. און ער וועט!

— און אויב, כאלילע, ניט?

— קיין שום אויב!

עס האט דעם שרייבער אויסגעפעלט אטעם. ער האט זיך געשטארקט און גערעדט:

— איר האט מיר דערציילט וועגן דער טראגישער נעוויע, וועגן דער אומגליקלעכער אקסיניע דערמאנט. אבער, פריינט מיינער! איר זייט מוזיקאליש. האט איר שוין לאנג געהערט די אפאסיאנאטא? הערט זי אפטער. הערט גוט! עס איז די אנטפלעקונג פון א גאוני. געדענקט איר דעם צוזאמענשטויס? פון איין זייט, אלע סטיכיישע קרעפטן שטורעמען די וועלט, אט קומט די גרויסע קאטאסטראפע, דער אפאקאליפסיס. אבער אנטקעגן ענטפערט רויק און קינדיש, גלויביק — א „קול דממה דקה"[1] — דער גרויסער גלויבן, דאס שעפערישע, און איז מענאצייעך. גלייבן דארף מען. איר האט ליב און פילט די ארגאנישע נאטור. עס איז מיר זייער ליב בא אייך אט די ליבשאפט. אבער איך פיל, און מעגן כאכאמים לאכן פון מיר, אז אויך אין דער ארגאנישער נאטור איז פאראן גלויבן. דער בוים גלייבט, דאס גראז גלייבט. אלצדינג, וואס טראגט אין זיך לעבן, — גלייבט. דורך ליידן, דורך פיין גייט דער וועג צו ליכט, צו וווקס, צו שיינקייט. עס גייט אן די גרויסע שלאכט. די פארברעכערישע קויכעס זיינען נאך שטארק. עס איז אבער פאראן דער גיבער, וואס וועט אויסלייזן די וועלט, אויסלייזן די מענטשהייט, — דער ארבעטס-מענטש! גלייבט, מיין פריינט! וועט איר עפשער זאגן, אז מיין ענטפער איז צו א פאשעטער, צו א גראדליניקער, און פון מיר, א מענטשן אויך פון יענעם מין, וואס האט א שוואכקייט צו פארקאמפליצירן, איז דאס עפשער פאר אייך אומדערוואַרט? ניין? איר קלערט ניט אזוי? איצט קומט אייך א דאנק פאר אייער גוט הערן מיך.

ביידע האבן לאנג געשוויגן. עס האט זיי אזוי אין שווייגן פארכאפט די טונקלקייט פון אוונט. דער דאקטער האט געמאכט ליכט — אף זיין פאנעם פארוווּנדערונג. אנגעגאסן צווי קעלישקעס קאניאק, א קלונג געטאן איינעם אין אנדערן און גאר ערנסט געזאגט:

— פריינט, איר האט אפגעווונען דעם טיטל „האלבער דאקטער", אבער מיט אן... אוידעף. איצט קומט אייך בא מיר ארויס.

דער גרויסער שפיגל אין ווינקל האט געוויזן צווי ווייסע קעפ, געוויזן טריי און אין זיין טיף געמאכט זיי יינגער און בוילעטער געפורעמט.



[1] — קויל דמאמא דאקא — א דינע צארטע שטים (א פאסעק פון טאנאך).

# סאטירע און הומאָר





## אַמוס לעווין

פראַגרעסיווער שרײַבער פון ייִסראַעל. געבוירן אין 1921 אין ליטע. אָנגעהויבן זיך דרוקן אין 1955. וווינט אין טעל־אוויוו.

# וואָס עס טרעפט, אז מע פאַרגעסט...

**א**ין אונדזערע טעג געשעען פאַרשיידענע זאכן אזוי אָפט און אזוי שנעל, אז דו פאַרלירסט די שליטע אַף דײַן צײַט, איבער דײַנע פּלענער, וואָס דו פּלאַנירסט אויס, און אַף די כעזשבוינעס, וואָס דו מאכסט, — האָט זיך יאָסל באַקלאָגט און אַרײַנגעגאָסן אין זיך דעם רעשט ביסל קאָניאַק. — אָט האָב איך צוגעזאָגט דערציילן דיר די לעבנס־געשיכטע פון מײַן אלטן יעדיד רעב יאַנקעוו, נאָר אין מויעך פּיקט אַלץ איין און די זעלבע פראַגע: צי האָט געמוזט אזוי זײַן, אז אַף רעב מענאַשעס קאָפּ זאָלן זיך אויסשיטן די אלע פּוראָניעסן, זיי זײַנען דאָך ניט געקומען אַף אים צוליב עפּעס אַנדערס, ווי בלויז צוליב א פּאָשעטן כויוו, וואָס ער האָט ניט מאַקפּיד געווען צו סילעקן צום טערמין. ווען ער וואָלט אויס נויט אויסגעדרייט זיך מיט דער פּלייצע צו זײַן באַלכויוו, נו, מיילע. די נויט איז דאָך סאַפּקאָלסאָף ניט אָפּהענגיק פון איר קאָרבן. פאַלט א מענטש אַרײַן אין אירע אָרעמס, איז גלײַך ווי ער וואָלט אַרײַנגעפאַלן אין די אָרעמס פון א מאָנסטער, ניט אַרויסצורײַסן זיך אַף אייביק. אָבער רעב מענאַשע — ניט אויס נויט האָט ער ניט באַצאָלט זײַן כויוו; ער האָט פּאָשעט פאַרגעסן צו באַצאָלן.

— הי־הי, — האָט א לאַך געטאָן דער „הויט־שינדער“, וואָס איז גראָד געשטאַנען לעבן אונדזער טיש. — פאַרגעסן? און וואָס איז בעעצעם די שיקכעס[1], אויב ניט אזא מין נויט... מע פאַרגעסט, קעדיי עס זאָל פאַרגעסן ווערן... דער כויוו פון א קאַמצן.

— קאָן זײַן, אז אזוי איז עס, — האָט יאָסל אָפּגעענטפערט, — אָבער פאַר דער דאָזיקער שיקכע האָט רעב מענאַשע באַצאָלט א גאָר טײַערע פרײַז.

א פרומער ייִד איז ער געווען, רעב מענאַשע גאָלדפאַרב, און אַלץ, וואָס ער האָט געטאָן, איז דאָס געווען פון ייִראַס־שאָמאַיִם־וועגן, כאָטש זײַן אויסזען איז געווען פון א געוויינלעכן באַסאַר־וועדאָם. קרעפּטיק און שיין איז ער געווען, אָן באָרד און פּייעס און אָן א שוואַרצער זשופּיצע. א שוואַרץ קאַנטיק בערדעלע האָט באַקרוינט זײַן קין און צוגעגעבן א מענערישן אויסדרוק זײַנע ווייכע געזיכט־שטריכן.

און העיויס ער האָט געאַכפּערט דעם ריבוינעשעלוילעם, האָט ער ניט געשפּאָרט קיין טירכע צוצוּייגענען פאַר זיך א סאַך פון די ווערטן, וואָס דער אייבערשטער האָט באַשאַפן פאַר די אײַנוווינער פון דער דאָזיקער ערד... ער האָט זיך אויפגעשטעלט א קליין, באַשיידן הײַזל פון א פינף צימערן, פּאַרוקעט ערגעץ צווישן סאָסנעס און אַקאַציעס, טאָפּאָלן און פיקוסן, מיט דרײַ סאָרטן זשאַסמין און פינף מינים רויזן און נאָך פאַרשיידענע סאָרטן בלומען, קוסטן אוןביימער — פאַר דער טײַווע פון אַלע מענטשלעכע כושים. און אינעם הײַזל אינוווייניק האָט אויך גאָרנישט ניט געפעלט. באָרעכהאשעם, מעבל, פּראָיעקטירטע פון אַרכיטעקטאָרן, איז דאָרט געווען און טײַערע פּערסישע טעפּעכער, וואָס זײַנען שוין אַלט אַריבער הונדערט יאָר, און א פּאָרטעפּיאַנע, און זילבער־קיילים, און גאָלד־געשיר, און עלעקטרישע קיך־אײַנריכטונגען, און א ראַדיאָ־פּאַטעפאָן מיט פאַרשיידענע פּלאַסטינקעס פון כאַזאָנים און דזשאַז־מוזיק און נאָך א סאַך טײַערע כפייצים, וועלכע רעב

1 — דאָס פאַרגעסן.

מענאשעס פאָטער, אָלעווהאשאָלעם, וואָלט אוודע באַטראַכט, ווי קליינע פון שאָטן און ווי סימאָנים פון נאָענטן וועלט־אונטערגאַנג.

רעב מענאשע איז זיך נויהעג געווען אופצושטיין גאַנצפרי, אַדורכצושפּרייזן דאָס געסל מיט פאמעלעכע, געלאסענע טריט, האַנאָע האָבנדיק פון דער פרישער דופטיקער לופט, מיטן טפילן־ועקלע, דעם אויסגעהאָפטענעם אין זילבערנע און גאָלדענע פעדעם, אונטערן אָרעם — אין דער ריכטונג צום פרעכטיקן שול־ביניען, ווו עס האָבן געדאַוונט די כאָשעווע לײַט פון שטאָט. ער פלעגט טפילע־טאָן מיט גרויס קאַוואָנע, מאכן העפטיקע האַווײַעס, אַנבייגן עלאַסטיש די קני, מיט צוגעמאַכטע אויגן, קעדיי, כאָלילע, ניט אַרײַנצומישן דיוורע־בוילע[1] אין דער הייליקײַט פון די טפילעס. בלויז דאָ און דאָרט פלעגן זיך אַרײַנפלעכטן אין זײַן דאַוונען ברעקעלעך וואָכעדיקע טראַכטענישן, וואָס האָבן געשטערט זײַן מיסיאַכעד[2] זײַן זיך מיט זײַן גאָט, און דאָס צוליב דער שולד פון יענעם כאָסיד, וואָס האָט אים מעראַמעז געווען פון דער זײַט, אַז ער וואַרט אָף אים מיט אומגעדולד צו דערליידיקן אַזעלכע איניאָנים, וואָס בלויז זיי ביידע און גאָט אין הימל... האָבן געהאַלטן סאָד. און ווו איז דער צאַדיק, וואָס זאָל זיך ניט האָבן באַשעפטיקט מיט זאַכן, וואָס בעסער איז, אַז מע רעדט ניט וועגן זיי, און אַז ער זאָל ניט זײַן געשטערט אין די מאַכשאָוועס בעשאַס טפילע־טאָן?

צוריקקערנדיק זיך אַהיים, פלעגט רעב מענאשע אונטערלענען זיך דאָס האַרץ מיט אַ סאַך מײַכאָלים, ער זאָל קאָנען מאַכן וואָס מער בראָכעס איבערן עסן. און גלײַך, ווי ער האָט געוווּסט צו האַנאָע האָבן פון עסן, איז ער אויך מעסוגל געווען צו פאַסטן אַלע פינף טאַנייסים אין יאָר און אַפילע ניט אַ קוק טאָן אָף די מײַכאָלים ביז... ער האָט זיך ניט אײַנגעשאַפט אַ בעפיירעשע צײַגעניש פון דאָקטער, וואָס איז אים מאַטיר די אַכילע, ווײַל דאָס פאַסטן קאָן אים שאַטן צום געזונט.

בעקיצער, מײַן טײַערער פרײַנט, אומעטום, ווו מענאשע האָט זיך געקערט און געווענדט, צי באַם טיש און אין דער שול, צי אין בעט און אין זײַנע געשעפטן, אין גאַס צווישן מענטשן, האָט ער ראַק געטאָן גאָטס ווילן און גאָט האָט אים באַצאָלט מיט דער ברייטער האַנט, דאָס מאַזל האָט אים צוגעשפּילט פון סאַמע אָנהייב אָן, צוערשט אַלס טוך־פאַבריקאַנט האָט ער געזען אַ בראָכע אין זײַן מעלאָכע. אָנגעהויבן האָט ער פון דעם, וואָס ער האָט קימאַט בעכינאָם אָפּגעקויפט פיר אַלטע וועבשטולן, וואָס זײַנען איבערגעבליבן נאָך די אַראַבער, אײַנגעמאָנטירט די מאַשינעס אין אַ קלייט, וואָס האָט פריִער געדינט פאַר אַן אַראַבישן יוּוועליר־וואַרשטאַט. דערנאָך האָט ער געדונגען אַרבעטער־מומכים[3], וואָס האָבן פאַר אים געוועבט דעם שטאָף. האָבן די אַרבעטער און די מאַשינעס געוועבט און געוועבט טאָג און נאַכט. אין פינף יאָר אַרום האָבן זיי אויסגעוועבט פאַר רעב מענאשען נאָך פערצן וועבשטולן.

איצט האָט זײַן פאַבריק זיך צעלייגט איבער דרײַ קלייטן, וואָס נאָכן אומוואַרפן די ווענט האָבן זיי זיך פאַרוואַנדלט אין איין גרויסן פאַבריק־האָל. אָבער אויך אָט דער האָל איז געוואָרן ענג פאַר אַרײַנשטעלן נאָך מאַשינעס, האָט דעריבער מענאשעס וועבערײַ געטאָפּטשעט זיך, קאָן מען זאָגן, אָף איין אָרט. און אויך דער רעווען האָט זיך ניט געוואָלט פאַרגרעסערן, מענאשע האָט אַרײַנגעקלערט אין דער זאַך אַרײַן און באַרעכנט און אויסגעפונען, אַז דורך געוויסע ענדערונגען און אויסבעסערונגען וועט ער גויוער זײַן דעם דאָזיקן מיכשל[4]. גערעדט און געטאָן. איינעם נאָכן אַנדערן האָט ער אָפּגעזאָגט אַ העלפט פון זײַנע אַרבעטער און די צווייטע, די איבערגעבליבענע, העלפט האָט מיט ווייניקער הויצאָעס אויסגעוועבט די פריִערדיקע צאָל שטאָפן. אָבער אויך צו די דאָזיקע „אויסבעסערונגען” האָט דער אייבערשטער געשטעלט אַ גרענעץ...

האָט רעב מענאשע ווידער געקנייטשט דעם שטערן, גערעכנט און איבערגערעכנט, געמעקט און געשריבן, ביז ער איז געקומען צו דעם, אַז קעדיי צו פאַרגרעסערן זײַן פאַבריק, דאַרף מען טאָן אַ גרויסע זאַך פאַר דער מעדינע, נעמלעך, מע דאַרף זיך אַראָפּלאָזן אין נעגעוו און דאָרט אופשטעלן אַן אונטערנעמונג, וואָס זאָל מעפאַרנעס זײַן יִדן־עווייונים.

אַהער־אַהין, רעב מענאשע איז אַוועק אָפּשטאַטן אַ וויזיט אין דעם שיינעם הויז פון זײַן אייגענער פאַרטיי און געבעטן הילף צו פאַרווירקלעכן זײַן גרויסן כאָלעם, צולייגן אַ ציגל, מער ניט ווי אַ ציגל אין גרויסן ביניען־האָאָרעץ[5]. די פאַרטיי האָט אים רעקאָמענדירט צו גאָר אַ גרויסן אסקן און מעיוכעס. איז מענאשע ניט פויל געווען און באַווילִיקט צו באַזוכן דעם דאָזיקן כאָשעוון מעלוכע־אסקן און טאַקע, איידער וואָס־ווען, אַוועקגעלייגט אָפן טיש אַ קאָנאַקנדיק פאַפירל ווי אַן אַדערוף אָף צו באַטייליקן זיך אין די הויצאָעס פון דער טירכע אַרום דער פאַרווירקלעכונג פון זײַן טרוים. האָט דער כאָשעווער אסקן פאַרשטעקט דאָס פאַפירל אין וועסטל־קעשענע,

---

[1] — וואָכעדיקע רייד; [2] — אָפּזונדערן זיך; [3] — הויכקוואַליפיצירטע; [4] — שטערונג; [5] — בויונג פון דער מעלוכע.

א גלעט געטאָן דאָס גראָווע בערדל און ארויסגעזונגען עלעהיי א געמאָרע־ניגנדל: זעץ זיך אוועק, מײַן זון, און דערצייל מיר פון דײַנע צאָרעס און דער אייבערשטער וועט העלפן. האָט מענאשע געטײַנעט זײַנע טײַנעס און דער אסקן האָט געטאָן, וואָס מע באדארף, און דער איניען מיטן אופשטעלן א פאבריק אין נעגעוו איז אוועק אפן ריכטיקן אָרט. די צײַטונגען האָבן זיך ברייט צעשריבן וועגן דער גוואלדיקער קאָרבאָנעס־גרייטקײַט פון דעם אינדוסטריע־כאָלוץ רעב מענאשע גאָלדפארב און אלע האָבן אים באגריסט און געבענטשט פארן שיינעם אופטו.

און רעב מענאשע אליין האָט אין יענע טעג לעגאמרע ניט געוווסט, וואָס עס איז אזוינס זיך אָפּצורוען. רײשיס־כאָכמע, איז ער ארײַנגעפאָרן קיין עשקלוין צו באקוקן דעם שעטעך, וואָס דער „אופזועער איבער די פארלאָזענע גיטער" האָט אים צוגעטיילט צום אויסבויען די פאבריק; ווײַטער, האָט ער געגנוי אדורכגעטראכט די פאָרשיידענע פאָרשלאָגן פון די מאשינבוי־געזעלשאפטן, ווײַל די רעגירונג האָט דאָך אָפּגעקויפט בא אים די אלטע אויסגעארבעטע וועבשטולן פאר מעזומען געלט, קעדיי ער, מענאשע, זאָל זיך קאָנען אויסשטאטן זײַן פאבריק מיט שפּאָגלנײַע מאשינעס. האקלאל, רעב מענאשע איז געווען פארנומען איבערן קאָפּ, ווײַל, אויסער דעם אלעמען, איז ער דאָך אויך געווען א כאָשעווער אסקן אין זײַן שטאָט, וועלכע האָט ארופגעלייגט אָף זײַנע פלייצעס פארשיידענע, גאנץ וויכטיקע היסכײַוועסן. רעב מענאשע איז געווען א גאבע אין דער שטאָטישער שול און אין זײַנע הענט זײַנען געלעגן די טרומעס[1] פאר די יעשיוועס און יעסוימים־הײַזער. ער האָט זיך ניט אָפּגעזאָגט פון זײַנע געזעלשאפטלעכע היסכײַוועסן אפילע דאן, ווען אייניקע, זײַנע ניט־פארגינערס, פארשטייט זיך, האָבן זיך געשושקעט הינטער זײַנע פלייצעס, אז ער לייגט צו דער „באָבעס יערושע" צו די קאָהעלשע געשעפטן, אז אין די כעזשבוינעס פון דער יעשיווע און פונעם בייס־יעסוימים[2] „שטימט עפּעס ניט". אָבער קיין מאמאָשעסדיקן שאָדן האָט ער פון די „ניט־פארגינערס" ניט געליטן, ווײַל ס'ראָוו אײַנוווינער האָט געגלייבט אין דעם, אין וואָס עס איז אָנגענומען צו גלייבן, און געקלערט אזוי, ווי עס ווילט זיך קלערן, און וועגן רעב מענאשען האָט מען געטראכט קולע גוטס: א ייִד א ייִראס־שאָמאַיִם, א יאשערדערעך[3], א שיינער מענטש און א באלצדאָקע. אָבער ניט געקוקט אָף דעם, האָט רעב מענאשע ניט איין מאָל א קלער געטאָן, אז „אייזנלנע טראָפּנס וואסער לעכערן אדורך אמאָל א פעלדז". ער האָט אויסגעקוקט א גינסטיקע געלעגנהײַט צו פארשטילן די אינטריגאנטן.

און ניט בלויז דער בייס־האקנעסעס[4], די יעשיווע און דער בייס־יעסוימים האָבן געהאלטן רעב מענאשען צוגעשמידט צו זײַן שטאָט, ער איז זיך נויהעג געווען צו העלפן ייִדן קויפן און פארקויפן הײַזער און ניט־פארבויטע ערד־כאָלאָקים, נאטירלעך, ניט אָן „א געוויסער אנטשעדיקונג" פאר דער טירכע. ער האָט אויך אויסגעליִען געלט פאר נויטבאדערפטיקע מענטשן — ניט געמיִעסט זיך מיט דעם. כאָטש זײַנע רעכילעסניקעס האָבן געוואָרטשעט, אז ער רײַסט אָפּ די הויט, נעמענדיק שווארצע פּראָצענטן...

קורץ גערעדט, מײַן פרײַנט, רעב מענאשע איז געווען שטארק צוגעבונדן צו זײַן שטאָט, ווי א פערד צום וואָגן, און ער האָט ניט געפונען אין זיך גענוג קויעך, קעדיי אָפּצורײַסן זיך און כאָלילע איבערלאָזן זײַן שטאָט אָף העפקער. פון דעם וועסטו פארשטיין, גוטער־ברודער, אז רעב מענאשע האָט געהאט א הייסן פארלאנג צו געפינען עמעצן, וואָס זאָל קענען אָנפירן מיט זײַן אונטערנעמונג אין נעגעוו.

און דאָ אין סאמע מיטן פון אלע אָנשטרענגונגען, דײַגעס, זאָרגן און האָפענונגען צו אופהערן זײַן יענער מענאשע, וואָס פארמאָגט בעסאכאקל א קליין ווארשטאטל אין יאפע, ווי זײַנע קאָנקורענטן האָבן אים כויזעקדיק אָנגערופן, און צו ווערן סאָפּקאָלסאָף א פאבריקאנט פון גרויסן פּארנעם — דער אינדוסטריִעלער רעב מענאשע גאָלדפארב, — יאָ, אין סאמע מיטן פון די דאָזיקע טעג, האָט זײַן פרוי, די גוועראס[5] זעהאָווא, זיך געגרייט צו איר פינפטן געבורט. רעב מענאשע האָט זיך פארלאָזט אָף זײַן גאָט און געגלייבט, אז דאָס מאָל וועט דער אייבערשטער אים צושיקן א זון, ווײַל אנדערש קאָן נאָך, כאָלילע, זײַן נאָמען אָפּגעמעקט ווערן פון דער ערד, אפילע קיין קאדיש וועט נאָך אים ניט בלײַבן צו פארזיכערן די רויִקײַט פון זײַן נעשאָמע, און זײַן גאנצע האָרעוואניע אָף דער דאָזיקער וועלט וועט זײַן אומזיסט־אומנישט. פלעגט ער אכטונג געבן אָף זײַן פרוי, זי וואָרענען פון אינדערפרי ביז שפּעטער נאכט, זי זאָל זיך ניט פארקוקן אָף קיין באלמום, טאָמער, כאסוועשאָלעם, וועט זי אים געבוירן א פארזעעניש.

און אָט, דארף זיך מאכן, אז עטלעכע וואָכן פארן געבורט, ווען עס האָט אויסגעזען, אז די מאדאם זעהאָווא האָט פארגעסן פון אלדאָסבייז, האָט זי זיך גאָר צעוואָרטלט מיטן קלייטניק יעכיִעל צוליב עפּעס א נארישקײַט, איך זאָג דיר, א גאָרניט־שעבעניט, און אופגעהערט אײַנצו־

---

[1] — באשטײַערונגען; [2] — יעסוימים־הויז; [3] — אן ערלעכער; [4] — בעסמעדרעש; [5] — מאדאם.

קויפן בא אים. און די קלייטניקעס זײַנען דאָך, ווי באוווּסט, א פּאַלק פון נויקעם־וועגוויטערניקעס[1], וועלכע זײַנען קיינמאָל אין דער וועלט ניט מוחל דעם יעניקן, וואָס הערט אויף בא זיי צו קויפן. די מאדאם זעהאָווא, ווען זי וואָלט בלויז אופגעהערט צו קויפן בא יעכיעלן, נו, מיילע, וואָלט עס נאָך געווען א האלבע צאָרע. אָבער זי איז צום שלימאזל נאָך שולדיק געבליבן אין קלייט א כויוו פון עטלעכע צענדליק פונט, און ווען יעכיעל פלעגט אריינקומען נאָכן געלט, האָט ער שוין צום וויפלטן מאָל באקומען דעם ענטפער: מײַן מאן איז ניטאָ אין דער היים.

וואָס איז דאָ א סאך צו ריידן, גוטער־ברודער, עס האָט געשלאָגן די שאָ און די גווערעס זעהאָווא דאַרף גיין צו קימפעט. האָט זי געשיקט א טעלעגראמע צו איר יינגערער שוועסטער אין כייפע, זי זאָל לעמאנאשעם קומען צו פאָרן און פארנעמען איר, זעהאָוועס, אָרט אין דער הויז־באלעבאטישקײַט, אכטונג געבן אף דער דינסט, אָפּהיטן דעם לעבנסשטייגער פון איר מענאשען, עס זאָל אים גאָרניט פעלן בייס איר אָפּוועזנהײַט, אוקעדוימע, און דערנאָך געלאָזט זיך אָפּפירן פון מענאשען אין שפּיטאָל ארײַן.

...איז אראָפּגעקומען די יינגערע שוועסטער, ס'הייסט מענאשעס שוועגערן, פון כייפע, און ער האָט זי אָנגעקוקט מיט א פּאָר אויגן, גלײַך ער וואָלט זי דערזען צום ערשטן מאָל: א מיידל, א רייצנדיקע שיינהײַט, שטייט פאר זײַנע אויגן. איר קערפּער — שלאנק און צאַרט; איר ברוסט — הויך און פול; איר האלדז — לענגלעך־ווײַס, ווי בא א שוואן, און איר קאָפּ — שווארץ געלאָקט און עטוואָס צעשויבערט; די ברוינע אויגן זײַנען ברייט צעעפנט און די הויכע פּיס ווי אויסגע־טעסעט און פול מיט כיין, און אלץ צוזאמען אינגאנצן אן אנדערס, ווי יענץ מאָגער, שעמעוודיק מיידל, וואָס ער האָט געזען מיט עטלעכע יאָר צוריק.

און אזויווי רעב מענאשע האָט געהאט א געפיל פאר שיינקײַט און געזוכט די ליבשאפט, האָט ער זיך געפלײַסט צו געפינען כיין בא דער שוועגערן און וואָס מער צײַט צו פארווײַלן זיך נאָענט לעבן איר, קעדיי זי זאָל זיך ניט פילן איינזאם. ער האָט מאשפּיע[2] געווען אף איר מיט א שיין וואָרט און ניט געשפּאָרט אפילע א פּאַטערלעכן גלעט — פארוואָס זשע ניט? — קעדיי אויסצו־דריקן זײַן אנערקענונג פאר איר פלײַסיקײַט און איבערגעגעבנקײַט. און טאָג בא טאָג, ווען די דינסט מיט די טעכטער פלעגן ארויסגיין שפּאצירן, פלעגט ער גיכער ווי אלעמאָל קומען פון דער שול, זיך באפרײַען פון זײַנע געשעפטן און ברענגען דער יינגערער שוועסטער זיסע דעלי־קאטעסן, קוקנדיק מיט האנאָע, ווי זי דעקט אָפּ באם נאשן אירע ווײַסע ציין און פילט אָן דעם רוים פון צימער מיט די קלאנגען פון איר פארשיקערנדיקן געלעכטער. דעמלט פלעגט ער פריילעך אָפּזיפצן און טאנצן ארום איר, ווי א בער, וואָס דער רייעך פון האָניק קיצלט זײַנע נאָזלעכער. פּלוצלינג פלעגט ער זיך אנידערזעצן, ווי איינער, וואָס איז מיד געוואָרן נאָך א שווערער ארבעט, און צופן די באָרד און אויסרופן מיט א גערירטער שטים: „קום אהער, מײַן זיסקײַט, זעץ זיך צו לעבן מיר, רו אָפּ... גענוג געארבעט הײַנט! נו, קום, קום, זעץ זיך! און איצט זאָג מיר, וואָס פאר א מאטאָנע ווילסטו, כ'זאָל דיר קויפן? די טײַערסטע מאטאָנע וועל איך דיר קויפן! נו זאָג, זאָג". און זי, פון איר זײַט, פלעגט אראָפּלאָזן אירע לאנגע ווײַעס און שטאמלען מיט א זיסן ציטער: „מע דאַרף ניט, רעב מענאשע, מע דאַרף ניט..."

קורץ, פרײַנט מײַנער, ליבשאפט און יוגנט־ברויז האָבן באהערשט רעב מענאשעס הויז, און אויך אין זײַנע געשעפטן האָט גאָט ארײַנגעשיקט די מאזלבראָכע. דער מאסע־מאטן מיט דער רעגירונג וועגן א פאבריק אין נעגעוו האָט געהאלטן באם פארענדיקט ווערן און אויך די האלוואָעס האָט מען אים צוגעזאָגט צו פארגרעסערן ביז א פערטל מיליאָן פונט.

אָבער אין צווישן־צײַט האָט די גווערעס זעהאָווא געבוירן מיט מאזל א... טאָכטער, און אין איר גרויסער פארביטערונג האָט זי אויסגעלאָזט איר קאַס אף וועמען עס האָט זיך נאָר געלאָזט: אף דער קראנקן־שוועסטער, לעמײַ זי איז ניטאָ דאפקע אין דער רעגע, ווען מע נייטיקט זיך אין איר, און איז דאָ דעמלט, ווען מע באדאַרף זי ניט; אפן דאָקטער האָט זי זיך צעבייזערט, ווײַל ער איז ניט גענוג אופמערקזאם צו איר; אף דעם ניט געשמאקן עסן; אף דער ענגשאפט, ביז עס איז דערגאנגען אזוי ווײַט, אז די הויפּטשוועסטער האָט איר פאָרגעוואָרפן:

— גווערעס, איר זײַט צופיל צעפּיעשטשעט און מיט צופיל קאַפּריזן פאר א געזעלשאפטלעכן הייל־אנשטאלט! מיר האָבן אזוי אויך גענוג צאָרעס אָן אײַערע מעשוגאסן!

האָט די גווערעס זעהאָווא א קוק געטאָן אף דער הויפּטשוועסטער, דערנאָך אף אירע שכיי־נעס, די קימפעטאָרנס, מיט א בליק, וואָס האָט געוואָרט, זיי זאָלן זיך אָנעמען איר אוולע און זיך שטעלן אף איר זײַט. נאָר ווען זי האָט דערזען אין זייערע אויגן ניט קיין מיטגעפיל, נאָר, פאר־קערט, א בעפּיירעשע טאדלונג און אפילע עקל אף איר ניט שיינער אופירונג לעגאבע דעם שפּיטאָל־פּערסאָנאל, האָט זי געפּאָדערט, מע זאָל זי טייקעף צוריקשיקן אהיים.

---

[1] — נעקאָמע־נעמער; [2] — געווירקט.

די שוועסטער האָט לאַנג ניט געוואָרט און, באַקומענדיק די דערלויבעניש פון דאָקטער, האָט זי די גוועדעס זעהאַוואָ אויסגעשריבן פון שפּיטאָל. פון גרויס קאַס האָט די מאַדאַם גאָלד־פאַרב פאַרלאָזן דעם הייל־אַנשטאַלט, ניט זאָגנדיק קיינעם אַפילו אַ „זײַ־געזונט“.

ווען די טאַקסי מיט דער קימפּעטאָרן איז געבליבן שטיין בײַ איר הויז, איז דאָס געסל געווען לער פון מענטשן און אַ פּוילקײַט פון אַ שווערן כאַמסין־טאָג איז געהאַנגען אין דער לופט. אַז די גוועדעס זעהאַוואָ האָט דערזען, אַז איר הויז איז פאַרמאַכט אַרום און אַרום, האָט זי אַדורכגע־נומען אַ געפיל פון איינזאַמקײַט און פאַרלאָזנקײַט. זי האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין, וויאַזוי האָט זי זיך דערוועגט צו פאַרלאָזן דעם שפּיטאָל, ניט געבנדיק פריִער צו וויסן איר מאַן, רעב מענאַשען. זי האָט געפּרוּווט אויפשליסן די טיר און דער שלאָס האָט עפּעס ניט נאָכגעלאָזט. טרערן האָבן זיך איר געשטעלט אין די אויגן, די טרערן האָבן זיך אַראָפּגעקײַקלט פון איר געזיכט אויף איר קינד און אײַנגעזאַפּט זיך אין די וויקעלעך, — ניטאָ קיין לעבעדיקער נעפעש, וואָס זאָל איר אַרויס־העלפן כאָטש מיט אַ גוט־וואָרט.

און דאָ, אינמיטן דערינען, האָט זי דערזען פונדערווײַטנס יעכיִעל דעם קלייטניק, וועלכער, ווי זײַן שטייגער איז, קאַטשעט זיך אַרויף אין געסל, מיט די אויגן אַראָפּגעלאָזט צו דער ערד. האָט די גוועדעס זעהאַוואָ אָפּגעוויִשט די טרערן און אים אַ רוף געטאָן:

— יעכיִעל, יעכיִעל! ווי אַ מאַלעך ביסטו מיר פון הימל אַראָפּגעשיקט געוואָרן... דו זעסט, יעכיִעל, איך שטיי דאָ און קאָן ניט עפענען די טיר...

קוקט אויף איר יעכיִעל, גלײַך ער וואָלט זיך אויפגעכאַפּט פון כאַלעם:

— מאַזלטאָוו! גוועדעס זעהאַוואָ... זײַט מיר מויכל, וואָס איך בין ווידער געקומען... די געשעפטן גייען שוואַך...

— טו מיר אַ טויווע, יעכיִעל, — האָט מאַדאַם גאָלדפאַרב געבעטן, און אָנגעגריפענע פון געוויסנביסן דערפאַר, ווײַל זי איז אים נאָך שולדיק געבליבן דעם כויוו, און טאַקע דאָ אויפן אָרט באַשלאָסן אים צו באַצאָלן דאָס געלט. — עפן, זײַ אַזוי גוט, די טיר און די פענצטער אין שלאָפצימער... קעדיי עס זאָל זיך אויסלופטערן אַ ביסל... פאַרן זויגקינד...

האָט יעכיִעל געטאָן, ווי זי האָט אים געבעטן, און אין זײַן האַרצן האָט זיך געשטאַרקט די האָפענונג, אַז די גוועדעס זעהאַוואָ וועט ווידער אָנהייבן אײַנצוקויפן בײַ אים אין געוועלב.

די דירע איז געווען אײַנגעהילט אין אַ קילער טונקלעניש, דער ווייכער טעפּעך האָט אײַנ־געשלונגען דעם אָפּהילך פון זײַנע טריט. פּלוצלינג האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז ער האָט גע־הערט עפּעס אַ שאָרך. ער האָט זיך פאַרהאַלטן אַ רגע און זיך אײַנגעהערט. ווען ער איז צוגע־קומען צום שלאָפצימער, האָט ער ווידער דערהערט יענעם שאָרך, באַגלייט מיט אַ מענטשלעכן זיפץ דערצו. צוערשט איז אים באַפאַלן אַ ווילן צו אַנטלויפן פונדאַנען, עלע וואָס דען, ער, יעכיִעל, איז געווען אַ גרויסער אַקשן און האָט אויך ניט געוואָלט זיך אַרויסווײַזן פאַר אַ פּאַכדן אין די אויגן פון דער פרוי זעהאַוואָ. פון גרויס שרעק האָט זיך אים פאַרהאַלטן דער אָטעם. ניט געקוקט אויף דעם, האָט ער זיך אָנגענומען מיט קויעך און אָן עפן געטאָן די טיר פון שלאָפצימער, נאָר ווידער ניט געהאַט קיין קראַפט אין זיך צו שטעלן אַ טראַט פאָרויס, גלײַך עמעצער וואָלט אים אָנגעכאַפּט באַם אַקסל. דאָס האַרץ האָט זיך אין אים איבערגעקערט און די צונג אַפילו האָט אים אָפּגעזאָגט איר געהאָרכזאַמקײַט. האַלטנדיק זיך נאָך באַם הענטל פון דער טיר, דאָס מויל האַלב צעעפנט, איז ער געשטאַנען און געקוקט אויף דער יינגערער שוועסטער זעהאַוואָס, וועלכע איז אַרויסגעשפּרונגען פון בעט אַרויס, מיטשלעפּנדיק נאָך זיך אַ לײַלעך אויף צו פאַרדעקן איר נאַקעטקײַט. רעב מענאַשע, ווידער, האָט אין דער סעקונדע געוואָלט זיך אַרײַנגראָבן אין די קאָלדרעס און קישנס, ווי ער וואָלט געפּרוּווט נעלעם ווערן. די יינגערע שוועסטער איז צוריק־געטראָטן מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, ווי אַ געפאַנגענע כײַע, און יעכיִעל קוקט איר אַלץ נאָך און לאָזט ניט אַראָפּ פון איר די אויגן. נאָר ווען ער האָט דערהערט די שטים פון דער גוועדעס זעהאַוואָ, איז ער צו־זיך געקומען און איז אַרויסגעלאָפן פון שלאָפצימער מיט אַ געשריי:

— ווינד און וויי איז צו מײַנע אויגן! — און אַזוי דעם גאַנצן וועג ביז צו זײַן קלייט האָט ער ניט אויפגעהערט צו שרײַען און רופן: — יידן, לויפט זען, לויפט קוקן, וואָס מײַנע אויגן האָבן געזען אין שלאָפצימער פון רעב מענאַשע!

און רעב מענאַשע איז אַרײַנגעפאַלן אין מויל פון דער גאַנצער שטאָט. דער האָט אים געזען אַנטלויפן דורכן פענצטער אין די הוילע אונטערוועש און יענער האָט אים געזען באַם איבערשנײַדן זיך די אָדערן; דאָ האָט מען געזען, ווי די יינגערע שוועסטער בינדט זיך אָן אַ שטריק אויפן האַלדז, און דאָרטן, ווידער, ווי די מאַדאַם גאָלדפאַרב האָט מיט אַ טאָפּ קאָכעדיקן וואַסער אויסגעברענט דער כייפער בילד־שיינהײַט די אויגן. קורץ פון דער זאַך, מײַן פרײַנט, וויפל עס זײַנען פאַראַן מײַלער אין שטאָט, אַזוי פיל זײַנען אויפגעקומען וואַריאַנטן פון דעם, וואָס עס איז פאַרלאָפן אין הויז פון רעב מענאַשע.

צוויי טעג האָט מען געהאַלטן אין איין ארומריידן די געשיכטע אומגעשטערט, וויפל איינעם דאָס הארץ האָט געגלוסט, נאָר אפן דריטן טאָג זײַנען די ווענט פון די הײַזער פארקלעפּט געוואָרן מיט גרויסע קויל-קוירעס, וועלכע האָבן אָנגעזאָגט וועגן א „פּאָלקס-אסיפע" מיט דער באַטיילי־קונג פון ראַבאָנים, געווינים און אנדערע מעיוכאָסים. מיט גרויסע ווערטער איז אויך אָפּגעדרוקט געוואָרן דער נאָמען פון צווייטן קאנדידאַט צו די וואלן פון א ראָש־האַיר, רעב מענאַשע גאָלדפּארב.

טויזנטער זײַנען געקומען צו דער „אסיפע" אויסצוהערן רעב מענאַשען און אָנצוזעטיקן מיט אים זייערע נײַגעריקע בליקן. אלע האָבן באַגערט צו דערוויסן זיך דעם עמעס: צי האָט ער געגנויפעט, אָדער ניט געגנויפעט?

רעב מענאַשע האָט גערעדט מיט ברען וועגן די אופגאַבן פון בירגער אין לעבן פון דער שטאָט און אין קרײַז פון דער אייגענער מישפּאָכע און וועגן דער גוירלדיקער שליכעס פון רע־ליגיעזן יידנטום, וועגן דער אויסגעלאסנקײַט, וואָס פארשפּרייט זיך, ווי א מאגיפע, וועגן מאנגל אין צניעס און וועגן יאָגן זיך נאָך מאטעריעלע דערגרייכונגען, פארנאכלעסיקן דאָס גײַסטיקע לעבן און פארקויפן די נעשאָמע פאר געלט, וועגן נאָכגעבן די שמאַד־שטיק פון יעיצערהאָרע און נאָך און נאָך. ווי א געניטער רעדנער, האָט ער זיך ניט באַנוגנט מיט בלויזע ווערטער. אָף צו פארפעסטיקן זײַנע אויספירן האָט ער געבראַכט א שלאָגפערטיקן, איבערצײַגנדיקן בײַשפּיל:

— אָט לאָמיר ארויסגיין... און א קוק טאָן, וואָס עס טוט זיך בא אונדז אין שטאָט, — האָט ער אויסגערופן מיט א געהעכערטער שטים, קעדיי איבערצושטאַרקן די שעפּטשערײַ, וואָס האָט ארומגעכאַפּט דעם אוילעם. — אין מײַן שכיינעס איז פאראן א קלייטניק, א קרעמער, ווי אלע קרעמערס... א באָסאַר־וועדאָם... א געוויינלעכער ייִד. האָט דער בארעמהערציקער פאָטער אין הימל געוואָלט, אז מײַן איישעס־כאַיִל, זאָל זי מיר לעבן ביז הונדערט און צוואנציק, האָט אופגע־הערט בא אים אײַנצוקויפן... שוין דער פאקט אליין, וואָס א קלייטניק פארטרײַבט פון זיך די קוינים, צווינגט אונדז צו פארטראַכטן זיך, אָבער ניט אין דעם ליגט דער איקער... — אין זאָל איז געוואָרן א טומל און דער יוישעוו־ראָש[1] האָט געמוזט קלאַפּן קעסיידער אין טיש ארײַן, ביז די געמיטער האָבן זיך א ביסל באַרויִקט און רעב מענאַשע האָט ווײַטער מאַמשיך געווען. — ראַ־בויסײַ! די סינע פון קלייטניק צו מיר איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג, זאָל אים דער אייבערשטער פאר דעם מויכל זײַן, און אין איינעם א העלן פרימאָרגן איז ער באַגאַנגען א פארצווייפלטן שריט און אויסגעטראַכט אָף מיר אַן עקלהאַפטן בילבל! ראַבויסײַ! איך וועל אײַך אנטפּלעקן א סאָד, איך וויל פון אײַך גאָרניט אויסבאַהאַלטן! מיר זײַנען כוישעד, זייער ערנסט כוישעד, אז א בייזוויליקע האַנט האָט אונטערגעקויפט דעם אָרעמען קלייטניק, קעדיי צו פארשוואַרצן דאָס פּאָנעם פון מײַן פּארטיי און מעטאַמע זײַן איר לויטער ריינעם נאָמען, און דאָס אלץ, אבי צו קריגן אײַערע שטי־מען אין טאָג פון די וואלן...

וואָס זאָל איך דיר זאָגן, מײַן פרײַנט, אז רעב מענאַשע האָט פארענדיקט זײַן רעדע, האָט מען אים ארומגערינגלט פון אלע זײַטן און געבענטשט פאר זײַן גלענצנדיקער ארויסטרעטונג און ער האָט אָפּגעדאַנקט מיט זײַנע צעשמייכלטע אויגן און מיט א לײַכטן בייג פון קאָפּ.

יעכיִעל דער קרעמער האָט ווײַטער מאַמשיך געווען צו דערציילן די אײַנגייער פון זײַן געוועלב וועגן דעם, וואָס זײַנע אויגן האָבן געזען בא רעב מענאַשען אין שלאָפצימער, עלע וואָס דען, זײַנע צוהערער האָבן זיך דערבײַ איבערגעוווּנקען מיט די אויגן און זייער צאָל איז קלע־נער געוואָרן פון טאָג צו טאָג.

האָט יעכיִעל דעם קלייטניקס פרוי דערזען, אז אירע קוינים ווערן שיטערער, האָט זי אליין אויך אָנגעהויבן צו צווייפלען אין דער ריכטיקײַט פון דעם מאנס ווערטער און א כשאד האָט זיך פארגאַנוועט אין איר הארצן: טאָמער איז איר מאַן געווירט געוואָרן, כאָלילע, אין די געדאַנקען. איז זי צוגעפאַלן צום רעשט ביסל קוינים, זיי זאָלן ראַכמאָנעס האָבן אָף אירע קינדער און ניט צונעמען בא זיי דאָס שטיקל ברויט. זי האָט געהאַלטן אין איין ארײַנטײַנען אין זיי, אז דעם מאַנס שוואַכקײַט איז א פארבײַגייענדיקע — זי איז געקומען אָף אים צוליב דײַגעס־פּארנאָסע.

נאָר יעכיִעל, ווי ניט אים מיינט מען עס, האָט אלץ געשאָלטן רעב מענאַשען און בעפּאַר־העסיע אים אָנגערופן מיט אזעלכע צונעמענישן, וואָס האָבן געגרילצט אין די אויערן, ווי „שאַר־לאַטאַן", „אלפאָנס", „רעצייעך פון בסולעס" און דאָס גלײַכן; אפן ווײַב פלעגט ער אָנפאַלן פאר אבי־וואָס; זײַנע געוועזענע קוינים פלעגט ער פארהאַלטן אינמיטן גאַס און פארפירן מיט זיי א קריג; אין בעסמעדרעש פלעגט ער זיך באַווײַזן וואָס אמאָל ווייניקער, קעדיי אויסצומײַדן די שטעכווערטלעך פון די בייזע צינגער, — אזוי גרויס איז געווען זײַן פארביטערונג צוליבן כוי־

---

[1] — פּאָרזיצער.

זעק און אומצוטרוי, וואָס ער האָט אָנגעטראָפן אף יעדן טריט און שריט. די מענטשן, פון זייער זײַט, האָבן אָנגענומען זײַן פאַרביטערונג ווי א שטראָף פון גאָט, וואָס האָט בא אים צוגענומען דעם סייכל. און קאָן זײַן, מײַן פרײַנט, אז יעכיִעל דער קלייטניק וואָלט אײַנגאַנצן אראָפּ פון זינען און פאַרענדיקט זײַן לעבן אין אן אנשטאַלט פאַר גײַסטיק-קראַנקע, ווען ניט א שאָכן, וואָס האָט אף אים ראַכמאָנעס געקראָגן און אים דערציילט וועגן דער אסיפע און וועגן מענאַשעס רעדע, ראַטנדיק אים איבערצוריַיסן מיט די נאַרישקײַטן, ווײַל רעב מענאַשע איז דאָך באַוווּסט, ווי א מענטש א יִיראַס-שאָמאַיִם, אן אָפּגעהיטער אין אַלע טאַריאַג-מיצוועס[1].

בא די ווערטער איז יעכיִעל דער קלייטניק אופגעציטערט געוואָרן און, א בלאַסער ווי די וואַנט, האָט ער באַלד אפן אָרט באַשלאָסן, וואָס עס זאָל ניט זײַן, צו צווינגען רעב מענאַשען אָפּצולייקענען עפנטלעך דעם בילבל, וואָס ער האָט געוואָרפן אף אים, און אויב ניט, וועט ער אים מאַכן פאַר א באַלמום אפן גאַנצן לעבן.

פאַרנאַכט-צו האָט ער געשלאָסן זײַן געוועלב פריִער ווי געוויינלעך, אויסגעזוכט אפן הויף א הענטל פון א לאָפּעטע, און שטיל, פון קיינעם ניט באַמערקט, אַרויסגעשלײַכט זיך אין דרויסן. פאַרגאַנווּעט זיך אונטער א פּיקוס-בוים, וועלכער איז זיך פאַנאַנדערגעוואַקסן פּונקט אפן אָרט, ווו רעב מענאַשע פלעגט יעדן אָוונט פאַרבײַגיין באַם צוריק-קער אהיים פון מײַרעוו.

און אָט דערנעענטערט זיך רעב מענאַשע: אן אויסגעפּוצטער, מיט געמאָסטענע, געלאַסענע טריט. ער זינגט זיך עפּעס שטיל צו און ווייסט פון גאָרניט. פּלוצלינג דערהערט זיך א גוואַלדיק ביטערער אויסגעשריי: „ראַטעוועט! ראַטעוועט! אנטלויפט, רעב מענאַשע, אנטלויפט, אנט-לויפט!..” דאָס האָט געשריִען יעכיִעלס ווײַב, וועלכע האָט שוין זײַט עטלעכע טעג נאָכגעקוקט איר מאַן, ווו ער גייט און שטייט, קעדיי אים אויסצוהיטן פון א ניט-באַרעכנטן שריט.

וואָס זאָל איך דיר דערציילן, מײַן פרײַנט, אזא איימע איז מענאַשען זינט ער לעבט נאָך קיין איין מאָל ניט באַפאַלן. אין יענעם אומגליקלעכן אָוונט האָט די שרעק, גלײַך זי וואָלט אים אָנגעטאָן פליגלען אף די פּלייצעס, א ריס געטאָן רעב מענאַשען מיט אזא קויעך פון אָרט און מיט אזא לײַכטקײַט, אז ער האָט זיך אוועקגעלאָזט אין גאַלאָפּ, ניט פילנדיק די פיס אונטער זיך. אָבער די דאָזיקע לײַכטקײַט און פלינקײַט איז געווען ניט פאַר זײַן טויווע-וועגן, ווײַל ער האָט זיך, לוי-אָליינו, אויסגעגליטשט און מיט דער גאַנצער שווערקײַט פון זײַן קערפּער א פאַל געטאָן אף דער ערד און שטאַרק זיך צעקלאַפּט.

די דאָקטוירים אין שפּיטאָל האָבן פעסטגעשטעלט א ברוך אין זײַן לינקער קני און אן ערנסטע שעדיקונג אין רוקנביין.

פיר לאַנגע כאָדאָשים איז ער געווען צוגעשמידט צום בעט, און ווען ער איז געקומען צו-זיך, איז ער שוין ווײַט ניט געווען דער זעלביקער שלאַנקער, יוסטער, ענערגישער רעב מענאַשע גאָלדפאַרב. אָנגעשפּאַרט אף א שטעקן, האָט ער געשלעפּט נאָך זיך זײַן צעקלאַפּטן פוס און געפילט שטאַרקע ווייטעקן אין רוקן. אין רעגעס, ווען ער איז פאַרבליבן מיט זיך אליין, פלעגט ער מיט שרעק זיך צוקוקן צו די איינצלנע גראָווע האָר, וואָס זײַנען אים אָנגעוואַקסן בייס זײַן קראַנקײַט, און געפּרוּווט זיי אויספּליקן פון זײַן באָרד... דעם כאָלעם פון „אראָפּלאָזן” זיך אין נעגעוו האָט ער דערווײַל געמוזט אויסרײַסן פון האַרצן.

אויך דער גוירל פון דער יונגער שוועסטער, דער כייפער שיינהײַט, איז ניט בעסער געווען: זי איז פאַרשוווּנדן פון די אויגן פון דער מישפּאָכע, גלײַך זי וואָלט קיינמאָל אף דער וועלט קיין קיִעם ניט געהאַט. די גווערעס זעהאָווע האָט א ניידער געטאָן, קיינמאָל אף דער שוועל זי ניט אַרופצולאָזן דערפאַר, ווײַל זי האָט איר מאַן רעב מענאַשען אראָפּגעפירט פון וועג...

...זעסטו שוין, מײַן גוטער-פרײַנט, וואָס פאַר א שלעכטס עס וואַקסט אַרויס פון דער שיקכע? שטעל זיך נאָר פאָר א רעגע, וואָס וואָלט געווען, ווען רעב מענאַשע, אָדער, ריכטיקער, זײַן געליבטע פרוי, זאָל זי לעבן ביז הונדערט צוואַנציק, וואָלט ניט פאַרגעסן צו באַצאָלן דעם כויוו יעכיִעלן דעם קלייטניק? עס וואָלט געווען דאָס נעמלעכע צו הערן, אז דער קלייטניק וואָלט ניט געקומען מאָנען דעם כויוו און ניט אַרײַנגעפאַלן אין שלאָפצימער, ווי א יאָוון אין סוקע. דאָס איז איינס. צווייטנס, וואָלט אַלץ, וואָס עס איז ווירקלעך פאָרגעקומען אין רעב מענאַשעס בעט, געווען אזוי ווי ניט געווען, דעהײַנע, עס וואָלט אף אייביק פאַרבליבן א מישפּאָכע-סאָד... א זומער-היץ אין מײַנע ביינער און א ווינטער-קעלט אין מײַנע גלידער, אויב די זאַך איז ניט אזוי, כאַוויווי![2] אגעוו, האָב איך ניט אָנגערופן דעם נאָמען פון דער שטאָט, ווײַל צוליב וואָס זאָלן מיר ביידע אומזיסט-אומנישט אַרײַנגיין אין א קאָנפליקט מיט די מאַכט-אָרגאַנען?

דער כיין פון די יִיראַס-שאָמאַיִם-יִידן איז דאָך אין די אויגן פון דער מעמשאָלע זייער גרויס... וואָס נאָך מער, אז די דאָזיקע שטאָט שיידט זיך ניט אונטער פון אַנדערע שוועסטער-

---

1 — 213 מיצוועס, מיט וועלכע עס איז אָנגעלאָדן א רעליגיעזער ייד; 2 — מײַן פרײַנט.

שטעט אין יִשׂראל. ווי זיי, איז אויך אונדזער שטאָט אדורכגעשניטן אַף צוויי טיילן, ס׳הייסט אַף צוויי סאָרטן מענטשן: א קלענערער טייל גווירים און א גרעסערער טייל אָרעמעלייַט. די אָרעמע, ווי דער שטייגער איז פון דויר־דוירעס, זייַנען באשאפן געוואָרן ניט צו עפּעס אנדערש, ווי בלויז צו באדינענ די רייַכע לייַט. נאָך מער: זיי טוען אלץ און שטרענגען זיך אָן מיטן גאנצן קויעך פון זייער דימיען צו זייַן ענלעך צו זייערע באלעבאטים. אָבער דאָס איז אָן אומזיסטע טירכע, ווייַל ווי קאָן אן אָרעמאן, אשטייגער ווי אונדזער קלייטניק יעכיעל, פארגלייַכן זיך צו א רעב מענאשען? האָפן דעריבער די אָרעמעלייַט און בענקען און זייַנען מיספּאלעל אַף בעסערע צייַטן, וואָס זאָלן קומען בעדערעך־האָנעס, און זיי טרייסטן זיך מיט די פארגאנגענע טעג, וועלכע זעען טאָמיד אויס שענער און בעסער, ווי דער גרויער הייַנט.

נו, ווידער האָב איך דאָ מיסטאָם אָנגעפּלוידערט אָן א טאַם און אָן א זין... טאָ לאָמיר זשע אויסטרינקען נאָך א קויסע פארן מענטשנס־וועגן. ער זאָל פארגעדענקען פון שלעכטס ביז גוטס און זאָל יעדערן באצאָלן דאָס, וואָס עס קומט אים... לעכאַים!

פון העברעיִש — ש. טאל.

•

כאָנע ווייַנערמאן

# שטעכיקע לידער

## די פּרייַז פון א רענדל

ס׳קאָן לעבן א הונט מיט א לעמפּערט צוזאמען.
א צעדער קאָן וואקסן אין פרייַנטשאפט
מיט טאננען.

א טרער מיט א שמייכל קאָן לעבן אין פרידן,
ס׳קאָן וואסער מיט פייַער אויך פייַערלעך זידן.

ס׳קאָן פאלן צוזאמען א שניי מיט א רעגן,
און ס׳קאָנען אין פעלד זיך צונויפגיין צוויי וועגן.

נאָר ס׳וועט שוין קיין פרייַנטשאפט צוויי
פרייַנט ניט באגלייטן,
ווען איינער פארקויפט פאר א רענדל דעם צווייטן.

## גיריקייַט

ער זעט אין אלץ, וואָס רינגלט אים ארום,
בלויז נאָר פאר זייַן פּערזאָן

א נוץ, א רום.

אָט שטייט א לאָרבערבוים, — ער איז גערירט:
„דער שענסטער קראנץ וואלט עס געווען פאר מיר!״
ער הערט א ליבּ־געזאנג, זייַן פרייַנט מע רימט:
„דער שוואך געהערט צו מיר, — בלויז איך פארדין!״
אָן אָרדען ער באטראכט... פון קינע פלאצט:
„ער פאסט פאר מיר,
פאר מיר און פאר מייַן לאץ!״
און איינמאָל האָט פּאסירט...
ער גייט אהיים,
ער זעט: עס ליגט א שווארצער מירמלשטיין,
מיט אויסגעקריצטע אויסיִעס באדעקט,
כאָטש שטעל אים אַף א קייווער־גרוב אוועק.
ער ציטערט אוף, באטראכט דעם שיינעם שטיין:
„מייַן גאָט, דער שטיין איז דאָך די אייביקייַט אליין!
ער פאסט אזוי פאר מייַנע גרייַזע האָר —
א דענקמאָל שטעלן זיך אַף טויזנט יאָר...״

## פון וועמען הייבט זיך אָן דער טאָג

א האָן האָט זיך פארטאָג צעקרייט,
א ווילדן ראַש אין דאָרף צעטראָגן.
ער מיינט, דער האָן, אַז זײַן געשריי
וואָלט קיינמאָל ניט געוומען טאָגן.

...דו טראַכסט, אשטייגער, ווי דער האָן,
אַז ס׳הייבט דער טאָג פון דיר זיך אָן?

## וואָס פעלט אים

ער האָט א קאָפּ,
וואָס קאָן זיך הערצלעך גריסן.
ער האָט א האַנט,
וואָס זי קאָן פרײַנטשאַפט שליסן.
ער האָט א ליפּ,
וואָס קאָן ניט זײַן פארביסן.
ער האָט א צונג,
וואָס קאָן א גאַל פארזיסן.
נאָר ס׳פעלט אים אויס,
און זאָלן אַלע וויסן...
סע פעלט אים אויס
דאָס מענטשלעכע געוויסן.

## דו זיצסט א שטילער, ווי א טויב

...האַלטסט ציכטיק־ריין אין פענצטער־ראַם דײַן שויב,
דו קוקסט דורך איר און זעסט א וועלט גרויסאַרטיק.
אָט גייען אַרבעטער אַף צווייטער וואַכטע,
אָט בויט מען וועגנט, מע שרויפּט א וואַסער־טרויב.

אָט רוישט אין סטעפּ א דרעשמאַשין פארשטויבט,
מאַשינעס פירן קוילן פון דער שאַכטע.
דער פאַסטעך טרײַבט די טשערעדע אַף נאַכטלעגער,
נאָר דו, דו זיצסט א שטילער, ווי א טויב.

דײַן פרײַנט אַף צאָפּן האַרעוועט אין שניי,
דײַן כאַוועַר בויט זאַוואָדן אין דער וויסטע,
דײַן ברודער אַקערט און דײַן שוועסטער זייט,
זיי זוכן דיך, ווו לויפסטו אום, ווו ביסטו?

נאָר דו — צו אַלץ און אַלעמען ביסט טויב,
דו זיצסט אין שטוב און קוקסט אַרײַן אין שויב.

## א קייט אין קלויסטער־הויף

אין קלויסטער־הויף, לעם גאָטס געצעלט — א וואַסער־קראַן
באַרופן איז באַדינען גלויביקע און פרומע.
נאָר ס׳זעען הייליקע, ווי אַף א קייט צום וואַנט
איז צוגעשמידט די קוואַרט, א גאַנעוו זאָל ניט קומען.

נו, ווער וועט גאַנווענען די קוואַרט? דער פרומער מאַן?
דער הייליקער מאַנאַך? די באַבעשע די קרומע?
נאָר זי, די קייט, זי וואָרנט שטרענג דעם גאַנעווס האַנט:
„ניט גאַנווע אָט די קוואַרט, דײַן גלויבן ניט פאַרומער״.

א קוואַרטל אַף א קייט באַ טויערן פון גאָט...
דו זעסט, אַלמעכטיקער, דײַן הייליק, שטרענג געבאָט —
עס ווערט אַזוי פון דײַנע גלויביקע געצערטלט.
נאָר וויסן זײַ, א גראָשן דײַן געבאָט איז ווערט,
אויב דאָ, באַם טעמפּל דײַנעם, אַף דײַן ערד,
פעלט אויס די זיכערקײַט אין אָפּהיטן א קוואַרטל.

## ווער איז א העלד

(לויט א פאָלקס־מאָטיוו)

ניט דער איז א העלד, ווער עס שאַרפט זײַן שווערד
און שלײַפט זי אויס צו הייסע קריגן.
אַן עכטער העלד, ווײַזט אויס, איז דער,
וואָס קאָן זײַן שטאַרקן פײַנט באַזיגן.

באַזיגן דעם פײַנט איז אוודאי שווער,
נאָר ס׳איז באַוווּסט פון אַלטע צײַטן:
אַן עכטער העלד איז בלויז נאָר דער,
וואָס קאָן זײַן פאַלשן פרײַנט באַשטרײַטן.

באַשטרײַטן פאַלשע פרײַנט איז שווער,
נאָר ווער איז פאַרט א העלד, אַ, ענטפער!..
אַן עכטער העלד, ווײַזט אויס, איז דער,
וואָס זיך אַליין ער קאָן באַקעמפן.

•

העשל ראַבינקאָוו

# א פלעדערמויז



ק יין אַלעקסאַנדראָווקע איז איסער באַס אַראָפּגעקומען מיט א פאַרלאָזטער שיטערלע־כער באָרד, וואָס האָט זײַן טונקעלן פּאָנעם צוגעגעבן עפּעס א ראַכמאָנעס־וויינענדיק אויסזען. ער האָט זיך געהויקערט, ווי א מענטש, וואָס לײַדט אפן מאָגן, געקוקט אף אַלעמען מיט א שאָפּענעם בליק. רײַבנדיק פרום א האַנט אָן א האַנט, האָט ער פון מאָל צו מאָל אַרויסגעלאָזט א דערשלאָגן קוויטשיקל:

— אַך טי, ריבוינעשעלוילעם, טאַטע טײַערער!..

דער קאַרעוו, צו וועלכן ער איז פאַרפאָרן, — א בוכהאַלטער פון דער היגער מעבל־פאַבריק,— האָט פאַרכידעשט באַטראַכט איסערן.

— וואָס קלײַבסטו זיך דאָ טאָן? — האָט ער אים פאַרזיכטיק געפרעגט. — א לאַריאַק? גאַזירטע וואַסער?

איסער האָט געמאַכט א מינע, ווי ס׳וואָלט אים שטאַרק זויער געווען אין מויל.

אָט דער קאַרעוו אין די פריש־געפּרעסטע הויזן און מיט די שטרענגע אויגן האָט געמעגט ניט וויסן, אַז פאַר די יאָרן, וואָס זיי האָבן זיך ניט געזען, איז איסער שוין אָפּגעזעסן זײַנס — טאַקע פאַר א לאַריאַק־„געשעפטל״, און איצט האָט ער זיך אין האַנדל ניט וואָס צו שטופּן.

— פאָרט וואָס זשע?

איסער איז געזעסן, די אויגן פרום פאַרמאַכט, די שיטערע באָרד צווישן די פינגער, און זיך געשאָקלט:

— דער אייבערשטער וועט ניט פאַרלאָזן...

דער קאַרעוו, דער בוכהאַלטער, האָט געמעגט ניט וויסן, אַז אהער, קיין אַלעקסאַנדראָווקע, איז ער אַראָפּגעקומען ניט קעדיי צושלאָגן זיך צו עפּעס אַן אַרבעט. דאָס וואָלט ער געקאָנט טאָן אויך בא זיך אין שטאָט. ער ווייסט: ייִדן זײַנען אין אַלעקסאַנדראָווקע פאַראַן בא עטלעכע הונדערט מישפּאָכעס — אָנגעפאַרענע און היגע סיביריאַקעס. עמעס, קיין קעהילע איז דאָ ניטאָ, קיין מיניען — אויך ניט. נאָר דאָס איז דאַפקע ניט שלעכט. ער וועט שוין זען, אַז ס׳זאָל ווערן אי דאָס, אי יענץ. מיטן בלײַער אין דער האַנט האָט ער געמאַכט א כעזשבן: פון אַזויפיל און אַזויפיל גלויביקע קאָנען מיר האָבן א קײַמעלאָן אַזויפיל און אַזויפיל... הײַנט שפּעטער — כאַסענעס, יאָרצײַטן, לעווײַעס, סטאַם נעדאָווועס אף ייִדישקײַט פון די, וואָס אַליין זײַנען זיי קנאַפּע גלויבער, נאָר ווען מע זאָל זיך אף זיי גוט אָנזעצן, וועלן זיי אויך אַרויס מיט א קערבל...

פאַרן אָפּפאָרן קיין אַלעקסאַנדראָווקע האָט ער טאַקע אף יעדן פאַל שטילערהייט אַרײַנגעלייגט צו זיך אין רענצל דער קרויוועס אַן אַלטן ווײַבערשן קאָרבנמינכע. ס׳וועט צוניץ קומען... קוידעם־קאָל וועט ער אָפּזוכן עטלעכע עלטערע מענטשן, פרומע לײַט...

אין פלוג האָט עס אים געדוכט צו זײַן גאַנץ פּאַשעט: גיי אַרויס אין גאַס, טרעף אַן אַלטן ייִדן אָדער א ייִדענע, וועלן זיי שוין דיך צונויפירן מיט די, וועמען דו זוכסט.

אַזוי האָט ער טאַקע געטאָן. אומבלאָנקענדיק איבער דעם שטילן יישעוו, האָט ער אין איינעם א געסל אָפּגעשטעלט א זאָקן, וואָס האָט מיט א קױשל אין דער האַנט פּאַמעלעך געשפּאַנט איבערן הילצערנעם טראָטואַר.

— שאָלעם־אלייכעם, פעטער!

— אלייכעם־שאָלעם.

— מיסטאם פון מיניען? — האָט איסער אים אונטערגעוווּנקען. — ארײַנגעכאפּט א דאוונען? דער אלטער האָט צוגעשטעלט א האנט צום אויער:

— פונוואנעט? ביסט א לעץ! — האָט ער א לאך געטאָן. — א לעץ! — ער האָט אופגעהויבן דאָס קוישל מיטן צעפּארעטן בעזעם: — א באָד, זאָג איך דיר, איז הײַנט — אַן אנטיק!

מיט א געפּאלן געמיט האָט איסער זיך ווײַטער געלאָזט גיין איבער די אומבאקאנטע געסלעך. אפּאָנעם, ס'איז ניט אזוי פּראָסט, ווי ער האָט געמיינט. אים וועט דאָ אויסקומען היפּש א שוויץ טאָן, ביז ער וועט זיך דערשלאָגן צו די, וועלכע ער זוכט. אבי ער האָט געמיינט...

בא איינעם א הויז האָט איסער דערזען א רעדל ייִדן, עלטערע ווײַבער. ער איז צוגעגאנגען און זיך דערוווּסט: א לעווײַע. ווער איז געשטאָרבן? א מענטש אריבער די אכציק. ניט לאנג געטראכט, איז איסער ארײַן אין דער פּרעמדער שטוב, זיך געשטעלט צווישן די מיסאסקים און גענומען געבן אָנווײַזונגען, וויִאזוי אויסריכטן דעם מעס. נאָכדעם האָט ער שויך, ווי אן אייגענער, געשפּרײַזט צווישן די באגלייטער ביזן „פּעלד“.

עטלעכע עלטערע ווײַבער, פון יענע, וואָס לאָזן ניט דורך קיין איין לעווײַע, האָבן אים גענומען פּאנאנדערפּרעגן, ווער איז ער, פונוואנען? איסער האָט זיי שטילערהייט דערציילט, אז א סאך יאָרן איז ער געווען א ראָוו און א שויכעט אין גאָר א גרויסער שטאָט. — אין וועלכער שטאָט? — וואָס איז די נאפּקעמינע? — און וואָס טוט ער דאָ? — דערווײַל, ליבע פרײַנט, נאָך גאָרניט. ער קען נאָך דאָ קיינעם ניט. נאָר ווײַל דאָס איינציקע, צוליב וואָס ער לעבט אף דער וועלט, איז אופהאלטן דאָס ביסל ייִדישקײַט, ווי ווײַט מע קאָן דאָס אין אונדזערע שווערע צײַטן, ווען דאָס גלויבן איז אזוי געפּאלן, איז קאָלזמאַן ער איז הי, וואָלט ער וועלן צונויפקלײַבן די רעשטלעך... עפּענען א מיניען, ייִדן זאָלן האָבן ווּ צו דאוונען... מיט וועמען גיין צום טיש, זעט ער, איז, דאנקען גאָט, פאראַן...

די לעווײַע־ווײַבער האָבן זיך צוגעהערט צו זײַנע רייד אי מיט אָפּשײַ, אי מיט ניט־גלייבן.

— מישטיינסגעזאָגט, מיט וועמען גיין צום טיש!

— ווער טראכט דאָ וועגן דעם!..

— וואָס שײַעך, — האָט איסער געזאָגט, — ייִדן בלײַבן ייִדן.

ביז די קומענדיקע האכנאָסעס פונעם מיניען און פון דער קעהילע, אף וועלכע איסער האָט ארויסגעקוקט, האָט מען געדארפט קריגן א שטיקל טועכץ. דורכן קאָרעוו דעם בוכהאלטער איז אים געלונגען אָנקומען אין א שוסטער־ארטעל פון אינוואלידן אף עפּעס א פּארעווע שטעלע: א מין צוראמער, קלוימערשט, און א שטיקל באהעלפער אפן סקלאד. אין ארטעל האָט מען די ערשטע טעג געוואָרפן קרומלעכע בליקן אף דעם אומבאקאנטן, וואָס האָט זיך גענומען ארומדרייען איבערן צעך. דער שטעפּער פישל גאָרעליק — א שטיל, טאמעוואט מענטשל מיט גרויסע זעקלעך אונטער די אויגן — האָט אפילע געפּרווּווט א פרעג טאָן, וואָס איז דאָס פאר א פּארשוין, האָט אים דער שאָכן, אן עלטערער שוסטער, ארײַנגעשריִען אין אויער ארײַן:

— גוילעם! זעסט ניט, אז ס'איז ניט קיין פּראָסטער פּארשוין? ס'איז א ראָוו און א שויכעט פּאָ סאָוומעסטיטעלסטווו!

— וואָס זשע טוט ער דאָ אין ארטעל?

דער שוסטער האָט אים א זאָג געטאָן, אפּאָנעם, עפּעס ביז גאָר פּעפּערדיקס, ווײַל דער שטילער פישל האָט נאָכדעם א היפּשע ווײַלע געדרייט מיטן קאָפּ און ארײַנגעלאכט אין פויסט.

די עמעסע ארבעט פלעגט זיך בא איסערן אָנהייבן אין די אָוונטן. די באקאנטע עטלעכע לעווײַע־ווײַבער האָבן אים גענומען ארומפירן איבער די הײַזער, ווּ עס זײַנען געווען אלטע לײַט און ווּ מע האָט געקאָנט אויסרעכענען אף א געלט־גאָב. געבעטן א נעדאָווע אפן מיניען האָבן די ווײַבער, און ער, איסער, האָט נאָר צוגענומען דאָס געלט, צוברומענדיק מיט א גאָטספּאָרכטיקער מינע: א שיינעם יאשערקויעך, ייִדן, קומט, ייִדן, אימײִרצעהאשעם, דאוונען!

שאבייסענאכטס פלעגט ער ארײַנקומען צו זײַנע נײַע באקאנטע און בא א גלעזל טיי זאָגן מאגידעס:

„ראבויסײַ, — פלעגט ער זיך שאָקלען מיט פארמאכטע אויגן, — אין דער הייליקער טוירע שטייט געשריבן „אשר יצר את האדם“[1]. אײַ, אָדאָם, אָדאָם — א מענטש דארף שטענדיק געדענקען, אז עס איז דאָ א גאָט אף דער וועלט! מע ווייסט, — פלעגט ער ארויסזאָגן מיט א קווייטשיקל, — בא הײַנטיקע שווערע צײַטן איז ניט גרינג אויסצוהאלטן ייִדישקײַט. דעריבער דארף

[1] — אשער יאָצאר עס האָאָדאָם — א בראָכע, ווּ פרומע ייִדן דאנקען גאָט, וואָס ער האָט באשאפן דעם מענטשן.

דער מענטש געבן צדאָקע אַף גאָטס זאַכן, וויפל ער קאָן. ווײַל צדאָקע, שטייט געשריבן, טאַציל מימאָוועס. צדאָקע, זאָגט דער אייבערשטער, איז גלײַך ווי גדאָוונט, און עפּשער נאָך בעסער".

פון דעם מאַגידישן געזאַנג מיט פאַרמאַכטע אויגן פלעגט ער אריבער צו ערדישע זאַכן: „ראַבויסײַ, מע דאַרף נאָר צונויפקלײַבן די ערשטע פּאָר הונדערטער אַף אַ מיניען, און נאָכדעם וועט מען קומען צו הילף פון אַנדערע ערטער. מע קען מיך דאָרט, דאַנקען גאָט. מיר וועלן אימײַרצעהאַשעם מיט דער צײַט האָבן אויך אַ רײַניקײַט, מיט סידורים, מיט טאַלייסים, יעדערער וועט, מיט גאָטס הילף, האָבן אַ פּאָר טפילן. עמעס, דאָס דאַרף קאָסטן געלט, נאָר דערוף איז מען דאָך עפּעס יידן! אין אַזעלכע זאַכן איז דאָך ניט שײַעך צו קאַרגן!..."

ער האָט אָבער געפילט: ס'איז ווי אָן אַרבעס אָן וואַנט. מע הערט אַפילע העפלעך אויס די מאַגידעס, מע לייגט פּאָר נאָך אַ גלעזל טיי און — באַ דעם בלײַבט עס. אַנומלטן האָט ער געהערט, ווי איינער האָט זיך געכאַכמעט אהינטער זײַנע פּלייצעס:

— אַזאַ נודניק: טרינקסט טיי, וואָס זשע זאָגסטו „אשער יאַצאַר"?..

שפּעט באַנאַכט פלעגט איסער באַהאַלטענערהייט נעמען ציילן די נעדאָוועס. ס'איז שלים־שלימאַזל! ס'איז דערווײַל קאָפּעקעס... און דאָ האָט זיך נאָך אַנגעהויבן פּלאָנטערן אונטער די פיס עפּעס אַ היג יידל — פרעגט זיך נאָך מיקויעך קוויטאַנציעס... וויפל האָט מען שוין צונויפגע־קליבן. ער וויל, מאַשמאָעס, אָפּלעקן אַ ביינדל...

אין אַרטעל איז אויך צאָרעס: ער פילט, אַז מע דאַרף אים דאָרט, ווי אַ לאָך אין קאָפּ. פישל האָט אים אַנומלטן אײַנגערוימט אַ סאָד:

— זיי זאָגן, רעב איסער, אַ מעלאָכעלע באַ אײַך — „ניע בעי ליעזשאַטשעוואָ", אַז עס איז גאָר ניטאָ, זאָגן זיי, אַזאַ שטעלע...

יאָ, ער ווייסט, וואָס מע רעדט. עס זײַנען דאָ פאַראַן עטלעכע שוסטערוקעס, עלטערע דאַפּ־קע, וואָס פאַרשאַפן אים די גאַנצע צײַט בייז בלוט:

— כאַוועֶר באַס, — דערגייט מען אים די יאָרן, — מע זאָגט, אַז איר ווילט דאָ באַ אונדז אין אַלעקסאַנדראָווקע אופמײַסטרעווען אַ מיניען... נעכטיקע טעג, כאַוועֶר באַס!..

— נעכטיקע טעג! ניטאָ דאָ קיין גאָטס קאַזאַקן!

— גוואַלד, — שרײַט אויס איינער מיט איבערגעטריבענעם אימפּעט, — פונוואַנען נעמען זיך איצט אַזעלכע פלעדערמײַז אַף דער וועלט! מיילע, דאָרט, ווו ס'איז פינצטער, פּאַרפּירן זיך שיידים, אָבער באַ אונדז, כאַוועֶר באַס, איז דאָך ליכטיק, טאָ פונוואַנען נעמט איר זיך, דער שוואַרציאַר זאָל אײַך קענען!

— פאַראַן וואָס צו הערן, — קרימט זיך איסער, ווי עס וואָלט אים אָנכאַפּן אַ שנײַדעניש אין בויך. ער ווייסט אָבער, אַז אַזעלכע פאַרשוינען קאָנען קאַליע מאַכן די גאַנצע זאַך מיט זייערע ווערעמדיקע צינגער. איז מיילע, ווען מע עפנט שוין דאָ אַ מיניען, וואָלט ער דעמלט זיי געהערט, ווי דעם קאָטער. מע קאָן עס מאַכן אָפּיציִעל. ער ווייסט: לויטן געזעץ איז עס ניט פאַרבאָטן.

גאַנצע נעכט איז איסער אָפּגעלעגן מיט אָפענע אויגן, געקערט זיך פון זײַט אַף זײַט. ער וואָלט שוין, עפּשער, צונויפגעשלעפּט די עטלעכע דאַוונער, — איז ווו נעמט מען אָן אַרט פאַר זיי? ער האָט מיט יעדן באַזונדער אײַנגעטײַנעט, געבעטן זיך: לאָזט אַרײַן צו זיך כאָטש אַף איין שאַבעס, מע זאָל זען, אַז עס איז פאַראַן אַ מיניען! איז איינמאָל ניין. דער האָט אַ זון אַ פּאַלקאָוו־ניק — פּאַסט עס אים ניט; יענער האָט אַן אייניקל אין אַ בריגאַדע פון קאָמוניסטישער מי — שטייט עס אים אויך ניט אָן. און ביכלאַל — באַ זיי איז אַי זומער, אַי ווינטער: אָט ריידן זיי וועגן אַ מיניען און אָט לאַכן זיי אויס די גאַנצע מײַסע מיט דער פרומקײַט, גיי טו מיט זיי עפּעס אויף!..

נאָר איינמאָל האָט זיך איסער אַ קלאַפּ געטאָן אין שטערן: שאַ! און פישל? פישל גאָרעליק, דער שטעפּער פונעם אַרטעל... אַנומלטן האָט זיך דער דאַזיקער ייִד פאַר אים געקלאָגט, אַז באַם ווײַב אין קופּערט ליגט שוין העכער דרײַסיק יאָר אַ טאַלעס, וואָס ער האָט בלויז איין מאָל אָנ־געטאָן נאָך דער כאַסענע. ער וואָלט אים עפּשער ווען־ניט־ווען אָנגעמאָסטן, לאָזט גאָלדע ניט: „אַז מע וועט דיך, אימײַרצעהאַשעם, דאַרפן אויסריכטן, — זאָגט זי, — דעמלט"... איז אָט דער יאָקיש, האָט איסער געהערט, האָט זיך אויסגעבויט אַ נײַ הויז, עפּשער מיט אים אַ פּרוּוו טאָן...

אַף מאָרגן האָט אים איסער בייס דעם מיטיק־איבערײַס אָפּגערופן אָן אַ זײַט:

— רעב פישל, — האָט ער צו אים צוגעוווּנקען און מײַסע־ראָוו אַרײַנגענומען אין זײַנע ווייכע הענט פישלס שוואַרצהויטיקע שטעפּערישע האַנט, — מע זאָגט: גאָט האָט אײַך געהאָלפן, איר האָט דאָ ניט לאַנג געפּראַוועט כאַנוקאַס־האַבאַיִס... טאָקע עפּעס אַ פײַן הויז?

— איר מעגט שוין אָנקוקן, — האָט דער שטעפּער מיט גאַדלעס אָפּגעענטפערט, — פיר צימערן מיט אַ קיך.

— וואָלט עפּשער, רעב פישל, אַ יוישער געווען, איר זאָלט אָוועקגעבן אַ צימערל פאַר אַ מיניען... איר האָט שוין געוויס אַליין געטראַכט וועגן דעם, איאָ, רעב פישל?

ערשט איצט איז עס צו פישלען דערגאנגען:

— אייסעך, עס רעדט זיך נאָר א הויז, — האָט ער געגומען שטאמלען, — עס איז ענג — ניטאָ ווו א קער צו טאָן זיך, און עס איז נאָך ניט פארטיק...

נאָר איסער לאָזט ניט ארויס פישלס האנט, ער מוסערט אים:

— ע, רעב פישל, דאָס וועט איר דערציילן דער רעבעצן! א וואָרט איז א וואָרט! עס וועט, אימיירצעהאשעם, ווערן אן אבשטשינע, וועט מען אײַך צאָלן פײַנע דירע־געלט. מע מיינט, כאַ־לילע, ניט אומזיסט. געלט וועט זײַן. הײַנט אליין די מיצווע! איז, רעב פישל, צוגעפאטשט! זײַט איידעס, — טוט ער א וווּנק צו איינעם אן עלטערן שוסטער, וואָס זיצט ניט ווײַט, — האָבן מיר שוין, א דאנק דעם אייבערשטן, א מיניען אויך. רעב פישל גיט אונדז א כיידער בא זיך אין דעם נײַעם הויז. זאָגט עס אף א קאָל, רעב פישל, ייִדן זאָלן הערן, א פײַנער מישעביירעך רעב פישל דעם שטעפער, ווענוימאר אָמיין!

נאָך דער ארבעט האָט זיך איסער געלאָזט גיין אָנקוקן דעם מיניען. פישלס הויז מיט דער רויט־געפארבטער ווערענדע איז געשטאנען באם סאמע ברעג טײַך צווישן נאָך אזעלכע הײַזער, אין א סעדעלע. א שטיל ווינקל. איסער האָט געטראכט, אז ס'וואָלט בעפיירעש גוט געווען זיך באוועצן אין אָט דעם הויז, טאקע גופע אינעם מיניען. ער וועט שוין זײַן דאָ אלץ — א ראָוו, א שויכעט, א גאבע און א שאמעס...

מיט גרויס פלײַס האָט ער אָפגעשקראָבעט די שיך אָן דעם נײַיִנקן גאנעק־אײַזן און איז ארײַן אין שטוב. אינעם היפשן פריש אויסגעקאלכטן צימער האָט ער דערזען פישלס ווײַב גאָלדע — א הויכע עלטערע פרוי מיט א מילצענעם קארש אף דער ליפּ. גאָלדע האָט א קוק געטאָן אפן ארײַנגעקומענעם מיט אירע רויטלעכע אויגן אזוי, אז פונעם קוק איז איסערן הייס געוואָרן. דאָך האָט ער מיט א געמאכטער האָפערדיקײַט זיך געווענדט צו איר:

— מאזלטאָוו, מאדאם, רעב פישל האָט געזאָגט...

— פישל איז א באָק! — האָט זי אָפגעשניטן.

— וואָס שײַעך א באָק, ער איז א פײַנער באלעבאָס...

זי איז ארויס אינעם צווייטן צימער. פון דאָרטן האָט ער געהערט, ווי זי טײַנעט מיט איר מאַן:

— וואָס איז דאָס פאר אן אָנלייגער?

— ער זאָגט צו גוט דירע־געלט...

— דײַנע געשעפטן! זאָג, אז דאָס געלט זאָל ער באצאָלן פאַרויס, און נאָר איין מאָל — שאַ־בעס, מער זאָל זײַן פוס דאָ ניט זײַן. כ'דארף ניט, מע זאָל מיר שלעפן קויט אין שטוב ארײַן.

איסערן איז פריילעכער געוואָרן: „לאָמיר נאָר ארײַנשטעלן א פוס!“

ער איז נאָכדעם ארומגעגאנגען איבער די הײַזער פון זײַנע באקאנטע און אומעטום, פרום צושאָקלענדיק זיך, געמאָלדן:

— לישמויא על הארינאָ וועאל האטפילאָ! ייִדן, מיר האָבן שוין, דאנקען גאָט, א מיניען בא פישל דעם קאמאשנשטעפער אין הויז, הײַנט וועלן מיר אָפדאווענען צוזאמען מײַרעוו און יעדערער וועט ווייפל ער קאָן מענאדער זײַן...

אין אָוונט איז ער געקומען אין „מיניען“, אוועקגעלייגט אפן קײַלעכדיקן טיש, וואָס איז געשטאנען אינמיטן צימער, דעם אלטן ווײַבערשן קאָרבנמינכע, געבעטן בא גאָלדען א טעלער און אים אוועקגעשטעלט אף א קליין טישעלע באם ארײַנגאנג. ער האָט אויך געבעטן, מע זאָל אים געבן פישלס טאלעס, פאר וועלכן ער האָט צוגעזאָגט באזונדער נוץ־געלט, און נאָכדעם אָנגעצונדן א ליכט.

איינער נאָכן אנדערן זײַנען ארײַנגעקומען עטלעכע אלטע לײַט. עס האָבן זיך אויך באוויזן די צוויי לעווײַע־ווײַבער. זיי זײַנען געבליבן שטיין בא דער טיר און גענומען זיפצן:

— מישטיינסגעזאָגט, אָט דאָס איז די גאנצע אײַנקומעניש!..

— ניטאָ אפילע קיין מיניען...

— קומט ארײַן, קומט ארײַן, — האָט איינער פונעם מיניען אויסגערופן צו זיי, — אלפּי נויט עסט מען שווארץ ברויט. עס וועלן אויספעלן מאנצבלען, וועט איר זײַן אין סטראָי!..

די צײַט האָט זיך איסערן געצויגן פײַנלעך־שווער, ווי זי וואָלט זיך געשלעפט איבער זײַן אָנגעזאָליעט הארצן. די ליכט האָט זיך געשמאָלצן, געהאלטן אין אויסברענען. מער איז קיינער ניט געקומען. איסער האָט נערוועז ארומגעשפאנט אין פישלס טאלעס איבערן צימער הין און צוריק, געקוקט מיט סינע אף די בײַוועזנדיקע. אים האָט זיך געדוכט, אז אויך זיי — אָט די עטלעכע אלטע שיווריע־קיילים — קוקן אף אים מיט כויזעק...



ארן ווערגעליס

# צוואנציק טעג אין אמעריקע

13 נאָיאבער 1963.


י שטענדיק פארן אוועקלאָזן זיך אין א וויַיטן וועג, האָב איך היַינט זיך אופגעכאפט פונעם באנאכטיקן שלאָף אף א שאָ אָנדערהאלבן צוויי פריִער, איידער עס איז געווען פאָרויסבאשטימט. וועל איך טאקע אויסנוצן די פריַיע ציַיט און אָנהייבן מיַינע וועג־נאָטיצן דאָ אין דער היים, — מיט א פאָר שורעס וועגן נעכטיקן אופנעם באם אמעריקאנער אמבאַ־סאדאָר פ. קאָלער.

אף אָט דעם דיפּלאָמאטישן אופנעם, ווו יעדערער אף זיַין אויפן האָט, ווי געוויינלעך אין אזעלכע פאלן, באוויזן די קונסט פון ריידן און גאָרנישט ניט זאָגן, האָט דאָך איין מענטש געזאָגט אזוינס, וואָס מיט דעם לוינט אָנהייבן דעם טאָגבוך פון דער ריַיזע קיין אמעריקע. עס גייט א רייד וועגן דעם באוווסטן ניו־יאָרקער אדוואָקאט געבריעל ריינער, דעם אייגנטימער פון דער ניו־יאָרקער יורידישער קאָמפּאניע „קאָסמאָס“. ריינער איז מיט א כאדאָשים צוויי צוריק געווען צוגאסט אין „סאָוועטיש היימלאנד“ און דעריבער האָבן מיר זיך דאָ באגעגנט ווי אלטע באקאנטע. אויסדריקנדיק די צופרידנקיַיט מיט דעם, וואָס זעכצן טוער פון דער סאָוועטישער קולטור — שריַיבער, זשורנאליסטן, אקאדעמיקער, פּראָפעסאָרן, מאָלער — וועלן זיַין אין אמע־ריקע בייס דעם דריַיסיקיאָריקן יובילײ פון איַינשטעלן נאָר־מאלע צווישן־באציִונגען צווישן פשא און דעם סאָוועטנפאר־באנד, האָט געבריעל ריינער דערציילט, מיט וואָס פאר א גאסטפריַינטלעכקיַיט עס איז אין אונדזער לאנד אופגענו־מען געוואָרן די גרופּע אמעריקאנער ביזנעסמענער, וועלכע האָט אָקאָרשט פארענדיקט איר ריַיזע און זיך אומגעקערט צוריק אהיים. זיַיענדיק, ווייַזט אויס, פארכאפט פון א שטארק פאטריִאָטיש געפיל, האָט ער פאטעטיש אויס־געשריִען:

— מיינט אָבער ניט, אז אין פארמעסט אף גאסטפריַינט־לעכקיַיט האָט דער קאָמוניזם איבערגעיאָגט דעם קאפּי־טאליזם, פּונקט אזוי ווי, לעמאָשל, אין דעם פארמעסט אף באהערשן דעם קאָסמאָס... מיינט עס ניט! אין א פאָר טעג ארום װעט איר דערפילן, ווי גאסטפריַינטלעך עס איז אמעריקע...

— פון איַיער מויל אין גאָטס אויערן... — האָב איך געענטפערט.

איצט שריַיב איך שוין אין עראָפּלאן. איך הייב אָן פון אָנהייב.

באנאכט איז אין מאָסקווע אויסגעפאלן דער ערשטער שניי. אפן וועג צום עראָפּאָרט שערעמעטיעװאָ, ווען מיר זיַינען דורכן לענינגראדער שאָסיי ארויס צו די ביַישטאָ־טישע וועלדער, האָב איך ניט אויסגעהאלטן און געזאָגט דעם שאָפער: „גליאדי, קאק סלאוונאָ מאָסקווא פּראָוואָ־זשאיעט: סאָ סניעגאָם“...[1]

צוועלף אזייגער מיט דריַיסיק מינוט. אונדזער A 104־ TY פאָרט לאנגזאם ארויס צום סטארט. עס דוכט: דער עראָפּלאן וועט אזוי, אף דער ערד, דערפאָרן ביז אמעריקע. מיטאמאָל פארדרייט ער אף רעכטס, שטעלט זיך אף א רעגע אָפּ, דער פּילאָט שליסט איַין אלע מאָטאָרן און — מיר פליִען. באם אופשטיַיגן באקומט זיך, פּונקט ווי דער פליגל, לעבן וועלכן איך זיץ, וואָלט אופגעשווומען אף וואסער, אָדער „אופגעגאנגען אף הייוון“.

דער טאָג איז זייער א כמארנער. ווען מיר הייבן זיך אוף העכער פון די וואָלקנס, צעעפנט זיך פלוצעם אזא ליכטיקע און ברייטע זוניקיַיט, אז עס הייבט אָן שניַידן אין די אויגן. די וויַיסע וואָלקנס אונטער די רעדער פונעם עראָפּלאן — ווי א שניי־פארוואלגערט פעלד. דאָס בילד זעט אויס אזוי, גליַיך דו געפינסט זיך אף א ניט הויכן בארג־אָפּריס און אונטן זעסטו א שנייִיק פעלד.

די סטיואַרדעסע — זי רעדט א כיינעוודיק־אקצענטירטן רוסיש און א פליסיקן דיַיטש — צעטיילט אונדז ציַיטונגען (נ. ס. כרושטשאָווס אן אינטערוויו מיטן רעדאקטאָר פון א טערקישער ציַיטונג וועגן קעמאל אטאטיורקן) און אינ־פאָרמאציע־ביולעטענען וועגן אונדזער רייס (די הייך — 9000 מעטער, טעמפּעראטור אין דרויסן — מינוס 50, אין סאלאָן — פּליוס 20, די שנעלקיַיט — 750 קילאָמעטער א שאָ).

מע ברענגט אונדז עסן. איך נעם ארויס פון דער „קעשענע“ פונעם פאָרויסשטייענדיקן שטול א הילצערן „טישעלע“ און פארפעסטיק עס אף די זיַיטיקע ווענטלעך פון מיַין שטול, בא די סאמע קני מיַינע. אף אָט דעם „טישעלע“ שטעלט די סטיואַרדעסע אוועק א טאץ מיט קאָלטווו: הון מיט גרינע ארבעס און מיט א זויערער אוגערקע (אויך זאלץ איז ניט פארגעסן, זי שטעקט אין א שפּארונקעלע), שווארץ ברויט, א בולקעלע, פּוטער און שווארצע פיש־רויג, א גלאָז גאזירטס וואסער, א גלאָז טיי מיט לימענע און צו איר — א שטיקל טאָרט, אן עפּל...

פון צווייטן סאלאָן קומט אריַין איליא ערענבורג און נעמט גליַיך זיך „פארענטפערן“, פארוואָס ער פליט מיט „אונדזער“ עראָפּלאן: „געהערט א מיַיסע! איך דארף קיין אמסטערדאם, טרעף איך פּונקט אף דער זעלבער מאשין, וואָס איר“... ער בייגט זיך אָן איבער מיַין אויער און זאָגט מיט געמאכטער ערנסטקיַיט: „איך װעל זען, וויִאזוי איר וועט לאכן, ווען איר וועט כאפּן א פאָר סטוסאקעס פון דער אלוועלטלעכער יִידישער רעאקציע“... באָריס פּאָלעוואָי גייט מיט אים אוועק אין צווייטן סאלאָן, און לעבן מיר באפריַיט זיך דער שכיינישער שטול. איך קליַיב זיך אריבער נעענטער צום איליומינאטאָר און קוק ארויס אין דרויסן.

עס געפעלט מיר דאָס „שנייִקע פעלד“ פון די וואָלקנס. ס׳איז אזוי נאָענט, אז דאָס געפיל פון איליוזיע פארשווינדט קימאט. מע קאָן עפענען די טיר און אראָפּשפּרינגען פון דעם „בערגל“ אין „שניי“ אריַין. אָן א פערטל דריַי לויט דער מאָסקווער ציַיט באוויַיזט זיך א גרויס וואסער, וואָס זעט אויס ווי אן אָנברעגיקער, טונקל־גרויער, עטוואָס גלאנ־ציקער (ווי נאָך א רעגן) אספאלט. עס שפּרייט זיך אויס

[1] — זע, ווי וויל מאָסקווע באגלייט ארויס: מיט א שניי...

די באַלטיק. מיר גייען צו צו קאָפּענהאַגען. דער יאַם באַקומט כוואַליעס (ווײַסע ריסן אויפֿן „אַספֿאַלט“). צווישן די כוואַליעס באַמערק איך אַ שיף. אומגעריכט (ווײַזט אויס — לעבן סאַמע יאַם) דערשײַנט דער אַעראָדראָם.

באַם אַרויסגיין אויפֿן פֿלי־פֿעלד וואַרפֿט זיך גלײַך אין די אויגן: ניטאָ קיין שניי. מע מעלדעט די טעמפּעראַטור אין קאָפּענהאַגען: פּליוס 10. דער מאָסקווער שניי איז פּונקט ווי „אויסגערונען“.

די געבײַדע פֿונעם אַעראָ־וואָקזאַל (לויט ווי מע דערציילט, איז עס דאָס אָריגינעלסטע, וואָס די אַרכיטעקטור האָט אויף דעם געביט ביז הײַנט אויפֿגעטאָן) — אַ שמאָלע, ווי אַ דורכויסיקער קאָרידאָר, לאַנגע־לאַנגע געבײַדע פֿון בעטאָן און גלאָז. זי פֿאַרבײַט די געוויינלעכע דורכגאַנג צו די סעקטאָרן פֿונעם פֿלי־פֿעלד און אײַנצײַטיק נעמט זי אַרײַן אין זיך אַלע געשעפֿטלעכע און אַדמיניסטראַטיווע ביוראָען, די זאַלן פֿאַר די פּאַסאַזשירן, די עס־צימערן אאַז״וו.

מיר רוען צוויי מיט אַ האַלבער שעה. אויסגעטאָן די מאַנטלען, שפּאַצירן מיר אַרום און ריידן וועגן וועג־זאַכן. אין זאַל איז שטיל, געמיטלעך. מע פֿאַרקויפֿט סוּווענירן: אַלטפֿרענקישע (אָבער נײַ־בלישטשענדיקע, פֿאַרשטייט זיך) טעלעפֿאָן־אַפּאַראַטן, וואָס זײַנען טיפּיש פֿאַר דענעמאַרק אין אָנהייב יאָרהונדערט, פּראַוואָסלאַוונע איקאָנעס, פֿאַרשיידענע שניצערײַען.

ווען מיר גייען ווידער צום פֿלי־פֿעלד, האַלטן אין איין שווינדלען פֿאַר די אויגן דרײַ אותיות: SAS אויף די וועגעלעך, וואָס פֿאָרן אַרום איבער די דורכגאַנג פֿונעם וואָקזאַל און אויך איבער דעם פֿלי־פֿעלד, אויף די פֿלייצעס פֿון די אַעראָפּאָרט־אָנגעשטעלטע, אויף יעדן טרעפּל פֿון די אוויִאַליִיטערס, אויף די פֿליגל פֿון די אַוויִאָנען, — אומעטום SAS... SAS... כאַלילע, ס׳איז גאָרנישט אַזאַ מיסטעריעזער איניען! SAS באַטײַט: Scandinavian Airlines System (סקאַנדינאַווישע אַוויאַקאָמפּאַניע).

און אָט זײַנען מיר שוין אין אַעראָפּלאַן, וואָס וועט אונדז „איבערשלעפּן“ איבערן אַטלאַנטישן אָקעאַן. דאָ איז אַלץ אויפֿן אַמעריקאַנער מאַניר: די האַרטלעכע ענגלישע שפּראַך פֿון די סטיואַרדעסעס, די גראָבע פּעקלעך „ניו־יאָרק טײַמס“ (אייראָפּעיִשע אויסגאַבע), די שפּאָרעוודיקײַט אין דער פּלאַנירונג פֿונעם סאַלאָן.

מיר וועלן פֿליִען 7 שעה מיט 20 מינוט. דער מאַרשרוט: גרענלאַנד — איסלאַנד — קאַנאַדע — ניו־יאָרק. דער „בּאָיִנג“ — אַן אויסגעצייכנטע מאַשין — נעמט אַרײַן אַ מענטשן 120.

צוביסלעך ווערט מען פֿאַרוויגט פֿון דעם מאָנאָטאָנעם פֿליִען. מע דרעמלט, מע לייגט קימאַט ניט קיין אַכט אויף דער וועלט־געאָגראַפֿיע, וואָס שפּרייט זיך אויס אַן אָנשווילעכע אונטער די פֿליגל פֿונעם אַעראָפּלאַן.

צווישן די פּאַסאַזשירן ציט צו זיך צו די אויפֿמערקזאַמקײַט אַ פּאַרשוין מיט אַ געשטופּלט, אויסדריקלעך פּנים, אַ זייער געלאַסענער און סאָלידער, אַ לײַטיש־באַבערדלטער. מיט אים שמועסן זיך דורך ליעוו בעזימענסקי און דעמענטי שמאַרינאָוו. בעזימענסקי רעדט אויף האַלב־שפּאַניש, האַלב־לאַטײַן, האַלב — דער רועך ווייסט וואָסער לשון. עס ווײַזט זיך אַרויס, אַז דער פּאַרשוין איז דער יעפּיסקאָפּ פֿון דער הויפּטשטאָט פֿון קאָלומביע באָגאָטע. ער קערט זיך אום אַהיים פֿון דער אַלוועלטלעכער סעסיע פֿון די קאַרדינאַלן און בישאָפֿן פֿון דער קאַטוילישער קירך. אין דער יוגנט, — דערציילט ער, — האָט ער געקעמפֿט אַלס רעפּובליקאַנער אין שפּאַניע, דערנאָך — אָפּגעגאַנגען פֿון די „לינקע רייען“, געוואָרן אַ מיסיאָנער און — אַ יעפּיסקאָפּ... ער זאָגט, ווענדנדיק זיך צו אונדז אַלעמען: „מײַנע הערן, קאָלומביע, זאָג איך אײַך, נייטיקט זיך אין קאָמוניזם“...

ווען מיר פֿליִען דורך גרענלאַנד, וואַרפֿן זיך אַלע צו די איליומינאַטאָרן אויף דער רעכטער זײַט פֿונעם אַעראָפּלאַן. מע קוקט זיך אײַן אין דער אויסערגעוויינלעכער שיינקײַט פֿון אָט דער אייביק ווינטערדיקער ערד, און דאָס דערמאָנט מיר אין דעם, וויִאַזוי, פֿאַרבײַפֿאָרנדיק דעם בײַקאַל, וואַרפֿן זיך די פּאַסאַזשירן פֿון די טראַנססיבירער עקספּרעסן צו די פֿענצטער פֿון וואַגאָן, און נאַיִווע מענטשן שרעקן זיך, אַז דער צוג וועט פֿון דעם זיך איבערקערן... עס זעען זיך, אויף ווי ווײַט דאָס אויג כאַפּט, ווײַסע בערג, באַלויכטענע אויף די שפּיצן און שיפּועים מיט אַ שטאַרקער זון, ווי מיט אַ נישטערנדיקן שטראַל פֿון אַ פּראָזשעקטאָר. פּיִאָרדן, פּיִאָרדן... קיין סימן פֿון מענטשישע נעסטן...

דאָס פֿליִען פֿון אונדזער „בּאָיִנג“ קאָן מען אָנרופֿן — אַ געיעג נאָך דער זון. טראָגנדיק זיך אויף מײַרעוו מיט דער שנעלקײַט פֿון קנאַפּע טויזנט קילאָמעטער אַ שעה, שטייען מיר קימאַט ניט אָפּ פֿון דער זון, לויפֿן איר נאָך פֿוסטריט, און דעריבער פֿאַרגייט זי ניט פֿון „אונדזער האָריזאָנט“. אויף די זייגערס, וואָס ווײַזן נאָך די מאָסקווער צײַט, איז שוין דער 14 נאָיאַבער, 1 אַז. מיט 5 מינ. נאָך האַלבער נאַכט. אין ניו־יאָרק אָבער איז נאָך דער 13 נאָיאַבער — 5 אַז. מיט 10 מינ. פֿאַרנאַכט. אין איין 13 נאָיאַבער — צוויי 13 נאָיאַבערס!

אונטער אונדז — אַן אָקעאַן־צעגוס פֿון עפּעס אַזוינס, וואָס מע קאָן אַפֿילו ניט אָנרופֿן פֿײַערן. ס׳איז פּונקט ווי מע וואָלט אַראָפּגענומען דעם אויבערשטן שיכט פֿון דער ערד, און דאָרט האָט זיך אַנטפּלעקט דעם אויג אַ פֿײַערדיקע לאַווע, וואָס לויכט און מינעט זיך, שפּילט און גיסט זיך איבער, הייבט זיך אויף ביז אַהער, ביז צום „הימל“, און פֿאַלט ערגעץ אין דער נידער, אין דעם ברעגוואַסער פֿונעם אָקעאַן, — פֿון דעם עמעסן, דעם אַטלאַנטישן...

דאָס איז — ניו־יאָרק.

14 נאָיאַבער.

נעכטן האָט דער 13 נאָיאַבער זיך נאָך געצויגן זייער לאַנג. ער האָט אין זיך אַרײַנגעכאַפּט, אויסער דאָס פֿליִען פֿון מאָסקווע קיין ניו־יאָרק, אַ גרויס פּעקל וואָזשעניש אין דער טאַמאָזשניע פֿון דעם ניו־יאָרקער אַעראָפּאָרט איידלווײַלד, אַ פּרעסע־קאָנפֿערענץ, דעם ווײַטערדיקן איבערפֿלי פֿון ניו־יאָרק קיין וואַשינגטאָן, דאָס אײַנאָרדענען זיך אין וואַשינגטאָנער „קאָמאָדאָר“־האָטעל. באַם אָוונטברויט אין רעסטאָראַן פֿון האָטעל האָבן מיר געלויבט די הײַנטצײַטיקע אַוויִאַציע: מיט איר הילף קאָן מען, אָפּעסנדיק פֿרישטיק אין מאָסקווע, זיך דערקלײַבן צו דער וועטשערע קיין וואַשינגטאָן...

צוויי דעטאַלן פֿון דער טאַמאָזשניע־פּראַקטיק. ווי באַוווּסט, פֿירט יעדערער מיט זיך, באַם אַרײַנפֿאָרן אין אַמעריקע, אַ צײַגעניש וועגן דעם, אַז ער האָט באַקומען

---

1 ליעוו אַלעקסאַנדראָוויטש בעזימענסקי — פּאָליטישער קאָמענטאַטאָר און רעדקאָלעגיע־מיטגליד פֿונעם זשורנאַל „נאָוואָיע ווּרעמיאַ“ („נײַע צײַט“); דעמענטי אַלעקסייעוויטש שמאַרינאָוו — פֿאָלקס־קינסטלער פֿון ססר,ווירקלעכער מיטגליד פֿון דער קונסט־אַקאַדעמיע.

פּאַקן־אײַנשפּריצונגען. װעלנדיק צונױפֿנעמען אָט די צײַגענישן בײַ דער גאַנצער סאָװעטישער גרופּע, האָט דער טשינאָװניק פֿון טאַמאָזשניע־אַמט אױסגערופֿן:

— מיסטער װערגעליס! װער פֿון אײַך איז מיסטער װערגעליס?

— איך...

— מיסטער װערגעליס, זײַט אַזױ גוט און ברענגט אונדז די מעדיצין־קאַרטעס פֿון דער גרופּע.

— פֿאַרװאָס פֿרעגט איר עס בײַ מיר?

— װײַל אַלע װײסן, אַז איר זײַט דער װאָרטזאָגער...

מיר האָבן זיך איבערגעקוקט און זיך צעשמייכלט. איך האָב געזאָגט דעם טשינאָװניק, אַז „װאָרטזאָגער" בײַ אונדז, דאָס הייסט דער אָנפֿירער פֿון דער גרופּע, איז ניקאָלײַ בלאָכין, דער „דרײַמאָל פּרעזידענט", װי מיר רופֿן אים צװישן זיך: פּרעזידענט פֿון דער מעדיצין־אַקאַדעמיע פֿון סאָװעטנפֿאַרבאַנד, פּרעזידענט פֿונעם סאָװעטיש־אַמעריקאַנישן אינסטיטוט און — לסוף, פּרעזידענט פֿון אונדזער גרופּע. נו, בקיצור, דעם טשינאָװניק פֿון דער ניו־יאָרקער טאַמאָזשניע װעסטו ניט אײַנריידן דאָס, װאָס גייט ניט אַרײַן אין זײַנע אינסטרוקציעס. אַ שאָ אָדער צװײ פֿאַר אונדזער באַװײַזן זיך אין אײַדלװײַלד האָט ער באַקומען אַן אָנװײַזונג, אַז דער אָנפֿירער פֿון דער גרופּע בין איך, אַרן װערגעליס. צוליב װאָס דאַרפֿן זײ עס אַזױ פֿאַבריצירן — פֿאַרשטײ איך ניט. צװישן זיך שפּאַסן מיר: פֿאַראַן שױן, גאָט צו דאַנקען, אַן אײגענער דאָקטער אין דער גרופּע... איך נעם צונױף די מעדיצין־צײַגענישן און גיב זײ אָפּ דעם טשינאָװניק...

נאָך אַ „פּאַסירונג" בײַם דורכגײן די טאַמאָזשניע־פֿאָרמאַליטעטן. פֿון די צװײ טשעמאָדאַנעס, װאָס עס פֿירן מיט זיך באָריס פּאָלעװאָי און זײַן פֿרױ יוליאַ אָסיפּאָװנאַ, איז אָנגעקומען בלױז אײנער, כאָטש געפֿלױגן איז אונדזער באַגאַזש אין אײן אַעראָפּלאַן מיט אונדז. װאָס זשע איז דאָ פֿאָרגעקומען?

באָריס ניקאָלײַעװיטש, װאָס איז שטאַרק דערפֿאַרן אין אײסעק טוריזם, זאָגט מיט פֿלעגמאַטישער רויִקײַט:

— גאָרנישט ניט, בראַטצי, גאָרנישט ניט... אָט װעט איר זען, אַז אין װאַשינגטאָן װעט דער טשעמאָדאַן מיך אָניאָגן.

— יאָ, אָבער די רעטעניש... װיִאַזױ פֿאַרשװינדט עס אַ טשעמאָדאַן...

— אײסעך, זײ דאַרפֿן „אױסטאַפּן" דעם באַגאַזש... נעמען זײ פֿון צװאַנציק — פֿינף און צװאַנציק טשעמאָדאַנעס דערװײַל אַרױס אײנעם און קערן אים אום אין אַ פּאָר שאָ אַרום... בראַטצי, ערגערט זיך ניט, ס׳איז אײַך ניט פֿליִען פֿון מאָסקװע קײן אירקוטסק...

יוליאַ אָסיפּאָװנאַ, זײער אַ װױלע פֿרױ, אַ לערערן, זאָגט צו מיר אין דעם נוסח פֿון הײמיש־„האַרבער" קריטיק:

— זעט, װי ער איז עס האָפֿערדיק בײַ זיך, באָריס... און דער סעקרעט דערפֿון איז דאָס, װאָס אין טשעמאָדאַן ליגן (זאָגט עס ניט קײנעם!) בלױז עטלעכע קילאָ סוכאַרעס און אַ פּאָר פֿלעשלעך רוסישע „װאָדקאַ", װאָס מע נעמט געװײנלעך מיט װי אַ סוװעניר... זײ האָבן, זאָג איך אײַך, געטראָפֿן ניט אױף דעם טשעמאָדאַן...

די פּרעסע־קאָנפֿערענץ אין אײַדלװײַלד איז געװען פֿאַר אונדז אומגעריכט און נאָך מער אומגעריכט איז געװען דאָס, װאָס דאָרט איז פֿאָרגעקומען. נאָך די טאַמאָזשניע־פֿאָרמאַליטעטן האָט מען אונדז אַרײַנגעפֿירט אין אַ זײַטיקן צימער און —

װאָס טוט זיך דאָ? מיר האָבן גלײַך ניט פֿאַרשטאַנען. עס האָט אַ שלאָג געטאָן אָנטקעגן אונדז אַ כװאַליע פֿון זשומעניש, שטופּעניש, שרײַעניש, באַגלײט פֿון אופֿבליצנדיקע יופּיטערס און פֿון אַ גוטברודעריש קלאַפּעניש איבער די פּלײצעס. פֿון אָט דער גאַנצער כאַפּעניש האָט זיך פֿאַר מיר פֿערזענלעך, װי אַ רעטונג, אױסגעטײלט אַ שמײכלענדיק באַברילט פּנים, אַזאַ באַקאַנטס און ליבס, אַן אײגנס, װי די פּנימער אין דער הײם, און איך האָב פֿרײדיק אױסגעשריִען:

— פּײסעך נאָװיק!

דער שעף־רעדאַקטאָר פֿון דער „מאָרגן־פֿרײַהײַט" האָט נאָכן צעקושן זיך אַ זאָג געטאָן:

— דו זעסט אױס גוט... מירן אַ קוק טאָן אױף דיר אין צען מינוט אַרום...

דאָס האָט מיר דערמאָנט אין איליאַ ערענבורגס װערטער.

זינט איך לעב, האָב איך ליב, אַז מע װאָרנט מיך װעגן ערגערן, אײדער מע זאָל מיר פֿאַרבלענדן די אױגן מיט צוזאָגן אַ גרינג לעבן...

אָט װאָס עס האָט זיך פֿאַרגעדענקט פֿון דער פּרעסע־קאָנפֿערענץ אױפֿן אײַדלװײַלדער פֿלי־פֿעלד.

צװײ סענסאַציאָנעלע פֿראַגעס האָבן פֿאַר אונדז פֿאַרגרײט די אַמעריקאַנער אַנטיסאָװעטישע פּרעסע־לײַט. ערשטנס, אין מאָסקװע איז נאָך אונדזער אָפּפֿלי פֿאַרעפֿנטלעכט געװען אַ מיטײלונג װעגן דעם, אַז אַן אַמעריקאַנער פּראָפֿעסאָר (פֿרעדעריק באַרגהאָרן איז זײַן נאָמען) איז אױף אײנער פֿון די מאָסקװער גאַסן אַרעסטירט געװאָרן לױט דער באַשולדיקונג, אַז ער איז אַ שפּיאָן. צי האָבן מיר עפּעס־װאָס צו זאָגן װעגן דעם? צי װעט אונדז געפֿעלן, אױב דאָס זעלבע װעט די אַמעריקאַנער געהײם־פּאָליצײ באַלד טאָן מיט עמעצן פֿון אונדז?

מיר ענטפֿערן, אַז מיר װײסן גאָרנישט און האָבן גאָרנישט ניט װאָס צו זאָגן װעגן דעם איניען. דאָס כאַפּן אַ שפּיאָן, װער ער זאָל ניט זײַן, האָט קײן מינדסטן שײַכעס ניט מיט אַ דעלעגאַציע קולטור־טוער. און, צולעצט, מיר זאָגן דעם זשורנאַליסט, װאָס פּרוּװט אונדז דראָען, אַז ער זאָל שרעקן עמעצן אַנדערש, ניט אונדז, סאָװעטישע מענטשן.

דאַן שטופּט מען אונדז אונטער די צװײטע „פֿראַגע", טאַקע זי, די „ייִדישע": צי װילן מיר ניט עפּעס איבערגעבן און צי האָבן מיר ניט עפּעס װאָס געבראַכט מיט זיך פֿאַר די אַמעריקאַנער אָפּעטראָפּסים פֿון די „פֿאַרפֿאָלגטע און פֿאַרשטױסענע" ייִדן אין סאָװעטנפֿאַרבאַנד? מיר ענטפֿערן, אַז פֿאַר די אומגעבעטענע אָפּעטראָפּסים האָבן מיר געבראַכט דעם גרימצאָרן פֿון די סאָװעטישע ייִדן, װאָס האָבן קײנעם ניט באַופֿטראָגט צו אױסנוצן זײער גוטן נאָמען אין פּאָליטיקאַניש־ספּעקוליאַטיװע צילן.

די ענטפֿערס געפֿעלן ניט די אַנטיסאָװעטיש־געשטימטע זשורנאַליסטן. פֿון אָנהײב אָן שטעלט זיך אײַן אַ געװיסע אַטמאָספֿער. עס פֿילט זיך, אַז די בורזשואַזע פּרעסע־לײַט, פּונקט װי די באַאַמטע פֿון דער טאַמאָזשניע, באַגעגענען אונדז אין הסכּם מיט גרײטע אינסטרוקציעס.

װעגן אָט די אינסטרוקציעס מעלדעט אָן צערעמאָניעס אײנער אַ זשורנאַליסט. דער מעלוכע־דעפּאַרטאַמענט, זאָגט ער, האָט זיך אָפֿיציעל געװענדט צו די אַמעריקאַנער אינסטיטוציעס מיט אַ װאָרענונג צו זײַן „פֿאָרזיכטיק" מיט דער דעלעגאַציע סאָװעטישע קולטור־טוער, װעלכע „שלײַ־

ערט זיך אין א מאנטל פון טוריסטן", נאָר טראָגט פאַקטיש
„אַן אויסגעשפּראָכענעם פּראָפּאַגאַנדיסטישן כאַראַקטער".

ווייסן מיר שוין, אין וואָס דאָ גייט. פאַר די אויגן באַ מיר בליצט דורך דאָס גוטמוטיקע געשטאַלט פונעם אַמעריקאַנער פּאַטריאָטישן יוריסט אין דער אַמבאַסאַדע אָף ספּאַסאָפּעסקאָוואָסקער פּלאַץ, לעבן אַרבאַט. צוטראָגנדיק מיט צוויי פינגער צום מויל אַ קליין-פּיצינק וווּרשטעלע, וואָס איז אַרופגעשטעקט אָף אַ שטעקעלע, די גרייס פון אַ שוועבעלע, זאָגט געבראָכן ריינער: „...אין אַ פּאָר טעג אַרום וועט איר דערפילן ווי גאַסטפריינטלעך עס איז אַמע-ריקע". צוליב פינקטלעכקייט וואָלט איך אין דעם יוריסטס רייד אָנשטאָט אַמעריקע געזאָגט „אָפיציעלע אַמעריקע"...

איך טראַכט וועגן דעם אין אַ מאָמענט, ווען צו מיר ווענדט זיך איינער פון די יידישע רעכטע צייטונגס-לייט ש. ל. שניידערמאַן. פּאַרזענדיק שוין אָף אַ קאָל דעם געדאַנק, וואָס האָט ערשט געהאַט אַ שייכעס צום אַמערי-קאַנער יוריסט, זאָג איך צו שניידערמאַנען: „די געשיכטעס וועגן קלוימערשטע פּאַרפאָלגונגען פון די יידן אין סאָוועטנפאַרבאַנד ווערן דאָ באַ אייך פאַרשפּרייט פון געוויסע גרופּעס, וועלכע זיינען פּאָליטישע סאָנים פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד. איך בין זיכער, אַז די ברייטע יידישע מאַסן אין אַמעריקע באַטייליקן זיך ניט אין די דאָזיקע העצעס".

ווען דער אָפיציעלער טייל פון דער פּרעסע-קאָנפערענץ, וואָס איז געפירט געוואָרן אָף רוסיש און ענגליש, איז פאַרענדיקט, דערפיל איך, ווי מיטאַמאָל גיט זיך קימאַט דער גאַנצער אוילעם קאָרעספּאָנדענטן אַ מין דריי-איבער אָף אַן אַנדער צייט און הייבט אָן ריידן מיט מיר יידיש.

אָ, — זאָג איך, — ראַבויסיי, איר בראָקט דאָך גאַנץ פיין מאַמע-לשון... עמעצער צעלאַכט זיך, נאָר מע נעמט ווידער, שוין אָפן היימישן אויפן, איבערשלאָגנדיק איינער דעם אַנדערן די רייד, שטעלן פראַגעס:

— וואָס קאָנט איר זאָגן וועגן דעם באַשלוס צו באָי-קאָטירן אייך?

— וועמען — אייך?

— אייך פּערזענלעך.

— ווער האָט אָנגענומען אַזאַ באַשלוס?

— דער ראַט פון די ראַבאָנים.

— אַזוי גאָר?.. אָבער איך בין ניט געקומען צוגאַסט צו ראַבאָנים...

— איך האָב זיך צוגעקוקט צו אייער גרופּע. צווישן אַלע רוסן זייט איר דער איינציקער בלאָנדער... וואָס באַטייט עס?

— קוקט זיך צו אַ ביסל בעסער, איך בין ניט קיין בלאָנדער — אַ רויטער!

— איר האָט אין זינען אייער פּאָליטישע רויטקייט?

איצט לאַך איך.

— וואָס איז דער ציל פון אייער קומען קיין אַמעריקע?

— אַלס טוריסט און יידישער דיכטער, וויל איך זיך באַקאַנען מיט אייער לאַנד און מיט דעם, ווי אַזוי עס לעבן דאָ די יידן.

— איר ווילט מיט עפּעס פאַרגלייכן?

— יאָ, מיט דעם, ווי עס לעבן די יידן אין סאָוועטן-פאַרבאַנד...

ווייזט זיך אַרויס, אַז מע קאָן איבערשלאָפן אַ נאַכט אין אַמעריקע, זיין פאַר דער צייט אין די צוויי הויפּטשטעט אירע, און דאָך ניט קומען אין קיין מינדסטן באַריר מיט איר.

ווייל אין ניו-יאָרק, נאָכן אַראָפּוואַלגערן זיך פונעם הימל, האָבן מיר געזען בלויז די טאַמאָזשניע און דאָס צימער, ווו ס'איז פאָרגעקומען די פּרעסע-קאָנפערענץ. אַזוינס קאָן זיין ווו איר ווילט. אין טאַמאָזשניע-זאַל שטייען ניט קיין הימלקראַצערס. אַרויסגעגאַנגען פון דאָרט און בלויז אַרויסגעשטעקט די נאָז אָפן פלי-פעלד, זיינען מיר אַריין אין אַעראָפּלאַן און — אַט האָסטו דיר וואַשינגטאָן! דער וועג פונעם וואַשינגטאָנער אַעראָפּאָרט צום האָטעל — אַ וועג ווי אַלע וועגן, דערצו נאָך באַנאַכט, מע פאָרט די שטאָט אַדורך זייטלדיק, די הייזער — ניט קיין הויכע, ניט שטאַרק באַלויכטענע, קורץ גערעדט: „ניט אַמעריקאַ-ניש"...

אופגעוועקט האָט מיך פון שלאָף זעקס אַזייגער אינדערפרי אַ שאַרפער קלונג פונעם טעלעפאָן. איך האָב אַ שטורכע געטאָן ראָבערט ראָזשדעסטווענסקין, דעם שאָכן מיינעם לויטן האָטעל-נומער — זאָל ער אויך זיך אופכאַפּן און נעמען דאָס טרייבל. ראָבערט, שטאַרק פאַרשלאָפן, זאָגט אין טעלעפאָן אַריין אָן האַקדאָמעס:

— ניע גאָוואָריו אי ניע פּאָנימאַיו פּאָ-אַנגליסקי... (איך רייד ניט און פאַרשטיי ניט קיין ענגליש).

צוהערנדיק זיך אַ רעגע צום טרייבל, גיט ער עס מיר איבער:

— אַ מין שיטן מיט רייד: ס'איז יאָ ענגליש און ניט ענגליש...

איך שריי אויך אַריין:

— ניע גאָוואָריו פּאָ-אַנגליסקי...

און דערהער אַן ענטפער:

— וואָס מאַכט איר זיך טאַמעוואַטע, צי איר האָט זיך שוין אָנגעטרונקען מיט אייער רוסישער וואָדקע און ווייסט ניט, אָף וועלכער וועלט איר זייט... איך רייד צו אייך יידיש, און איר — פּאָ-אַנגליצקי, פּאָ-אַנגליצקי...

— ווער זייט איר?

— אַ יידישער קאָרעספּאָנדענט...

— איך בין ערשט געקומען צו פליען פון ניו-יאָרק. פון קאָפּענהאַגען... פון מאָסקווע... איך וויל שלאָפן.

— איך בין אויך ערשט געקומען צו פליען פון ניו-יאָרק... וואָס מיינט איר, ס'איז דאָ איין אַוויאָן אָף דער וועלט? איך האָב נעכטן אָף איידלוואַילד ניט געקאָנט זיך דערשלאָגן מיט אייך אַ שמועס צו טאָן...

— ווילט איר עס לעמאַנאַשעם טאָן איצט?

— וואָדען? מיין באַלעבאָס האָט געזאָגט, אַז דער אינטערוויו זאָל זיין ניט שפּעטער פון אַכט אַזייגער אינדערפרי. די זעצער וואַרטן. דער לינאָטיפּ שטייט.

— רעב ייִד, טשעפּעט זיך אָפּ פון מיר, איך וויל שלאָפן...

— און אַזוי ענטפערט אַ רעדאַקטאָר, דערצו נאָך פון „סאָוועטיש היימלאַנד"! איז טאַקע גערעכט מיין רעדאַק-טאָר, וואָס זאָגט, אַז איר זייט אַ סאָוועטסקי קאָמיסאַר און מער גאָרנישט...

אין אַ פּאָר מינוט אַרום — נאָכאַמאָל דער זעלבער קלונג, שפּעטער — ווידעראַמאָל און נאָכאַמאָל. ראָזש-דעסטווענסקי זאָגט:

— עפּשער וואָלסטו זיך טאַקע צו אים אַראָפּגעלאָזט אין וועסטיבול, האַ? ער קאָן נאָך רופן פּאָליציי...

— אין וועסטיבול טויג ניט. איך וועל אים בעסער רופן אַהער... ער וועט זיכער זיין צופרידן צו שטעלן אויך דיר אַ פּאָר פראַגעס...

— לאָמיר בעסער שלאָפן...

צום פרישטיק האָט די גאַנצע גרופּע זיך צונויפגענומען אין רעסטאָראַן־זאַל. לעבן אונדז שמייען אַרום קאָרעס־פּאָנדענטן. די ניו־יאָרקער יידישע בירגערלעכע פּרעסע האָט צוגעשיקט אַהער אַ גרופּע רעפּאָרטיאָרן. באַזונדערס טיילט זיך אויס דער נייַס־קאָרעספּאָנדענט פון „טאָג־מאָרגן־זשורנאַל" גערשן דזשייקאָבסאָן. די גאָדיכטע שוואַרצע באָרד און אויסערגעוויינלעך ערלעכע אויגן מאַכן אים ענלעך אַף אַן איידעם, וואָס איז אָקאָרשט אַראָפּ פון קעסט.

איך לייען אָפּט דזשייקאָבסאָנס קאָרעספּאָנדענצן אין „טאָג־מאָרגן־זשורנאַל". וואָס שייַעך דעם סאָוועטנפאַרבאַנד, איז בא אָט דעם פּאַרהעלטנסמעסיק יונגן צייטונגס־מאַן דער עמעס, ווי מע זאָגט, ניט אײַנגעשטאַנען. ווען מיר הייבן איצט אָן אונדזער ערשטן שמועס, באַהאַלט איך פון אים ניט, וואָס איך טראַכט וועגן זייַן שרייַבעכץ. ער סוט זיך אַ כאַפּ פאַרן האַרצן:

— אַנטשולדיקט, איר האָט אַ טאָעס...

— מענטש איינער, — זעץ איך פאָר מייַן געדאַנק, — קומט צו אונדז צו פאָרן... וועט איר מיט די אייגענע אויגן... יאָ, יאָ, איר וועט אופהערן זייַן אַ מיוון פון דער וויַס...

און איך וואָרן אים פרייַנטלעך:

— אויב איר און אייַערע קאָלעגן וואַרטן צו באַקומען פון מיר אַ סענסאַציע, מעגט איר זיך אומקערן אַהיים קיין ניו־יאָרק...

דזשייקאָבסאָן שווערט זיך, אַז ער „וויל בלויז דעם עמעס" און אַז שרייַבן וועט ער „בלויז דעם עמעס" און אַז „דער עמעס איז בעסער פונעם ליגן"...

די ערשטע באַקאַנטשאַפט אונדזערע מיט וואַשינגטאָן. מיר גייען זיך דורך צופוס פון דעם האָטעל ביז דער סאָוועטישער אַמבאַסאַדע. עס וואַרפט זיך גלייַך אין די אויגן: די שטאָט איז ווי צונויפגעשטעלט פון צוויי פאַרשיידענע קאָמפּאָנענטן: רעגירונגס־געבייַדעס און געבייַדעס אַף צו באַדינען די באַאַמטע. ניטאָ קימאַט דער געוויינלעכער שטייגערישער קאָמפּלעקס. מע זעט ניט אַף די סקווערן קיין קינדער־וועגעלעך. ניטאָ קיין טעאַטערן. אין צענטער פון דער שטאָט — מיניסטעריומס און אַנשטאַלטן. באַם אַרייַנגאַנג אין יעדן רעגירונגס־הויז — אַ פאָן אָדער צוויי פענער מיט שטערן און שטרייַפן. אין וואַשינגטאָן האָט מען ליב פענער...

די מערהייַט וווינונגס־הייַזער — ניט קיין הויכע, מיט פּאַסאַדן, וואָס שאַפן דעם אייַנדרוק, אַז די פּאָר טרעפּלעך, וועלכע גייען אַרויס אַף דער גאַס, פירן ניט צום אַרייַנגאַנג אין אַ שטאָטישן מויער, נאָר צו אַ פאַרגלאָזטער וועראַנדע. אָט די וווינונגס־הייַזער קלעפן זיך איינס צו איינס, איינס צו איינס, שאַפן גאַנצע מאַסיוון, לאַנגע גאַסן און, בִכלל גערעדט, זייַנען זיי אַ מין אָנשוילעכע פאַרקערפּערונג פונעם פּריוואַט־אייגנטימערישן לעבנס־פּרינציפּ. יעדעס הויז אין דער גאַס־מאָזאַיִק איז עמעצנס אַ געקויפטע אָדער געדונגענע נעסט. אויב דער באַלעבאָס וועט וועלן, וועט ער זייַן שערבעלע אויסברעכן פון דער מאָזאַיִק — און גאָרנישט וועט זיך ניט ענדערן.

אין די שטאָט־גערטנער און סקווערן — אַ סאַך דענקמעלער. עס לויפן אַרום היימישע וועווערקעס. צוגעוווינטע צום מענטשן, וווינען זיי דאָ, ווי אין וואַלד.

עס ווייַזט זיך אַרויס, אַז אונדזער האָטעל איז ניט ווייַט פונעם ווייַסן הויז. אַ צווייששטאָקיקס, פון דרויסן גאָר ניט אַזאַ אָנזעעוודיקס, טיילט זיך עס דאָך אויס מיט די פיר קאָלאָנעס און מיט דעם פראָנטאָן באַם אַרייַנגאַנג. מיר שטייען בא די הויכע שטאָלענע שטאַנגען פונעם פּאַרקן און קוקן אַף דעם פּרעזידענטס „נאַכלע" דורך די שפּאַקטיוון פון אונדזערע סאָוועטישע פאָטאָ־אַפּאַראַטן...

אַף די גאַסן פון וואַשינגטאָן — זייער אַ סאַך נעגערן. מערער מאַנצבלען, איידער פרויען. ווייניק קינדער.

אַף יעדער גאַס — עטלעכע האָטעלן. זייער אָפט טרעפן זיך אויפשריפטן און עלעקטרישע רעקלאַמעס, וואָס כאַזערן איבער איין און דאָס זעלבע וואָרט: «Parcing». דאָס וואָרט באַטייַט: אַף אָט דעם אָרט קאָנט איר איבערלאָזן אייַער אווטאָמאָביל (פאַר געצאָלטס, פאַרשטייט זיך).

אין דער סאָוועטישער אַמבאַסאַדע באַגעגנט מען אונדז, ווי לייַבלעך־אייגענע. אַנאַטאָלי פיאָדאָראָוויטש דאָברינין, דער אַמבאַסאַדאָר, און זייַן פרוי פירן אונדז איבער די צימערן פונעם אַלטן פּאַלאַץ, וואָס האָט געהערט נאָך צום צאַרישן רוסלאַנד.

נאָך דעם אויספירלעכן שמועס מיט דאָברינינען (ער באַקאַנט זיך מיט אונדז, שטעלט פאַר אונדז פאָר די אַטאַשעס, ראַטגעבערס, סעקרעטאַרן, גיט איבער די לעצטע נייַס פון דער היים, דערציילט וועגן אייניקע ספּעציפישע פּראָגן, פאַרבונדענע מיט אונדזער קומען קיין אַמעריקע) קוקן מיר אין טעלעוויזאָר דעם פּרעזידענטס קענעדיס אָרדנטלעכע פּרעסע־קאָנפערענץ.

קענעדי רעדט וועגן דעם איניען באַרגהאָרן, און דאָס האָט (ווי ס׳איז אונדז קלאָר געוואָרן נאָך אין ניו־יאָרקער אַעראָפּאָרט) אַ מאָדנע „שייַכעס" צו אונדז, צו דער גרופּע קולטור־טוער. דער פּרעזידענט מעלדעט, אַז אויב מע וועט ניט באַפרייַען דעם שפּיאָן באַרגהאָרן, וועט דער אַמעריקאַנער צאַד איבערייַסן די סאָוועטיש־אַמעריקאַנישע אונטערהאַנדלונגען וועגן קולטור־אויסטויש. בענעגייע אונדזער גרופּע דאַרף עס באַטייַטן, אַז אַף וויפל די איצטיקע רייַזע איז אַ קאָנקרעטע פאַרקערפּערונג פון אָט דעם אויסטויש, דאַרפן מיר ניט אויסרעכענען אַף קיין „סענטימענטן" פון דער אָפיציעלער אַמעריקע. מיר פאַרשטייען עס. מיר באַדויערן. אָבער אויך אין אָט די באַדינגונגען וועלן מיר דאָ, אין די פאַרייניקטע שטאַטן, טראָגן דעם גוטן ווילן פון אונדזער גרויסן סאָוועטישן פאָלק.

אויב זיך אַבסטראַהירן פון דעם עצעם איניען, וועלכער ווערט באַהאַנדלט אַף דער פּרעסע־קאָנפערענץ, איז דער אייַנדרוק, וואָס דער פּרעזידענט קענעדי האָט געמאַכט אַף אונדז, זייער אַ גוטער. ער גייט אַרייַן מיט לייַכטע, גיכע טריט אין צימער, לויפט קימאַט אַרייַן, טראָגנדיק אונטערן אָרעם טעוועלעך מיט עפּעס פּאַפּירן. אַ יונגער, אַ הויכוווקסיקער, אַ שלאַנקער, האָט ער דאָך אַ „צעוואַל־גערטן" טראָט — עס פילט זיך די פיזישע טראַוומע, וואָס ער האָט באַקומען אין פלאָט אַלס אָפיצער בייַס דעם צווייטן וועלט־קריג. די פּרעסע־קאָנפערענץ פירט ער דורך שטייענדיק. ער גיט שנעל אַ מין טיטשע מיטן פינגער אין אַ קאָרעספּאָנדענט, הערט אויס זייַן פּראַגע, ענטפערט גלייַך און טוט ווידער אַ טיטשע אין אַ צווייטן קאָרעספּאָנדענט. ווען עס גייט אויס די צייַט פון דער פּרעסע־קאָנפערענץ, כאַפּט ער די טעוועלעך צוריק אונטערן אָרעם און לויפט אַ שמייכלענדיקער אַרויס פונעם צימער...

ווען מיר קערן זיך אום אין האָטעל, וואַרט אַף מיר דער קאָרעספּאָנדענט פון „טאָג־מאָרגן־זשורנאַל". ער זאָגט, אַז זינט איך האָב אינדערפרי אים צוגעזאָגט זיך באַגעגענען מיט אים אין מיטיק־איבערייַס, האָט ער זיך פון אָרט ניט אופגעהויבן. מיר ריידן אַ שאָ צי מער, איך אייַל זיך

ניט, — זאָלן די לייענער פון „טאָג־מאָרגן־זשורנאַל" באקומען אן ענטפער אף פראגן, וואָס אינטערעסירן זיי. דזשייקאָבסאָן זאָגט צו, אז ער וועט דעם שמועס אונדזערן איבערגעבן „אָן עמאָציעס", דה. עמעסדיק.

איך קוק דערווײַל בא זיך אין צימער דורך די ניו־יאָרקער ייִדישע פרעסע פאר די ערשטע צען טעג נאָיאבער.

שווער צו פארשטיין די פארדאָרבענע קעגנערשאפט פון געוויסע ייִדישע קרײַזן אין אמעריקע צו אלץ, וואָס עס טוט דער סאָוועטנפארבאנד, קעדיי צו לינדערן די שטיקנדיקע אטמאָספער פון קאלטן קריג אף דער אזויגערופענער ייִדישער גאס. אָט איז, לעמאָשל, א פראָסטער און פאָשעטער איניען. מע האָט זיך דערוווּסט, אז פון מאָסקווע קומט אף דרײַ וואָכן קיין אמעריקע א סאָוועטישער ייִדישער שרײַבער. ער קומט אָן פרעטענזיעס, אָן דעקלאראציעס, אָן א ספעציִעלער פאָליטישער רעקלאמע. ער קומט קעדיי זיך באקאנען מיט אײַער לעבן, און איר קאָנט, אויב איר ווילט, זיך באנוצן מיטן מאָמענט, קעדיי מיט אים זיך דורכשמועסן, בא אים עפעס אויסקלאָרן. אויב אָבער איר ווילט עס ניט, בעט מען זיך בא אײַך ניט און מע האָט ביכלאל צו אײַך גאָרניט. וועמען דער גאסט וועט אינטערעסירן, דער וועט זיך מאטריִען זײַן און אים געפינען, — אזוי, ווי עס טוט זיך געוויינלעך בא מענטשן...

אָבער אין יענע קרײַזן האָט מיטאמאָל זיך אופגעריסן א באָמבע! דער „פאָרווערטס" איז דעם 1 נאָיאבער ארויס מיט א קאָפּ איבער דער גאנצער ערשטער זײַט: „ווערגעליס, סאָוועט־ייִדישער רעדאקטאָר, קומט אהער אופקלערן לאגע פון ייִדן!" איז דאָך גוט! נאָר דער „פאָרווערטס" מאכט אן אליארעם. ער רופט צונויף זײַנע אקטיווע קויכעס. ער פארווארפט מיט שמוץ דעם „אופקלערער". ער וויל ניט, ער וועט ניט דערלאָזן קיין אופקלערונג.

און אָט לויפט זיך שוין צונויף דאָס שווארצע כאיִל. דעם 11 נאָיאבער, נאָך א טומל אין מעשעך פון צוויי וואָכן, טיילט דער „פאָרווערטס" מיט, אז „סינאגאָג־קאונסיל" — די אָרגאניזאציע פון די אמעריקאנער ראבאָנים, סײַ פון די אָרטאָדאָקסן און קאָנסערוואטיווע, סײַ פון די רעפאָרם־ראבייִים, האָט ארויסגעלאָזט א „סטייטמענט" (א מין קאָמוניקאט), אין וועלכן זי „רופט צו באָיקאָט". אין „טאָג־מאָרגן־זשורנאל" פארן 11 נאָיאבער לייען איך: „דער פרעזידענט פון „סינאגאָג־קאונסיל" האָט געזאָגט, אז ער איז געצוווּנגען צו וואָרענען די אמעריקאנער ייִדן זיך צו היטן פון ווערגעליסעס פארפירערישע רייד". עס ווײַזט זיך ארויס, אז געוואָלט האָבן די אמעריקאנער ראבאָנים זען אײַנגעשלאָסן אין דער קולטור־דעלעגאציע פון סאָוועטנפארבאנד דעם מאָסקווער ראָוו, נאָר יענער „האָט זיך פארופן אף זײַן קראנקײַט און עס קומט גאָר דער מאָסקווער רעדאקטאָר". איז אף אָט דעם איניען פאראן דער געהעריקער פיירעש פונעם „פאָרווערטס": „ס'איז צום באדויערן, וואָס דער געזונט־צושטאנד פון האָראָוו לעווין איז ערגער פון ווערגעליסעס"...

עס פאלט מיר אײַן א געדאנק אויסצופרוּוון, וויִאזוי עס וועט אף דעם „סטייטמענט" פון די ניו־יאָרקער ראבאָנים רעאגירן א הײַנטצײַטיקער רוסישער יונגערמאן פון מאָסקווע. ווען איך זעץ איבער ראָבערט ראָזשדעסטווענסקין דעם טעקסט, לאָזט ער אינגאנצן דורך די פאטעטישע דראמאטישקײַט פון דעם ראבאָנישן אופרוף און באווײַזט מיט זײַן פראגע, וואָסער „פראָבלעם" עס האָט אים יאָ פארטשעפעט:

— זאָג מיר, וואָס איז דער אונטערשייד צווישן א קאָנסערוואטיוון ראָוו און א רעפאָרמיסטישן ראבײַ?..

אָ, אזא סאָרט פראגע אָרדנט מיך אײַן. זי אָרדנט מיך אײַן שוין דערפאר, ווײַל איך פארמאָג צו איר א גרייטן ענטפער, וואָס האָט דערצו נאָך די פאָרם פון אן אנעקדאָט.

— שטעל זיך פאָר, — זאָג איך צו ראָזשדעסטווענסקין, — אזא מין צופאל. אין ניו־יאָרק, לאָמיר זאָגן, האָט א ייִד געקויפט א נײַעם קאדילאק און ער קומט צום קאָנסערוואטיוון ראָוו באקומען א בראָכע. „וואָס איז דאָס „קאדילאק"? — פרעגט אים דער ראָוו. דער אָלרײַטניק ווערט אין קאס: „אויך מיר א ראָוו! ווייסט אפילע ניט, וואָס א „קאדילאק" איז"... אוועקגעגאנגען צו א רעפאָרמיסטישן ראבײַ, מאכט צו אים דער ייִד: „איך האָב געקויפט א נײַעם „קאדילאק", וויל איך פון אײַך באקומען א בראָכע". „וואָס איז דאָס א בראָכע?" — פרעגט דער ראבײַ...

אף ראָזשדעסטווענסקיס פּאָנעם איז צו זען, אז עפעס איז צו אים ניט דערגאנגען.

— פארשטאנען... פארשטאנען... — זאָגט ער פלעגמאטיש. — די צאָרע איז אָבער אין דעם, וואָס איך ווייס אויך ניט, וואָס אזוינס איז א בראָכע...

— הייסט עס, ראָבערט איוואנאָוויטש, אז דו ביסט ניט קיין ראָוו, נאָר א ראבײַ...

עס עפנט זיך די טיר און צו אונדז קומט ארײַן דער שטעלפארטרעטער פונעם הויפט־רעדאקטאָר פון דער „פראוודא" נ. נ. אינאָזעמצעוו. ראָזשדעסטווענסקי זאָגט צו אים מיט אופריכטיקער באוווּנדערונג:

— ניקאָלײַ ניקאָלײַעוויטש, איר ווייסט, איך בין א ראבײַ, ניט קיין ראָוו...

אינאָזעמצעוו טאפט בא אים דעם שטערן:

— איך באגריס אײַך... איך גראטוליר אײַך...

און איך בין שוין אין אָט דער מינוט פארנומען מיט מײַנע געדאנקען. איך טראכט וועגן ראבאָנישן באָיקאָט אין די זעכציקער יאָרן פונעם צוואנציקסטן יאָרהונדערט. די ייִדישע רעאקציע לאָזט אין גאנג אירע עקסטרעמע מיטלען. זי איז שוין אף אזויפיל באָדנלאָז און געפאלן, אז זי מוז זיך פרוּוון איבערבלעטערן עטלעכע יאָרהונדערטער אף צוריק און ארויסלאָזן קעגן דעם פראָגרעס די ראבאָנישע קראָען, די שטרײַמלעך, די אינקוויזיציע.

16 נאָיאבער.

מיד פון א צענשאָיִק ארומגיין און ארומפאָרן איבער וואשינגטאָן, נעם איך זיך דאָך פאר דער פען אף צו פאָרזעצן דאָס טאָגבוך. קעדיי לײַכטער מאכן פאר זיך די מי, וועל איך טאָן אזוי, ווי אין מאָסקווע האָבן געייצעט די כאווײרים: גענוי, מיט פראָטים, פארשרײַבן בלויז דאָס, וואָס האָט א שײַכעס צו דער ספעציפישער סוויווע, מיט וועלכער איך שטויס זיך בייס דער רײַזע צונויף. דאָס אלגעמיינע, וואָס געהער זיך אָן צו דער גאנצער גרופע, וועלן דאָך זיכער בעסער פון מיר פארצייכענען די קאָלעגן מײַנע. נו, און די טוריסטישע אײַנדרוקן — זיי זײַנען טאקע אויסערגעוויינלעך אינטערעסאנט און וויכטיק, נאָר... ווו נעמט מען צײַט אף דאָס אלץ צו פארשרײַבן?

די דרײַ טעג אין וואשינגטאָן זײַנען שוין דורכגעלאָפן, מאָרגן פאָרן מיר אָפּ קיין ניו־יאָרק. אין דער הויפטשטאָט פון אמעריקע איז ניטאָ קיין ייִדישער ייִשעוו, דה. ייִדן זײַנען דאָ, נאָר ניט מיט דער נאציִאָנאליטעט ווערן אין אָט דער אויסטערלישער שטאָט באצייכנט מענטשן. אין

וואַשינגטאָן טיילט זיך די באַפעלקערונג אַף באַאַמטע און באַדינער פון די באַאַמטע. צווישן די באַאַמטע איז אַ צע־טיילונג אַף ראַנגען. פאַראַן אַן אונטערשייד צווישן ווײַסע און שוואַרצע...

קיין ייִדן־פראַגע איז אין וואַשינגטאָן „ניטאָ". אָבער וואָס איז שייַך דער אַזוי־גערופענער ייִדן־פראַגע... אין סאָוועטנפאַרבאַנד — מיט איר פאַרנעמט מען זיך דאָ שטאַרק אַקטיוו. אַזוי, לעמאָשל, איז אַף דער נעכטיקער פּרעסע־קאָנפערענץ פון אונדזער גרופּע, וואָס עס האָט איינגעאָרדנט די אַמבאַסאַדע פון פססר, געווען צווישן די זשורנאַליסטן אַ שאַליעך פונעם אַמעריקאַנער קאָנגרעס־מען סימאָר האַלפּערן, וועלכער האָט באַשלאָסן, אַז ער איז עס באַרופן צו אויסקלאָרן, וויאַזוי עס שמאַכטן די סאָוועטישע ייִדן.

גענוי וועגן אָט דער פּרעסע־קאָנפערענץ וועל איך איצט ניט שרײַבן, ווײַל זי כאַזערט אין גרונט איבער דאָס, וואָס איז גערעדט געוואָרן אין ניו־יאָרקער אַעראָפּאָרט.

דאָ, בײַם דער פּרעסע־קאָנפערענץ, האָב איך זיך באַגעגנט און באַקאַנט מיט אַ סאַך ייִדישע און ניט־ייִדישע אַמעריקאַנער זשורנאַליסטן. אַהער זײַנען געקומען פון ניו־יאָרק כאַיִם סולער, פּייסעך נאָוויק און גדליה סאַנדלער[1]. צוריק אין האָטעל זײַנען מיר געגאַנגען צופוס — זאַלבעפערט. וועגן וואָס מיר האָבן געשמועסט? וועגן וואָס דען ניט!

כאָטש די וואַשינגטאָנער פּרעסע און טעלעוויזיע האָבן ערשט איצט, בײַם מיר פאָרן שוין אָפּ פונדאַנען, ענדלעך אויסגעזאָגט דעם „סאָד" וועגן אונדזער זײַן דאָ, — דאָך האָבן די מענטשן אין שטאָט געוווּסט וועגן אונדז, נאָכגעשפּירט מיט אינטערעס יעדן שפּאַן פון דער גרופּע, אויסדריקנדיק באַ דער מינדסטער געלעגנהייט רירנדיקע פרײַנטשאַפט.

עס וועט שווער זײַן צו פאַרגעסן די ערשטע באַגעגעניש מיט אָט דער אויסגעפּוצטער שטאָט, וואָס האָט אין מעשעך פון די לעצטע 150 יאָר ניט געוווּסט פון מילכאָמע און אומגליק, אין דער צײַט ווען אייראָפּעיִשע הויפּטשטעט האָבן אַזויפיל מאָל געקרעכצט אונטער די שטיוול פון פרעמדע און אייגענע סאָלדאַטן, געקראַכט פון באָמבע־אויפרײַסן, אַריבערגעגאַנגען פון הענט צו הענט.

מע זעט ניט אין וואַשינגטאָנער פּייזאַזש קיין קוימענס פון פאַבריקן. ווײַט פונעם אַמעריקאַנער אינדוסטריעלן פּראָלעטאַריאַט, איז די הויפּטשטאָט אַף אירע צענטראַלע גאַסן אַזוי רײַך און אויסגערוט, אַז עס דוכט זיך: צווישן דעם גרינס פון די סקווערן האָט זיך צוגעלייגט און אויסגעפּעסטעטע נעגידעסטע. נאָר אָט זײַנען די ראַנד־גאַסן, ווו עס וווינען קליינע „קנעפּלעך" און פאַרשיידענערליי באַדינער און שוואַרצאַרבעטער — די מערהייט נעגערס. דער קאָנטראַסט איז אויסערגעוויינלעך. קליינע הײַזקעס. גרויסע נויט. קליינע הונגעריקע קינדער. גרויסע אַרבעטס־לאָזע מאַנצבילן... אין אַלעקסאַנדריִע, אַ שטעטל, וואָס ליגט לעם סאַמע וואַשינגטאָן, זײַנען מיר געווען אין דער קירכע, וווּהין עס קומען, לויט דער טראַדיציע, טפילע טאָן די פּרעזידענטן פון אַמעריקע. דזשאָן קענעדי איז נאָך דאָ ניט געווען. די אויפזעערן פון דער קירכע האָט אונדז שטיל און פאַרטיק געזאָגט, ווײַזנדיק אַף אַן אָרט אין דער דריטער ריי:

[1] כאַיִם סולער — נאַציאָנאַלער פאַרוואַלטער פון דער „מאָרגן־פרײַהײַט", גדליה סאַנדלער — פאַרזיצער פון די פּראָגרעסיווע ייִדישע קולטור־קלובן אין ניו־יאָרק.

— דאָ וועט ער זיצן... גאָר אינגיכן קומט ער... גאָר אינגיכן... ער וועט בעטן גאָט פאַר אַמעריקעס גרויסקייט, פאַרן וווילזײַן פונעם אַמעריקאַנער פאָלק, פאַרן שאָלעם אַף דער וועלט...

אַזאַ טפילע פון אַן אַמעריקאַנער פּרעזידענט האַלט איך אונטער. איך וואָלט נאָר געבעטן אים, ער זאָל, רײַדנדיק מיט גאָט וועגן „וווילזײַן פונעם אַמעריקאַנער פאָלק, האָבן אינזינען אויך די קליינע שוואַרצע קינדער אַף די ראַנד־גאַסן פון וואַשינגטאָן.

יאָ, פּרעכטיק שיין איז די הויפּטשטאָט פון אַמעריקע. מיר האָבן געקוקט אַף איר פון דער הויכער פּלאַטפאָרמע אַפּן שפּיץ פונעם דענקמאָל דעם פּרעזידענט דזשאָרדזש וואַשינגטאָן, וועמעס נאָמען עס טראָגט די שטאָט, און פון דעם אַלטן קאַפּיטאָליום, דער אויסגעציאַצקעטער געבײַדע פונעם אַמעריקאַנער קאָנגרעס (די אָרטיקע אײַנוווינער רופן זי „דער יאָמטעוודיקער שטראַדל"). געזען האָב איך אויך דעם מאָדערנעם וואַשינגטאָן: די „דרײַוו־אין" — די אָפענע קינאָ־טעאַטערס, וווּהין צושויער פאָרן אַרײַן אַף זייערע מאַשינעס און אַזוי, זיצנדיק אין אַווטאָמאָביל, קוקן זיי דעם פילם; די „סופּערמאַרקעטן" — גיגאַנטישע מאַגאַזינען־מערק, ווו דער באַזוכער באַדינט זיך אַליין. אאַוו. אדג. מיר זײַנען שאָנלאַנג אַרומגעגאַנגען איבער די זאַלן פון דער נאַציאָנאַלער קונסט־גאַלעריי און שאָנ־לאַנג געשטאַנען באַ וועלט־באַרימטע מאָנומענטן: באַם פּרעזידענט דזשעפערסאָנס מאַוזאָליי און באַזונדערס — באַ דעם מאַוזאָליי פונעם קעמפער קעגן קנעכטשאַפט אין אַמעריקע, דעם גרויסן אַווראַאַם לינקאָלן. אין צענטער פון אַ פּאַרק, באַם טײַך פּאָטאָמאַק, זיצט ער, לינקאָלן, אין אַ גערוימען פאָטעל פון ווײַסן מאַרמאָר, זיצט אין אַ פרײַער פּאָזע, עטוואָס צעשפּרייט די פיס און, ווי נאָך אַ שווערער אַרבעט, אָוועקגעלייגט ביידע הענט אַף די זײַטן פונעם פאָטעל. ער זיצט אַזוי, ווי עס זיצט אין מאָסקווע באַם אַרײַנגאַנג אין דער געבײַדע פונעם קליינעם אַקאַדעמישן טעאַטער אַלעקסאַנדער ניקאָלײַעוויטש אָס־טראָווסקי. נאָר אין מאָסקווע, אַפּן טעאַטראַלן פּלאַץ, איז איצט אַ ווייכער, פרישער שניי, און אָסטראָווסקי זיצט אָנ־געטאָן אין אַ וואַרעמען רוסישן פוטער. אין וואַשינגטאָן גייט מען נאָך אין לײַכטע מאַנטלען, און לינקאָלן זיצט אין זײַן אָפענעם מאַוזאָליי אין אַ סערדעטל, אַפּן האַלדז — אַ דין שאַרפעלע, פאַרבונדן אין אַ שלייף.

מיר פאָרן אַוועק פון וואַשינגטאָן. מיר מײַדן אויס די שיינע אינדעפּענדענס־אַווענוי און די 14־טע גאַס, שנײַדן דורך דעם לאַפאַיעט־פּלאַץ, און — ווידעראַמאָל אַ גרוס אײַך, אָרעמע ראַנד־גאַסן פון דער הויפּטשטאָט פון אַמע־ריקע...

17 נאָיאַבער.

פאַרן אַראָפּשטײַגן אין ניו־יאָרק שטעל איך אויף אין זיקאָרן אַ פּאָר עפּיזאָדן, וועלכע איך האָב אין וואַשינגטאָן דורכגעלאָזט צו פאַרשרײַבן.

ערשטנס, דער סאָף פון דער געשיכטע מיט פּאָלעוואָיס טשעמאָדאַן.

— נו, וואָס האָב איך אײַך געזאָגט! — שרײַט באָריס ניקאָלײַעוויטש אויס, אַרײַנקומענדיק צום „לאָנטש" (אַ מין צווייטער פרישטיק אין אַמעריקע). — דעם טשעמאָדאַן מײַנעם האָט מען, זעט איר דאָך, טאַקע „געפונען"!.. און ווען איך האָב אים געעפנט, איז מײַן פרייד געוואָרן נאָך גרעסער, ווײַל די פלעשער בראַנפן, קעדיי זיי זאָלן זיך ניט צעברעכן, זײַנען מיט די העלדזלעך געווען אַרײַנגערוקט אין די שטעקשיך, כאָטש איך שווער אײַך, אַז ניט איך,

ניט מײַן פרוי האָבן עס ניט געטאָן, — מיר האָבן ניט געװוּסט װעגן אזא ראיעל מיטל צו טראַנספּאָרטירן פלעשער...

...א פּאָר װערטער װעגן מײַן לעצטער באַגעגעניש אין װאשינגטאָן מיטן „טאָג״־קאָרעספּאָנדענט גערשן דזשיקאָבסאָן. בעשאס אונדזער אויספירלעכן שמועס אין האָטעל דעם 14 נאָיאבער האָט ער מיך געפרעגט, צי עס איז מעגלעך, אז מע זאָל א „יידישע דעלעגאציע פון אמעריקע״ אײַנלאַדן צו באזוכן דעם סאָװעטנפאַרבאַנד און צי קען איך „מיט עפּעס מיטווירקן״. איך האָב געענטפערט דזשייקאבסאָנען, אז פאַרבעטן דעלעגאַציעס פון אויסלאַנד איז ניט קײן איניען פאַר א רעדאַקטאָר פון א זשורנאַל. א גרויסע צאָל יידן — געזעלשאַפטלעכע טוער, זשורנאַליסטן, שרײַבער, ארטיסטן, פּראָסטע פאָלקסמענטשן — באַזוכן אלס טוריסטן אונדזער לאַנד. ס׳איז דאָס אָרט דאָ אויסצודריקן א װוּנטש, אז דער שטראָם פון אמעריקאַנער יידן, װעלכע קומען אין סאָװעטנפאַרבאַנד, זאָל װערן שטאַרקער, ברייטער, האַסטיקער. דאָס װעט מיטהעלפן, אז יענע, װאָס זײַנען אָנגעשטעקט מיט דער קרענק פון אַנטיסאָװעטיזם, זאָלן אויסגעהיילט װערן...

פאַרן אָפּפאָרן פון װאשינגטאָן האָב איך, באַגעגענענדיק דזשייקאַבסאָנען, באַװיזן אים זײַן באַריכט אין „טאָג־מאָרגן־זשורנאַל״ װעגן אָט דעם שמועס. דער קאָפּ צום באַריכט זאָגט אָן ניט מער און ניט װייניקער, אז איך בין קעגן אײַנלאַדן אמעריקאַנער יידן „קײן רוסלאַנד״.

— װי קומט עס, דזשייקאַבסאָן? איר האָט דאָך געזאָגט, אז איר װעט שרײַבן דעם עמעס...

דער זשורנאַליסט מיט די ערלעכע אויגן איז א ביסל צעטומלט. ער רעדט אַרויס פאַרכידעשט:

— איר האָט שוין באַקומען פון ניו־יאָרק די צײַטונגז.. פריער, איידער איך!..

און ער פאַרענטפערט זיך:

— אין רעדאַקציע איז פאַראַן א ספּעציעלער „קעפּל־מאַכער״... קוקט ארײַן, איך בעט אײַך, אין טעקסט... דאָרט איז מער פרײַנטלעך... אין דער מאָס, פאַרשטייט זיך... אָבער דער „קאָפּ״ — דאָס איז ניט מײַן ארבעט.

— דזשייקאַבסאָן, איך װאָלט גערן א קוק געטאָן, װיאַזוי איר אָדער אײַער רעדאַקטאָר װאָלטן געדרייט מיטן קאָפּ, װען אזא „קאָפּ״ אין א סאָװעטישער צײַטונג דרייט איבער מיטן קאָפּ אַראָפּ אײַערע רייד...

...דאָס לעצטע, װאָס איך װיל פאַרנאָטירן:

נעכטן איז געװען אָן אָפּשייד־אָװנט מיט דער סאָװעטישער קאָלאָניע אין װאשינגטאָן. דער געזאַנדטער דאָברינין האָט מיך געבעטן דורכלייענען עטלעכע לידער. איך האָב אָנגעװיזן אָפן אוילעם — אַלע ניט קײן יידן — און געזאָגט, אז, צום באַדויערן, האָב איך די ביכלעך מײַנע, װאָס שליסן אײַן איבערזעצונגען אויף רוסיש, איבערגעלאָזט אין האָטעל־נומער. דאָברינין האָט זיך פאַרכידעשט:

— צוליב װאָס איבערזעצונגען? לייענט אין אָריגינאַל. איך, לעמאָשל, פאַרשטיי ניט קײן יידיש; איך גלייב אָבער אין דער קראַפט פון פּאָעזיע...

(פאָרזעצונג אין קומענדיקן נומער)

## 25 יאָר קאַמף פאַר פּראָגרעסיװער קולטור




אינעם לעבן פון דער יידישער ליטעראַטור אין אויסלאַנד האָבן מיר אָפּצומערקן א װיכטיקע און מערקווירדיקע דאַטע — עס איז געװאָרן 25 יאָר זינט עס איז געגרינדעט געװאָרן אין ניו־יאָרק די כוידעש־שריפט פון „איקוף״ — „יידישע קולטור״.

מע דאַרף זיך פאָרשטעלן די פאַרלוימדונגען און רעדיפעס, װעלכע עס האָט אויסצושטיין א פּראָגרעסיװע ליטעראַריש־געזעלשאַפטלעכע אויסגאַבע אין דער נאָכמילכאָמעדיקער אמעריקע, קעדיי אין דער פולער מאָס אָפּשאַצן דעם באַטײַט פון אָט דער דאַטע.

און אויב ס׳איז מעגלעך געװען, אז 25 יאָר זאָל קעסיידער, כוידעש נאָך כוידעש, דער זשורנאַל „יידישע קולטור״ דערשײַנען און װירדיק פאָרזעצן די בעסטע טראַדיציעס פון דער יידישער פאָלקס־קולטור, האַלטן טרײַ און טײַער דעם גײַסט פון פּראָגרעס, האָבן מיר עס צו פאַרדאַנקען ניט בלויז זײַנע גרינדער און שעפער מ. אָלגין, ק. מאַרמאָר, ר. זשיטלאָװסקי, ז. װײַנפּער, י. מעסטל, נ. מײַזל, מ. קאַץ, פּ. נאָװיק און צענדליקער און הונדערטער אַנדערע יידישע קולטור־טוער, שרײַבער און קינסטלער פון אמעריקע, נאָר אויך די אמעריקאַנער יידישע האַרעפּאַשנע מאַסן, װאָס שטיצן מעסירעסנעפעשדיק זייער זשורנאַל און די אידייען, װעלכע ער טראָגט מיט זיך.

אין די מער װי דריטהאַלבן הונדערט העפטן „יידישע קולטור״, װעלכע זײַנען דערשינען פאַר דעם פאַרגאַנגענעם פערטל יאָרהונדערט, זײַנען פאַרבאָרגן אוצרעס פון יידישן קינסטלערישן װאָרט. אונדז איז באַזונדערס אָנגענעם אונטערשטרײַכן דאָס בעקאָװעדיקע אָרט, װאָס דער זשורנאַל טיילט שטענדיק אויס פאַר דער סאָװעטישער יידישער ליטעראַטור.

און אומגעהייער װיכטיק איז פאַר אונדז, װאָס די „יידישע קולטור״ אלס דער אָרגאַן פון „איקוף״ צעמענטירט אומופהערלעך די ברייטסטע יידישע מאַסן אינעם קאַמף קעגן פאַשיזם און נעאָפאַשיזם, קעגן מילכאָמע־געפאַר, קעגן יעטװידע רעאַקציאָנערע אַנטפּלעקונגען אין דער יידישער סוויװע.

„סאָװעטיש היימלאַנד״, די יידישע סאָװעטישע שרײַבער װינטשן דעם זשורנאַל „יידישע קולטור״, זײַנע שעפער און בויער אַריכעס־יאָמים און פיל קויעך צו פירן װײַטער די װיכטיקע ארבעט פון צונויפזאַמלען די בעסטע שעפערישע קרעפטן פון דער יידישער ליטעראַטור אין אמעריקע אַרום די פּראָגרעסיװע אידייען פון אונדזער צײַט.

כאַצקל נאַדעל

# די לענין־טעמע אין דער ייִדישער סאָוועטישער פּראָזע



רייט און פילפארביק איז די לענין־טעמאַטיק אין דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור. פּונקט ווי די דיכטער[1], אזוי האָבן אויך אונדזערע פּראָזאיִקער מיט א געפיל פון טיפער פאראַנטוואָרטלעכקייַט זיך פארמאָסטן צו שילדערן דאָס גרויסע און וווּנדערלעכע לענין־געשטאַלט, לענינס טיטאַנישע מי, זײַן פארבינדונג מיטן פאָלק, די ליבע פון דעם פאָלק צו אים. אייניקע שרייַבער באַרירן אין זייערע ווערק באַזונדערע עטאַפּן פון לענינס בּיאָגראַפיע, מאָלן זײַן מענטשלעכע פּאַשטעס און האַרציקייַט, אַנדערע ווידער ווייַזן לענינען דעם פירער, דעם שעפער פון אָקטיאַבער, לענינען דעם טעאָרעטיקער.

די בעסטע וואָרט־מייַסטערס אונדזערע האָבן געווידמעט דער שילדערונג פונעם לענין־געשטאַלט דערציילונגען, נאָוועלן, פאַרצייכענונגען, קאַפּיטלען פון זייערע גרעסערע ווערק.

א בעקאָוועדיק אָרט פארנעמט די לענין־טעמע אין דער שאַפונג פון דאָוויד בערגעלסאָן. ווי שייַנענדיקע פּערל, פינקלען זאַצן, שורעס וועגן לענינען אינעם צווייטן באַנד „באַם דניעפּער". אָט איז די ערשטע באַגעגעניש פון דעם באָלשעוויק אַנטאָן מיט אָלגען. אַנטאָן דערציילט: „אָנגעקומען נייַע „איסקראַ"־ליטעראַטור... א שיפּראָוועקע אויך... אָט איז די „זאַריאַ" מיטן אַרטיקל „די אַגראַר־פּראָגראַם פון דער רוסלענדישער ס.־ד." ווער שרייַבט? אַלץ ער, — לענין. ווי דען זשע?" אַנטאָן רעדט מיט ליבע און היספּייַלעס וועגן לענינען. דערציילנדיק אָלגען וועגן לענינס פאַרשיקונג אין סיביר, פאַרענדיקט ער מיט פאָלגנדיקע ווערטער, וואָס קלינגען, ווי דעם אַוטאָרס אויספיר: „פּאַשעטקייַט און גרויסקייַט! א שטריך פונעם פּראָלעטאַרישן געני..." מיט פיל פּינקטלעכע דעטאַלן מאָלט בערגעלסאָן, ווי לענינס אידייען הייבן אָן פאַרשפּרייט צו ווערן צווישן די ייִדישע מאַסן אין סאָף XIX, אָנהייב XX יה., און ניט צופעליק באַווייַזט ער, אַז אויך פּענעקן הייבט אָן ציִען צו די באָלשעוויקעס אַדאַנק לענינס אַן אַרטיקל.

טרעפלעכע בערגעלסאָנישע שורעס געווידמעט לענינען, יעדעס וואָרט געטאָקט און געשליפן, געפינען מיר דאָ און דאָרט אין זײַן גרעסערער דערציילונג „בּיראָבידזשאַנער". אין די ערשטע, ניט־גרינגע יאָרן פון בויען בּיראָבידזשאַן טרוימען די שעפער פון דער שטאָט וועגן דער צוקונפט פון זייער נייַער היים. זיי שטעלן זיך פאָר, ווי עס וועלן דאָ אויפקומען זאַוואָדן און פאבריקן, ווי אויפן שפּיץ פון דער הויכער סאָפּקע וועט אויסוואַקסן אַן אַרבעטער־סאַנאַטאָריע. „און נאָך העכער פון דער סאַנאַטאָריע, — טרוימט איינער פון די ענטוזיאַסטן, — וועט שטיין אויף א ריזיקן הויכן פּיעדעסטאַל לענינס א דענקמאָל: לענין מיט אַן אויסגעצויגענער האַנט... באַנאַכט וועט דער דענקמאָל זײַן אַזוי שטאַרק באַלויכטן, אַז מע וועט אים אַרויסזען אויף יענער זייַט גרענעץ. איז מימאָנעפּשעך: אויב אויף יענער זייַט גרענעץ וועט שוין זײַן נאָך דער סאָציאַלער רעוואָליוציע, וועט לענינס האַנט דאָרט אָנווייַזן דעם ווייַטערדיקן וועג; אויב דאָרטן וועט נאָך אַלץ זײַן אימפּעריאַליזם, וועט לענינס אויסגעשטרעקטע האַנט וואָרענען:

— קריכט ניט...

— היט די ביינער".

אין 1941 פאַרעפנטלעכט בערגעלסאָן א דערציילונג „אַרום לענינס בילד". אין איר ווערט געשילדערט די באַציִונג פון קינדער צו לענינען. אין „לענין־ווינקל", וואָס עס האָט געמאַכט בא זיך אין שטוב דאָס ייִנגעלע אורי — א וווּנדערקינד, א מוזיקער — נעמען זיך אָפּט צונויף זײַנע כאַווייִרים, די קינדער פון הויף. אורי שפּילט פאַר זיי אויף זײַן פידעלע. בערגעלסאָן מאָלט אַזאַ בילד: „די קינדער זיצן זייער שטיל אין אוריס „לענין־ווינקל". זיי האַלטן איינער אַרומגענומען דעם אַנדערן. זיי הערן זיך אייַן זייער ערנסט און באַמערקן ניט די צוריקגעקומענע באַלעבאָסטע, וואָס קוקט אויף זיי גאַנץ דערשטוינט פונעם ערשטן שכייניש צימערל. אַנטקעגן זיי שטייט אורי, זײַן לינק בעקל רוט אויפן פידעלע, זײַן רעכטע האַנט פירט בערייִש מיטן סמיק איבער די סטרונעס. ער שפּילט זייער פלייַסיק, מיט געפיל. פון דער וואַנט, וואָס אין באַפּוצטן „רויטן ווינקל", קוקט צופרידן לענינס הענגענדיק בילד. ער קוקט ערגעץ ווּהין ווייַט איבער די קעפּעלעך און איבער די גלאַנציקע אייגעלעך פון די פאַרגאַפטע גליקלעכע קינדער".

צו דער לענין־טעמע האָט פיל מאָל זיך געווענדט אין זײַן שאַפונג איינער פון די גרונטלייגער פון דער ייִדישער סאָוועטישער פּראָזע מ. דאַניִעל (מייעראָוויטש). אין זײַן ראָמאַן „יוליס" ווערט געשילדערט א וויקועך צווישן דעם אָנפירער פונעם ערשטן ווילנער שטאָט־סאָוועט יוליס שימעליאָוויטש און דעם אַנאַרכיסט יאַנקל „מאַראַט".

„— יאַנקל, קומט אַהער, גיט א האַנט און לאָמיר אַרבעטן אינאיינעם. פאַר מיר איז קלאָר, אַז אייַער אָרט איז אין ראַט צווישן אונדז", — זאָגט יוליס. נאָר יאַנקל כקירעס, בונטעוועט זיך. יוליס רייַסט איבער דעם וויקועך מיט א פראַגע: „איר האָט געלייענט לענינס „מעלוכע און רעוואָליוציע"?.. אָט איז דאָס בוך... יאַנקל, איך בין זיכער, אַז נאָך דעם, ווי איר וועט איבערלייענען דאָס בוך, וועט איר קומען צו אונדז".

„...אויפן זעקסטן טאָג איז יאַנקל געקומען אין ראַט און מער שוין ניט אַוועק. מיטן באַקומענעם בוך האָט ער זיך ניט געוואָלט שיידן".

---

[1] זע אונדזער אַרטיקל „דאָס לענין־געשטאַלט אין דער ייִדישער סאָוועטישער דיכטונג" אין „סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 2, 1962.

אין די ווײַטערדיקע קאַפּיטלען פונעם ראָמאַן זעען מיר, ווי דער געוועזענער אַנאַרכיסט דרינגט זיך דורך מיט לענינס אידייען. צום סאָף פונעם ראָמאַן שטייט שוין יאַנקל „מאַראַט“ אין איין ריי מיט די העלדישע סאָלדאַטן פון דער רעוואָליוציע, אינאיינעם מיט זיי קעמפט ער, גיט אָפּ זײַן לעבן פאַרן זיג פון לענינס לערע.

אין מעשׂעך פון זײַן גאַנצן שעפערישן וועג האָט דאַניעל געזוכט סוזשעטן, פאַרבן, בילדער קינסטלעריש צו פאַרקערפערן דאָס לענין־געשטאַלט. אין זײַן פּיעסע „זיאַמקע קאָפּאַטש“ קלינגט ווידער לענינס נאָמען. דאָס לענין־געשטאַלט אין דאַניעלס ווערק איז אײַנגעפאַסט אָרגאַניש. אָן דעם וואָלט די דערציילונג, די פּיעסע ניט געהאַט קיין קינסטלערישן טיקן. עס איז שווער זיך פאָרשטעלן „זיאַמקע קאָפּאַטש“ אָן דעם בילד אין טורמע־קאַמער, ווען די גרופּע רויטאַרמייער, וועלכע זײַנען געפאַנגען געוואָרן דורך די פּוילישע לעגיאָנערן, הערט די ליד, וואָס דאָס שוסטער־ייִנגל זיאַמקע האָט פאַרפאַסט. דאָס איז די באַוווּסטע ליד „אָדלערל, אָדלערל“, וואָס איז נאָכדעם פון דער בינע אַוועק אין פאָלק און פאַרשפּרייט געוואָרן ניט בלויז אין ייִדיש, נאָר אויך אין רוסיש. זיאַמקע ווענדט זיך צום אָדלערל מיט פאָלגנדיקע ווערטער:

פלי איבער גרענעצן,  
דורך כמאַרע, דורך שטורעם, דורך שניי,  
און טרעפסטו דאָרט לענינען,  
א גרוס גיב אים איבער  
און זאָג אים, מיר זײַנען בא זיי...

די געפאַנגענע רויטאַרמייער טראַכטן אַלץ, וויאַזוי זיך צו ראַטעווען, זיי קומען צו איין אויספיר, אַז ראַטעווען וועט זיי לענין. אָט וויאַזוי זיי פאַנטאַזירן וועגן דעם. לענין דערוויסט זיך וועגן זייער גורל. „אויסבײַטן! — זאָגט לענין“, אויסבײַטן אויף געפאַנגענע פּוילישע לעגיאָנערן. און ווײַטער טרוימט זיאַמקע:

„אשטייגער, מע זאָגט: זיאַמקע קאָפּאַטש, א שוסטער־ייִנגל. ווו זיך געשלאָגן? — אין פערטן רויטאַרמייִשן אָסריאַד אונטער דער אָנפירונג פון אַנדריי קודריאַווצעוו. — אויסבײַטן, — זאָגט ווידער לענין“.

און אַז דער אויסטויש וועט געשען, — פאַנטאַזירט זיאַמקע, — „גייען מיר אַריבער די גרענעץ... די האַרמאַטן הייבן אָן אָפּסנײַ צו קלאַפּן, די ביקסן שיסן... מוזיק שפּילט, אונדז הוידעט מען אינדערלופטן. הוראַ!.. הוראַ! און דער כאַווער לענין אַליין צעקושט זיך מיט אונדז. וואָס לאַכט איר? מיט אײַך עפּשער ניט, און מיט מיר וועט ער זיך צעקושן.

מ י ק אָ ל ע : עס קאָן ניט זײַן — לענין!

ק א ז י מ י ר : פאַרוואָס קאָן ניט זײַן? יעדער רויטאַרמייער איז אים טײַער, ווי א ברודער“.

צום סאָף פון דער פּיעסע קומט אַזאַ עפּיזאָד: ווען דער העלדישער גרופּע רויטאַרמייער געלינגט זיך אַרויסרײַסן פון די ראָצכישע הענט, זאָגט דער קאָמאַנדיר צו זיאַמקען: „זיאַמקע! דער שטאַב פון דער פערטער אַרמיי באַשטימט דיך באַלוינען. זאָג, וואָס פאַר א באַלוינונג פאַרלאַנגסטו?

ז י א מ ק ע : שיקט מיך צו לענינען.

ק אָ מ א נ ד י ר : צו לענינען? וואָס וועסטו בא אים טאָן?

ז י א מ ק ע : איך וועל מיט אים ריידן“.

זיאַמקעס גרעסטער פאַרלאַנג אין לעבן איז געווען זען לענינען און ריידן מיט אים...

די סאָוועטישע ליטעראַטור האָט אָפּגעשפּיגלט די אומגעהייערע דערשיטערונג, וואָס אונדזער פאָלק האָט איבערגעלעבט אין די טעג פון שיידן זיך מיט לענינען. דעם גרויסן טרויער, וואָס לענינס טויט האָט אַרויסגערופן בא די סאָוועטישע מענטשן, שילדערט איציק קיפּניס אין זײַן דערציילונג, וואָס הייסט טאַקע אַזוי: „טרויער“. קיפּניס האָט אָנגעשריבן נאָך א ריי דערציילונגען און דעריקער קינדער־מײַסעלעך, וואָס זײַנען אַזוי אָדער אַנדערש פאַרבונדן מיט דער לענין־טעמע. אין דער דערציילונג „יוליע“ מאָלט דער שרײַבער, מיט וויפל ליבע און שטאָלץ, ניט געקוקט אויף דיליידן, וואָס זיי איז דערפאַר אויסגעקומען אויסצושטיין, האָבן קינדער אינעם שליאַכטעפוילן אָפּגעמערקט די לענין־דאַטעס.

אינעם וווּנדערלעך אָנגעשריבענעם מײַסעלע „מאָטיק“ דערציילט קיפּניס די געשיכטע פון א טאַלאַנטפול בלינד ייִנגל, וואָס האָט אויסגעקלעפּט פון ליים די פיגורן פון פאָרשטייער פון די קאָלאָניאַלע פעלקער, וועלכע ציִען זיך מיט אויסגעשטרעקטע הענט צו לענינען. דאָס בילד האָט ער געקלעפּט בעסאָד פון זײַן טאַטן, „א מאָדנעם מענטשן“, וואָס וויל ניט, אַז מאָטיק זאָל באַזוכן דעם פּיאָנערן־קלוב, נאָר דער מאַמען האָט מאָטיק פאַרטרויט דעם סאָד, ווײַל זי האָט אים דערציילט אַלץ, וואָס זי האָט געוווּסט וועגן לענינען, און געהאָלפן צוגרייטן ליים צו קלעפּן דאָס בילד. אין די לענין־טעג איז דער סאָד אַנטדעקט געוואָרן: מאָטיק האָט דאָס בילד געשענקט א מאַטאָנע דער שול. שפּעטער פלעגן „מענטשן פון די נאָענטע דערפער און שטעטלעך גיין עס אָנקוקן אויף כידושים“.

אין זײַן דערציילונג „אייגענע קינדער“, ווו עס ווערן באַהאַנדלט פּראָבלעמען פון סאָוועטישער פּעדאַגאָגיק, באַווײַזט אַווראָם קאַהאַן לענינס פאָטערלעכע, האַרציקע זאָרג וועגן קינדער.

וולאַדימיר איליטשס באַציִונג צו קינדער מאָלט אויך הערשל אָרלאַנד אין זײַן נאָוועלע „א גאַסט“.

באַזונדער דאַרפן אָפּגעמערקט ווערן די ווערק, ווו לענין ווערט געמאָלט אין דירעקטער באַרירונג מיט די ייִדישע אַרבעטער־מאַסן, מיטן ייִדישן האָרעפּאַשניק. אינטערעסאַנט שילדערט עליע גאָרדאָן אין א קאַפּיטל פון צווייטן בוך „אינגול־באָיאַר“ די באַגעגעניש פונעם הויפּט־העלד ליפּע באָראַוויק מיט לענינען. לענין פרעגט זיך פאַנאַנדער בא ליפּען, צי איז ער פון קאַטערינאָסלאַווער גובערניע, צי פון כערסאָנער, צי שטאַמט ער פון קאָנטאָניסטן, עס אינטערעסירט אים, ווי גייט דאָס לעבן אין די ייִדישע קאָלאָניעס, צי האָט מאַכנאָ זיי ניט רויִנירט. און צי גייען רעגנס, פרעגט לענין, און וויפל באַטרעפט די גרעטעניש פון א דעסיאַטין... ליפּע ענטפערט לענינען, דערציילט אים, אַז די קאָלאָניסטן האָבן פאַרטראַכט אויסבויען א הידראָעלעקטראָסטאַנציע.

אין נאָטאַן זאַבאַרעס ראָמאַן „דער פאָטער“ איז אויך פאַראַן א קאַפּיטל, ווו עס ווערט באַשריבן, וויאַזוי די יונגע ייִדישע אַרבעטערן שיינדל, א געוועזן דינסטמיידל, ווערט דעלעגירט קיין מאָסקווע איבערצוגעבן לענינען די באַשטימונג פון דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פונעם פאָרצעלײַ־זאַוואָד אָנצורופן דעם זאַוואָד מיט לענינס נאָמען. אין כאַיִם שאַיעוויטשעס ראָמאַן „אַזיאַטקע“ ווערט באַרירט די טעמע וועגן לענינס פּאָפּולערקײַט אין אויסלאַנד. שוין אַליין דער נאָמען לענין קלינגט ווי א סימבאָל פון ברידערלעכער פאַראייניקונג, פון סאָלידאַריטעט צווישן אַרבעטער פון פאַרשיידענע פעלקער. דער שרײַבער דערציילט וועגן א שטרײַק פון א גרופּע ייִדישע אַרבעטער אין דער באָיאַרישער רומעניע פון די צוואַנציקער

יאָרן. קעדיי צו דערשטיקן דעם שטרײַק, פּרובירן די באַלעבאַטים דינגען רומענישע אַרבעטער אַלס שטרײַקברעכער. די שטרײַקנדיקע באַמיִען זיך צו געפינען אַ קאָנטאַקט מיט זייערע קלאַסן־ברידער און ווירקן אויף זיי. די פאָרשטייער פון די ייִדישע און רומענישע אַרבעטער באַגעגענען זיך, זיי שטויסן זיך אָבער אָן אויף אַ גרויסער שוועריקייַט: די ייִדישע אַרבעטער קענען קיין רומעניש ניט, די רומענער — קיין ייִדיש. ווי פירט מען דעם שמועס אויף שטום־לאָשן? „דער באָלשעוויק ־זאַלמען האָט זיך פּלוצעם אָן עפּעס דערמאָנט און אַ זאָג געטאָן: „לענין!!!" אַלעמענס אויגן האָבן זיך האַסטיק אויף אים אָפּגעשטעלט, אויף זײַן בלאַס געוואָרענעם פּאָנעם. ער האָט ווײַטער געזאָגט: יעו, לענין, אַטו! (איך — לענין, דו...)". לענינס נאָמען האָט געהאָלפן געפינען אָן ווערטער אַ געמיינזאַמע שפּראַך.

די קינסטלערישע פאַרצייכענונג אין אונדזער ליטעראַטור האָט אויך אַרײַנגעטראָגן אַ ווירדיקן צושטײַער צו דער לענין־טעמע. אין ניסטערס בוך „דרײַ הויפּטשטעט" ווערט מיט גרויסער קינסטלערישער קראַפט געמאָלט אַ באַזוך אין לענין־מאַווזאָליי. „מענטשן האַלטן זיך פרײַ, ניט געצוווּנגען, מע רעדט צווישן זיך אין דרויסן, אין דער ריי און אַפילו אַרײַנלאָז וואַרטנדיק, אָבער דאָס ריידן איז ווי געדעמפּט. אַ טיף מענטשלעכער דערעכערעך היט די ווערטער פון די מײַלער, זיי לאָזן ניט הויך אַרויס און ניט איבעריק די שטים לאָזן הערן... דער אוילעם גייט שטיל, אינווייניק רעדט מען שוין ניט... דאָרט, אינמיטן צימער, העל באַלויכטן און פון ביידע זײַטן מיט צוויי רויטאַרמייער צוקאָפּנס ווערט דער גלעזערנער אָרן באַוואַכט. דאָרט ליגט ער, אַ מענטש אַ געוויינלעכער, געוויינלעך אָנגעטאָן, געוויינלעך אויסזעענדיק, און אַלעמענס אויגן, וואָס גייען רונד דעם אָרן פאַרבײַ, זײַנען צו אים און צו זײַן טויט־אויסגעצויגן ליגן געקערעוועט. די פאָרויסגייענדיקע קוקן אויף אים און ווילן זיך אַ ביסל לענגער פאַרהאַלטן. אָבער פילנדיק די הינטער זייער רוקן גייענדיקע, מוזן זיי זיך אַלץ ווײַטער און פאָרויס רוקן, ביז זיי רוקן זיך אינגאַנצן אַרויס. אַ שווײַגנדיקע און דערעכערעצפולע מענטשן־ראָד האָט אויף איר ריי אין מאַווזאָליי אַרײַנצוקומען געוואַרט". דער ניסטער דערציילט ווײַטער וועגן דעם שטאַרקן ווילן פון גרויס און קליין אָנצוקוקן לענינען כאָטש אונטערן גלאָז אינעם אָרן. „פאַר מיר — אַ מוטער מיט דרײַ קינדער, איינס פונעם אַנדערן קלענער. דאָס עלטסטע פון אַ יאָר 5—6. די קינדער זײַנען אומגעדולדיק, ווילן שוין וואָס גיכער די גרויסע מאַסע, וואָס פאַר זיי, איבערקומען און אין מאַווזאָליי אַרײַן. זיי גייען ווי אויף אַ וויזיט „צום פעטער לענין", זאָגן זיי. דער נאָמען איז זיי היימיש, דער באַזוך, ווי צו אַ לעבעדיקן... אַז מע קומט צום אָרן צו, בעטן די קינדער בײַ דער מוטער, זי זאָל זיי אויף די הענט נעמען, זיי זעען שלעכט... דער אָרן צו הויך פאַר זיי. די מוטער נעמט צוויי קינדער אויף די הענט, און איך אַ דריטס.

דאָס קינד טוליעט זיך צו מיר צוטרוילעך און איז מיט גרויס נײַגער מיט די אייגעלעך צום אָרן געווענדט.

— Живой? — פרעגט דאָס בײַ מיר אינדערשטיל, — זשיוואָי..."

לענין לעבט! דער דאָזיקער געדאַנק גייט דורך בוילעט אויך אין איינער פון די ערשטע פאַרצייכענונגען, אָנגעשריבענע גלײַך נאָך לענינס טויט, אין שאַכנע עפּשטיינס „די יעדיִע פון לענינס טויט אין ניו־יאָרק". בילדעריש גיט איבער שאַכנע עפּשטיין דעם דערשיטערנדיקן אײַנדרוק, וואָס די יעדיִע האָט געמאַכט אויף די ניו־יאָרקער אַרבעטער. אָבער באַנאַנד מיטן גרויסן ווייטעק „האָט איבער די אַרבעטער־קוואַרטאַלן פון ניו־יאָרק אין נאַכטיקן גערויש אָפּגעקלונגען:

— לענין לעבט!

— לענין וועט אייביק לעבן!"

ענלעכע שילדערונגען פון דעם, וויִאַזוי דאָס פאָלק האָט אויפגענומען דעם טויט פון זײַן פירער, געפינען מיר אין פּייסי אַלטמאַנס ראָמאַן „יוגנט", אין מ. אַראָנסקיס דערציילונג „יענע טעג" און אין זײַן ראָמאַן „נינאַ און מאַיאָרטשיק".

איינע פון די לעצטע נאָוועלן אין דער ייִדישער סאָוועטישער פּראָזע, וועלכע זײַנען געווידמעט לענינען, מאַרק ראַזומניס „זאָל לעבן דער מענטש!", הייבט זיך אָן מיט אַזאַ אַרײַנפיר:

„דאָ איז אַלץ אַזוי פּאָשעט און באַשיידן, אין דעם מיט טײַערע זיכרוינעס אָנגעלאָדענעם הייפעלע פון דעם הויז, ווו לענין האָט זיך אויפגעהאַלטן בייס זײַן ווײַלן אין ריגע. אַזוי פּאָשעט און באַשיידן, ווי ס'איז אויך געווען דאָס לעבן פון דעם מענטש, וועמעס ביוסט שטייט דאָ אינמיטן פונעם באַפלאַנצטן שטילן גערטנדל. שטענדיק, ווען איך בין דאָ און הער זיך צו, ווי פון דער גאַס דרינגען אַרײַן אַרבעטס־גערוישן, די זעלביקע אַרבעטס־גערוישן, וואָס האָבן מיט אַ סך יאָרן צוריק באַגלייט מיט מונטערקײַט דאָס ווײַלן פון איליטשן אין אונדזער שטאָט, דוכט זיך מיר, אַז איך פיל דעם אָטעם פון דעם גרויסן לערער. אָבער באַזונדערס לעבעדיק האָב איך דערשפּירט זײַן אָטעם דעמלט, ווען איך האָב דאָ אין גערטנדל באַגעגנט איינעם אַ מענטשן און אויסגעהערט, וואָס ער האָט מיר דערציילט". אַ גראַטעוועטער פון ריגער געטאָ דערציילט דעם אַווטאָר וועגן אַ לעטישער קאָמיוגיסטקע, וואָס איז זיך מאַקריוו, קעדיי צו דערמוטיקן, רופן צום קאַמף, צום לעבן די ייִדן פון געטאָ. „לעבן זאָל דער מענטש!" שרײַט זי אויס די היטלערישע ראָצכים אין פּאָנעם. דער דערציילער פאַרענדיקט: „...ברענג איך מײַן פאַרערונג און דאַנק דעם גרויסן לערער, וואָס האָט דערצויגן אַזעלכע מענטשן".

מיר האָבן אין אונדזערע אַרטיקלען אויסגערעכנט ווײַט ניט אַלע ווערק, געווידמעט דער לענין־טעמע אין דער ייִדישער סאָוועטישער דיכטונג און פּראָזע. פאַר אונדזער ביבליאָגראַפיע שטייט נאָך די אויפגאַבע צו שאַפן די פולע לעניניאַנע. ס'איז אָבער פאַראַן נאָך איין ווערק, וואָס האַגאַם עס איז דערווײַל פולשטענדיק ניט פאַרעפנטלעכט, דאַרף עס דאָ אָנגערופן ווערן. דאָס איז עזראַ פינינבערגס פּיעסע „איוואַן פּעטראָוויטש". אונדז דוכט, אַז אַפילע בלויז די בילדער, וואָס זײַנען געדרוקט געוואָרן אין „סאָוועטיש היימלאַנד", גיבן אַ גרונט צו פאַררעכענען דאָס ווערק צווישן דעם בעסטן, וואָס די ייִדישע ליטעראַטור האָט געשאַפן וועגן לענינען. עזראַ פינינבערג איז עפּשער דער ערשטער בײַ אונדז אַזוי נאָענט צוגעגאַנגען צו דער סינטעטישער שילדערונג פונעם לענין־געשטאַלט — צו דער קאָמפּליצירטסטער און בעקאָוועדיקסטער אויפגאַבע, וואָס איז ווען־ניט־איז געשטאַנען פאַר אַ קינסטלער.

פון מוישע כאַשטשעוואַצקיס ערשטער ליד וועגן לענינען ביז עזראַ פינינבערגס דראַמע — ווי פילזײַטיק אונדזער ליטעראַטור האָט אָפּגעשפּיגלט די לענין־טעמע! דאָס ביז איצט געשאַפענע גאַראַנטירט, אַז די ייִדישע סאָוועטישע ליטעראַטור איז אימשטאַנד צו באַרײַכערן די טעמע מיט נאָך נײַע און נײַע טאַלאַנטפולע ווערק.

אַרן ראַסקין

# שעקספּירס הומאַניזם

(צום 400־טן געבורטסטאָג פונעם גענִיאַלן דראַמאַטורג)

וויליאַם שעקספּיר געהערט צו דער גלענצנדיקער גאַלעריי הומאַניסטן, וועלכע עס האָט געבוירן די רענעסאַנס־עפּאָכע.

דער הומאַניזם פון יענער צײַט האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ באַשטימטע סיסטעם אָנשויונגען, וועלכע די בעסטע דיכטער און פילאָסאָפן פון דער בורזשואזיע, וואָס איז דאַן נאָך געווען אַ יונגער, פּראָגרעסיווער קלאַס, האָבן קעגנגעשטעלט דעם פעאָדאַלן מיטלאַלטער. אינעם עצם נאָמען — הומאַניזם — ווערט אַקצענטירט דער וועלטלעכער כאַראַקטער פון דער נײַער קולטור, אין קעגנזאַץ צו דער פעאָדאַלער, וועלכע איז אין טאָך געווען רעליגיִעז.

שוין אינעם ערשטן פּעריאָד פון זײַן שאַפן (1590—1600) שליסט זיך שעקספּיר אַקטיוו אײַן אינעם קאַמף פאַר באַפרײַען די מענטשלעכע פּערזענלעכקײַט פון רעליגיעזע דאָגמעס און טראַדיציעס, ער פאַרטיידיקט הייס און לײַדנשאַפטלעך די רעכט פונעם מענטשן אויף פרייד און גליק.

אין זײַנע קאָמעדיעס, וואָס צייכענען זיך אויס מיט לירישער צאַרטקײַט, סובטילן הומאָר און לעבנסלוסט, פּונקט ווי אין זײַנע סאָנעטן, באַזינגט שעקספּיר די פריידן פון לעבן, די ליבע, די פרײַנטשאַפט, פאַרורטיילט זעלבסטליבע און עגאָיִזם.

אַ מעכטיקע צויבער־ליד דער שיינקײַט און גאַנצקײַט פון אַ גרויס מענטשלעך געפיל איז אויך שעקספּירס ערשטע טראַגעדיע „ראָמעאָ און דזשוליעטע“. גרויזאַם איז דער קעגנער, מיט וועמען די צוויי פאַרליבטע קומט אויס זיך צו שלאָגן: די פעאָדאַלע מאָראַל, די מאַכט פון דורעסלאַנג אײַנגעוואָרצלטע פינצטערע זיטן און מינהאָגים. די העלדן קומען אום אין קאַמף. נאָר זייער מעסירעסנעפּעשדיקע ליבע וואַקסט אויס אין אַ קראַפט, וואָס ברעכט אײַן טויזנטיאָריקע פאָרורטיילן.

שעקספּירס הומאַניסטישע פּראָגראַם שליסט אין זיך אײַן אַ קריטישע באַציִונג צו יעטווידער פאָרם אונטערדריקונג: סאָציִאַלער, רעליגיִעזער, נאַציִאָנאַלער. זײַן שטעלונג צו דער ראַסן־פּראַגע קומט דײַטלעך צום אויסדרוק אין דער קאָמעדיע „דער סוחר פון ווענעציע“. אַרום דער דאָזיקער פּיעסע, אגב, פירט זיך שוין לאַנג אַ שטרײַט. עס זײַנען דאָ קריטיקער אין מײַרעוו, וואָס זײַנען נויטע צו טראַקטירן זי אַלס אַן אַנטיסעמיטיש ווערק. מיר האַלטן, אַז די דאָזיקע מיינונג שטאַמט פון ניט ריכטיק אויסטײַטשן די שאַפונג פונעם גרויסן ענגלישן הומאַניסט. פאַרשטייט זיך, ס׳איז ניט אויסגעשלאָסן, אַז געוויסע שאָוויניסטיש־רעאַקציִאָנערע קרײַזן זאָלן צוגעבן דער דאָזיקער פּיעסע בייסן שטעלן זי אויף דער בינע אין אַנטיסעמיטישן כאַראַקטער. אָבער דאָס, וואָס שעקספּיר האָט אַרויסגעפירט אַלס פּראָצענטניק דווקא אַ ייִדן, האָט אַבסאָליוט ניט צו טאָן מיט וועלכער־ניט־איז פאַראַכטנדיקער באַציִונג צו ייִדן. דער דראַמאַטורג איז דאָ געווען פּאָשעט טרײַ די קוואַלן, וועלכע ער האָט אויסגענוצט פאַר זײַן קאָמעדיע. אין דער איטאַליענישער נאָוועלע פון דזשאָוואַני פיאָרענטינאָ און אין אַנדערע פּיעסן ביז שעקספּירן, פאַר וועלכע די נאָוועלע האָט אויך געדינט אַלס מאָקער, — אומעטום איז דער פּראָצענטניק אַ ייִד. אין XV—XVI יה. האָבן די ייִדן אין מײַרעוו־אייראָפּע, אויף וויפל זיי האָבן קיין צוטריט ניט געהאַט צו אַ סאַך אַנדערע פּראָפעסיעס, זיך פאַרנומען דעריקער מיט האַנדל און וווכערײַ. שעקספּיר טאַדלט אין שײַלאָקן דעם וווכערער, נאָר אינערגעץ ניט — דעם ייִד. דאָ, ווי אומעטום, טרעט שעקספּיר אַרויס



אַלס פאַרטיידיקער פון דער נאַטור און אירע געזעצן. אַלע מענטשן זײַנען פון דער נאַטור גלײַך צווישן זיך, און קיינער האָט ניט קיין רעכט צו טיילן זיי אויף העכערע און נידעריקערע ראַסן. וועגן דעם רעדט טאַקע שײַלאָק אין זײַן באַרימטן מאָנאָלאָג („האָט דען דער ייִד קיין אויגן ניט? האָט ער ניט קיין הענט, כושים, אייוורים, געפילן, סימפּאַטיעס, לײַדנשאַפטן“...), וועלכער קאָן לויט זײַן ווירקונגס־קראַפט געשטעלט ווערן אין איין ריי מיט די בעסטע רעדעס אָדער טראַקטאַטן, וואָס האָבן ווען־ניט־איז אונטערגעשטיצט די אידיי פון ייִדישער גלײַכבאַרעכטיקונג.

אין אַ ריי שטעלן פון דער פּיעסע רופט שײַלאָק אַרויס בעפּיירעשע סימפּאַטיע און מיטגעפיל. עס אימפּאָנירן אונדז זײַן שטאָלצע און ווירדיקע האַלטונג לעגאַבע די ווענעציִאַנער פּאַטריציער, וואָס באַוואָלען אים, זײַן אייגנאַרטיקע סאָכרישע אָרנטלעכקײַט, אפילו זײַן נעקאָמע־לוסט, וואָס נעמט אָן די פאָרם פון געוויסער אַפּע־

ליאַציע צו גלײַכבאַרעכטיקונג, זײַן קלוגשאַפט, שאַרפזין, האַמצאַעדיקײַט, צוגעבונדנקײַט צו דער פאַמיליע, ליבע צו דער טאָכטער, אויסערסט האַרציקע באַציִונג צום אָנדענק פון דער שטאַרק געליבטער פרוי. די דאָזיקע פּאָזיטיווע שטריכן אין שײַלאָקס כאַראַקטער טײַלט אויס א. ס. פּושקין אין זײַן באַוווּסטער כאַראַקטעריסטיק פונעם שײַלאָק-געשטאַלט. וועגן דעם איז אויך זייער גוט געזאָגט בא היינריך היינען (זע זײַן אַרטיקל „שעקספּירס פרויען-געשטאַלטן“).

האַגאַם אינעם „סוחר פון ווענעציע“ און אין אייניקע זײַנע כראָניקעס לאָזן זיך הערן געוויסע טראַגישע טענער, איז שעקספּיר בעדערעך-קלאַל אָפּטימיסטיש. ער גלייבט, אַז וויבאַלד עס וועלן אײַנגעבראָכן ווערן די פעסטונגען פון מיטלאַלטער, וועט די מענטשהײַט ווערן פרײַ און גליקלעך; אַז דער העראָיִזם פון שטאַרקע און געוואַגטע פּערזענלעכקײַטן, וואָס שטרײַטן פאַר זייערע געפילן און רעכט, וועט עפענען די טיר אין אַ נײַער, פרײַער וועלט.

אָבער גאָר אינגיכן איז ער געצוווּנגען געווען אין דעם אַלעמען זיך צו אַנטוישן. דער בורזשואַזער סיידער-האָוילעם, וואָס איז געקומען צו פאַרבײַטן די אַלטע פעאָדאַלע אָרדענונג, האָט געבראַכט מיט זיך נײַע פאָרמען פון מענטשלעכער אונטערדריקונג. אין ענגלאַנד, ווו די קאַפּיטאַליסטישע פאַרהעלטענישן האָבן זיך אינטענסיוו אַנטוויקלט, האָבן זיך די ווידערשפּרוכן פון דער נײַער געזעלשאַפטלעכער סיסטעם באַזונדערס שנעל אַנטבלויזט. דער געלטזאַק האָט גענומען באַהערשן די וועלט. עס האָט זיך געשאַפן אַ שרעקלעכער אײַנרײַס צווישן די אידייען פון הומאַניזם און דער בורזשואַזער פּראַקטיק.

ווי האָט זיך דאָס אָפּגערופן אַף שעקספּירן? האָט ער זיך אָפּגעזאָגט פון זײַנע אידעאַלן, פון זײַן גלויבן אין מענטש, אינעם זיג פון גערעכטיקײַט? ניין! דער קראַך פון פיל האָפענונגען האָט ניט אָפּגעטויט זײַן הומאַניזם, פאַרקערט, — ער האָט זיך פאַרטיפערט, באַקומען נײַעם אינהאַלט און נײַע קוואַליטעט.

שעקספּיר שרײַבט איצט, אין צווייטן פּעריאָד פון זײַן שאַפן (1601—1608), זײַנע באַרימטע טראַגעדיעס, וואָס זײַנען שוין אין גרונט גערעכטעט ניט קעגן דער אונטערגייענדיקער פעאָדאַלער אָרדענונג, נאָר צום אופדעקן דעם עצעם מעהוס פון דער נײַער געזעלשאַפטלעכער סיסטעם מיט דער כאַראַקטעריסטישער פאַר איר אַלהערשאַפט פון געלט, וואָס סאַמט אָפּ די שענסטע געפילן, די הערלעכסטע באַציִונגען צווישן מענטשן. אין דער טראַגעדיע „טימאָן פון אַטען“ שילדערט ער מיט גוואַלדיקער קינסטלערישער איבערצײַגעוודיקײַט די פאַרדאַרבערישע ראָליע פון גאָלד, וואָס מאַכט „אַלץ, וואָס איז מיִעס, — שיין“, און „אַלץ, וואָס איז נידערטרעכטיק, — דערהויבן“. מאַרקס האָט מיט באַגײַסטערונג זיך אָפּגערופן וועגן די דאָזיקע שטעלן אין „טימאָן פון אַטען“ און זיי אייניקע מאָל ציטירט אין זײַן „קאַפּיטאַל“.

שעקספּיר באַווײַזט דעם ווידערשפּרוך צווישן „נאַטירלעכן“ און „קינסטלעכן“, וואָס הערשט אין דער אויפגעקומענער בורזשואַזער געזעלשאַפט, ער אַטאַקירט שאַרף די פאַלשקײַט און צוויִעס, מיט וועלכע ס'איז דורכגעדרונגען דאָס גאַנצע בורזשואַזע לעבן, שטעמפּלט די צוויִאַקעס, וואָס זײַנען מעסוגל צו באַגיין קאַלערליי פאַרברעכנס, כאָטש זיי פאַרשטעלן זיך אונטער דער מאַסקע פון טמימעס און אומשולד. ער שטעלט זיי קעגן דאָס פּאָזיטיווע געשטאַלט, די הומאַנישע פּערזענלעכקײַט, וואָס קימערט זיך פאַרן קלאַל, וואָס ווייטעקט פאַר די באַליידיקטע און אונטערדריקטע. אָבער דאָס איז שוין ניט יענער העלד פון די פריִערדיקע קאָמעדיעס, וואָס שטרעבט זײַן טרײַ דער נאַטור און קעמפט בלויז פאַר זײַנע נאַטירלעכע רעכט און אינטערעסן. דאָס איז די נײַע העראָיִשע פערזענלעכקײַט, וואָס איז גרויס מיט איר שטענדיקער גרייטקײַט מאַקריוו צו זײַן דאָס פּערזענלעכע פאַר די אינטערעסן פונעם קלאַל.

דעם דענישן פּרינץ האַמלעט איז אייגנטימלעך אַן אויסערסט ראַפינירטער כוש פאַר עמעסדיקײַט, ער איז זייער פילבאַר צו דער מינדסטער פאַלשקײַט. האַמלעט מאַכט קיינמאָל ניט קיין אָנשטעל, זײַנע רייד גייען זיך ניט פאַנאַנדער מיט זײַנע געדאַנקען און האַנדלונגען. „איך ווייס ניט אויס, איך בין...“ אין די דאָזיקע ווערטער איז דער גאַנצער האַמלעט, ווי ער איז, אין זײַן שיינער פּאַשטעס און נאַטירלעכקײַט.

אינעם האַמלעט-געשטאַלט האָט שעקספּיר געצייכנט דעם נײַעם מענטשן, די קריטיש דענקענדיקע פּערזענלעכקײַט, וואָס איז גענייגט גרינטלעך צו אַנאַליזירן יעדע לעבנס-דערשײַנונג און מאַכן פון איר די נייטיקע פילאָסאָפישע פאַראַלגעמיינערונגען. האַמלעט פאַראַכט יענע מענטשן, וואָס זאָרגן זיך נאָר וועגן זייער אייגענעם נישטיקן נעפּעש, וואָס „זעען דעם העכסטן גליק אין עסן און שלאָפן“. אַזאַ מענטש איז, לויט זײַן מיינונג, „אַ כײַע, ניט מער“. דער גרויסער פאַרשטאַנד, וואָס איז דעם מענטשן געגעבן, „טאָר ניט פוילן אָן נוצן“. האַמלעט שטרעבט צו אַ פולבלוטיק, גײַסטרײַך לעבן.

אין זײַן מאָנאָלאָג, וואָס הייבט זיך אָן מיט די ווערטער „זײַן אָדער ניט זײַן“, טרעט אַף די פערזענלעכע לייד דאָס אָרט דעם סאָציאַלן פּײַן. דער דענישער פּרינץ האַמלעט קעמפט. זײַן געווער איז די איראָניע, וואָס איז פול מיט ביטערקײַט און צאָרן. זײַן סאַרקאַזם ווייסט ניט פון קיין ראַכמאָנעס. מיט זײַן בײַסיקן געלעכטער פאַרניכטעט ער מאַראַליש דעם פאַרברעכערישן קיניגלעכן הויף. די פאַרשטעלונג, וואָס האַמלעט אָרדנט אײַן אין פּאַלאַץ, איז, פאַרשטייט זיך, ניט נאָר אַ מיטל זיך צו איבערצײַגן אין קלאַוודיס פאַרברעכן, נאָר אויך די פאָרם פון זײַן נעקאָמע. מיט זײַן גאַליקן כויזעק, מיט יעדן וואָרט זײַנעם, וואָס איז „אַ שאַרפע פײַל, אָנגעפּילט מיט גיפט“ (בעלינסקי), שלאָגט ער אָן ראַכמאָנעס זײַנע פײַנט.

אויך אָטעלאָ איז באַשאָנקען מיט רײַכן אינטעלעקט און פילבאַרן האַרצן. ניט געקוקט אַף אַלע געפאַרן און ליידן, וואָס ער שטייט אויס, פאַרהיט ער זײַן אינערלעכע עטישע שיינקײַט. זײַן צוטרוי צו מענטשן איז גרענעצלאָז, און די דאָזיקע „שוואַכקײַט“ ווערט טאַקע די הויפּט-סיבע פון דער טראַגישער קאַטאַסטראָפע אין זײַן לעבן.

די ליידן פונעם קיניג ליר זײַנען פאַרבונדן מיט זײַן ניט קענען פאַרשטיין, אַז מענטשן זײַנען אַנדערש, ווי עס לאָזט זיך דאַכטן. טאַקע דערפאַר נעמט ער אָן פאַר גוט די כניפעס פון זײַנע הויפלײַט און אַלס אויסדרוק פון עכטן געפיל — די פאַלשע ליבע-דערקלערונגען פון זײַנע עלטערע צוויי טעכטער. ערשט דאַן, ווען ער איז געבליבן אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ, ווען ער איז געוואָרן „אַ נאַקעטער מענטש אַף דער נאַקעטער ערד“, ווי צענדליקער טויזנטער אַנדערע, וואָס ווערן אָן אַ קלייד אַפן לײַב פאַרפּאַלגט פון רעגן און שטורעם, איז ער אימשטאַנד געווען אַ קוק צו טאָן דעם לעבנס-עמעס אין פּאָנעם. אַזוי איז ליר געקומען צום פאַלק און זיך דורכגעדרונגען מיט זײַנע ליידן.

אין „קיניג ליר" האָט שעקספּיר געצוווּנגען פארטראכטן זיך אף די סאמע אַנגעווייטעקסטע סאָציִאַלע פראגן פון זײַן צײַט און מיט די מיטלען פון העכסטער קונסט אופמערקזאם געמאכט אף דער נייטיקײַט איבערצובויען די וועלט, אז „יעדערער זאָל זײַן זאט".

דער טרויעריקער גורל פון פאָלק געפינט זיך אויך אין צענטער פון דער טראגעדיע „מאקבעט". מאקבעט איז איינע פון יענע טיטאנישע פערזענלעכקײַטן, וואָס האָבן אדאנק זייער ענערגיע, געוואגטקײַט און פייִקײַטן געקאָנט ברענגען פיל נוצן זייער פאָלק, נאָר זײַענדיק פארפירט פון זעלבסטליבע און מאכטגיריקײַט, זײַנען זיי געוואָרן טיראנען.

מאקבעטס וועג צום קיניגלעכן טראָן איז פארגאָסן געוואָרן מיט טײַכן בלוט. פאר זײַן פארברעכן באקומט ער די פארדינטע שטראָף: געפײַניקט פון געוויסנביסן, פארפאָלגט פון זײַנע קאָרבאָנעס, וואָס דערשײַנען פאר אים, ווי גרויזאמע געשפּענסטער, פארלירט ער דעם שלאָף, די רו, דאָס לעבן.

אין „מאקבעט" האָט זיך געלאָזט הערן די שטים פון אומצופרידענעם פאָלק, זײַן פּראָטעסט, זײַן אורטייל איבער דעם טיראן.

אויך קאָריִאָלאן — דער אָרנטלעכער מענטש און פּאטריאָט, וואָס האָט מיט דער שווערד באשיצט דעם רום פון רוים, ווערט שארף פארורטיילט פאר זײַן אנארכישן אינדיווידואליזם, פאר זײַן פאראכטונג צום פאָלק.

שעקספּירס טראגעדיעס זײַנען אָנגעפילט מיט הויכן סאָציִאַלן און געזעלשאפטלעכן פּאטאָס. שעקספּירס הומאניזם דערגרייכט דאָ זײַן העכסטן שטאפּל. זײַן מענטשנליבע איז ניט אויסגערעכנט אף סענטימענטאַלער פילאַנטראָפּיע אָדער אבסטראקטן אלטרויִזם. זי איז אָריִענטירט אף געוואלט, אלס דעם נייטיקן און ווירקזאמען מיטל אינעם קאמף פאר גערעכטיקײַט.

אָבער אין יענער צײַט זײַנען נאָך ניט געווען די נייטיקע פאָרבאדינגונגען פאר אזא מין קאמף. דעריבער זײַנען שעקספּירס ווערק פון צווייטן פּעריִאָד פול מיט טראגיזם. און דאָך ווייעט פון זיי מיט גײַסטיקן מוט, מיט גלויבן אין דער צוקונפט. כאָטש זײַנע אייִדעלע און הומאנישע פּערסאָנאזשן קומען אום אין געראנגל מיט דער וועלט פון טיראניע און עגאָיִזם, דאָך ווערן זיי מאָראליש ניט באזיגט.

דער מאָקער פאר שעקספּירס אָפּטימיזם איז — זײַן גלויבן אין פאָלק. ניט אומזיסט ווערן זײַנע הומאניסטישע אידעאלן אָפּט ארויסגעזאָגט דורך פאָלקס־מענטשן. די קוואָרעסלײַט אין „האמלעט" ריידן מיט בײַסיקער איראָניע וועגן הויכגעשטעלטע אריסטאָקראטישע „מייסים", וואָס פוילן נאָך באם לעבן. די גערטנער אין „ריטשארד דעם צווייטן" זאָגן ארויס דעם אורטייל פון פאָלק לעגאבע יענעם קיניג, וואָס האָט דערלאָזן, אז זײַן גאָרטן — די מעלוכע, דאָס לאנד, ווו ער איז הערשער, — זאָל פארוואקסן ווערן מיט בוריאן. „איך דארף דיר זאָגן, געערטער הער, אז מײַן נאָמען איז מענטש, צו אזא נאָמען ווערסטו קיינמאָל ניט דערלעבן", — זאָגט מיט ווירדע דער פּראָסטער און ערלעכער האמוין־מענטש לאפּע דעם פוסטן און נישטיקן הויף־מענטש פּאראָל אין דער פּיעסע „אלץ איז גוט, וואָס ענדיקט זיך גוט".

און וואָס פאר א הארבע עמעסן וועגן די הערשער זאָגט ארויס דער לעץ אין „קיניג ליר"! אין זײַן לעצאָנעס הערן מיר דאָס געלעכטער פון די, וואָס לאכן די לעצטע, די שטאָלצע שטים פון יענע, וועמען עס געהערט די צוקונפט. און טאקע דורך אים זאָגט שעקספּיר ארויס זײַן פעסטן גלויבן אין א גערעכטיקער צוקונפט. זיכער קלינגט די שפּאסיקע ליד פונעם לעץ וועגן דער צײַט, וואָס וועט באשטימט קומען, ווען אלע מענטשן וועלן אָנהייבן גיין „מיט די פיס" און ניט „מיטן קאָפּ אראָפּ".

אפילע אינעם לעצטן פּעריִאָד פון זײַן שאפן (1609—1612), ווען בא שעקספּירן האָט זיך שוין געלאָזט פילן א געוויסע לעבנס־מידקײַט, האָט ער ניט פארלאָרן דעם גלויבן אינעם קינפטיקן זיג פון זײַנע הומאניסטישע אידעאלן. אין זײַנע לעצטע פּיעסן, ווו עס פּרעוואלירן אלעגאָריש־פאנטאסטישע מאָטיוון, שילדערט דער גענײַאַלער דראמאטורג ווידער דאָס געראנגל צווישן גוטס און בייז, ליכט און פינצטערניש, און שטענדיק באזיגט דאָס גוטע און ליכטיקע. די דאָזיקע פּיעסן זײַנען מײַסעלעך־כאלוימעס וועגן א מעגלעך שיין און גליקלעך לעבן אף דער ערד. אין זיי פילט זיך האָפענונג אף בעסערע צײַטן. אין דער פּיעסע „דער שטורעם" רעדט דער דיכטער פון רויִקע יאמען און גינסטיקע ווינטן אין דער צוקונפט.

אין א צײַט פון גרויסע האָפענונגען, אָבער נאָך גרעסערע אנטוישונגען, אין א געזעלשאפט, ווו עס האָט געהערשט דער פּרינציפּ „איין מענטש דעם צווייטן איז א וואָלף", האָט שעקספּיר קינסטלעריש רעאליזירט זײַן הויכן אידעאל פון דעם מענטשן, וואָס איז שיין מאָראליש און גײַסטיק, דעם אידעאל פון גרויסער מענטשן־ און פעלקער־פרײַנטשאפט; ער האָט ביז אונדזער צײַט דערטראָגן דעם אומענדלעכן גלויבן אין עמעס און גערעכטיקײַט. דערפאר טאקע איז ער באזונדערס נאָענט, טײַער און ליב דעם סאָוועטישן פאָלק, וואָס בויט די נײַע געזעלשאפט, אין וועלכער אלע שענסטע טרוימען פון דער מענטשהײַט ווערן ווירקלעכקײַט.



אויזער האָלדעס

# שאָלעם־אַלייכעמס א בינטל בריוו



דאָס איז געווען שאָלעם־אַלייכעמס גרויסער טרוים: קומען מיט זײַן שאפונג צום ברייטן רוסישן לייענער, דערציילן אים וועגן דעם לעבן פון די ייִדישע פאָלקסמאסן. עס איז באַוווּסט די פראַזע אין שאָלעם־אַלייכעמס א בריוו פון 1909 צו נאַטאשע מאַזאָר: „אַך, ווען איך קאָן אַרויסשווימען אין אָקעאַן פון דער רוסישער ליטעראַטור“...

שוין א סאַך יאָרן באַשעפטיקט מיך די פּראָבלעם: שאָלעם־אַלייכעם אין רוסיש. אין די מאַטעריאַלן, וואָס מיר איז געלונגען צונויפזאַמלען, איז געווען א וועזנטלעכער בלויז, עס האָט געפעלט שאָלעם־אַלייכעמס פאַרצווײַגטע קאָרעספּאָנדענץ מיט זײַנע איבערזעצער, אין דער ערשטער ריי מיט י. פּינוסן, וועלכער האָט געגרייט די אויסגאַבע פאַרן פאַרלאַג «Современные проблемы»[1] אין 1910—1913. אין יענער צײַט האָט שאָלעם־אַלייכעם, א געפערלעך־קראַנקער, געוווינט אין איטאַליע און אין דער שווייץ. ווייסנדיק שאָלעם־אַלייכעמס נאַטור, קאָן מען זיך לײַכט אויסמאָלן, וויפל בריוו ער האָט פון דאָרט אָנגעשריבן. צי זײַנען זיי ערגעץ פאַראַן? יאָ, טיילווײַז האָט זיך די קאָרעספּאָנדענץ אײַנגעהיט.

אין 1931 האָט דער סאָוועטישער געלערנטער מאַקס עריק פאַרעפנטלעכט אין מינסקער „צײַטשריפט“ אַן אַרטיקל „שאָלעם־אַלייכעם און זײַן איבערזעצער“, וווּ ער האָט געגנוי מיטגעטיילט וועגן א קאָלעקציע בריוו, וועלכע פּינוס האָט איבערגעגעבן אַלס מאַטאָנע דער ווײַסרוסישער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע. עריק ווײַזט אָן, אַז די קאָלעקציע „גיט צו נײַע שטריכן צו דער כאַראַקטעריסטיק פון שאָלעם־אַלייכעמען“...

אין 1936 האָט דער ליטעראַטור־פאָרשער י. סערעבריאַני פאַרעפנטלעכט שאָלעם־אַלייכעמס דרײַ בריוו צו פּינוסן, וועלכע געהערן צו דער דאָזיקער קאָלעקציע.

מינסק איז מילכאָמע־צײַט געווען אָקופּירט. צי האָט מען באַוויזן אַרויספירן די אַרכיוון פון דער ווײַסרוסישער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע? צי האָבן זיך אומגעקערט קיין ווײַסרוסלאַנד שאָלעם־אַלייכעמס בריוו? ערשט א יאָרצען נאָך דער מילכאָמע האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז שאָלעם־אַלייכעמס בריוו צו פּינוסן געפינען זיך אין לענינגראַדער פּושקין־הויז. צי איז דאָס טאַקע די זעלבע קאָלעקציע, וועגן וועלכער עס האָט מיטגעטיילט מאַקס עריק? וויאַזוי איז זי מעגולגל געוואָרן קיין לענינגראַד? דאָס אַלץ האָט מען זיך געקאָנט דערוויסן בלויז אויפן אָרט.

...און אָט בין איך אין פּושקין־הויז, ווו עס ווערן זאָרגזאַם אָפּגעהיט די אַרכיוון פון די גרעסטע שרײַבער. שאָלעם־אַלייכעם פאַרנעמט דאָרט א בעקאָוועדיקן אָרט.

פאַר מיר ליגן שאָלעם־אַלייכעמס בריוו צו פּינוסן פון די יאָרן 1910—1913, וועלכע מאַקס עריק האָט באַשריבן. שאָלעם־אַלייכעמס וואָרט וועגן זײַן ערשטן אַרויספאָר אין אָקעאַן פון דער רוסישער ליטעראַטור האָט זיך, אַלזאָ, צום גליק, פאַרהיט!

אײדער איך דערצייל, וואָס איך האָב אין די בריוו געפונען, מוז איך עטלעכע ווערטער זאָגן וועגן זייער אויסערלעכן אויסזען. דאָס זײַנען העכער הונדערט פּאָטשט־קאַרטלעך, אײַליקע בריוולעך און אויך גרויסע, באַאַריכעסדיקע בריוו, וואָס פאַרנעמען ניט זעלטן 10—12 געשריבענע זײַטלעך. שאָלעם־אַלייכעם, ווי באַוווּסט, האָט געהאַט א פּערלדיקן קסאַוו, אָבער די דאָזיקע בריוו איז צומאָל שווער פאַנאַנדערקלײַבן, מע מוז אָנקומען צו א פאַרגרעסער־גלאָז. שאָלעם־אַלייכעם האָט זיי אָפט געשריבן ליגנדיק אין בעט, צו וועלכן די געפערלעכע קרענק האָט אים צוגעשמידט. געווען טעג, ווען ער האָט זיך געפילט שרעקלעך אָפּגעשוואַכט און איז פיזיש ניט אימשטאַנד געווען צו שרײַבן. אָבער שווײַגן קאָן ער ניט, יעדע איבערזעצונג רעגט אים, מאָנט, פאָדערט. דאַן דיקטירט ער זײַנע בריוו די טעכטער אָדער דעם זון. לייענענדיק זיי, פאַרקלעמט דאָס האַרץ פון ווייטעק איבער די קנאַפּע ווערטער, מיט וועלכע עס הייבן זיך אָן געוויינלעך אַזוינע בריוו: „דער פּאַפּאַ ליגט“, אָדער: „איך בין קראַנק און ליג“. אָבער דערבײַ נעמט דורך אויך א געפיל פון שטאָלץ, וואָס אַפילו אין אַזאַ לאַגע פאַרלאָזט ניט שאָלעם־אַלייכעמען זײַן הומאָר, ער איז האָפערדיק, ערנסט־באַטראַכט, פול מיט שעפערישער אַכרײַעס.

די בריוו זײַנען מערסטנס געשריבן אויף פּרעכטיקן, שיינעם פּאַפּיר. ער האָט ליב געהאַט, אַז א בריוו זאָל אויסזען עסטעטיש־פײַן. אייניקע פון זיי זײַנען מיט פּייזאַזשן פון איטאַליע און שווייץ. קימאַט אויף אַלע פון זיי איז פאַראַן א שטעמפּל: „שאָלעם־אַלייכעם... שטאָט... גאַס... דירע“. ער פלעגט ספּעציעל באַשטעלן אַזאַ פּאָטשט־פּאַפּיר, איך זע אין דעם עפּעס כיינעוודיק־קינדערישס, א מין שפּיל.

די גאַנצע קאָרעספּאָנדענץ איז אין רוסיש. א גלענצנדיקער, ניט קיין ביכלדיקער רוסיש.

נאָטאַבענעס און פּאָסטסקריפּטומס זײַנען כאַראַקטעריסטיש פאַר אַלע בריוו, עס טרעפט, אַז די איקער־שאַכאַכטיס זײַנען לענגער פון די בריוו גופע. דוכט זיך, אָפּגעזעגנט זיך, נאָר ניין, עס הייבן זיך ערשט אָן דערמאָנונגען, צוגאָבן: שאָלעם־אַלייכעם האָט שטענדיק נאָך עפּעס צו זאָגן וויכטיקס, נייטיקס, וואָס פאַרשווײַגן קאָן מען עס ניט.

## דער דעביוט

ווי נאָר פּינוס איז צוגעטראָטן צו דער איבערזעצונג, הייבט זיך אָן דער שטראָם פון שאָלעם־אַלייכעמס בריוו צו אים. קאָנסולטאַציעס, אייצעס, פאַראָרדענונגען, באַקאָשעס, פאַרדראָסן און ספּייקעס, ספּייקעס פון א גרויסן שרײַבער, וואָס האָט שטענדיק טײַנעס צו זיך... שאָלעם־אַלייכעם איז שטאַרק פאַרזאָרגט מיטן אָנהייב, מיטן דעביוט. אין א בריוו פון נערווי דעם 3 יאַנואַר 1910 שרײַבט ער:

[1] — „סאָווּרעמעניע פּראָבלעמי“.

„...די זאַך באַשטייט אין דעם, וואָס איך וויל דעביוטירן פאַרן רוסישן פּובליקום מיט עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל זײַן אויב ניט זייער גרויס, איז יעדנפאַלס אָריגינעל. אײַך איז באַוווּסט, אַז דאָס קינדער־לעבן איז בכלל אינטערעסאַנטער, איידער יעטווידער אַנדער לעבנסשטייגער, און דאָס לעבן פון ייִדישע קינדער אַוואַדע און אַוואַדע. אײַך איז אויך באַוווּסט, אַז קיינער פון מײַנע קאָלעגן־שרײַבער האָט ניט געשענקט דער דאָזיקער וועלט, דער וועלט פון ייִדישע קינדער, אַזויפיל אויפמערקזאַמקייט, וויפל איך... דאָס פאָרוואָרט, וואָס איך שרײַב, און די אויטאָביאָגראַפיע, וואָס איך האָב צוגעזאָגט, זײַנען פאַרבונדן גראָד מיט אָט די דערציילונגען. אַז איר וועט איבערלייענען די „קסאָווים פון אַ ייִנגל“, וועט איר זיך איבערצײַגן, אַז טאַקע פון זיי דאַרף מען אָנהייבן“...

זאָל אונדז דאָ דערלויבט זײַן צו ברענגען אַ פּאָר שטעלן פונעם פאָרוואָרט צו די ערשטע צוויי רוסישע בענדער קינדער־דערציילונגען. די דאָזיקע ווענדונג צום רוסישן לייענער איז אַ דאָקומענט פון גרויסער אידייִשער וואָג. דאָס איז שאָלעם־אַליכעמס ליטעראַריש־פּאָליטישע קרעדאָ. אויב איר ווילט, איז דאָס זײַן קאָמפּאַס באַם שווימען אין אָקעאַן. אָט וואָס ער שרײַבט:

„שוין באַלד צוויי טויזנט יאָר, ווי זי שטייט, — די הויכע, מעכטיקע, כינעזישע וואַנט, — און טיילט אָפּ דאָס אינערלעכע ייִדישע וועלטל פון דער גאַנצער איבעריקער אַרומיקער וועלט... די ייִדישע שרײַבער און קינסטלער שטרעבן שוין פון לאַנג... צו צעטרײַבן די שאָטנס, וועלכע פאַלן פון דער גרויזאַמער וואַנט. אויך איך מיט מײַנע שוואַכע קויכעס נעם שוין העכער אַ פערטל יאָרהונדערט אָן אָנטייל אין דער דאָזיקער אַרבעט; איך באַמי זיך אויפצוכאַפּן דעם אינערלעכן לעבנסזין פון די אײַנוווינער פונעם „טכום“ און געפין דאָ דאָס ליכטיקע געשטאַלט פון דעם מענטשן מיט אַלע זײַנע פריידן, זאָרגן און שטרעבונגען צום אידעאַל“[1].

די „כינעזישע“ וואַנט, וועגן וועלכער עס רעדט שאָלעם־אַליכעם, איז שוין קאָרעוו צו פופציק יאָר אומגעוואַלגערט און צעשמעטערט אויף פּיצלעך. דערין האָט ניט קיין קליינעם כײַלעק געהאַט אויך שאָלעם־אַליכעם. ער האָט אַוועקגעלייגט דערויף אַ סך מי און ענערגיע. דאָס איז צו זען שוין אין זײַן דעביוט.

לייענענדיק די בריוו, זעט איר, ווי אײַנגעשפּאַרט שאָלעם־אַליכעם זוכט דאָס „סאָציאַלע פּינטעלע“ פאַרן נאָמען פונעם ערשטן באַנד, וואָס דאַרף דערשײַנען אין רוסיש. דאָס איז בא אים אַן אידייִשער און עסטעטישער איניען. אָבער די פאַרלעגער אינטערעסירט, ווײַזט אויס, נאָר דער רעקלאַמע־נאָמען. מאָטל פּייסיס פאָרט קיין אַמעריקע? איז פאַרוואָס ניט אָנרופן דאָס בוך „דער יונגער עמיגראַנט“? עס פאַראינטריגירט מער, איידער „קינדער פון טכום“. שאָלעם־אַליכעם איז אויסער־זיך:

„...איך האָב נאָכאַמאָל איבערגעלייענט אײַער בריוו, — שרײַבט ער צו פּינוסן. — זאָל אײַך גאָט אויסהיטן אָנצורופן דעם ערשטן באַנד „דער יונגער עמיגראַנט“, איר וועט מיר אַ טעל מאַכן פונעם גאַנצן פּלאַן. רופט אָן דעם ערשטן און צווייטן באַנד מיט איין אַלגעמיינעם נאָמען: „קינדער פון טכום“.

---

[1] ציטירט לויט דער צווייטער רוסישער אויסגעבעסערטער אויפלאַגע.

דאָס איז געווען סאָף יאַנוואַר 1910. דעם 9 פעברואַל אַליאַרמירט שוין שאָלעם־אַליכעם:

„...נאָרוואָס האָבן מיר דערציילט מענטשן, וועלכע האָבן געזען די צײַטונג «Утро России»[1], אַז דאָרט זאָל זײַן אָפּגעדרוקט אַ מעלדונג, אַז אינגיכן דערשײַנט אַ בוך „דער יונגער עמיגראַנט“. אַלס אַוטאָר איז אָנגערופן מײַן נאָמען... צי דען זײַנען אַלע מײַנע ווערטער און באַקאָשעס אַרויסגעוואָרפן אויפן ווינט? (מאַשמאָעס, אַז עס זײַנען געווען נאָך בריוו וועגן דעם. — א.ה.). מיר פאַרשאַפט עס זייער, זייער גרויס אָגמעסנעפעש! מיט אַזאַ קעפּל וויל איך ניט זען דאָס בוך...“

דאָס איז מער ווי אַ באַקאָשע, ס'איז אַפילו ניט קיין פּראָטעסט. דאָס איז אַ פאַרבאָט. ווען דער פאַרלאַג זאָל זיך ניט געווען אָפּזאָגן צו „קרוינען“ מאָטל פּייסיס מיטן נאָמען „דער יונגער עמיגראַנט“ (אַ מעלדונג מיט דעם דאָזיקן נאָמען איז טאַקע געווען אָפּגעדרוקט אין דער רוסישער צײַטונג), וואָלט אויסגעבראָכן אַ ליטעראַריש־געזעלשאַפטלעכער סקאַנדאַל. שאָלעם־אַליכעם וויל ניט, אַז זײַן באַליבטער מאָטל זאָל דערקלערט ווערן אַלס עמיגראַנט.

נויט און אומרעכט טרײַבן מאָטלס מישפּאָכע אין געהענעם פון יענער־זײַט אָקעאַן, נאָר מאָטל איז אַ היגער, זײַן היים איז דאָ, אין רוסלאַנד.

וויפל טיפער אינהאַלט קאָן זײַן פאַרבאָרגן אין אַ סיכסעך וועגן אַ נאָמען פון אַ ווערק! מיר דוכט, אַז עס איז איינע פון די פּילצאָליקע נאָוועלעס אין שאָלעם־אַליכעמס שפּעפערישער ביאָגראַפיע.

## געשיכטעס וועגן נעמען

די גאַנצע צײַט פון דער אַרבעט אויף די איבערזעצונגען האָט שאָלעם־אַליכעם אין זינען דעם רוסישן לייענער. אָט זײַנען אַ פּאָר כאַראַקטעריסטישע שורעס אויף דער טעמע, גענומען פונעם בריוו פאַרן 10 אָקטיאַבער 1910:

„...געדענקט איינמאָל פאַר אַלעמאָל, אַז איר איבערזעצט ניט פאַר קיין ייִדן, אַפילו ווען אונדזערע לייענער (געמיינט — לייענער, וואָס זײַנען ייִדן לויט דער נאַציאָנאַליטעט. — א.ה.) זאָלן זײַן 99 פּראָצענט!“ אַ ווײַטער קוק! שאָלעם־אַליכעם גלייבט, אַז פון יאָר צו יאָר וועט זיך מערן די צאָל לייענער פון דער ייִדישער ליטעראַטור — ניט קיין ייִדן. ער האָט קיין טאָעס ניט געהאַט.

פאַר יעדן באַנד און פאַר פיל דערציילונגען שטרעבט ער צו געפינען די פּאַסיקסטע נעמען אין רוסיש, זיי זאָלן קלינגען פאַרשטענדלעך פאַרן לייענער. ער וויל אָבער אויך ניט צוציִען דעם לייענער מיט ביליקע מיטלען. אַ שטיק דיסקוסיע קומט פאָר צווישן אים און פּינוסן וועגן „מענאַכעם־מענדלען“. אין אַ בריוו פונעם 25 סענטיאַבער 1911 שרײַבט שאָלעם־אַליכעם:

„... «Супружеская переписка»[2] (אַזוי האָט פּינוס געפּרוּווט אָנרופן „מענאַכעם־מענדלען“. — א.ה.) — דאָס איז וווּלגאַר און אַנטשפּרעכט ניט דעם אינהאַלט פונעם בוך. איך האָב זיך אָפּגעשטעלט אויף אַן אַנדער נאָמען: «Похождения неудачника»[3].

אַ דיסקוסיע קומט פאָר אויך וועגן דעם באַנד „אײַזנבאַן־געשיכטעס“. שאָלעם־אַליכעם פאַרבראַקעוועט קא־

---

[1] — אוטראָ ראָסיִי — דער פרימאָרגן פון רוסלאַנד.

[2] — סופּרוזשעסקאַיאַ פּערעפּיסקאַ — בריוו צווישן מאַן און ווײַב; [3] — פּאָכאָזשדיעניאַ ניעודאַטשניקאַ — פּאַסירונגען פון אַ שלימאַזל.

טעגאַריש פינוסעס בוכשטעבלעכע איבערזעצונג «Железнодорожные рассказы»[1], ווי אויך דעם פּרעטענציעזן נאָמען «Железнодорожные силуэты»[2]. ער לאַכט אויס דעם פאַרגעלייגטן נאָמען «Подорожники»[3]. „אַף רוסיש, — גיט ער צו פאַרשטיין פינוסן, — קלינגט דאָס ווי א מין שוואָמען...“ ער וואַרפט אָפּ אַזאַ נאָמען, ווי «Путевые собеседники»[4], ווײַל ער פּאַסט ניט פאַר אַלע דערציילונגען... ענדלעך גיט ער צו וויסן פינוסן: „...און אָט האָב איך צוגעטראַכט און שוין אפילע אָנגעשריבן דעם פאַרלעגער: «Записки коммивояжера»[5]. איז דאָך געווען אַזאַ אונטערקעפּל. איצט וועט דאָס זײַן דער נאָמען...“ אַזוי איז געבליבן. און עס איז געוויס דאָס בעסטע. אין דער רוסישער זעקסבענדיקער אויסגאַבע, אַרויסגעגעבן דורכן גאָסליטיזדאַט צו שאָלעם־אַלייכעמס הונדערטסטן געבורטסטאָג, האָט מען, ווי אַפּצולאָכעס, געלאָזט דעם נאָמען, וואָס שאָלעם־אַלייכעם האָט פאַרבראַקעוועט: «Железнодорожные рассказы»[1]. שאָלעם־אַלייכעם נעמט ניט אָן קיין פאָרשלאָגן צו געבן אַזעלכע נעמען, וואָס קלינגען מוסער־האַסקלדיק, געטײַטלט מיטן גראָבן פינגער, אָדער פּראָווינציעל, אויסגערעכנט אַף א ביליקן געשמאַק. ווען דער איבערזעצער לייגט פאָר אײן באַנד אָנרופן «Сквозь очки юмориста»[6], ענטפערט אים שאָלעם־אַלייכעם מיט איראָניע (אין דעם בריוו פונעם 7 אַפּרעל 1911): „... אַך, ווי נאַציאָנאַל און פײַן דאָס קלינגט. באַזונדערס, ווען דער אַווטאָר שטעלט זיך אַליין אַרויס פאַר א הומאָריסט!“

אין דעם גרויסן בריוו פון 12 מאַרט 1910, ווו עס ווערן באַרירט פיל פּראָבלעמען וועגן דעם באַשטאַנד און די נעמען פון פאַרשיידענע בענדער, שרײַבט שאָלעם־אַלייכעם:

„...און וויבאַלד איר האָט זיך שוין יאָ אונטערגענומען צו געבן יעדן באַנד (אָדער צוויי בענדער) א באַזונדער נאָמען, איז וואָס וועלן מיר טאָן מיט יענע דערציילונגען, ווו עס ווערט באַוויזן די יידישע רעכטלאָזיקײַט?.. טראַכט צו אין א פרײַער מינוט און שרײַבט מיר אָן. פאַרשטייט זיך, אָן „אַפּאָטעאָזן“ און „שטאַנדפּונקטן“, נאָר מיט עפּעס א סאַגינאָהערדיקן רעמעז, ווי, אַשטייגער, דער נאָמען „קליינע מענטשעלעך“. זײַנען דען די „קליינע מענטשעלעך“ ניט גרעסער פון איינִיקע „גרויסע“? איך גלייב, אַז איר פאַרשטייט מיך...“

אין איינעם אָן איקער־שאָכאַכטי פון דעם זעלבן בריוו ווערט געזאָגט:

„....און עפשער זאָלן מיר אָנרופן דעם דאָזיקן באַנד «Бесправные»[7]? דאָס איז ריכטיק און פּאַשעט. ניין, מיר וועלן אים בעסער אָנרופן «Неунывающие люди»[8].

סאָפקאָלסאָף איז געבוירן געוואָרן דער קורצער און טרעפלעכער נאָמען «Неунывающие»[9], וואָס איז

[1] — זשעלעזנאָדאָראָזשניע ראַסקאַזי — אײַזנבאַן־געשיכטעס; [2] — זשעלעזנאָדאָראָזשניע סילועט' — אײַזנבאַן־סילועטן; [3] — פּאָדאָראָזשניקי — וועג־מענטשן; [4] — פּוטיעוויע סאָבעסעדניקי — מיטשמועסער אין וועג; [5] — זאַפּיסקי קאָמיוואָיאַזשאָרא — פאַרצייכענונגען פון א קאָמיוואָיאַזשאָר; [6] — סקוואָז אָטשקי יומאָריסטאָ — מיט די אויגן פון א הומאָריסט. [7] — בעספּראַווניע — רעכטלאָזע; [8] — ניעוּניוואַיושטשיע ליודי — מענטשן, וועמען עס איז פרעמד מאָרעשכוירע; [9] — ניעוּניוואַיושטשיע.

נאָענט צו „אָרעמע און פריילעכע“, אָבער איז ווײַט ניט קיין עקוויוואַלענט. אָרעם און רעכטלאָז, נאָר דעם קאָפּ ניט געבויגן, ניט אַראָפּגעפאַלן בא זיך, — דאָס איז מער, ווי זײַן פריילעך, כאָכמענען זיך איבער די אייגענע צאָרעס... טאַקע דערפאַר האָט שאָלעם־אַלייכעם געעפנט די דאָזיקע בענדער מיטן שטאָלצן און קלוגן טעוויען.

באַם צונויפשטעלן דעם טעוויע־ציקל צווייפלט ער צי זאָל ער אײַנשליסן די באַגעגעניש מיט מענאַכעם־מענדלען. דערנאָך פאַרטראַכט ער זיך, וויאַזוי איבערזעצן דעם נאָמען „א בוידעם“, ווי געפינט מען דאָס געהעריקע וואָרט, וואָס זאָל אויסדריקן די פּוסטקײַט פון מענאַכעם־מענדלס געשעפטן און אָפּשפּעטן פון זיי? ער לייגט פאָר פינוסן אָנרופן די דערציילונג: «Мыльный пузырь»[1]. «Журавль в небе»[2] האָט פינוס איבערגעזעצט אין דער דערמאָנטער זעקסבענדיקער אויסגאַבע הייסט זי «Химера»[3]. וואָס איז בעסער? מיר דוכט, אַז גערעכט איז שאָלעם־אַלייכעם...

אינטערעסאַנט איז די קאָרעספּאָנדענץ וועגן דעם, וויאַזוי אָנרופן אין רוסיש דאָס קרוין־ווערק שאָלעם־אַלייכעמס „טעוויע דער מילכיקער“. שאָלעם־אַלייכעם אייצעט פינוסן, ער זאָל ניט איבערזעצן עס מיט די ווערטער „טעוויע מאָלאָטשניק“[4]. אין א בריוו פון 2 אַפּרעל שרײַבט ער: „...אויב אַזוי, דאַרף מען געבן אין פערטן באַנד „טעוויען“ (נאָר רופט אים ניט אָן דער מילכיקער. ווי מיר דוכט, קלינגט דאָס ניט רוסיש. און כוץ דעם פאַלט אַרויס דער וויץ. אין יידיש האָבן דאָך די ווערטער „דער מילכיקער“ א צווייענדיקן באַטײַט. און וואָס באַטײַטן זיי אין רוסיש? פּראָסט „טעוויע“ אָדער „טעוויע און זײַנע טעכטער“...).

אין א בריוו פונעם 7 דעקאַבער 1910 שרײַבט ער ווידער וועגן דעם איניען:

„...דאָך בין איך פעסט בא מײַן מיינונג: דער נאָמען דאַרף זײַן ניט „טעוויע און זײַנע טעכטער“, אויך ניט „טעוויע און אַנד. דערציילונגען“, נאָר «Неунывающие люди» אָדער פּאַשעט «Неунывающие». „טעוויע“ זאָגט גאָרניט, טעוויע איז א יידישער נאָמען, דערבײַ אַזאַ, וואָס נאָר איך און איר ווייסן וועגן אים. «Молочник»[5] איז ניט קיין שיינער נאָמען, ער קלינגט ניט. מע דאַרף ניט. זײַט ניט קיין ליטוואַק! מיין איך, זײַט ניט קיין אַקשן. פאָלגט מיך!“

דאָ האַנדלט זיך וועגן א נאָמען פאַר א גאַנצן באַנד. די טעוויע־סעריע האָט שאָלעם־אַלייכעם געפאָדערט אָנרופן „טעוויע און זײַנע טעכטער“. אגעוו, אין רוסיש שרײַבט שאָלעם־אַלייכעם אַמאָל „טעוועל“, אַמאָל „טעוויע“. „טעוועל“ שטאַמט פון פינוסן...

ווען איך האָב איבערגעלייענט דעם בריוו, האָב איך זיך צוערשט פאַרוווּנדערט: סטײַטש, עס טויג ניט אין רוסיש „טעוויע דער מילכיקער“? מיר זײַנען דאָך אַזוי געוווינט צו דעם נאָמען! אַז מע טראַכט זיך אָבער גוט אַרײַן, ווערט אַלץ פאַרשטענדלעך. לאָמיר זיך דערמאָנען, ווי עס קלינגט אין יידיש: „איך בין ניט מילכיק און ניט פליישיק“, „איך בין א פּאַרעווער, איך בין א מיל־

[1] — מילני פּוזיר — א זייפנבלאָז; [2] זשוראַוול וו ניעבע — א בושעל אין הימל; [3] — כימערע; [4] רוסישע בוכשטעבלעכע איבערזעצונג פון „טעוויע דער מילכיקער“. [5] — מאָלאָטשניק — דער מילכיקער.

כיקער". כוץ דעם, אין רוסיש איז פאראַן א וואָרט „מאָלאָטשניצא" — א פרוי, וואָס טראָגט פאַנאַנדער מילך צו אירע קוינים אהיים, און א וואָרט „מאָלאָטשניק" — א קיילע פאר מילך. דערפאר קלינגט טאַקע ניט גוט אין רוסיש דער נאָמען „טעוויע מאָלאָטשניק".

לאָמיר מוידע זײַן, אַז שאָלעם־אַלייכעם האָט רעכט! ער ווײַזט ארויס א ראפינירטן געשמאק צו די איידלסטע וואָרט־ניואנסן אין רוסיש.

וואָס האָט געטאָן פינוס? ער האָט געמאַכט א קאָמבינאַציע פון ביידע נעמען און האָט איבערגעזעצט: «Тевель молочник и его дочери»[1]. פארשטייט זיך, אַז פיל בעסער קלינגט «Тевье и его дочери»[2]. לויט מײַן מיינונג, דארף מען איבערזעצן, ווי שאָלעם־אַלייכעם האָט פאָרגעלייגט. און זאָל זיך קיינעם ניט אויסווײַזן, אַז דאָס זײַנען צו איידעלע ניואנסן. פון ניואנסן באַשטייט דאָס געוועב פון א קינסטלעריש ווערק.

מיר וועלן דאָ ברענגען נאָך צוויי כאראקטעריסטישע בײַשפּילן פון דעם מין.

„...ווי קלערט איר? — פרעגט שאָלעם־אַלייכעם בא פינוסן אין א בריוו פון 8 אפרעל 1910. — אָנרופן די דערציילונג, וואָס איך האָב אײַך נעכטן געשיקט, „צאר־באלעכאַים"? ...טוט א טראַכט. מיר געפעלט ניט «Сострадание к животным»[3] — צו דידאקטיש... מיר, הייסט דאָס, האָבן ראַכמאָנעס..."

פינוס האָט נאָך, אַפּאָנעם, פארן באַקומען דעם בריוו אַליין צוגעטראַכט א נאָמען, וואָס איז פארבונדן מיטן אינהאַלט פון דער דערציילונג, ער קלינגט איראָניש און האָט בעפיירעש אן אונטערטעקסט. שאָלעם־אַלייכעם גראַטולירט אים אין א בריוו פון 12 אפרעל 1910: „...דער נאָמען «Почему я прослыл дураком»[4] איז זייער געראָטן... איך בין זייער צופרידן, ווען מע פארשטייט מיך. אן אויסגעצייכנטן נאָמען האָט איר געגעבן דער דערציילונג... בעסער דארף מען ניט..."

די דערציילונג „דער טאַלעסקאָטן" האָט שאָלעם־אַלייכעם ביכלאַל ניט געוואָלט איבערזעצן, כאָטש די מײַסע מיטן געוועט, דאָס שפּיצל, וואָס מע טוט אָפּ דעם פארדאָרבענעם גוויר, איז ביז גאָר אײַנפאַלעריש, עס איז פאראַן פון וואָס און פון וועמען צו לאַכן. וואָס זשע טוט מען אָבער מיטן נאָמען? דאָס וואָרט „טאַלעסקאָטן", האָט זיך געשראָקן שאָלעם־אַלייכעם, קאָן גלײַך אָפּשטויסן דעם לייענער. און ער זוכט און געפינט א נײַעם גלענצנדן נאָמען: „א געוועט" («Пари»). דאָס דריקט אויס דעם טאָך פון דער געשעעניש. אין טעקסט ווערט שוין דערקלערט, וואָס איז אַזוינס א טאַלעסקאָטן.

איצט לאָמיר כאַפּן א קוק אין דער דערמאָנטער זעקסבענדיקער אויסגאַבע. די דערציילונגען זײַנען דאָרט איבערגעזעצט מיט די נעמען «Жалость к животным»[5] און «Талескотн»[6]. איז מיילע, וועגן שאָלעם־אַלייכעמס אָנווײַזונגען האָט מען עפשער ניט געווּסט, אָבער פינוסעס אָפּגעדרוקטע איבערזעצונגען האָט מען דאָך געמעגט א שטודיר טאָן און דאָרט, ווו עס איז בעסער, איבערנעמען.

## נײַע מאָסן

די בריוו קײַטלען זיך, ווי א ריי פארכאַפּנדיקע נאָוועלן וועגן שעפערישער מי, זיי זײַנען אָנגעזאַפּט מיט לײַדנשאַפט און איבערלעבונגען. קיין סימען פון זעלבסטבאַרויִקטקײַט, זעלבסטצופרידנקײַט. איין באַנד פון שאָלעם־אַלייכעמס ווערק אין דער רוסישער איבערזעצונג דערשײַנט נאָכן צווייטן, זיי האָבן גרויס דערפאָלג באַם לייענער, נאָר שאָלעם־אַלייכעם ווערט אַלץ מאָנענדיקער און שטרענגער. עס וועט ניט זײַן קיין טאָעס צו זאָגן, אַז די איבערזעצונגען העכערן בא אים דעם קריטעריי, די פאָדערונגען צו זיך אַליין. דאָס קומט עפשער דערפון, וואָס אין שײַן פון דער איבערזעצונג דערזעט דער שרײַבער דעם אייגענעם אָריגינאַל טיפער, מיט אַלע זײַנע מײַלעס און בלויזן. עס ווערן געבוירן נײַע מאָסן.

שאָלעם־אַלייכעם שליסט אַנטשיידן אויס איינינקע דערציילונגען, צום בײַשפּיל „די ווײַסע קאַפּאָרע", „עסטער", „צוויי שאַלעכמאָנעסן". ער היט זיך פארן איבערפלייץ פון געדיכט־ריטועלע עלעמענטן, וועלכע זײַנען אומפארשטענדלעך פארן רוסישן לייענער. ער גייט נאָך ווײַטער: ער קריטיקירט גאַנץ שאַרף דאָס ערשטע בוך פון „מענאַכעם־מענדל":

„...דאָס ערשטע בוך „לאָנדאָן", — שרײַבט ער אין א בריוו פון 28 סענטיאַבער 1911, — נייטיקט זיך באַזונדערס אין א רעמאָנט. צו בלאָס לויטן אינהאַלט. שיינע־שיינדלס בריוו דארפן זײַן אויסגעהאַלטענער לויטן טאָן. און די איבערזעצונג גופע נייטיקט זיך אין קאָרעקטיוון".

עס איז קעדײַ צו באַמערקן, אַז פריִער פאר אַלץ קריטיקירט ער זיך. דערנאָך ערשט דעם איבערזעצער...

ווען מע לייענט דעם בריוו, וואָס איז געשריבן מיט א טאָג שפּעטער, דעם 29 סענטיאַבער 1911, ווו עס רעדט זיך וועגן זיבעטן באַנד, ווערט מען פּאַשעט געפּלעפט פון איינעם אן איקער־שאָכאַכטי:

„...מײַנע דראַמאַטישע ווערק וועלן אין קיין שום פאַל ניט ווערן איבערגעזעצט ניט אין זיבעטן, ניט אין די ווײַטערדיקע בענדער. זיי נייטיקן זיך אין א גרינטלעכער איבעראַרבעטונג..."

זײַן גאַנץ לעבן האָט שאָלעם־אַלייכעם געגאַרט צו זײַן פארטראָטן אין טעאַטער, ער האָט געטרוימט וועגן באַגעגענישן מיטן צושויער, און פּלוצעם — אַזאַ האַרבע באַציִונג צו זײַנע דראַמאַטישע ווערק! ניט לײַכט איז אים געווען אָנצושרײַבן די עטלעכע שורעס. מיר זײַנען, מעגלעך, ניט מעכויעוו מאַסקים צו זײַן אין דעם פאַל מיט שאָלעם־אַלייכעמען, נאָר גרינגשעצן די גרייטקײַט שטרענג צו באַציִען זיך צו זיך אַליין — דאָס קאָנען מיר אויך ניט.

יאָ, נײַע מאָסן ווערן געבוירן. אין א בריוו פון 25 מאַרץ 1910 ווערט געזאָגט: „...איך האָב געוואָלט איבערבויען אן אַלטע דערציילונג „דער ערשטער אַרויספאָר". צוגעשניטן, געניייט, ווײַטער געשניטן, געקלעפּט, אַרויסגעוואָרפן, צוגעשריבן, — עס באַקומט זיך גאָרניט. נאָך מאָטלען איז דאָס בלאָס, שוואַך, א ביזויען..."

די דערציילונג „דער ערשטער אַרויספאָר" קאָן, ווי אונדז דוכט, אײַנגעשלאָסן ווערן אין באַנד קינדער־דערציילונגען. דאָס איז א פײַנע הומאָריסטישע געשיכטע. אָבער שאָלעם־אַלייכעם מעסט אַלץ מיט דער מאָס פון

---

[1] — טעוויע מאָלאָטשניק אי יעוואָ דאָטשערי — טעוויע דער מילכיקער און זײַנע טעכטער; [2] — טעוויע אי יעוואָ דאָטשערי — טעוויע און זײַנע טעכטער. [3] — סאָסטראַדאַניע ק זשיוואָטנים — צארבאַלעכאַים; [4] — פּאָטשעמו יאַ פּראָסליל דוראַקאָם — פארוואָס האָב איך באַקומען א נאָמען פון א שויטע. [5] — זשאַלאָסט ק זשיוואָטנים — ראַכמאָנעס אף באַלעכאַים; [6] — טאַלעסקאָטן.

„מאָטלען". און אין שײַן פון אזא שעדעווער, ווי „מאָטל פּייסיס", זעט זי טאַקע אויס בלאַס. אין דעם זעלבן בריוו גיט ער צו וויסן, אז ער האָט ארויסגעשיקט צוויי ספּעציעל־אָנגעשריבענע דערציילונגען „פּײַטל און פעדקע" און „עליָהו האנאָווי". ניט צופעליק שליסט ער מיט זיי די גאַנצע זאַמלונג „קינדער פון טכום".

באַזונדערס וויכטיק איז די ערשטע דערציילונג — „פּײַטל און פעדקע". די טעמע איז פאר יענער צײַט ברענענדיק־אַקטועל: אלילאַס־דאַם, די גרעסטע שאַנד פון דער צאַרישער סאַטראַפּיע. וויאַזוי טראַקטירט די טעמע שאָלעם־אַלייכעם? אַף אַן אינטערנאַציאָנאַליסטישן אופן. ער האָט אין זינען אײַנוואַלגערן די „כינעזישע וואַנט". ער מאָלט די האַרציקע כאַווערישקײַט צווישן דעם ייִדישן קינד פּײַטל און דעם רוסישן פעדקע. באַמערקט, אַז אפילע די נעמען זייערע זײַנען ענלעך. די רוסישע פּראָגרעסיווע קריטיק האָט וואַרעם אופגענומען דאָס ווערק און אונטערגעשטראָכן דעם שרײַבערס מיין. אַזוי, לעמאָשל, איז דעם 10 אָקטיאַבער 1910 אין דער צײַטונג «Русские ведомости»[1] אָפּגעדרוקט יורי וועסעלאָווסקיס א גרויס אַרטיקל וועגן די ערשטע צוויי בענדער פון שאָלעם־אַלייכעמען אין רוסיש. ער שאַצט זיי אָפּ זייער פּאָזיטיוו און שטעלט זיך אָפּ אָפן באַטײַט פון „פּײַטל און פעדקע": „...דאָס איז א געשיכטע פון פרײַנטשאַפט צווישן צוויי ייִנגלעך — א ייִדיש און א רוסיש, וואָס קומט אוף אין אזא אַטמאָספער, וועלכע איז לאַכלוטן ניט גינסטיק דערצו.

...און ס'איז פאַראַן עפּעס אויסערסט־רירנדיקס, אין א געוויסער מאָס אפילע סימבאָלישעס, אין אָט דער פרײַנטשאַפט פון די צוויי יונגע וועזנס, וועלכע באַציִען זיך איינער צום אַנדערן, ווי ברידער, ניט פאַרשטייענדיק, וואָס איז אַזוינס אומטאָלעראַנץ..."

נאָך אין געשיכטע, שוין די לעצטע, וועגן שאָלעם־אַלייכעמס נײַע מאָסן. מע קאָן זי אָנרופן „קאַסרילעווקע—גאָלאָדאַיעווקע". איר אָנהייב איז — 14 מאַרט 1910. אין א בריוו מיט דער דאַזיקער דאַטע שרײַבט שאָלעם־אַלייכעם פון נערווי קיין מאָסקווע:

„...איך האָב לאַנג געטראַכט וועגן דעם אַרײַנפיר צום דריטן באַנד („קליינע מענטשעלעך") און האָב באַשלאָסן געבן צו דעם באַנד א פאָרוואָרט פונעם אווטאָר. דאָס פאָרוואָרט באַשטייט פון דער ערשטער סקיצע פון די „קליינע מענטשעלעך"... איך וועל צוגרייטן פון דער סקיצע „די שטאָט קאַסרילעווקע" אַן אַרײַנפיר צו די „קליינע מענטשעלעך"... דאָס שטעטל וועל איך אָנרופן „גאָלאָדאַיעווקע".

אַף מאָרגן שיקט ער אַרויס דאָס פאָרוואָרט און בעט פינוסן, ער זאָל עס באַצייכענען פּאָשעט אַלס „פאָרוואָרט פונעם אווטאָר" (ניט ספּעציעל צו דער רוסישער אויסגאַבע). דעם 20 מאַרט בעט ער צוריקשיקן דאָס פאָרוואָרט, קעדיי עס צו דערגאַנצן. דעם 26 יוני אין א בריוו פון באַדענווײַלער איז פאַראַן אזא פראַזע: ...געדענקט זשע, אומעטום, וווּ עס שטייט קאַסרילעווקע, דאַרף זײַן „גאָלאָדאַיעווקע". און, פאַרשטייט זיך, אויך אינעם פאָרוואָרט..."

וואָס איז שאָלעם־אַלייכעמס קאַוואָנע באַם פאַרבײַטן אומעטום קאַסרילעווקע אַף גאָלאָדאַיעווקע? ער וויל מאַכן דאָס בוך סאָציאַל אָנגעצעטיקטער, שטעלן דאָס סאַטירישע שטשעדרין־פּינטעלע, דערמאָנען דעם לייענער, אַז אַלע טראַגיקאָמישע סיטואַציעס, אין וועלכע עס פאַלן אַרײַן די קליינע מענטשעלעך, האָבן איין מאָקער — דאַכעס און נויט... אין רוסיש קלינגט דער אויסדרוק голодаевский[1] גאָר אַנדערש, ווי касриловский[2]. „א גאָלאָדאַיעווקער" — דאָס שמעקט מיט צאָרן און פּראָטעסט.

און ס'אַרא רירנדיק־ליָרישן סאָף פאַרמאָגט די „גאָלאָדאַיעווקער" געשיכטע! פינוס האָט געוואָלט צו די „קליינע מענטשעלעך" צוקנעפּלען „פישל דעם מעלאַמעד". שרײַבט אים וועגן דעם שאָלעם־אַלייכעם אין א בריוו פון 15 יול 1910:

„...איר ווילט געבן אין דריטן באַנד „פישל דעם מעלאַמעד"? איז וואָס וועט איר טאָן מיט באַלטע און כאַשטשעוואַטע? עס וועט אײַך אויסקומען כאַשטשעוואַטע פאַרבײַטן אַף קאַסרילעווקע, דאָס הייסט — אַף גאָלאָדאַיעווקע, און באַלטע אָנרופן פּראָסט „די גרויסע שטאָט", וואָס ליגט פון יענער־זײַט טײַך (נאָר ניט בוג — פּראָסט א גרויסער טײַך)".

פינוס האָט, אַפּאָנעם, געוואַקלט זיך, צי עס לוינט דורכמאַכן מיט „פישלען" אזא אָפּעראַציע. שאָלעם־אַלייכעם איז מאַסקים מיט אים. אין א בריוו פון 26 יול שרײַבט ער:

„...יאָ, איר זײַט גערעכט. א שאָד דעם בוג. דער בוג פּאַסט ניט פאר גאָלאָדאַיעווקע. נאָר אויב אַזוי, טיילט אים אויס באַזונדער..." (דאָס הייסט — אַרויסנעמען פונעם ציקל „קליינע מענטשעלעך". — א.ה.).

א שאָד דעם בוג, דעם שיינעם ליבן בוג! פילט איר ניט אין די ווערטער שאָלעם־אַלייכעמס בענקשאַפט אַהיים?

## שלײַפן, שלײַפן אָן א שיר

איבערמאַכן, פאַריכטן, שלײַפן, — דאָס איז געווען שאָלעם־אַלייכעמס אייגנאַרטיקע לײַדנשאַפט. די בריוו צו פינוסן גיבן א ברייטערן באַגריף וועגן אָט דעם פּראָצעס.

ווען שאָלעם־אַלייכעם שיקט אָפּ א קאָסוויאַד, פילט ער זיך ניט, ווי איינער, וואָס האָט אַראָפּגעוואָרפן א יאָך פון די פּלייצעס. ער איז מיטן ווערק אין וועג, ער האַלט ווײַטער אין אַרבעטן, אין שלײַפן. און עס טראָגן זיך בריוו, קאַרטלעך, טעלעגראַמעס. אַשטייגער, אין איין טאָג איז אָפּגעשיקט געוואָרן די דערציילונג „דער מוישעוו־זקיינים" (ספּעציעל אָנגעשריבן פארן באַנד „קליינע מענטשעלעך"), א טעלעגראַמע וועגן דער דערציילונג, א בריוו און א קאַרטל מיט פרישע ענדערונגען.

צי איז פאַראַן א סיסטעם אין זײַן שלײַפן? געוויס, יאָ! ער וויל, אַז יעדעס ווערק זאָל, ניט פאַרלירנדיק אין קאָלאָריט, ניט אָנווערנדיק די נאַציאָנאַלע אייגנשאַפטן, זײַן קלאָר פארן רוסישן לייענער און פאַרשטאַנען ווערן אין דער טיף, אין דער אידייִשער אָנצילונג. ער זוכט צו אַנטפּלעקן דאָס מענטשלעכע אינעם נאַציאָנאַלן, ער וויל בעשום־אויפן ניט אַרויסרופן קיין סענטימענטאַלן ראַכמאָנעס־געפיל צו זײַנע העלדן, ער וויל אויך ניט, מע זאָל גלאַט אָפּשפּעטן פון זיי. די גאַנצע צײַט האָט ער אין זינען די קרעדאָ, וואָס איז אויסגעדריקט אין דער ווענדונג צום רוסישן לייענער.

לאָמיר נעמען אזא האַרבע פּראָבלעם, ווי העברעיִזמען. אין איינעם פון די ערשטע בריוו צו פינוסן (8 יאַנוואַר

[1] — רוסקיִע וועדאָמאָסטי.

[1] — גאָלאָדאַיעווסקי — גאָלאָדאַיעווקער; [2] — קאַסרילאָווסקי — קאַסרילעווקער.

1910) ענטפערט ער אַף פינוסעס אָנפראַגע, וויאַזוי צו איבערזעצן העברעיִשע פסוקים:

„צי דען קלערט איר ערנסט אונטערטראָגן דעם רוסישן אוילעם העברעיִשע פסוקים, זאָל זיַין אפילע מיט לאַטיַינישער שריפט? ניין! איר וועט דאָס ניט טאָן! קיין איין העברעיִש וואָרט קאָן ניט זיַין אין דער רוסישער איבערזעצונג. שוין גליַיכער פראָסט אַף רוסיש, אויב ניט אַף אלטרוסיש... טיַיערינקער, איך בעט איַיך ראַכמים, שאַנעוועט איַיער מי, וואַרפט אַוועק די פסוקים, נאָך מיט באַמערקונגען דערצו! זאָל איַיך גאָט אויסהיטן פון אַזאַ געדאַנק! וואַרפט אַוועק! נעמט זיך, ווי וויַיט מעגלעך, פאַר סלאַוויש, נאָר ניט דעם גאָר אלטן... נו, אויב איר זיַיט אליין אין דער דאָזיקער שפּראַך שוואַך (איך, אַשטייגער, בין זייער שוואַך), איז מיט דער הילף פון כאַווייִרים, אָדער באַנוצט זיך פּאַשעט מיט דער איבערזעצונג פון דער ביבל... נאָכאַמאָל, קיין העברעיִש דאַרף מען ניט, אין קיין פאַל ניט!..“

צום באַדויערן, האָט פינוס ניט שטענדיק געפאָלגט, און שאָלעם־אַלייכעם האָט געהאַט דערפון גרויס אַגמעס־נעפעש.

שאָלעם־אַלייכעם גייט נאָך וויַיטער, ער וויל אינגאַנצן באַפריַיען די איבערזעצונג פון איבעריקער רעליגיִעזער טערמינאָלאָגיע. אין דעם שוין דערמאָנטן בריוו פון 15 יול 1910 שריַיבט ער: ...„איך בעט אויסמיַידן אַזעלכע טערמינען, ווי טפילן, שישי, מאַפטיר, מינכע, יוירע־דייע, דער ביִור, אַטאַ־האָרייסאָ... פאַרביַיט זיי מיט אַלגעמיינע ווערטער (דאָס הייסט מיט אַ באַשריַיבערישער פראַזע. — א.ה.), נאָר שיוועס זיצן לאָזט איבער. אין אַ באַמערקונג דאַרפט איר דערקלערן, אין וואָס עס באַשטייט דער דאָזיקער מינהעג. מיט איין וואָרט, איר דאַרפט געדענקען, אַז איר זעצט איבער פאַר רוסן, ניט פאַר קיין ייִדן“.

שאָלעם־אַלייכעם וויל ניט מיטשלעפּן אין דער רוסישער איבערזעצונג אַלע ריטועלע און העברעיִש־רעליגיִעזע דעטאַלן. ניט אין דעם, האַלט ער, איז דער נאַציאָנאַלער מעהוס פון זיַינע ווערק, ער איז פיל העכער, טיפער און אַלמענטשלעכער, — ער העלפט איַינוואַלגערן די כינעזישע וואַנט...

שאָלעם־אַלייכעם קעמפט קעגן בוכשטעבלעכער איבערזעצונג. ער וויַיזט אַרויס אַ וווּנדערלעכע דערפינדערישקיַיט באַם צוקליַיבן רוסישע עקוויוואַלענטן פאַר ייִדישע אידיאָמען און פאָלקלאָריזמען. און ער איז אומבאַרעכמאָנעסדיק צו פינוסן, ווען יענער דרייט זיך אויס פון די שוועריקיַיטן. אַ פּאָר ביַישפּילן וועלן מיר דאָך ברענגען. אין אַ בריוו פון 12 דעקאַבער 1910 שריַיבט ער:

...„נאַרוואָס באַקומען דעם פערטן באַנד. איך האָב באַוויזן באַם מיטיק איבערקוקן בלויז דאָס פאָרוואָרט. צום סאָף האָב איך דערזען מיַין פראַזע: איך בין קיין מעכאַבער, קיין מעלאַמעד, קיין באַטלען. איר האָט איבערגעזעצט ...Я не сочинитель, не учитель, не бездельник[1] און איך האָב פאַרלאָרן דעם אַפּעטיט. אַך! פאַרוואָס האָט איר מיר ניט צוגעשיקט דאָס דאָזיקע פאָרוואָרט... איך וואָלט ניט דורכגעלאָזט אַזאַ פאַרדריסלעכן פעלער. אַ מעלאַמעד איז אַן учитель?!![2] וואָס וועט אַ טראַכט טאָן וועגן דעם דער עמעסער רוסישער לייענער? עפשער ,ווילט איר מיר איַינריידן, אַז איר האָט,

[1] — יאַ ניע סאָטשיניטעל, ניע אוטשיטעל, ניע בעזדיעלניק; [2] — אוטשיטעל.

קלוימערשט, דאָס וואָרט מעלאַמעד אין דעם פאַל פאַרשטאַנען בוכשטעבלעך? שטעלט זיך פאָר, איך זידל איַיך אויס: — איַי, זיַיט איר אַ מעלאַמעד! וועט איר איבערזעצן: Эх, вы, учитель[1]. איך צווייפל. ס׳איז טרויעריק, מיַין פריַינט, כאָטש ס׳איז קאָמיש, נאָר טאַקע דערפאַר איז דאָס טרויעריק...“

דעם עמעס געזאָגט, איז אונדז אויך ניט איבעריק פריילעך, ווען מיר זעען, ווי אין דער זעקסבענדיקער רוסישער אויסגאַבע פון שאָלעם־אַלייכעמס ווערק ווערט די דאָזיקע פראַזע איבערגעזעצט Я не сочинитель, не меламед, не батлен[2]. פאַראַן דערביַי שטערנדלעך, וואָס בעטן, מע זאָל זיך מאַטריִען זיַין אַ קוק טאָן אין די באַמערקונגען צו סאָף פון באַנד. אַ קליינע טרייסט!..

און אַ צווייטער כאַראַקטעריסטישער ביַישפּיל. אין די „צוויי אַנטיסעמיטן“ איז דאָ אַ לאַטיַינישע פראַזע, וועלכע סומירט די סאַטירישע „אויספאָרשונג“, וויאַזוי באַ ייִדן ווערט פון כאַזיִר — פעטיאַ. אָט איז די פראַזע: sic transit gloria mundi (סיק טראַנזיט גלאָריאַ מונדי. בוכשטעבלעך ווערט דאָס איבערגעזעצט: אָט אַזוי גייט אַדורך דער רום אַף דער־וועלט). שאָלעם־אַלייכעם גיט זיַין טיַיטש: „אָט אַזוי, הייסט דאָס, ווערט פון אַ קאַטשקע אַן אינדיק“. עס איז פאָלקסטימלעך, קאָמיש און טרעפט אין ציל. אָבער פּרוּווט דאָס איבערזעצן. פינוס האָט געמאַכט Так селезень становится индюком[3] שלעכט, כאָטש ער האָט די קאַטשקע פאַרוואַנדלט אין אַ קאַטשער[4]. אין דער זעקסבענדיקער רוסישער אויסגאַבע איז איבערגעזעצט בוכשטעבלעך: Так из утки получается индюк[5]. וואָס זאָגט דאָס דעם לייענער? גאָרנישט. שאָלעם־אַלייכעם האָט יאָ געפונען אַן עקוויוואַלענט: Так карася обратился в порося[6]. דאָס איז גלענצנדיק־פּינקטלעך לויטן אינהאַלט, הומאָריסטיש, קלינגעוודיק, עכט־רוסיש און מיט אַן אונטערטעקסט: כאַזיִר, וואָס ווערט פעטיע, איז אַ — כאַזערוק!

שאָלעם־אַלייכעם האָט געקענט רוסיש בעסער פון פינוסן. ס׳איז קיין כידעש ניט. אַ כידעש איז, וואָס אונדזערע איבערזעצערס האָבן זיך ניט באַמיט אַריַינקוקן אין דער צווייטער אויפלאַגע פונעם „קאָמיוואָיאַזשאָר“ אין פינוסעס איבערזעצונג, ווו דאָס דערמאָנטע אָרט איז אויסגעפאַריכט טאַקע אַזוי, ווי שאָלעם־אַלייכעם האָט געפאָדערט...

מיר האָבן עטלעכע מאָל דערמאָנט קריטיש די רוסישע זעקסבענדיקע אויסגאַבע פון שאָלעם־אַלייכעמס ווערק. דערמיט ווילן מיר ניט זאָגן, אַז דאָס איז אַן אויסגאַבע פון דורכויס שלעכטע איבערזעצונגען. נאָר ליאַפּסוסן און פעלערן פון פּרינציפּיִעלן באַטיַיט זיַינען דאָרט פאַראַן ניט ווייניק. אין דעם פּראָט שטייט נאָך פאָר אַ ריזיקע אַרבעט. איז צי האָבן מיר דאָס רעכט פאַרביַיגיין שאָ־

[1] — עך, ווי, אוטשיטעל; [2] — יאַ ניע סאָטשיניטעל, ניע מעלאַמעד, ניע באַטלען; [3] — טאַק סעלעזען סטאַנאָוויטסיאַ אינדיוקאָם; [4] — סעלעזען — אַ קאַטשער; [5] — טאַק איז אוטקי פּאָלוטשאַיעטסיאַ אינדיוק; [6] — טאַק קאַראַסיאַ אָבראַטילסיאַ וו פּאָראָסיאַ (בוכשטעבלעך: אָט אַזוי איז פון אַ קאָרעס — אַ פיש אַזאַ — געוואָרן אַ כאַזערל. שטאַמט פונעם ווערטל, ווי אַ מאָנאַך האָט באַפוילן אַ כאַזערל — פּאָראָסיאַ — צו פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ קאָרעסל — קאַראַסיאַ, קעדיי ער זאָל עס מעגן עסן אין די טעג, ווען לויט די רעליגיִעזע דינים טאָר מען קיין פליישיקס ניט עסן).

לעם־אַלייכעמס אוטאָריזאַציע, זײַנע אָנווײַזונגען און אײַנשטעלונגען? שאָלעם־אַלייכעם וועט נאָך ניט איין מאָל דערשײַנען אין רוסיש, די צאָל פון זײַנע לייענער האַלט אין איין וואַקסן. דערפאַר איז די פראַגע אַקטועל.

## „קלייניקײַטן“

אין מײַנע בלאָקנאָט־פאַרצייכענונגען וועגן שאָלעם־אַלייכעמס בריוו האָב איך א רובריק „קלייניקײַטן, וואָס זײַנען ווײַט ניט קיין קלייניקײַטן“. איך נעם ארויס פון דער רובריק בלויז עטלעכע נומערן. אין דעם בריוו פון 12 אָקטיאַבער 1910 שרײַבט שאָלעם־אַלייכעם: „איך האָב פאַרגעסן אײַך וואָרענען: אין דער דערציילונג „סטאַנציע באַראַנאָוויטש“ זאָגט א ייִד אזשעוו אָנשטאָט אזעוו, אין דער איבערזעצונג זאָלט איר דאָס ניט טאָן...“ שאָלעם־אַלייכעם וויל ניט, עס זאָל אין רוסיש אויסזען, ווי אן איבערקרימעניש, ווען א ייִד פאַרבײַט א „ז“ אף א „זש“.

וועגן דער דערציילונג „די רעוואָליוציע אף יענער זײַט סאַמבאַטיען“ שרײַבט שאָלעם־אַלייכעם אין דעם בריוו פון 26 יוני 1910: „...מע קאָן דאָ געבן, אויב אײַך איז צום האַרצן, „די רעוואָליוציע אף יענער זײַט סאַמבאַטיען“, מיט אײַערער א באַמערקונג, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר דער טײַך סאַמבאַטיען און ווער זײַנען דאָס די רויטע ייִדעלעך — рыжеволосые евреи [1] (еврейчики [2] טויג ניט. עס שמעקט מיט שאַרזש אין אַנטיסעמיטישן גײַסט...)“

אין אן אַנדער בריוו (פון 21 יולי 1910), ווו שאָלעם־אַלייכעם רעדט וועגן דער צווייטער, אויסגעבעסערטער אויפלאַגע פונעם ערשטן באַנד, האָט ער א טײַנע צו פינוסן: „...איך האָב נאָך ניט באַוויזן דורכצוקוקן דאָס גאַנצע בוך. אין אייניקע ערטער האָב איך אָבער באַמערקט, אז איר זײַט א גרויסער אַקשן. איר האָט פאַרוואַנדלט מײַן פיניען פּאַשעט אין אן אידיאָט...“

די זאַך באַשטייט אין דעם, וואָס פינוס האָט צוגעשריבן פיניען א מין לייטמאָטיוו. וואָס מע זאָל בא אים ניט פרעגן, ענטפערט ער: „נו, איז וואָס? איך ווייס ניט“. שאָלעם־אַלייכעם האָט אין דער קאָרעקטור פאַריכט: אף א פראַגע ענטפערט פיניע מיט א פראַגע. אַשטייגער: „פאַרוואָס האָסטו זיי ניט געוועקט? — ווער זאָגט דאָס, אז איך האָב זיי ניט געוועקט?“ פינוס האָט איבערגעלאָזט דעם לעקישעוואַטן „לייטמאָטיוו“. און שאָלעם־אַלייכעמען פאַרדריסט דאָס: בא אים איז פיניע א מאָדנער פאַרשוין, א טשודאַק, אָבער אין קיין פאַל ניט קיין אידיאָט... אין טאָך האָט שאָלעם־אַלייכעם ליב דעם האַרציקן, טיף מענטשלעכן פיניע, ער קאָן ניט דערלאָזן, מע זאָל אים שילדערן, ווי א מין כאַסערדייע...

אַזוינע „קלייניקײַטן“ לאָזן זיך פאַראַלגעמיינערן: שאָלעם־אַלייכעם דולדעט ניט קיין שאַרזש, קיין אוטרירטקײַט, קיין אַנעקדאָטישקײַט. ער וויל, מע זאָל באַנעמען די טיף פון זײַן הומאָר. דאָס וואָלטן געדאַרפט געדענקען סײַ די איבערזעצער, סײַ יענע פאָרלייענער, וועלכע מײַדן צומאָל ניט אויס שאַרזשירטע האַוועײַעס און איבערקרימעניש...

עס זײַנען אויך דאָ „קלייניקײַטן“, וואָס האָבן נאָך א מער בוילעטן סאָציאַלן באַטײַט. צווישן שאָלעם־אַלייכעמס בריוו האָט צופעליק פאַרבלאָנדזשעט פינוסעס א גרויסער בריוו צו אים (מעגלעך, אז דאָס איז א קאָפּיע, וואָס איז פאַרבליבן בא פינוסן). צווישן אַנדערס, בעט דאָרט פינוס א דערלויבעניש אַרײַנצושטעלן א פראַזע אין עם מאָנאָלאָג „ווען איך בין ראָטשילד“. דאָס איז די פראַזע: „אַנדערע קלאָגן זיך אף די ייִדישע גווירים, די ראָטשילדס און בראָדסקיס, וועלכע טוען זיך אָן קאָלערליי פאַרגעניגנס אין זייערע פאַריזשן און ווילן פון קיינעם ניט וויסן“. אין א בריוו פון 24 אווגוסט 1910 גיט שאָלעם־אַלייכעם זײַן האַסקאָמע אף דער דאָזיקער פראַזע, נאָר מיט איין טנײַ:

„...די בראָדסקיס וואַרפט ארויס! צופיל קאָוועד פאַר זיי. אָנשטאָט דעם וואָלט איר בעסער געשטעלט אין גענדזנפיסלעך „אונדזערע ראָטשילדס“... וויפל פאַראַכטונג צו די קיִעווער מיליאָנשטשיקעס פילט זיך אין אָט די ווערטער. ער האָט זיי זייער גוט געקענט. אין „קאַסרילעווקער ניסראָפים“ ווײַזט ער דאָך די „גוטהאַרציקײַט“ פונעם לייב צווישן די יעהופּעצער נעגידים, געמיינט לעוו בראָדסקי...

און ענדלעך, די לעצטע „קלייניקײַט“, וועלכע מיר ווילן דאָ ברענגען. אין דעם בריוו פון 12 אווגוסט 1910 שרײַבט ער:

„...צו „פישלען“, וואָס איך האָב נעכטן ארויסגעשיקט („אף פייסעך אַהיים“. — א.ה.), גיב איך צו, ערשטנס, א דערגאַנצונג, וואָס האָט א שײַכעס צו פראָקאָפּס פיזיאָנאָמיע. איך בעט זי אַרײַנשטעלן אין פּאַסיקסטן אָרט... און, צווייטנס, צום סאַמע סאָף, ווו עס ווערט געזאָגט, אז פישל האָט זיך דערמאָנט, אומגעקערט זיך, געווענדט זיך צום פּאַראָמשטשיק און אים פאַרבעטן אף פייסעכדיקע פיש און פייסאַכאָווע בראָנפן, האָב איך פאַרגעסן א פּאָר ווערטער: — ער האָט א דריק געטאָן דעם פּאַראָמשטשיק די גרויסע מאָזאָליעדיקע האַנט און געזאָגט אים... אאַוו...“

די איינע פראַזע וואַרפט גאָר אן אַנדער שײַן אף די פּערסאָנאַזשן. ווי פאַרשיידן זיי זײַנען ניט, פישל און פראָקאָפּ, פאַרברידערט זיי שאָלעם־אַלייכעם. פראָקאָפּ איז דער, וואָס האָט בעשאָלעם געבראַכט פישלען אַהיים. און דער דאַנקבאַרער דרוק פון דער האַנט איז וויכטיקער פון די פיש מיט דער פייסאַכאָווקע...

אַזוי האָט שאָלעם־אַלייכעם געשליפן יעדע שורע, אַזוי האָט ער געוויטעקט פאַר יעדער „קלייניקײַט“. זײַן שעפערישע לאַבאָראַטאָריע דערציילט זייער פיל דעם לייענער, וואָס וויל זיך נעענטער באַקענען מיטן באַליבטן שרײַבער, זי איז א שול פאַרן שרײַבער, א מוסטער, וויאַזוי מע דאַרף אַרבעטן.

[1] — ריזשעוואָלאָסיע יעווריעי; [2] — יעווריײטשיקי.



הערש רעמעניק

# אין דער וועלט פון געזאַנגען



ס קומט א טאָג, ווען בלעטער גיבן קרעפּ־טיק־יונג א ציטער״[1], — אזוי הייבט אָן שלוימע רויטמאַן איינע פון זייַנע ערשטע לידער „דער יעגער״. אזוי קאָן זאָגן נאָר א דיכטער מיט א פילאָסאָפישן וועלט־באַנעם, מיט א דורכדרינגלעכן בליק אף די דערשייַנונגען פון דער נאַטור. דער קרעפּטיק־יונגער ציטער פון בלעטער באַ־קומט די וואָגיקייַט, די וויכטיקייַט אין דעם אויסדרוק „עס קומט א טאָג״, וואָס מיינט דאָך שטענדיק עפּעס גאָר באַדייַטנדיקס אין לעבן פון מענטשן. אזוי זאָגן, ווי דאָס האָט געזאָגט רויטמאַן, באַטייַט שוין אַנטפּלעקן די נאַטור, איר ציטעריק דינאַמישן זייַן. „עס קומט א טאָג״ באַטייַט א שטופּע, א סטאַדיע פון מענטשלעכן זייַן, א ווענדפּונקט פון דעם מענטשנס אַנטוויקלונג אין דער נאַטור.

אזוי דעקט רויטמאַן אוף די „סוידעס״ פון דער וועלט, וויאַזוי דער מענטש דרינגט אַרייַן אין די טיפסטע טיפעניש, אינעם יאָדערדיקן טאָך פון דער נאַטירלעכער סוויווע, וואָס רינגלט אים אַרום:

אונ זען, ווי מאָרגן וועט די ערד נאָך שענער,
יינגער ברויזן,
און הערן, ווי די זאַפטן וועלן מעכטיקער נאָך יאָגן,
און זען, ווי זון וועט כוואַליע צווישן גראָזן
רויטע רויזן,
און פילן, ווי זי ווערט, די פרייד, פון מענטש צו
מענטש דערטראָגן.
(„גוט־מאָרגן, זינגער״, ז. 159).

זען, הערן און פילן! און טאָמער איז דאָס קאַרג, איז האָט איר אייַך נאָך:

ער ציטערט אוף. די גרינע צווייַגן שפּילן אים
ווי פידלען
א ליד פון בענקעניש און טרייסט, א ניגון
זוניק־צאַרטן.
ער פילט, א וואַרעמקייַט פאַרפלייצט אים אַלע
זייַנע גלידער,
ער פילט, אים האָט א כאַפּ געטאָן מיט צוועגעלעך
באַם האַרצן.
(דאָרט, ז. 158).

זען, הערן, פילן און אופציטערן — דאָס איז דאָך א פּראָגראַם פון לעבן און געניסן, פון קענען און דער־קענען!

נאָר באַ רויטמאַנען איז דאָס ניט בלויז א פּראָגראַם, א דעקלאַראַציע; עס איז דאָס רעאַלע אופנעמען די וועלט. לאָמיר, לעמאָשל, זיך אייַנטראַכטן אין רויטמאַנס שו־רעס, ווו עס ווערן איבערגעגעבן די אַלערליי ריחות, דופטן און אַראָמאַטן, וואָס עס דערטראָגט צו אונדז דאָס לעבן אין דער נאַטור:

אין יון־נאַכט ווערט בלי־גערוך געפּרעסט,
און לייַכטע ווינטלעך רייַסן אָפּ א בלימל נאָך
א בלימל,
און לייַכטע ווינטעלעך טראָגן אף די טייַכלעך
שטיקלעך בעז...
(דאָרט, ז. 163).

ניט נאָר אין יעדער שורע, נאָר אין יעדן וואָרט פילט מען ממש די געפּרעסטע בלי־גערוכן, דעם אַראָמאַט פון בעז, פון בלומען. „פאַרנאַכט האָט שוין דער סאָד מיט אָקערברוך געשמעקט״; „דופטיק איז דער רוים, און ס׳טראָגט אין זיך די שאָ א טאַם א זיסן״. דער דופטיקער רוים און דער זיסער טאַם פון סעדער, און ביימער, און פלאַנצן, און מענטשלעכער מי — דאָס איז די קאָנקרעט־קייַט פון לעבן, דאָס איז „די שיינע לייַביקייַט״, „די רונדע לייַביקייַט״ פון בליִענדיקע סעדער און גערטנער: „דער גאָרטן לעבט, דער גאָרטן וואַקסט, אין פּיירעס רייַפט דאָס גליק״. דאָס איז דאָס גליק פון געניסן, פון נעמען פון דער נאַטור אַלץ, וואָס דער מענטש וויל, מיטשוריניש ענדערן זי פאַרן מענטשן, צוליב דעם מענטשן. אייניקע לידער זייַנען ממש הימנען דער פּרוכטיקייַט פון דער ערד. ברייט און פרייַ צעגיסט זיך די ליד „באַשטאַנעס״. ממש אָנשוילעך רעפּראָדוצירן די דיכ־טערישע שורעס „די זילבערנע שטרייַפן, ווי רייפן ווי פייַנע, וואָס גאַרטלען דעם קאַוון אַרום״, „זייַן פּורפּורן פלייש״. מיר פילן ממש די פייַכטע רייַפקייַט פון דעם זאַפט פונעם קאַוון: „אין דער מיט פון זייַן אָנגע־קוואָלן האַרץ לאָמיר אייַנבייַסן זיך מיט דעם גאַנצן גע־ביין, און ס׳זאָל אונדז דעם אָטעם פאַרכאַפּן פון טייַכ־לעך באַטאַמטע און פון גלי פון דעם קילן, און א זיסער געוויסער זאָל זיך ברעכן און שפּריצן און שפּילן צווישן ביינערנע דאַמבעס פון ציין״.

דאָס איז ניט קיין פיליסטעריש געזאַנג פון באַלע־בעסלדיקן טייַנעג. דאָס איז א הימן דעם געזונטן מענטשן, דעם פעסטן, דעם ניכטערן און קלוגן באַלעבאָס פון אַלץ אף דער וועלט.

רויטמאַן איז אי א סקולפּטאָר, אי א מאָלער, אי א מוזיקאַנט. קוקט זיך אייַן, ווי פּלאַסטיש, בוילעט זעט אויס דער מענטש, ווי לעבעדיק ער שטייט מיט זייַנע שטריכן, באַוועגונגען, ווי רעליעף שטעלט זיך אַרויס דער קערפּער, די פיגור:

...א טאָפּאָל אָנגעבויגן אונטער ווינט,
און פיס, ווי וואָרצלען גייענדיקע, רודערן די
גרונטן,
אין קנייטשן פון זייַן שטערן, ווי אין רינוועס,
שווייס צערינט,
דערקוויקט ער זיך, ווען ס׳קילן אים פרימאָרגנ־
דיקע ווינטן.
(דאָרט, ז. 151).

---

[1] שלוימע רויטמאַן. גוט־מאָרגן, זינגער! מעלוכע־פאַר־לאַג „דער עמעס״, 1947, ז. 153.

און אַט רעדט דער מאָלער:

„די פיש — אויסגעשליַיפטער צאַפלדיקער זילבער אַף די הענט, מיט פליספעדערן רויטע, ווי לאַמטערנס בא די זײַטן". די שטימונג, די מענטשן, די זאַכן, די נאַטור מיט אַלץ, וואָס אין איר איז פאַראַן, די שטילע געהיימניסן פון דער נאַכט, — אַלץ איז אויסגעדריקט אין דער זיגרײַכער טונקלקײַט פון נאַכט, פון לעוואָנע־שײַן, פון זיך בײַטנדיקע קאָלירן:

דער פאַסטעך זעט: אַ פלאַכלאַנד שפרייט זיך
ברייט אַקעגניבער
אין ליכטיק־גרינע, טונקל־רויטע, שוואַרצלעכע
קוואַדראַטן[1]...

דאָס זײַנען ניט די קלאָר־באַשטימטע פאַרבן פונעם רעגנבויגן. דאָס איז די צונויפגעגאָסענע, די ניואַנסירטע צונויפגיסונג פון קאָלירן — ניט גרין, נאָר ליכטיק־גרין, ניט רויט, נאָר טונקל־רויט, ניט שוואַרץ, נאָר שוואַרצלעך.

אינעם בילד, וואָס ווערט געשאַפן פון ליניעס, פלעקן און פאַרבן, איז אויסגעדריקט דעם דיכטערס שטרעבונג צו קאָנקרעטן, נאַטירלעכן געפיל, וואָס ווייסט ניט פון קיין סכעמעס. די קונסט פון פאַרבן און ליניעס איז די קונסט פון מאָלן די לעבעדיקע נאַטור, די רעאַלע וועלט. וואָרט־מאָלערײַ, ווי מאָלערײַ ביכלאַל, הייסט ניט בלויז צושויעריש אופנעמען, נאָר אויך זען, אַקטיוו אופפאַסן און פאַרקערפערן. ניט אומזיסט הייבן דאָך קינדער אָן אופנעמען די אויסערלעכע וועלט און עמאָציאָנעל אויסדריקן זייער רעאַקציע אַף אירע דערשײַנונגען ניט אַזוי אין וואָרט, ווי אין געמעל. דער אוראַלטער מענטש האָט דאָך אויך זײַנע שטימונגען און רעאַקציעס אָפן אַרום אַנטפלעקט מערסטנטייל דורך קינסטלערישע בילדער, מאָלערישע קאָמפאָזיציעס, דורך ליניעס און קאָלירן.

און פונדעסטוועגן איז דער מעטאָד פון רויטמאַנס דיכטערישן פאַרקערפערן די וועלט ניט בלויז די מאָלערישע וואָרט־קונסט, נאָר גיכער די קונסט פון מוזיק און וואָרטקלאַנג. פאַר רויטמאַנען איז די וועלט פון קלאַנגען — די מאַטעריעלע וועלט פון אָביעקטיווקײַטן, פון רעאַליטעטן. די נאַטור, די דערשײַנונגען אין איר, איר דינאַמישע אַנטוויקלונג מיט אַלע ענדערונגען און פראָצעסן, איז אַ מין אומופהערלעכע דינאַמישע באַוועגונג פון האַרמאָנישע און דיסהאַרמאָנישע, אָרגאַניזירטע און כאַאָטישע קלאַנגען. און צוזאַמען מיט דער נאַטור — דער מענטש, די מענטשלעכע געזעלשאַפט, די טיפסטע קאָליזיעס, די סאָציאַלע צוזאַמענשטויסן, — איז אויך אַן אוניווערסאַלע באַוועגונג, אַן אומופהערלעכער שטורעם פון פאָליפאָנישע געזאַנגען און מאָטיוון.

דער מענטש, וועלכן רויטמאַן באַזינגט, איז קעסיידער אַרומגערינגלט מיט אַ געדיכטער אַטמאָספער פון שאַלנדיקע קלאַנגען: „ער הערט איצט, ווי זי רוישט, די ערד"; „די פליִענדיקע בינען" זײַנען „זשומזשענדיקע שטיקלעך פרייד"; „עס פײַפט פון אויבן דין די לופט, עס רוישט דאָס גראָז פון אונטן"; „עס זינגען סאָלאָווייען"; „עס קלינגען פענאַטשקעס"; „ווינטן רעווען, קאַלטע ווינטן וויִען"; „און ס׳קראַכט אַ דעמב און ס׳שרײַט אַ דעמב"; „אַ קנאַל אַ צווײַג"; „אַ שאָס האָט מיט דער גאַנצער קראַפט די לופט־בלויען צעבראָכן"; „אַט קומען זיי, די סטאַדעס, אָן מיט אַ געבריל, מיט ברומען, אַ שרײַיקער פאַרטאָג פון פײַכטע מײַלער ווערט פאַרלאָרן, זיי רײַסן אויף די רויִקע צעגילדעטע אַרומען און שרויפן אײַן די געמבעס אין די הימלדיקע קלאָרן". אַלץ קאָן אויסגעדריקט ווערן דורך קלאַנגען, דורך מוזיק; דאָס דיכטערישע וואָרט איז בעקויעך איבערצוגעבן דורך קלאַנג די נאַטור און דאָס לעבן אין איר.

רויטמאַנס לידער זײַנען טאַקע לידער אין בוכשטעבלעכן זין פון וואָרט, געזאַנגען, מוזיקאַלישע פיעסן, וואָס דריקן אויס פרייד און טרויער, לעבן און קאַמף.

צי איז דען אַ וווּנדער נאָך דעם אַלעמען, וואָס רויטמאַנס אַ בוך לידער טראָגט דעם פילבאַדײַטנדיקן נאָמען „גוט־מאָרגן, זינגער!"? לייענענדיק זײַן ליד „וואָס אין פידעלע שטעקט", פאַרשטייען מיר, אַז דאָס געזאַנג — דאָס איז די וועלט פונעם דיכטער דעם זינגער.

יאָ, שלוימע רויטמאַן איז טאַקע דער דיכטער פון פאַרבן, פון סקולפטורישער רעליעפקײַט, פון פאַרשיקערנדיקע רייכעס און דופטן. נאָר דעריקער איז ער דער דיכטער פון קלאַנגען. ער איז דער קלאַנגען־כאַפער, וואָס לאָזט ניט דורך קיין מינדסטן שאָרך. און ס׳איז ניט צופעליק, וואָס ער קוקט אַף דער נאַטור, אַף דער גאַנצער וועלט, ווי אַף איין גראַנדיעזן הער־אַפאַראַט:

און ס׳הערט דאָס פעלד, און ס׳הערט די זון, און
ס׳הערט זיך אײַן די סטאַדע,
אַ קלאַנג לעבט אויף, פאַרגייט, גייט אויף און
ווערט אָפסנײַ געבאָרן...
(„גוט־מאָרגן, זינגער!", ז. 166).

און דערפאַר איז אויך רויטמאַנס פערז געבויט אַף קלאַנגען־איבערופן. די אינסטרומענטירונג פון דער דיכטערישער שורע איז קאָנסטרויִרט אַף קלאַנגען־איבערקרייצונג, אַף אַנטשפרעכיקײַט פון קלאַנגען, אַף איבערכאַזערונג פון קלאַנגען: „זי גיט אַ קנאַל, עס גיט אַ שאַל"; „אַ קנאַל אַ צווײַג, אַ פאַל אַ צווײַג"; „שנייען פרירן, וועלף דאָ קרירן"; „בײַסט דער וואָלף און רײַסט דער וואָלף"; „פליט טשובאַטע, ציט פאַטלאַטע"; און עס גאַרט און עס וואַרט"; „און סע דאַכט: אַלע נאַכט"; „מײַן דניעסטער, ביסט שיין, האָסט דעם זיבעטן כיין"; „דער האָגל קראַכט און לאַכט". אין אַ סאַך פאַלן האָט רויטמאַנס פערז אַן אינערלעכן גראַם, בא אים איז דאָס אַן אַפטע, איך וואָלט געזאָגט — אַ געזעצמעסיקע אייגנשאַפט פון זײַן דיכטערישער מוזיקאַלישקײַט.

ניט זעלטן כאַזערן זיך איבער בא אים אויך די אָנהייבן פון די שורעס. זיי האָבן אַן אינהאַלטלעך־עמאָציאָנעלע באַדײַטונג און זײַנען פאַרבונדן מיט ריטם און קלאַנג, מיט מעלאָדיק און מוזיק. אַף דעם זײַנען געבויט גאַנצע סטראָפעס בא רויטמאַנען.

רויטמאַנס געזאַנג איז אַ געזאַנג פון לעבן, אַן אויסדרוק פון זײַן אָפטימיסטישן וועלט־באַנעם, פון זײַן גלויבן אין מענטשן און אין פאָלק, אין דער שעפערישער מעגלעכקײַט פון אַרבעט און בויונג. די הילכיקײַט פון זײַן ליד, די רײַכע מאָדוליאַציעס פון זײַן דיכטערישער מוזיקאַלישער שטים האָבן געטראָגן מיט זיך פרייד און מונטערקײַט. רויטמאַנס דורכדרינגלעכער בליק, זײַן דינער, איידעלער כוש־האַשמיִע, די רײַכע פאַליטרע, דאָס געפיל פון מאָס און טאַקט, — דאָס אַלץ איז פאַרבונדן מיט ליריש־עמאָציאָנעלער אַנטפלעקונג פון פאָזיטיוון מענטשלעכן טאַט. רויטמאַנס געזאַנג איז וועגן פישער, וועגן יעגער, וועגן פאַסטעכער, וועגן באָכערים און מיידלעך, וואָס נעמען מיט פרייד צונויף די רײַכע גערעטעכענישן אין די סעדער, אין די ווײַנגאָרטנער, אַף די פעלדער.

[1] שלוימע רויטמאַן. ווײַנגאָרטנער. מעלוכע־פאַרלאַג „דער עמעס", 1941, ז. 20.

אין דער בילדערישער סטיכיע פון רויטמאַנס דיכטונג האָט זיך פון אָנהייב אָן געהערט דער אומרו פון היסטאָרישע קאָנפליקטן און לעבנס־אַנטאַגאָניזמען. אין זײַן פרײדיקן אויסגעשריי, אין דער זאָרגלאָזיקייט, ווי עס קאָן זיך דאַכטן, פון זײַן געזאַנג רײַסט זיך אַרײַן דער אָנוואַקסנדיקער מאָטיוו פון האַרבער גרויזאַמקייט, פון שאַרפער לעבנס־טראַגיק, פון אופטרייסלונגען, צוזאַמענשטויסן און קאַטאַקליזמען. אין דער ווייכער שפּיל פון סמיטשקעס אויף די פֿידלען — אין דער צאַרטער ליד הערט דער מענטש, ווי „אים האָט אַ כאַפּ געטאָן מיט צוועלנגעלעך באַם האַרצן", און אין פּרעכטיקן קרעפּטיקן יונגן ציטער פון בלעטער הייבט זיך אָן שיילן אַ ווײַטער ווייטעק, דאָס ווייען און רעווען פון קאַלטע ווינטן; און אָט זעט שוין דער מענטש, „ווי אויף דער לאָנקע זיצט אַ וואָלף אין סאַמע מיטן", און אָט הייבט זיך שוין אָן אַ בײַסעניש, אַ געשלעג מיטן וואָלף אויף טויט און אויף לעבן. אין זיקאָרן שטייען אויף „קוואָרים פון פאַרגאַנגענע", „קלאָרע ערד פון העלדן", עס קומט דאָס בילד פון אַ שוועסטער אין „אַ קלייד אַ שוואַרצס", וואָס איר „יוגנט פול מיט פרויִשקייט מיט צאַרטער... דעניקין האָט אופגעהאַנגען אין די שיינע מאַרטן".

אין דער גאָר פרידלעכער ליד וועגן די „פישער באַנאַכט אויף דעם טײַך" רײַסט זיך אויך אַרײַן די דערציילונג: „פּעטליורע האָט דאָס דאָרף דאָס נאָענטע פאַרנומען, ס'איז שפּעטער האַרבסט געווען, קימאַט אַ פראָסט, געלאָפן כ'ביז, דעם טײַך איבערגעשווומען. געריִרט די לונג, געהוסט. ס'איז אַלץ געווען קעדײַ, אַז טײַכן זאָלן ווערן פרײַ. ס'איז אַלץ געווען קעדײַ".

פול מיט טראַגישע רעמיניסצענצן און מיט טראַגישע פּאַרגעפּילן זײַנען די לידער „דער פויגל", „טויבן־פּאָרן", „אין טאָל האָט געוויינט די בערעזע" און דער גאַנצער ציקל „לידער פון מײַן דניעסטער".

פונדאַנען, ווי מיר דוכט, פון דעם טראַגישן, פון די פּאַרגעפּילן פון קאַטאַסטראָפעס און גרוילן איז געקומען אין רויטמאַנס דיכטונג דאָס טרוימערישע און ראָמאַנטישע, עפּשער אפילו — דאָס פאַנטאַסטישע. די בילדער אין רויטמאַנס לידער באַקומען ניט זעלטן אַ נײַעם קער — אין דער ריכטונג צו באַדינגלעכקייט, צו ראָמאַנטיש־פאַנטאַסטישער מײַסעדיקייט. דער אינהאַלט, די געשטאַלטן און די שפּראַך־קאָסטיומירונג ווערן דאַן אָן די פּראָסטע דורכזיכטיקע קלאָרקייט און זאַכלעכע קאָנקרעטקייט און הייבן אָן באַקומען אַ מער אָדער ווייניקער קאָמפּליצירטן, פּאַרוויקלטן, אַמאָל אפילו נעפּלהאַפטן אינהאַלט, ס'קאָן זײַן, אָן אַנטלײַענע קליידונג. מעגלעך, אַז גראָד אין דער ראָמאַנטישער טרוימערישקייט אַנטפּלעקט זיך מער פון אַלץ רויטמאַנס פאַרבינדונג מיט דער ליטעראַרישער טראַדיציע.

אין רויטמאַנס שפּראַך און סטיל, און באַזונדערס טאַקע אין זײַן ראָמאַנטיש־טרוימערישער סטיכיע לאָזן זיך הערן פאַרשיידנערליי ליטעראַרישע ווירקונגען פון דער ייִדישער, רוסישער און מײַרעוו־אייראָפּעיִשער ליטעראַטורן. איך שטעל זיך דאָ ניט קיין ציל צו אופדעקן די דאָזיקע ליטעראַרישע ווירקונגען און טראַדיציעס אין רויטמאַנס דיכטונג. נאָר מע דאַרף ניט פאַרנעמען זיך מיט קיין ספּעציִעלער פּאָרשונג, קעדײַ צו באַמערקן, אַז די נאַטור־ליריק פון אונדזער דיכטער איז פאַרבונדן מיט דער ליריק פון האָפּשטיינען און שוואַרצמאַנען; די שפּראַך־קליידונג און שפּראַך־סטיכיע דערמאָנט מיט עפּעס ווזנטלעכס מאַרקישעס פּאָעטישע סטילים־

טיק. נאָר רויטמאַן איז אַ דיכטער אָן ערודיט; ער איז אַ קענער ניט בלויז פון דער ייִדישער און רוסישער ליטעראַטור, נאָר אויך פון דער מײַרעוו־אייראָפּעיִשער ליטעראַטור. וואָס איז שײַך דעם דײַטשישן ראָמאַנטיזם און באַזונדערס היינעס שאַפונג, איז רויטמאַן, ווי באַוווּסט, ניט נאָר אַ קענער, נאָר אַ פאָרשער. רויטמאַן האָט פאַרעפנטלעכט ליטעראַטור־היסטאָרישע אָפּהאַנדלונגען וועגן דעם גרויסן דײַטשישן דיכטער.

דאָס אַלץ האָט זיך אַנטפּלעקט אין רויטמאַנס דיכטונג. איך וועל ברענגען בלויז איין סטראָפע פון דעם ציקל „לידער פון מײַן דניעסטער", וווּ היינעס ראָמאַנטישע ווירקונג איז, ווי מיר דוכט, גאַנץ בולעט:

מע דערציילט, ס'האָט געלעבט אין דײַן טיף,
אין אַ שלאָס,
פון פאַרצײַטנס אַ יונגע באַסמאַלקע.
אַלע נאַכט זי באַפּערלט מיט טויען דאָס גראָז,
און סע ליבט זי אַ יונג פון דער באַלקע.

(דאָרט, ז. 187).

עמעס, מע קאָן די „לידער פון מײַן דניעסטער" באַטראַכטן אויך ווי אַן אָפּלייקענונג פון ראָמאַנטישער פאַנטאַסטישקייט און טרוימערישקייט, וועגן וואָס עס איז אָן איידעס דער שליסנדיקער אַקאָרד; דער לירישער העלד דערקלערט דאָ, אַז ווען ער איז „געקומען אַהער אויף דער וועלט, איז אין טײַך די באַסמאַלקע געשטאָרבן"; עס איז שוין ניטאָ די וועלט פון אילוזיאָרישער פאַנטאַסטיק, און ער, דער יונג פון דער באַלקע, דער לירישער העלד, איז ניט געוואָרן קיין קאָרבן פונעם טרוים. נאָר אפילו אין דער דאָזיקער אָפּלייקענונג פון ראָמאַנטיזם איז פאָרט פאַראַן דער ראָמאַנטישער גאַנג און די ראָמאַנטישע סימבאָליק.

די נייגונג צו ראָמאַנטישער קונסט איז געוויס אויך פאַרבונדן מיט דער פאָלקלאָרישער טענדענץ פון רויטמאַנס ליד. עס איז צו באַמערקן אַ מין איינהייט פון ליטעראַרישער און פאָלקלאָרישער טראַנספאָרמאַציע, וואָס גיט אַן אייגענע אָרגאַנישע און נאַוואַטאָרישע שמעלצונג, אַן אייגנאַרטיקע אויסבילדונג פון פאַרשיידענע קינסטלערישע אימפּולסן און שעפּערישע קוואַלן.

אָבער רויטמאַנס ראָמאַנטיזם, וואָס איז אַ מעטאָד פון אַנטפּלעקן דאָס טראַגישע און דראַמאַטיש־ווידערשפּרעכיקע, איז ניט קיין אַנטיפּאָד, נאָר אַ דערגאַנצונג צו זײַן רעאַליסטישער שאַפונג. זײַן רעאַליזם איז ראָמאַנטיש און טרוימעריש. דער רעאַליזם און ראָמאַנטיזם פון רויטמאַנס דיכטונג איז אַ מאָנאָליטישער אויפן פון אופפאַסונג.

אין באַזונדערע פּעריִאָדן אַנטפּלעקט זיך מער בולעט די אָדער יענע זײַט פון דעם דיכטערס אַרט אופפאַסן די וועלט. אין די דרײַסיקער יאָרן, אינעם אָנהייב־פּעריִאָד פון זײַן שאַפן, אין זײַן ערשט ביכל לידער „ווײַנגערטנער" איז דער פּאַטאָס פונעם דיכטער נאָך געווענדט אויף ליכטיקע פאַרבן, אויף שיינע האַרמאָנישע קאָמפּאָזיציעס און בילדער. די שטים פון דעם דיכטער קלינגט דאַן זיכער און גלויבנספול. דאָס אויג און דער אויער באַ אים נעמען אויף ווײַטע פאַרדומפּטע אונטערערדישע ציטערנישן און הילכן, שוואַרצע שאָטנס, וואָס רוקן זיך אָן און הייבן אָן באַדעקן דעם הימל. נאָר דער יוגנטלעכער גײַסט פון מוט און לעבן איז שטאַרקער פון די אומרויִקע אומקלאָרע שווערע פּאָרגעפּילן און דערמאָנונגען. ער פאַרטרײַבט די שאָטנס און לאָזט הערשן די פרײדפולע לעבנסלוסטיקע שטימונגען און עמאָציעס.

גאָר אנדערש קלינגען רויטמאנס שאפונגען פון די פערציקער יאָרן, די לידער פונעם זאמלבוך „גוט־מאָרגן, זינגער!“ — דאָס איז שוין אַן אנדער זינגער, א „פּילגע־רוּוּטער“ און, ריכטיקער, — א שווער־געפּרוּווטער, מיט „בלוטיקע פּארדראָסן“, מיט א „טרויער א צעגליטן“, מיט „א קאָפּ א מידן“. דאָס פּאָנעם פונעם זינגער איז איצט פול מיט קנייטשן ניט פון עלטער, נאָר פון גרויליקן צאר.

נאָר דער דיכטער מוז זינגען, דער זינגער קאָן נישט ניט זינגען; אויב ער וועט אופהערן זינגען, וועט ער אופהערן לעבן. דעריבער איז:

נעם אַרײַן דאָס הארץ אין ליפּן דײַנע ווידער,
זינגער,
גיב א הויכן קוש דער וועלט מיט דײַנע לידער,
זינגער.
(דאָרט, ז. 6).

נאָר וואָס הייסט געבן „א הויכן קוש דער וועלט?“

דאָס באַטײַט בלוטיקע קרייצונג פאר די ליידן פון מענטשן; דאָס הייסט טראָגן אין הארצן, אין דער נע־שאָמע דעם אָטעם פון געהאנגענע אף טליִעס, פון קאלע־מיידלעך, וואָס „הענגען טויט אף שטאמען“, פון קינ־דער, וואָס „ליגן דאָ פארבלויט, מיט שטיוול שווער צע־טראָטן“, פון זקיינים, געשלײַדערטע פון בריק, „בא־האנגענע מיט שטיינער“. דער דיכטער טראָגט אין זיך דעם ווייטעק פונעם פאָלק, פון הונדערטער און טויזנ־טער אומגעקומענע, אומגעבראכטע, פארניכטעטע, פאר־ברענטע אין שלאכטן, אין טויט־לאגערס, אין גאז־קא־מערן, אין געטאָס. דער דיכטער איז צוזאמען מיט מענטשן, מיטן פאָלק, ער לעבט און קעמפט, קעדיי ווי־דער גיין און זינגען דעם מענטשן דאָס געזאנג פון לעבן.

און רויטמאן, וואָס האָט פריִער געזונגען וועגן פרייד, פרידלעכער מי און שעפערישער טאט, האָט אָנגעהויבן זינגען וועגן דעם „גוטן מענטשן בא כײַעס אין די ציי־נער“, וועגן מענטשן, וועלכע פארניכטן די כײַעס, וועגן קעמפער, וואָס שארפן די נעגל פון נעקאָמע. ער, דער דיכטער, איז געוואָרן דער זינגער פון האס און נעקאָמע:

בין איך צו דערטרונקענע אראָפּ ביז גרונט
ביז שווארצן,
אָנגעטאפּט די שטיינער דאָרט אף זייערע נעשאָמעס,
און געשארפט האָב איך אף זיי מײַן סינע אינעם
הארצן,
ווי א שטראל איז אין מײַן הארץ די שפּיז איצט
פון נעקאָמע.
(דאָרט, ז. 8).

רויטמאן ווערט דער דיכטער פון א טראגישער צײַט, פון טראגישע אנטאגאָניסטישע קאָנפליקטן און אופטרייס־לונגען. דער שטעמפּל פון שווערע ניסיוינעס ליגט אף זײַן ליד פון דער זאמלונג „גוט־מאָרגן, זינגער“ און באזונדערס אף זײַן פּאָעמע „וואָס הייסט א ברודערל“.

שטרענג פאָרמעל, פונעם טעאָרעטישן שטאנדפּונקט, איז דאָס ניט קיין פּאָעמע, נאָר, אייגנטלעך, א ציקל לידער, א לירישער הישטאפּכעס־האנעפעש. ס׳זײַנען אָבער דאָ פּאָרט פאראן שטארקע עלעמענטן פון עפּאָס. אין רויטמאנס ליריק איז ביכלאל פאראן דאָס עפּישע אלס א באשטימ־טער יעסאָד פונעם לירישן. ווײַל דאָס לירישע בא רויט־מאנען וואקסט ארויס ניט פונעם סוביעקטיוון, ניט פונעם אינדיווידואליסטישן, נאָר, פארקערט, פונעם אָביעקטיוון. רויטמאנס א לירישער מאָטיוו איז א קאָנצענטראט, א קאָנדענסירטער אויסדרוק פון אָביעקטיווקײַטן און לעבנס־רעאליטעטן. רויטמאנס א ליריש ווערק איז אי זעלבסט־אנטפּלעקונג אי וועלט־אנטפּלעקונג. און דערמיט דער־קלערט זיך ניט בלויז די קאָנקרעטקײַט און זאכלעכקײַט, נאָר אויך די סוזשעטישקײַט פון זײַן לירישער ליד. רויט־מאנס לירישע ווערק זײַנען קאָמפּאָזיציאָנעל אי מאָלע־ריש, אי דערציילעריש, אי אינערלעכע פּסיכאָלאָגישע אנטפּלעקונג; זײַן ליריק איז אי א בילד, אי א געשטאלט, אי א לעבנס־פּראָצעס, אי טיפע עמאָציאָנעלע איבערלעבונג.

די קאָנדענסירטקײַט פון טראגישע איבערלעבונגען אין דער ליריש־פראגמענטארישער פּאָעמע „וואָס הייסט א ברודערל“ איז קאָנקרעט: זי טראָגט א טיף מענטשלעכן, הומאנישן כאראקטער. די קאָנקרעטקײַט באזירט זיך אף פאמיליע־באציִונגען, פאמיליע־פרײַנטשאפט, אף בלוט־אייגענע באציִונגען פון א ברודער צו א ברודער. די פּאָע־מע איז א געוויין, א טרויעריקער אויסגעשריי פונעם עלטערן ברודער איבערן טויט פונעם ברודערל, וועלכער איז אומגעקומען אין א דײַטשישן טויט־לאגער. דער לירי־שער העלד, דער עלטערער ברודער גיסט זיך צונויף מיטן געטויטן ברודערל, זיי ביידע הייבן אָן פיגורירן ווי א צווילינג („צי זײַנען מיר דען ניט קיין צווילינג, וואָס וווינט אין איין לײַב, אין איין הארץ“), נאָר ניט קיין צווילינג, — איין מענטש, איין בלוט, איין הארץ שטעלן פּאָר מיט זיך ביידע ברידער, דער לעבעדיקער מיטן טויטן.

דאָס אומגעקומענע ברודערל איז אומשטערבלעך, ווײַל אין דעם ברודער־געשטאלט איז פארקערפּערט די אידיי פון מענטשן־ברידערשאפט, וואָס לעבט אין יעדן איינעם, די אידיי פון פאָלקס־ברידערשאפט, וואָס לעבט אין פאָלק אינגאנצן גענומען:

דו ווייסט דאָך, מיר קומען אהער אף דער וועלט
אף אייביק צו זוכן א ברודער.
(דאָרט, ז. 53).

מיטן מאָטיוו ברודער שליסט זיך אײַן שלוימע רויטמאן אין איינער א נאָבעלער טראדיציע פון דער רעוואָליוציאָ־נערער ליטעראטור, פון דער רוסישער, ייִדישער און וועלט־ליטעראטור. דער ברודער־מאָטיוו איז א שטענדיקער אין דער שאפונג פון ווינטשעווסקין, עדעלשטאטן, באָוו־שאָווערן, ראָזענפעלדן. פון דער רעוואָליוציאָנערער ליטע־ראַרישער און פאָלקלאָרישער טראדיציע איז דער מאָטיוו ברודער אריבער אין דער שאפונג פון שווארצמאנען און אין דער ייִדישער סאָוועטישער דיכטונג און האָט געפונען אַן אויסדרוק אין מארקישעס עפּאָפּיי „ברידער“. מיר דוכט, אז דער מאָטיוו ברודער בא רויטמאנען גייט טאקע פון שווארצמאנס טראדיציע און באזונדערס פון דער ליד „מײַן ברודערס ליפּן בלוילעך געל“.

אין דער ליד „אין טאָל האָט געוויינט די בערעזע“ שטויסן מיר זיך אָן אף אזעלכע שורעס:

א קויל האָט אים געטאָן א שלײַדער צווישן ערד
און הימל,
א שלײַדער אף א בארג אים צווישן ערד און הימל.
און ס׳האָבן זיך די קוסטן אף די בארג־שפּיצן
צעהעלט,
ער האָט צעשפּרייט די הענט — ביז ווייטעק
ארעמען די וועלט...
(„ווײַנגערטנער“, ז. 47).

צי דערמאָנט דען ניט רויטמאנס אומגעקומענער רויט־ארמייער, וואָס „האָט צעשפּרייט די הענט“, קעדיי „ביז

וויטעק ארעמען די וועלט", אין שווארצמאנס „זון־באשײַנטן ריז", מיט אויסגעשפרייטער האנט אף גאַרער וועלט? צי דערמאָנט ער ניט שווארצמאנס ברודער, וואָס זײַן פארגליווערט ווערנדיקע האנט „וויל די וועלט אומארמען"? אויב דאָ איז ניטאָ קיין דירעקטע ווירקונג, איז אן איבערוף, א טראנספאָרמאציע פון א מאָטיוו, א גילגל פון א ניגן זיכער פאראן. די קרויוועשאפט צווישן צוויי דיכטער ווערט אין דעם פאל באשטעטיקט אויך דערמיט, וואָס דאָס ברודער־געשטאלט אנטפלעקט זיך אין א טרויעריש־ראָמאנטישער און סימבאָליש־באדינגלעכער פאָרם.

שווערע שטימונגען פון מילכאָמע, פון מענטשן־פארניכטונג, פון גרויסן צאר זײַנען אויסגעדריקט אין רויטמאנס באלאדישער פאָעמע „א ליבע אין מיל" און אין די פארעפנטלעכטע אויסצוגן פון זײַן פאָעמע „דעם סעדערס טאָכטער". דאָ פילט זיך די שטארקע ווידערשפרעכיקײַט אין דער שאפונג פונעם דיכטער און די שוועריקײַטן אפן וועג צו קינסטלערישער שליימעס. די נייגונג צו עפּאָס און צו רעאליסטישער דיכטערישער שילדערונג אנטפלעקט זיך גאנץ בוילעט אין „דעם סעדערס טאָכטער". נאָר פונדעסטוועגן קאָן זיך נאָך רויטמאן ניט ארויסרײַסן פון דער פראגמענטארישקײַט, וואָס באגרענעצט זײַנע מעגלעכקײַטן. עס פילט זיך דאָ די אידייִשע הינטערשטעליקײַט פונעם אווטאָר, וואָס האָט זיך, ווײַזט אויס, נאָך ניט אינגאנצן דערהייבן צו סינטעטישער פאראלגעמיינערונג פון דער טראגישער היסטאָרישער עפּאָכע. און נאָך מער פילט זיך אָט די אידייִשע און היסטאָריש־פילאָסאָפישע הינטערשטעליקײַט אין דער באלאדישער פאָעמע „א ליבע אין מיל". דאָ ווערט דער דיכטער באהערשט פון דער אבסטראקטער ראָמאנטיש־סימבאָלישער סטיכיי, פון דער אומגעצוימטער באדינגלעכקײַט, וואָס דערגייט קימאט ביז אלעגאָרישע אבסטראקציעס, וועלכע מאכן אומפארשטענדלעך סײַ דעם אידייִשן אינהאלט פונעם ווערק, סײַ די שטארקע עמאָציאָנעלע בילדערישקײַט פון די לידער.

אין א באדײַטנדיקער מאָס ווערט די אידייִש־קינסטלערישע ווידערשפרעכיקײַט פון אָט די ווערק אראָפּגענומען אין דער פאָעמע „וואָס הייסט א ברודערל". דאָס איז אויך א ווערק וועגן טראגישע געשעענישן, וועגן דער טראגישקײַט פון אן עפּאָכע. נאָר פונדעסטוועגן איז דאָס ניט קיין ווערק פון געפאלנקײַט און פעסימיזם. דאָס גלויבן אין מענטשן איז העכער און שטארקער פון די טראגישע מאָטיוון פון אומקום. דער טרויער איבער פארלוסטן, איבער שווערע אווידעס איז אויסגעדריקט גאָר דײַטלעך, אָבער דאָס איז ניט קיין פארצווייפלונג און ניט קיין אנטוישונג אין דעם זיג פון מענטשלעכקײַט און ברידערשאפט. די גרויסע הומאניסטישע אידעאלן וועלן אייביק באגײַסטערן דעם מענטשן.

אָ, דאן, ווען אף אונדז וועט שוין שטײַגן א בארג,
און מיר וועלן זינקען אין גריבער,
וועט מײַן ברודער אלץ זײַן, ווײַל א ברודער
איז שטארק
און לעבט מײַנע ביינער מיר איבער.
(„גוט־מאָרגן, זינגער!", ז. 53).

עס איז ביכלאל צו באמערקן אין רויטמאנס לידער פון די ערשטע נאָכמילכאָמע־יאָרן די אינטאָנאציע פון געדריקטקײַט, אָבער דער גלויבן אין א בעסער לעבן איז גרויסער אָט די שטימונג. די לידער „בא רוסלאנד אף דער לער", „ייִדן האָבן ווײַן געפרעסט", „מײַן ווײַטער טאָפּאָל", „דער האָגל", „דאָס הארץ הייבט א טאָסט" זײַנען דורכגעדרונגען מיט דעם מאָטיוו פון זיג, פון טריִומף פון לעבן איבער דעם טויט:

מיר האָבן געקוקט אים, דעם טויט, אין די אויגן
און געזען נאָר דאָס לעבן, די ליבע, די ליד...
(דאָרט, ז. 28).

אין אָט די לידער פארפעסטיקט זיך רויטמאן אף רעאַליסטישע פּאָזיציעס, וועלכע ווערן וואָס ווײַטער אלץ מער פארשטארקט אין זײַנע נײַע ווערק („וואָס אין פידעלע שטעקט", „דער האָניקטרעגער", אינעם ציקל „דער מײַסטער פון פײַפעלעך", „דער רעגן־טראָפּן", „צום צערטלער פון לעבן", אין דער ליד, געווידמעט האלקינען — „מײַן ליבער בוים וועט אין מײַן וואלד ניט פאלן").

„וואָס אין פידעלע שטעקט" איז אין א געוויסן זין א קרעדאָ פונעם דיכטער, א פילאָסאָפיש־עסטעטישע דעקלאַראציע.

ס'איז מײַן פידל די שפיל פון גויראָלעס
און דער אָטעם, וואָס וויל זיך ניט קילן,
און דער ווינט פון נעשאָמע־בעהאָלעס,
און מײַן ליבע, וואָס כ'דארף נאָך דערשפילן.
(„סאָוועטיש היימלאנד", נומ. 1, 1961, ז. 81).

לויט דעם דיכטערס איבערצײַגונג איז דאָס פידעלע דער מענטש אליין; דאָס פידעלע איז ענלעך אפן מענטשן, מיט די „הילכיקע אָדערלעך־סטרונעס דערמאָנט עס א מענטשלעך הארץ". דאָס פידעלע איז, ווי די ברוסט פונעם מענטשן, אָפן, „אופגעשניטן" פאר אלע לעבנס־דערשײַנונגען אין דער וועלט, „אלע לעבנס־געוויטערן", „אין זײַן ברוסט איז די וועלט און דער אָטעם", דאָס פידעלע „איז געוואָרן איין הארציקער פלאם, זײַן ליד איז דורכגעגאנגען דורך פײַער און פעלדזן און יאם", און „ס'האָבן ערד און הימל באם פידעלע אופגעשניטן די ברוסט". און דערפאר איז דאָס פידעלע — די גאנצע וועלט און אלץ, וואָס אין דער וועלט איז פאראן.

די אידיי וועגן דער קונסט, און ביפראט וועגן מוזיק, אלס וויכטיקע פארקערפערונג פון מענטשלעכן זײַן, פון דער מענטשלעכער עקזיסטענץ, ווערט מיט דער צײַט דעם דיכטערס עסטעטישער אויפן פון אופנעמען און באַטראכטן די וועלט. איך האָב דאָ אין זינען די באדינגלעכע קינסטלערישע אופאסונג, די אינדיווידואליזירטע דיכטערישע וועלט־באטראכטונג און פארקערפערונג, וואָס איז כאראקטעריסטיש פאר יעדן דיכטער און וואָס אָן איר איז ער קיין דיכטער ניט. אָן דער אייגענער וויזיע, וואָס אנטפלעקט זיך קאָנקרעט בא יעדן דיכטער אף זײַן אויפן, קאָן דער דיכטער זײַן א ווערסיפיקאטאָר, א סטיליזאטאָר, ער מוז לעבן אף קעסט בא אנדערע שעפער, ער מוז דענקען מיט אנטליִענע קאטעגאָריעס, ער מוז אָנקומען צו וואריִאציעס פון צוגעגרייטער בילדערישקײַט, צו עטוואָס באנײַטע, נאָר שוין פון פריִער געשאפענע קונסט־מיטלען, צו א מער אָדער ווייניקער באנאלער וואָרט־קליידונג, — ער איז אן עפּיגאָן. שלוימע רויטמאנס ליד „דער מײַסטער פון פײַפעלעך" איז אין טאָך א פאָרזעצונג, א מין ווײַטערדיקע אנטוויקלונג פון זײַנע דיכטערישע לייטמאָטיוון. די מוזיק, דער ניגן איז, לויט דעם דיכטערס איבערצײַגונג, טראגיש, ווײַל דאָס פײַפעלע ווערט דאָך געמאכט פון א דאָרן, וואָס איז פארבונדן מיט הארבער גרויזאמקײַט פון ערד; דער דאָרן איז אליין

גענוג שטעכיק און ער איז מעסוגל צו „דערשפּירן יע־
נעם הויכן לעבנס־ווייטעק, וואָס ער קאָן א טויטן רירן",
דער דאָרן, פון וועלכן מע מאכט פּײַפעלעך, ברענט און
הערט ניט פארברענט, ווײַל דער מײַסטער פון פּײַפע־
לעך האלט דעם דאָרן „פעסט, אז ער זאָל ווידער אין
דער האַנט די ערד דערפילן, און דערפילן זײַנע וואָרצלען,
אנדערש ווי זשע וועט ער שפּילן?"

ביז ארײַנשטעכן אין ברוסטן, דארף מען
צודריקן אים קעגען,
אז אליין דאָס הארץ זאָל נעמען לעכעלעך אים
אויסצובורענען. —
דעמלט נעמט דער דאָרן גרינען: בלעטער רוישן,
ווינטן ווייען,
און אין לעכעלעך אין זײַנע בויען נעסטן
סאָלאָווייען.
און ווען ס׳הילכן סאָלאָווייען, וויס, דער טויט
איז שוין פארטריבן,
ניט אומזיסט דאָך קומט די יוגנט אונטער זייער
ליד זיך ליבן! —
(„סאָוועטיש היימלאנד", נומ. 6, 1962, ז. 51).

אין סאַך געזונגען, איז אויך די ליד „צום צערטלער
פון לעבן", און אפילו די ליד „מײַן ליבער בוים וועט
אין מײַן וואלד ניט פאלן", — די זעלבע פארקערפּערונג
פון דער אידיי וועגן דער קונסט אלס א שעפערישער
אויסדרוק פונעם לעבן. טיף און גײַסטרײַך, מיט דער
פולער וואָגיקײַט פון וואָרט, וואָס איז שווער באלאָדן און
געדיכט אָנגעזעטיקט מיט בילד און געדאנק, מיט אידיי און
געשטאלט, ווענדט זיך רויטמאן צו אויטמענען. די קונסט
איז סינטעטיש־פאראלגעמיינערנדיק. דער קינסטלער איז אן
אוניווערסאל געשטאלט; ער איז די פארקערפּערונג פון אלע
אויצרעס, פון אלע רײַכקײַטן, פון וווקס, פון שעפע, פון
פריידיקער מי און פון זאטקײַט, פון קוועלנדיקער שײַן;
„וואָס מער ער גיט פון זיך אוועק די שטראלן, אלץ פולער
ווערט זײַן קרוין מיט גאָלד באשאָטן". אזוי שרײַבט
שלוימע רויטמאן וועגן שמועל האלקינען. דאָס איז ניט
בלויז די אכטונג און די ליבע פון א קינסטלער צו א
קינסטלער, נאָר א זעלבסטאנטפּלעקונג. און, לעצטנס, די
קלוגע, די רײַכע מיט הומאניסטישע אידייען פון שעפע־
רישקײַט און מי פּאָעמע „דער האָניקטרעגער". די דאָזיקע
פּאָעמע איז א הימן דעם מענטשן, וואָס מיט זײַן ארבעט,
מיט זײַן ליבע שפּרייט ער אויס א וועג צו א נײַ לעבן
פאר נײַע דורות מענטשן, שאפט די קאָנטינויִטעט און
ציט די ליניע אין דער אייביקײַט, אין דער אומשטערב־
לעכקײַט פון מענטשלעכער עקזיסטענץ. די פיגור פונעם
אלטן בינענציכטלער, דעם אכציקיאָריקן זאָקן, דעם
גרײַז־גראָוון האָניקטרעגער, וואָס נעמט צונויף דעם האָ־
ניק פאר דעם קינדערהויז, „וואָס איז פאר אים געווען,
ווי א מיזיניק", וואַקסט אויס אין רויטמאַנס פּאָעמע ביז
צו א סימבאָל, ביז צו א גרויסארטיקער פאראלגעמיי־
נערונג. טיף רירנדיק איז די גאנצע פּסיכאָלאָגיע פון
אומיטלבארער און אפילו קינדעריש־נאַיִווער, נאָר אין
דער זעלבער צײַט קלוגער האנדלונג פון דעם אלטן
האָניקטרעגער. ער ווייסט זײַן אופגאבע, זײַן ראָליע און
זײַן אָרט אין לעבן. זײַן ארבעט איז פאר אים „דער
גרויסער בוך, דער גאָלדענער און ליבער, ווו ארבעט
ווערט מיט האָניק־שריפט פארשריבן".

אָט אזוי זינגט רויטמאן וועגן מענטשן, וועגן לעבן,
וועגן ארבעט, וועגן ליבע, וועגן נאטור. זײַן וואָרט איז
נײַ, וואָגיק, עמאָציאָנעל און אפאָריסטיש, אָנגעזעטיקט
מיט געפיל און געדאנק, שלאָגעוודיק און לאַפּידאַריש;
זײַן שורע איז באשטימט און פארענדיקט, ווי א קינסט־
לערישע פאָרמולע:

נאָר איך מוז אין טויטע מײַנע שטענדיק זיך
דערמאָנען,
אז איך זאָל אין לעבעדיקע קיינמאָל ניט פארגעסן.
(„גוט־מאָרגן, זינגער!", ז. 7).

דאָס איז א פילאָסאָפישע דערקלערונג וועגן איבער־
געגעבנקײַט דעם מענטשן און וועגן דער טראגיק פון
מענטשלעכן לעבן. ווענדנדיק זיך צום היימלאנד, צו
רוסלאנד, געפינט דער דיכטער ווערטער, וואָס גיבן אי־
בער די אומופהערלעכע באוועגונג און אנטוויקלונג פון
דער מוטערהיים:

מײַן טײַערע, ביסט שטענדיק אף דער צײַט,
הערסט ניט אוף זיך אליין צו געבאָרן.
(דאָרט, ז. 13).

די אידיי פון פרײַנטשאפט ווערט אויסגעדריקט אין
אזעלכע צוויי שורעס:

מיט א פרײַנט ווערט די זון אין דעם הימל מיר
העכער,
מיט א פרײַנט ווערט די ערד אונטער מיר ליב.
(דאָרט, ז. 28).

אָדער די אידיי פון ברידערשאפט:

אזוי גייט ארײַן א הארץ אין א הארץ —
אָדער דורך סימכע אָדער דורך קלאָג.
(דאָרט, ז. 33).

און נאָך וועגן דעם זעלבן:

דו ווייסט דאָך, מיר קומען אהער אף דער וועלט
אף אייביק צו זוכן א ברודער.
(דאָרט, ז. 53).

שלוימע רויטמאן איז דער דיכטער פון מענטש און
פון פאָלק, פון נאטור און געשיכטע, פון פרייד און פון
צאַר, פון קאַמף און שאפונג. ער איז דער זינגער פון
אונדזער גרויסארטיקער און דראמאטישער עפּאָכע. ער
האָט זיך אמאָל געקלאָגט, אז ס׳איז „פאראן א צאַר,
געפינסט פאר אים קיין אָרט ניט. נאָר פאראן א צאַר,
געפינסט פאר אים קיין וואָרט ניט. אונטער ציינרדיקע
גראַטעס, צווישן ענגשאפט וועט דאָס הארץ זיך שטיל
פארפלייצן מיט א בענקשאפט און זיך ראנגלען צווישן
אנגלען, צווישן צוואנגען, ביז די בענקשאפט איבערגיין
וועט אין געזאנגען". דער דיכטער האָט געפונען דאָס
אָרט און דאָס וואָרט, און די בענקשאפט איז איבערגע־
גאנגען אין געזאנגען.



יעשוע ליובאָמירסקי

# בינ־יאָמין זוסקין און די ייִדישע סאָוועטישע דראַמאַטורגיע

ווען נאָך דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע האָבן די סאָוועטישע טעאַטערן אַנטשיידן זיך אַ קער געטאָן צו דער נײַער, רעוואָליוציאָנערער טעמאַטיק, זײַנען די טריט פֿון אונדזער ייִדישער דראַמאַטורגיע נאָך ניט געווען קיין גענוג זיכערע. די פּיעסן פֿון יענער צײַט האָבן אָפֿט געליטן פֿון סכעמאַטישקײַט און מעליצע. זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, אַז אין אַזעלכע פֿאַלן האָט אַ גאָר גרויסע ראָליע געשפּילט דער אופֿן, וויאַזוי דער אַקטיאָר האָט אויפֿגענומען און שעפֿעריש אויסגעטײַטשט דעם דראַמאַטורגישן שטאָף: צי



(1952—1899)

איז ער געווען אַ מין וואָפֿנטרעגער באַם דראַמאַטורג, צי, פֿאַרקערט, ער האָט אײַנעם צויבער־שפּיגל פֿון דער פֿאַנטאַזיע דערזען עפּעס נײַס אין דעם מעהוס פֿונעם געשטאַלט.

ס'איז באַוווּסט: אַן אַקטיאָר מיט אַ ניט גענוגנדיקן קולטור־באַגאַזש, מיט קליינע האָסאָגעס און מיט אַן אָרעמער פֿאַנטאַזיע איז בלויז אַן אילוסטראַטאָר, און זײַן שפּיל איז ניט מער, ווי אַ בלאַסער אָפּגלאַנץ פֿונעם דראַמאַטורגס פֿאַרטראַכט. גאָר אַנדערש איז עס באַ אַ טאַלאַנטפֿולן אַקטיאָר, וועלכער איז אַ מיטשעפֿער פֿונעם דראַמאַטורג.

ווען גאָרקי האָט צום ערשטן מאָל דערזען קאַטשאַלאָוון אין דעם ספּעקטאַקל „נאַ דניע“ („אויפֿן דעק“), האָט ער אַ פֿאַרגאַפּטער אַ זאָג געטאָן: „איך וואָלט בעשום־אופֿן זיך ניט פֿאָרגעשטעלט מײַן באַראָן אין אַזאַ אויסטערלישער פֿאַרקערפּערונג“. מע קאָן זאָגן, אַז ניט ווייניקער האָט (אויף זײַן אופֿן, פֿאַרשטייט זיך) אַרײַנגעטראָגן אויסטײַטשונג און אייגנאַרטיקע אינסטרומענטירונג אין די ווערק פֿון דער ייִדישער קלאַסישער דראַמאַטורגיע בינ־יאָמין זוסקין. מיר האָבן דאָ אין זינען זײַנע איבעראַשנדיקע געשטאַלטן — די באָבע יאַכנע („קישעפֿמאַכערן“), סאָלאָווייטשיק („200.000“), פֿרידל („צעגנטער געבאָט“), קאַפּאָטע דער בירזשע־מעקלער („לופֿטמענטש“).

אָבער אין דער צײַט, ווען באַם קלעפּן די אָנגערופֿענע געשטאַלטן האָט זוסקינען זייער פֿיל געהאָלפֿן דער גראָטעסק־מעטאָד, איז אַזאַ שפּיל־מאַניר שוין ניט געווען אָנעמבאַר בענוגע די רעאַליסטישע געשטאַלטן פֿון דער נײַער סאָוועטישער דראַמאַטורגיע. דאָ האָט דער אַקטיאָר געמוזט זיך לאָזן אויף די וועגן פֿונעם פּסיכאָלאָגישן טעאַטער.

ס'איז קעדײַ זיך צו דערמאָנען, וויאַזוי עס האָבן אין זוסקינס פֿאַרקערפּערונג אויסגעזען אייניקע געשטאַלטן פֿון בערגעלסאָנס, מאַרקישעס, דאַניִעלס און דאָברושינס פּיעסן.

יעכעזקל דאָברושינס „דער געריכט גייט“ איז געווען איינס פֿון די ערשטע דראַמאַטישע ווערק, וואָס האָבן באַלויכטן דעם נײַעם סאָוועטישן שטייגער. אַרבעטנדיק איבער אָט דער פּיעסע, האָט זוסקין געמוזט ערגעץ אינעם אַרומיקן לעבן אויפֿכאַפּן די אײַנדרוקן, וואָס זאָלן געבן אַ שטויס זײַן שעפֿערישע פֿאַנטאַזיע. ריכטיקער גערעדט — דער אַקטיאָר האָט אין דער רעאַלערווירקלעכקײַט געדאַרפֿט דערשפּירן דעם פּראָטאָטיפּ פֿון זײַן געשטאַלט.

עס געדענקט זיך, אַז זוסקין האָט לאַנג געזוכט דעם פּראָטאָטיפּ און ענדלעך אים געפֿונען. דאָס איז געווען בעשאַס די גאַסטראָלן פֿונעם גאָסעט אין וויניצע. בינ־יאָמין זוסקין האָט גענישטערט אין אַלע ווינקעלעך פֿון שטאָט, אין די הינטערגעסלעך, און האָט, סאָפֿקאָלסאָף, געפּאַקט אַן אַלטן קוסטאַר, אַ סטאָליער, וואָס האָט אים געגעבן די גרונט־פֿאַרבן פֿאַר דער סצענישער פֿאַרקערפּערונג פֿון נאַפּטאָליע האָז, אַפֿילע דעם גרים. און דערמלט האָט זוסקינס פֿאַנטאַזיע אַ שפּיל געטאָן.

אין וואָס באַשטייט די באַזונדערע עמאָציאָנעלע קראַפֿט, וואָס פֿאַרכאַפּט אַזוי דעם צושויער אין אָט דעם געשטאַלט? גלײַך ווי איר דערזעט זוסקינס נאַפּטאָליע, דערשפּירט איר טייקעף אין אים יוגנטלעכן ברויז. הערט אַ מײַסע: אַן אַלטיטשקער ייִד שטייט און אַרבעט מיטן הובל, און איר זאָלט עס דערהערן אַ קרעכץ, אַן „אוי“ אָדער אַ „וויי“, פֿאַרקערט — ער זינגט, ער איז פֿול מיט לעבנס־ענערגיע.

פֿלוצעם — ער דאַרף דעם שאַרפֿשטיין. ניטאָ דער שאַרפֿשטיין. ער זוכט דעם שאַרפֿשטיין זינגענדיק. אָט הערט ער אויף זוכן, פֿאַרטראַכט זיך, וווהין פֿאַרט האָט ער אַהינגעטאָן דעם שאַרפֿשטיין. ער קריכט אונטערן ווערקשטעל, ער ווערטלט זיך מיט אים טאַקע, מיטן שאַרפֿשטיין, וואָס האָט, ווי אָפּצולאָכעס, זיך ערגעץ פֿאַרשטעקט.

סײַ פּלאַסטיש (די אײַנגעבויגענע פֿיגור פֿונעם אַלטיטשקן, וואָס קריכט מײַסע־ייִנגל אונטערן ווערקשטעל), סײַ אין דער אינטאָנאַציע, אין דעם זשעסט האָט

איר דאָ א רײַכע גאַמע פאַרבן און ליניעס, אַזוי אַז ווען זוסקין זאָל מער ווי אָט די סצענע ניט שפּילן אין דער פּיעסע, וואָלט בא אײַך סײַווי נאַפּטאַליע האָז זיך אײַנ־געשניטן אין זיקאָרן. און מע דאַרף אונטערשטרײַכן, אַז אָט די עקספּרעסיעפולע אינטערפּרעטאַציע פון דעם דאָזיקן געשטאַלט איז געווען אַן עכטע אַנטפּלעקונג. דאָס איז פון דעם אַקטיאָרס זײַט געווען א מין שעפערישע „הילף דעם דראַמאַטורג“. די אויבן באַשריבענע סצענע שפּילט א באַשליסנדיקע ראָליע אין דער ווײַטערדיקער באַציִונג פונעם צושויער צו נאַפּטאַליע האָז. דער אַקטיאָר האָט געקאָנט זײַן זיכער: דער צושויער וועט שוין געטרויען אַזא נאַפּטאַליע האָז, ס׳איז שוין בא אים רעכט, וואָס נאַפּטאַליע האָז איז א לײַבלעכער מעכוטן מיטן קאָמיוג, ס׳איז אַפילע שוין רעכט, וואָס אָט דער אַלטער אַרבעט אום שאַבעס...

נאַפּטאַליע האָז איז אַפן ערשטן קוק א בעניִמעסדיקע נאַטור, א מענטש אָן א גאַל, א גוטינקער זיידע... אָבער גאָר אײַנגיכן ווערט קלאָר, אַז ער איז — פאַר וועמען א גוטינקער, און פאַר וועמען א ביטערע ציבעלע. ווי א בײַסיקע נאַטור, שילדערט אונדז זוסקין אָט דעם „גוטן ייִדן“ בעשאַס זײַן צוזאַמענשטויס מיטן באַלעגוף, דעם געוועזענעם שטאָט־באַלעבאָס רעב מוישע־בער בורמאַן. דאָס איז זייער א געלונגענע סצענע.

— טײַטשט מיר ניט, רעב מוישע־בער, — זאָגט נאַפּטאַליע האָז, — טײַטשט מיר ניט: אײַערע געמאָרעס זאָגן דאָס, וואָס אײַך פּאַסט.

ווען מוישע־בער פּרוּווט זיך אָפּעלירן צו גאָטס דין, האַקט אים נאַפּטאַליע טייקעף אָפּ די פליגל.

בורמאַן: איך בין זיך נויהעג, ווי דער דין הייסט.

נאַפּטאַליע: און זיי (די טוער פון דער סאָוועטנ־מאַכט. — י.ל.) האָבן זייער דין.

בורמאַן: גאָט איז איינער.

נאַפּטאַליע: און דינים האָט ער א סאַך. פאַר די, וואָס האָרעווען, — א דין, און פאַר די, וואָס האָבן האַנאָע פון לעבן, — א דינעלע.

אָט די ווערטער פלעגט זוסקין זאָגן מיט אַזא פײַנטלעכקײַט צום „שיינעם“־ייִדן, צום מעיוכעס מוישע־בער, אַז דער צושויער האָט טייקעף דערשפּירט דעם טיפן אָפּגרונט צווישן דעם ערלעכן האָרעפּאַשניק און דעם לאַמדן, דעם צוויאַק. האַקלאַל, דער צושויער האָט דערזען פאַר זיך סאָציִאַלע אַנטיפּאָדן.

אין א צווייטער סצענע האָבן פון נאַפּטאַליעס אויגן מאַמעש געשפּריצט פונקען האַס און פאַראַכטונג, בעשאַס ער האָט צוזאַמען מיט די קאָמיוגיסטן גענומען אַרויס־טרײַבן די נעפּלײַט דרויבקין, זיסבערג און זויערמאַן — מוישע־בערס אונטערלעקערס, — וואָס זײַנען געקומען מעסטן די מיל־געבײַדע. ס׳איז שוין ניט קיין אויסגעבויגענער אַלטיטשקער, דער רוקן איז אויסגעגלײַכט.

— איר מיינט, ס׳איז אײַך א בעסאַלמען, וואָס איר זײַט געקומען אַהער מעסטן? גייט אײַך צו אײַערע קוואָרים!

מיר געדענקען נאָך א מאָמענט אין זוסקינס שפּיל, וואָס פּאַרטיפּערט, באַרײַכערט אונדזער פאָרשטעלונג וועגן אָט דעם אַלטיטשקן קוסטאַר. איך מיין דאָ די סצענע, ווען נאַפּטאַליעס טאָכטער, „די ציג“, זאָגט אים אָן א בסורע, אַז זי האָט כאַסענע מיטן רוסישן רויטאַרמייער וואַסילי מאַכאָרקע.

דערהערט אַזא בסורע, ווערט דער אַלטער שטאַרק איבעראַשט. עפּעס האָט אים ווי אָפּגענומען דאָס לאָשן. פאַרט ניט קיין ייִד — זײַן טאָכטערס כאָסן! טרערן שטעלן זיך אים אין די אויגן. אָבער זײַן פאַרלעגנהײַט דויערט א קורצע ווײַלע: ער טוט בערײַש א פאַרדריי דעם שמועס אין אַן אַנדער ריכטונג.

— נו, און די אַרבעט שטייט? איך וועל אײַך געבן!..

אָבער אין האַרצן בא אים שטורעמט נאָך, און ער טוט א זאָג דער טאָכטער:

— נו, און דער מאַמען דײַנער האָסטו שוין דערציילט?

זוסקין האָט געשפּילט אָט די סצענע מיט אַזא פּסיכאָלאָגישער אויפריכטיקײַט, ער האָט אַזוי שטאַרק זיך אײַנגעלעבט אין דער ראָל, אַז טרערן פלעגן בא אים אַפּאַנעמעסן זיך שטעלן אין די אויגן...

---

מ. דאַניִעלס „פיר טעג“ איז אין רעפּערטואַר פונעם מאָסקווער גאָסעט געווען די ערשטע פּיעסע, וווּ ס׳איז דירעקט געשילדערט דער קלאַסן־צוזאַמענשטויס בעשאַסן בירגערקריג. צום ערשטן מאָל האָבן אויף דער ייִדישער בינע זיך באַוויזן קעמפנדיקע אַרבעטער, פויערים, רעוואָ־ליוציִאָנערע אינטעליגענטן. די פּיעסע פאַרמאָגט אייניקע פאַרכאַפּנדיקע סיטואַציעס. דעריבער איז זי געווען א וויכטיקע געשעעניש אין ייִדישן טעאַטער.

אין דער זעלבער צײַט האָט די סצענישע אויסשטײַטשונג פון דער צענטראַלער פיגור (פון יוליסן) אַרויסגערופן ספּייקעס. אַנשטאָט א באָלשעוויק מיט א שטאַרקן ווילן האָט מען אויף דער בינע געזען א סענטימענטאַלן ראָמאַנטיקער מיט א נייגונג צו האַמלעטישן סקעפּסיס. פון סאַמע אָנהייב האָט אויף דער דאָזיקער פיגור זיך געמערקט דער שטעמפּל פון פאַרווּרטיילטקײַט. דער צושויער האָט פון טכילעס אָן זיך אָנגעשטויסן, אַז דער ווילנער סאָוועט וועט זײַן באַזיגט. געווען אויך אין „יוליס“ אַנדערע שוואַכע זײַטן. אין מעשעך פון איין ספּעקטאַקל זײַנען פאָרגעקומען גאַנצע דרײַ מיטינגען. די האַנדלונג איז געווען ביז גאָר א פאַרלאַנגזאַמטע. אייניקע פון די הויפּט־פיגורן, ווי ליודוויג, אַנאַ באָגדאַנאָוויטש, זײַנען געווען סכעמאַטיש געצייכנט.

מיט מער בולעטע שטריכן האָט דער דראַמאַטורג גע־שילדערט דעם באָלשעוויק סטאַניסלאַוו — אַן אַרבעטער א זעצער, וואָס איז אויף לעבן און טויט איבערגעגעבן די אינטערעסן פונעם אַרבעטער־קלאַס.

זוסקין האָט סטאַניסלאַוון באַוויזן אַלס דעם פּראַקטישן טוער פון דער רעוואָליוציִאָנערער באַוועגונג.

— סטאַניסלאַוו, — האָט ניט איין מאָל געזאָגט זוסקין,— איז דער הייפּעך פון יוליסן דעם ראָמאַנטיקער.

און ווירקלעך: דאָס מערקט איר פון א ריי רעפּליקעס, מיט וועלכע דער אַלטער סטאַניסלאַוו רײַסט אַלע מאָל איבער יוליסן. אָט, אַשטייגער, ווען יוליס רעדט לאַנג און אומבאַשטימט וועגן די קרעפטן, אויף וועלכע די ווילנער באָלשעוויסטישע גרופּע קאָן זיך פאַרלאָזן אין איר קאַמף קעגן סוינע, רײַסט אים סטאַניסלאַוו אומגעדולדיק איבער:

„דײַן קאָנקרעטער פּלאַן — וואָס דאַרף מען טאָן?“

יוליס מאַכט זיך ניט וויסנדיק, ער זעצט פאָר זײַן געדאַנקענגאַנג:

„אין דער צײַט פון מילכאָמע, — זאָגט ער, — באַ־שטימען שאָען דעם גוירל פון א שטאָט“.

נאָר סטאַניסלאַוו וויל ניט הערן קיין אַלגעמיינע פּראַזן, ווען עס איז נייטיק א קאָנקרעטער פאָרשלאָג.

„דאָס איז טעאָריע, — זאָגט ער, — איך וויל הערן א פּראַקטישן פּלאַן, וויאַזוי צו פאַרכאַפּן די שטאָט“.

זײַן לאַנגיאָריקע רעוואָליוציאָנערע פּראַקטיק האָט אים

אויסגעלערנט שנעל זיך אָריענטירן אין פאַרשיידענע סיטואַציעס.

ווען ליודוויג קוואַליפיצירט דעם פּפּס־אָנפירער באַגר־סלאַווסקי מיט זײַנע פּאָליטישע אָנהענגער, ווי „פּאַכדאַנים", פּראָטעסטירט סטאַניסלאַוו קעגן אַזאַ דעפיניציע: „ניט קיין פּאַכדאַנים, — זאָגט ער, — נאָר פּאַרעטער". דאָס זאָגט אים אונטער זײַן רעוואָלוציאָנערער כוש: „קיין באַווײַזן האָב איך ניט, נאָר איך פּיל, אַז זיי וועלן פּאַראַטן".

סטאַניסלאַוו איז אין זוסקינס אינטערפּרעטאַציע א פּאַרקערפּערונג פון קאָנצענטרירטן רעוואָלוציאָנערן ווילן.

— אָפּט, — האָט אַמאָל געזאָגט זוסקין, — פּלעגט פאַר מײַנע אויגן שוועבן די פיגור פון קאַלינינען, ווען איך האָב מיך פאַרטראַכט וועגן סטאַניסלאַוון.

אין דער צײַט, ווען זוסקין האָט געאַרבעט איבער דעם סטאַניסלאַוו־געשטאַלט, האָט דער רוסישער סאָוועטישער טעאַטער שוין פאַרמאָגט ניט ווייניק דערגרייכונגען אין פּראַט פון שילדערן אַף דער בינע אַלטע פּאַרהאַרטעוועטע רעוואָלוציאָנערן. ס'איז גענוג זיך דערמאָנען אין דעם באָלשעוויק פּעקלעוואַנאָוון פון ווסעוואָלאָד איוואַנאָווס „דער פּאַנצערצוג 14—69", א געשטאַלט, וואָס ניקאָלײַ כמעליאָוו האָט אַזוי אָריגינעל פּאַרקערפּערט אַף דער בינע פונעם מאָסקווער קינסטלערישן טעאַטער.

האַגאַם פּעקלעוואַנאָוו שטאַמט פון אינטעליגענטן און איז מער א טעאָרעטיקער, ווי א פּראַקטישער טוער, בעשאַס סטאַניסלאַוו שטאַמט פון די האַמוינישע שיכטן און איז אינגאַנצן אַרײַנגעטאָן אין קאָנקרעטער רעוואָלוציאָנערער אַקציע, — דאָך זײַנען אָט די צוויי געשטאַלטן ווי אויסגעגאָסן פון איין מאַטעריאַל.

די האַרטקײַט און אַקשאָנעסדיקײַט, וואָס זוסקין שטרײַכט אונטער אין סטאַניסלאַוון, בעשאַס עס האַנדלט זיך וועגן ערנסטע פּאָליטישע אויפגאַבן, פאַרווישן ניט די צאַרטקײַט, ווייכקײַט און איידלסטע מענטשלעכע געפילן, וואָס זײַנען אייגנטימלעך פאַר סטאַניסלאַווס כאַראַקטער. באַזונדערס פילט זיך זײַן גרויסע מענטשלעכקײַט אין דער סצענע, ווען צוזאַמען מיט ליודוויגן געזעגנט ער זיך מיטן ייִנגל מוישקע קאַפּאַטש. ליודוויג גיט מוישקען איבער דעם בריוו צו אַנע באַגדאַנאָוויטש, אינסטרוקטירט אים, וויאַזוי ער זאָל זיך אויפירן אין וועג, און פאַרענדיקט אָט דעם שמועס מיט א טרוקענעם: „נו, גיי". סטאַניסלאַוו, וואָס איז בעשאַסמײַסע בײַגעווען, ווערט אויפגעקאָכט:

— ליודוויג, אַזוי לאָזט מען ניט אַוועק א כאַוועך אין אַזאַ שווערן וועג. קום נאָר אַהער צו מיר (קאַפּאַטש גייט צו, סטאַניסלאַוו מאַכט אים צורעכט דעם באַשליק). ביסט א ווילער יונג, אָבער גאָר א ווילער. כ'האָב זיך צו דיר צוגעוווינט, ווי צו אַן אייגן קינד. נו, זײַ געזונט און פּיל אויס דײַן כויוו. הערסט?

אָט דער שטרענגער פּאַרהאַרטעוועטער רעוואָלוציאָנער דערמאָנט אײַך פּלוצעם אין א האַרציקן טאַטן. זײַן פּאָנעם איז באַשטראַלט מיט צאַרטער ליבע. דאָס איז איינע פון די סצענעס, וואָס דריקן אַמשטאַרקסטן אויס די עמאָציאָנעלע קראַפט, וועלכע שטעקט אין אָט דעם געשטאַלט. בינ‍יאָמין זוסקין שילדערט סטאַניסלאַווס מענטשלעכקײַט אָן סענטימענטאַלקײַט — ערנסט, רויִק, מיט קאַרגע טענער און קאַרגע באַוועגונגען, און דאָך — אַזוי איבערצײַגעוודיק!

אַן אומפּאַרגעסלעכן אײַנדרוק האָט געמאַכט דער מאָמענט, ווען סטאַניסלאַוו גרייט זיך שטאַרבן: כאָטש דער צושויער איז געווען שטאַרק דערשיטערט פון סטאַניסלאַווס טויט, דאָך איז ער אין קיין מאָרעשכוירע ניט אַרײַנגעפּאַלן. דאָס זײַנען די זעלבע געפילן, מיט וועלכע עס ווערט דורכגעדרונגען דער צושויער נאָכן זען ווסעוואָלאָד ווישנעווסקיס „די אָפּטימיסטישע טראַגעדיע". מע קאָן זיך דאָ אויך פּאַרופן אַף אַלעקסאַנדער פּאַדייעווס „צעקלאַפּט" („ראַזגראָם"), ווו לעווינסאָן פּאַלט ניט אַרײַן אין קיין ייִעש נאָך דעם, ווי מע האָט זײַן אָטריאַד צעקלאַפּט, — ער קלײַבט זיך פאַרזעצן מיט נאָך מער אַקשאָנעס דעם קאַמף.

די ראָל פונעם רעוואָלוציאָנער סטאַניסלאַוו איז א מערקווירדיקע דערגרייכונג אין זוסקינס שאַפונג. דער אַקטיאָר, וואָס האָט קימאַט אין יעדן סצענישן געשטאַלט געזוכט בוילעטע אויסערלעך־כאַראַקטעריסטישע שטריכן לעשעם עכטער טעאַטראַלישקײַט, האָט אין דער ראָל פון סטאַניסלאַוון זיך לאַכלוטן פון דעם אָפּגעזאָגט. זוסקינס טיפע שעפערישע קאָנצענטרירטקײַט האָט דאָ געבראַכט דערצו, אַז דורך א מינימום טעאַטראַלע מאַנירן האָט ער דערגרייכט מאַקסימום קינסטלערישע איבערצײַגעוודיקײַט. די דערפאַרונג, וואָס זוסקין האָט געאַרשנט פון זײַן אַרבעט איבער סטאַניסלאַוון, האָט אים געהאָלפן סצעניש איבערדיכטן דעם באָלשעוויק מאָטקען פון מאַרקישעס „מישפּאָכע אָוואַדיס".

---

זײַוול אָוואַדיסעס זון, מאָטקע — דער סעקרעטאַר פונעם ראַיאָנעם פּאַרטיי־קאָמיטעט, — איז אין אָט דער פּיעסע א צווייטראַנגיקע פיגור. ס'איז לײַכט זיך פאָרשטעלן, אַז ער האָט מינאַסטאַם דורכגעמאַכט אַן אינטערעסאַנטן, קאַמפּליצירטן וועג (אין דער פּיעסע גופע איז פאַראַן אַן אָנדײַטונג דערויף: מאָטקע דערציילט, ווי ער האָט גענומען אַן אָנטייל אין די שלאַכטן פון בירגערקריג, איצט איז ער איינער פון די אַקטיווע בויער פון דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט). אָבער מאַרקיש באַטראַכט אין זײַן ווערק מאָטקען דעריקער אין פאַרבינדונג מיט דער מישפּאָכע־פּראָבלעם.

מאָטקעס פּאָטער, זײַוול, באַמיט זיך קריגן פאַר זײַן צווייטן זון, שײַקע, וואָס איז נאָך דער רעוואָלוציע אוועק קיין אויסלאַנד און האָט איצט דערויף כאַראַטע געקראָגן, א דערלויבעניש זיך צוריקערן קיין סאָוועטנפאַרבאַנד און באַזעצן זיך אין בירעבידזשאַן. וויל ער, אַז מאָטקע זאָל אים העלפן אין אָט דעם פּראַט. מאָטקע האַלט, אַז ס'איז אומזיסט דעם פּאָטערס מי, שײַקע דאַרף בלײַבן דאָרט, וווהין ער איז אוועק, אויסמײַדנדיק דאָס נײַע לעבן.

אין טאָך גערעדט, איז אָט דער קאָנפליקט צווישן פּאָטער און זון א גאַנץ שוואַכער: אים פּעלט לײַדנשאַפט, דראַמאַטישקײַט. מאַרקיש איז אויסן געווען אין זײַן פּיעסע מער אונטערשטרײַכן דאָס, וואָס האָט די מיטגלידער פון דער מישפּאָכע אָוואַדיס צעמענטירט, — דעם סאָוועטישן פּאַטריאָטיזם, איידער דאָס, וואָס האָט בעיאַד געהאַט אַרויסרופן א רײַסערײַ צווישן זיי.

זוסקין האָט פיל מאָל געזען, ווי מע שילדערט סכעמאַטיש באָלשעוויקעס אַף דער סאָוועטישער בינע. ער האָט געזען פּאַרפּאַנצערטע, שטײַפע, איינטאָניקע פיגורן, טרוקענע סכעמאַטישע טרעגער פון אויסגעשריִענע לאָזונגען. זוסקינען האָט זיך געגלוסט אין זײַן מאָטקע־געשטאַלט אויסדריקן א פּראָטעסט קעגן די שאַבלאָנען, וואָס האָבן א צײַט געוועלטיקט אַף דער בינע. דעריבער האָט ער זיך באַמיט אונטערצושטרײַכן אין מאָטקען דאָס מענטשלעכע, אויפדעקן אין אים די באַשיידנקײַט און פּאַשעטקײַט פון אַן עכטן באָלשעוויק. סײַ אין דער אַרומרינגלונג פון זײַנע אייגענע, סײַ אין דער סוויווע

פון די פליטניקעס איז זוסקינס מאַטקע א פראָסטער מענטש, א גוטער כאַווער. עס דערמאָנט זיך די סצענע אין קלוב, ווו די פליטניקעס ווארטן, אז דער שטורעם זאָל אופהערן. מאַטקע קומט אַרײַן און טוט פריילעך און היימיש א פרעג:

— געבראַכט דאָס געהילץ?

ער אינטערעסירט זיך, וואָס עס טוט זיך מיט די פליטן אין אזא נאכט, ווער איז געבליבן באַם ברעג. אָבער אין קיין איין אינטאָנאַציע זײַנער האָט איר ניט געשפירט, אז ס׳רעדט „נאטשאלסטווע“, ער זיצט צוזאמען מיט די ארבעטער און טרינקט מיט זיי גוטמוטיק טיי.

געווען אָבער אויך מאָמענטן, ווען מע האָט דערשפירט, אז „מאַטקע איז די וולאסט“, ווי זײַן טאַטע פלעגט ווענן אים זאָגן. ווען זײַוול באַרירט די פראגע ווענן שײַקען, וואָס וויל זיך אומקערן פון אויסלאנד, איז מאַטקע שטאָל און אײַזן. אָבער זײַן מאכלויקעס מיטן טאַטן קומט פאָר זייער טאַקטיש.

ניט ווייניקער טאַקט ווײַזט זוסקין — מאַטקע ארויס אין דער סצענע, ווען די מאמע זײַנע, סאָרע, זיצט שיווע נאָך זײַן ברודער שלוימקע, וואָס איז דערהארגעט געוואָרן באַ דער גרענעץ. מאַטקעס שוועסטער בראָכע קלאָגט זיך אָף דער מאמען, אלעמײַ זי זיצט אפן דיל און וויל זיך ניט אופהייבן.

— זאָל זי זיצן, — זאָגט ער ווייך, פרײַנטלעך, אָבער ניט סענטימענטאל. ער גייט צו צו דער מוטער, זעצט זיך לעבן איר אפן דיל, גלעט זי צאַרט. ער דערציילט איר, וויאַזוי אין רויטארמייִשן טייל האָט מען שלוימען געבראַכט צו קווורע מיט מוזיק, און זאָגט צו איר:

— רייד אלץ, וואָס אָף דײַן הארצן...

און צו בראָכען:

— זאָל זי זיך אויסריידן...

זוסקינען האָט פריִער פאר אלץ אינטערעסירט מאַטקעס אינערלעכע וועלט. ער האָט ווייניקער פאר אלץ געקלערט וועגן זײַן אויסערלעכער כאראקטעריסטיק. איבעראַשט אונדז טאַקע דער ארטיסט, ווען מיר דערזעען אים אָן קיין שום גרים. און דאָ, ווי אין דער סטאַניסלאַוו־ראָל, שפּילט זוסקין מיט קנאַפּע זשעסטן, מיט אײַנגעהאלטענעם טעמפּעראַמענט.

ווען מארקיש האָט געשריבן זײַן „מישפּאָכע אָוואַדיס“, האָט ער אין זינען געהאַט קוידעמקאָל אונטערשטרײַכן די פעלקער־פרײַנטשאפט, דאָס אינטערנאַציאָנאַלע אין די באַציִונגען פון ייִדן און ניט־ייִדן. מאַטקעס שוועסטער בראָכע האָט כאַסענע פאר א רוס, זײַן ברודער קאַלמען האָט א ווײַב א קאַזאַטשקע. סײַ מארקיש, סײַ זוסקין — זיי ביידע שטרײַכן אין מאַטקען אונטער זײַן פרײַנטלעכע באַציִונג צו יעדן מין נאַציאָנאַליזם.

אין די אויבן אנאליזירטע געשטאַלטן האָבן מיר געזען בינייאָמין זוסקינען דעם סצענע־מײַסטער, וואָס העלפט די דראַמאַטורגן אופדעקן אינעם סאָוועטישן מענטשן דאָס דערהויבענע, דאָס פּראָגרעסיווע, די שטרעבונג צו פאַרזייען אין די הערצער זוימען פון דער ליכטיקער צוקונפט, ווען א מענטש ווערט בענעגייע דעם צווייטן מענטשן א כאַווער, א פרײַנט און א ברודער.

אין דער זעלבער צײַט ווייסן מיר, אז אין זוסקינס שאַפונג האָט גאָר א גרויסן פּלאַץ פאַרנומען די טעמע וועגן דעם דערשלאָגענעם, אונטערדריקטן קליינעם מענטשעלע, וועלכער טרוימט וועגן א גליקלעך לעבן און וועמעס טרוים ווערט קיינמאָל ניט פאַרווירקלעכט. אזעלכע זײַנען געווען שימען־עליע („דער פאַרקישעפטער שנײַדער“), פרידל („דאָס צענטע געבאָט“), סאָלאָוויטשיק („200.000“), סענדערל („מאַסאָעס בינייאָמין האַשלישי“), קאַפּאַטע („דער לופט־מענטש“) אא.

זוסקינס צוגאַנג צו אָט די פּערסאָנאַזשן איז, ווי באַוווּסט, געווען דורכגעדרונגען טײלמאָל מיט לירישן הומאָר, טײלמאָל — מיט לירישער איראָניע. אים האָט וויי געטאָן דאָס הארץ אף אָט די דערנידעריקטע און באַליידיקטע.

אָבער אין אָט דער גאַלעריי קליינע מענטשעלעך געפינען מיר אויך אזעלכע, וועלכע זוסקין דעמאַסקירט, וועלכע דער אַקטיאָר שמײַסט אומבאַראַכמאָנעסדיק מיט זײַן סאַטירע־בײַטש. דאָ פירט ער אונדז צום טהאָם פון מענטשלעכער יערידע. ער טײַט מיטן פינגער: „נאַט, זעט, ווי א מענטש קאָן ווערן לעגאַמרע אויס מענטש!“

אָט אזא איז דער קאָנטאָרשטשיק יאָסעלע באַבצעס אין בערגעלסאָנס „דער טויבער“. באַטראַכטנדיק אָט דאָס געשטאַלט, וועלן מיר זען, וויאַזוי עס האָט זיך געשאַפן א פרוכטבאַרע צוזאַמענאַרבעט צווישן דעם אַקטיאָר זוסקין און דעם דראַמאַטורג בערגעלסאָן.

---

סיאיז אינטערעסאַנט דאָ דורכצופירן א פאַראַלעל צווישן יאָסעלען מיטן טויבן. ביידע געהערן זיי קימאַט צו איין און דעם זעלבן סאָציאַלן שיכט. דער טויבער האָט אַלע זײַנע יאָרן אָפּגעהאָרעוועט באַ ביקן אין מיל. דאָ איז ער טויב געוואָרן, דאָ האָט ער דאָס ווײַב פאַרלאָרן, די טאָכטער זײַנע איז געשענדעט דורך דעם באַלעבאָס ביקס בענאָק. נו, און יאָסעלע באָבצעס? ער איז א קאָנטאָרשטשיק, א מעשאָרעס באַם באַלעבאָס, א שפּיאָן און... וואָס דען ניט? און וואָס קריגט ער — א מעטופּל מיט קינדער! — פאר אָט די אַלע „שטעלעס“ זײַנע? „אכצן רובל א כוידעש! אכצן רובל א כוידעש!“ — כאַזערט ער אָפּט איבער מיט פאַרביטערונג.

באָבצעס פילט זיך אויך באַליידיקט מיצאַד ביקן. אָבער ווי פאַרשיידן עס רעאַגירן יאָסעלע באָבצעס און דער טויבער! באַם טויבן צעפלאַקערט זיך פון טאָג צו טאָג אַלץ שטאַרקער דער פלאַם פון פּראָטעסט. איין גרויסע לײַדנשאַפט שפּירט איר אין זײַנע קושים: נעקאָמע! א דערשלאָגענער, אָן אָפּגעשטויסענער, רופט ער באַ אונדז ארויס ניט בלויז טיפע סימפּאַטיע, נאָר אויך אָפּשײַ פאר דעם געפיל פון מענטשן־ווירדע, וואָס האָט אין אים אופגעוואַכט. פונקט דער הייפעך איז יאָסעלע באָבצעס: וואָס מער דער באַלעבאָס טרעט אים מיט די פיס, אַלץ נידעריקער בייגט ער אָן דעם קאָפּ.

אין דער זעלבער צײַט איז באָבצעס אין רעזולטאַט פון דער קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע ניט אזוי פיזיש און מאַטעריעל געדריקט, ווי מאָראַליש געפאַלן. ער איז א מוסטער פון מאָראַלישער יערידע. מע קויפט אים אונטער מיט כאַבאַר, מיט מאַטאָנעס. ער ווייסט, אז ס׳איז פאַראַן אָן ארבעטער־באַוועגונג, אָבער ער לאַכט זיך אויס דערפון:

— וואָס ווּעסטו מאַכן, כע־כע... קאַפּיטאַליזם, שמאַפּיטאַליזם... כע־כע.

באָבצעס איז פּוסט, ווי א פּוסט ניסל, דערצו ציניש און פרעך ביז גאָר. דאָס ווײַזט ער ארויס מיט א באַזונדערער קראַפט אין זײַן באַציִונג צום טויבנס פאָטערלעכע געפילן, ווען ער גיט אָנצוהערן דעם טויבן מיט א פרעך געלעכטערל, אז זײַן טאָכטער איז שוואַנגער. ער איז ציניש אויך בענעגייע די איבעריקע ארבעטער.

זוסקין האָט פון טכילעס אָן זיך אָפּגעזאָגט אין אוועל־

כער־ניט־איז מאָס צו ריינוואשן יאָסעלע באָבצעס. כאָטש ער האָט גענומען אין באטראכט, אז באָבצעס איז אויך א קאָרבן פון דער קאפּיטאליסטישער עקספּלואטאציע, דאָך האָט ער אים געשפּילט דעריקער ווי אן אינסטרומענט פון עקספּלואטאציע. ער האָט אים באשולדיקט, ניט געקארגט קיין שווארצע פארבן פאר דעם געמיינעם נעפעש, וואָס האָט פאראטן זײַן אייגענעם קלאס, צוגעשמידט אים צום שאנדסלופּ.

אין זוסקינס באָבצעס פלעגט מען קימאט ניט געפינען קיין ספּעציפישע ייִדישע שטריכן. ס׳איז רעכט, אז דער ארטיסט האָט דאָ אנטליִען אייניקע שטריכן פון דאָסטאָיעווסקיס סמערדיאקאָוון. ער האָט טאקע אמאָל באמערקט, אז באָבצעס אסאָציִירט זיך אין זײַן פאָרשטעלונג מיט סמערדיאקאָוושטשינע. זוסקין איז דאָ געגאנגען אפן זעלבן וועג, וואָס מיכאָעלס אין זײַן פארקערפּערונג פונעם טויבן. מיכאָעלסעס טויבער פארמאָגט אויך מער אינטערנאציאָנאלע, ווי נאציאָנאלע שטריכן.

אייניקע מאנירן יאָסעלעס דערמאָנען דאָך אָן סאָלאָווייטשיקן פון „200.000“: דאָס פלינקע שלײַכן זיך, דאָס כניפעסדיקע באגיין זיך מיטן באלעבאָס, דאָס שטענדיקע באלאנסירן...

קעדיי באווײַזן, וויִאזוי דער אקטיאָר דערגאנצט שעפעריש דעם דראמאטורג, וועלן מיר ציטירן צוויי שטעלן פון בערגעלסאָנס נאָוועלע.

ווען יאָסעלע קומט ארײַן צום טויבן (נאָך דעם, ווי דער לעצטער איז אראָפּגעפאלן מיט דער הייב־מאשין און זיך שטארק צעשעדיקט), באמערקט דער אווטאָר וועגן אים: „עפּשער האָט זיך אים אליין אויך אײַנגעגעסן דאָס כניפעסדיקע לעבן און געוואָלט האָט ער שוין זײַן לײַטישער און עמעסער, נאָר ניט געקאָנט, און כאָטש געפונען פאר נייטיק דעם טויבן א גוט וואָרט זאָגן“. דאָ גיט אונדז בערגעלסאָן אָנצוהערן, אז בא יאָסעלע באָבצעס זײַנען, ניט געקוקט אף זײַן גײַסטיקער צעפּוילטקײַט, דאָך נאָך ניט אינגאנצן אויסגעלאָשן געווען די מענטשלעכע געפילן.

און נאָך א שטעל פון דער נאָוועלע:

„ס׳קומט ארײַן יאָסעלע דער נעמאָן, טוט אויס דאָס שמויסענע פוטער און זעצט זיך לעבן אים (לעבן טויבן. — י.ל.) בא דער הרובע. פאמעלעך און פארכאָלעמט גלעט ער זיך זײַן שפּיציק בערדל. און דוכטן דוכט זיך שוין, אז ער קלערט זײַנע טאָמיד בייזלעכע מאכשאָוועס, מאכשאָוועס פון א ייִדן א מעטופל, וואָס זיצט אָן פארנאָסע. ער שרײַט עפּעס אינעם טויבנס פארשטאָפּטן אויער“.

אָט די מאָמענטן פון מענטשלעכער באציִונג צום טויבן, אָט די קוים־קוים באלויכטענע ווײַטע ווינקעלעך פון יאָסעלעס נעשאָמע פעלן אין דער אינסצעניִרונג. פארקערט, דאָ איז אונטערגעשטראָכן (באזונדערס אין זוסקינס שפּיל) דאָס סאמע עקלהאפטע אין יאָסעלען, טאקע אין דער סצענע, ווו יאָסעלע איזדיעקעוועט זיך איבערן טויבן.

ס׳איז אינטערעסאנט צו פארגלײַכן זוסקינס אקטיאָרישע אופאסונג פון יאָסעלע באָבצעס מיט דער פארקערפּערונג פון ענלעכע טיפּן מיצאד דעם בארימטן קאָמיקער פונעם XIX יאָרהונדערט — אלעקסאנדער מארטינאָוו. דער רוסישער קריטיקער דאָלגאָוו שרײַבט: „וואָס פאר א ראָל מארטינאָוו זאָל ניט געווען שפּילן, ווי אנטיפּאטיש עס זאָל דורכן אווטאָר ניט זײַן געשילדערט דער אָדער יענער פּערסאָנאזש, ווי נישטיק דער פּערסאָנאזש זאָל אין דער פּיעסע ניט אויסזען, האָט מארטינאָוו אלעמאָל געקענט, אָדער — ריכטיקער געזאָגט — נישט געקענט ניט באַרײַכערן אָט די טיפּן מיט מענטשלעכקײַט, ער האָט נישט געקענט ניט אויסגעפינען אונטער דער קאָרע פון זייערע קלאל ניט אָנגענעמע כאראקטער־שטריכן כאָטש א פּיצעלע ווינקעלע, ווו עס זײַנען געווען פארבאָרגן רעשטלעך פון נעשאָמע־שיינקײַט“.

אָט דער צוגאנג צו נעגאטיווע פּערסאָנאזשן איז געווען אייגנטימלעך פארן מאָסקווער קינסטלערישן טעאטער אין זײַן ביזאָקטיאבערישן פּעריִאָד. שפּעטער האָט דער „מכאט“ אָפּגעוואָרפן די פאָרמול פון „פולשטענדיקער אָביעקטיווקײַט“. דאָס האָט זיך שטארק געלאָזט שפּירן אין אזא ספּעקטאקל, ווי „ניקאָלײַ דער ערשטער און די דעקאבריסטן“, ווו קאטשאלאָוו האָט געשפּילט ניקאָלײַ דעם ערשטן אין א שארף סאטירישן אספּעקט. פּונקט אזא טענדענץ מערקט זיך בא קאטשאלאָוון אויך אינעם גאָרקי־ספּעקטאקל „סאָנים“.

„איך האָב „פארשארפט“ די ראָל, מאשמאָעס, איך האָב מיך באצויגן צו באָרדינען מיט מער אומבעראכמאָנעסדיקײַט, איידער דער אווטאָר. דאָ ניט לאנג, — דערציילט קאטשאלאָוו, — נאָכדעם, ווען איך האָב שוין פיל מאָל דורכגעשפּילט אָט די ראָל, האָב איך ווידער גענומען לייענען דעם טעקסט פון דער פּיעסע, און מיר האָט זיך געדוכט, אז דער אווטאָר איז בענעגייע זאכאר באָרדינען פיל ווייכער, איידער איך. מיר האָט זיך געדוכט, אז דער אווטאָר שילדערט אים אין פלאן פון גוטמוטיקן הומאָר, און איך — אין פלאן פון סאטירע“.[1]

בינימין זוסקין וואָלט געקאָנט דאָס זעלבע זאָגן וועגן זײַן צוגאנג צו אייניקע שאפונגען פון דער ייִדישער דראמאטורגיע. א גרויסער אקטיאָר, האָט ער ארײַנגעטראָגן אין אונדזער טעאטער די סאָציִאל־פארשארפטע אויסטײַטשונג פון געשטאלטן, וועלכע האָבן צוגעצויגן צו זיך די אופמערקזאמקײַט פון דער נײַער סאָוועטישער קונסט.

---

[1] „יאָרבוך פון מאָסקווער קינסטלערישן טעאטער“, 1945, ז. 198.

סאָניע פּריי

# ווידערשטאַנד, פריינטשאַפט, האָפענונג

כאַים־איצל גאָלדשטיין: „זיבן אין בונקער״. פאַרלאַג „יידיש בוך״, וואַרשע, 1963.




אין אַפּרעל 1963 האָבן אונדזערע פריינט אין פּוילן פייערלעך, אין דער אַטמאָספער פון פעלקער־פאַרברידערונג, אויף אַ גרויסן מלוכישן אופן, אָפּגעמערקט דעם צוואַנציקסטן יאָרטאָג פונעם העלדישן אופשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ. אין אַלעמענס הערצער האָט געקלונגען די שבועה: „ניט פאַרגעסן! ניט פאַרגעבן! ניט דערלאָזן... ניט דערלאָזן, עס זאָל זיך איבערכאַזערן די גרויסע טראַגעדיע!״. אין די דאָזיקע טעג בין איך געווען אין וואַרשע. מע האָט אַ סך גערעדט דאָ וועגן דעם ערשט דערשינענעם בוך „זיבן אין בונקער״. וועגן זיין אַוטאָר האָט מען דערציילט:

כאַים גאָלדשטיין איז אַן אַרבעטער, געבוירן אין פּוילן, אין דער צייט פון פּילסודסקיס הערשאַפט האָט ער עמיגרירט קיין פראַנקרייך. ווי נאָר די דייטשישע פאַשיסטן האָבן זיך אַריינגעריסן אין פּאַריז, האָט מען גאָלדשטיינען פאַרשפּאַרט אין אַ לאַגער. אין אַ צייט אַרום איז אים געלונגען צו אַנטלויפן. דערוויסנדיק זיך אָבער, אַז פונקט אין די טעג האָט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי אַרויסגעלאָזט אַ רוף צו פאַרשטאַרקן דעם ווידערשטאַנד אין די צוואַנג־לאַגערן, קערט זיך כאַים אום אין לאַגער, פונוואַנען ער איז אַנטלאָפן. דאָס האָט באַשטימט זיין ווייטערדיקן גורל... ער ווערט דעפּאָרטירט אין אָשוויענטשים. פון דאָרט שיקט מען אים אויף צוואַנג־אַרבעט אין וואַרשע, וווּ ער באַטייליקט זיך אינעם אופשטאַנד פונעם 1 אויגוסט 1944. דערנאָך באַהאַלט ער זיך אויס אין אַ בונקער אין משך פון העכער פיר כאָדאָשים, ביז צו דער באַפרייונג פון וואַרשע. אויפן סמך פון די איבערלעבונגען אין בונקער האָט ער אָנגעשריבן זיין בוך.

מיט כאַים־איצל גאָלדשטיין האָב איך זיך באַקאַנט בעשאַס די פייערונגען פונעם צוואַנציקסטן יאָרטאָג פונעם אופשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ. אַ הויכער, אַ שטאַרקער, מיט אַ גוטן שמייכל אויפן פּנים, מיט דעם יוגנטגלאַנץ אין די אויגן, האָט ער געמאַכט אַן איינדרוק, ווי ער וואָלט גאָר ניט דורכגעגאַנגען אַזאַ שווערן לעבנס־וועג. ער האָט מיר דערציילט וועגן אייניקע זייער טשיקאַווע זאַכן, וואָס האָבן אַ שייכות צו זיינע העלדן. וועגן זיי רעדט ער, ווי וועגן נאָענטע קרובים, מיט וועלכע ער איז אַדהאַיאָם פאַרבונדן.

* *
*

„ס׳איז ניט קיין קינסטלעריש ווערק, ניט קיין ראָמאַן און ניט קיין ראָמאַנטיזירטע זכרוינעס. ס׳איז גוויִעס־איידעס. אַלץ, וואָס איך דערצייל דאָ, איז אַוטענטיש, ריכטיק, גאָרנישט איז ניט צוגעפּוצט און גאָרנישט איז ניט אויסגעקלערט״, — אַזוי שרייבט דער מחבר אינעם נאָכוואָרט צו זיין ווערק.

ווי אַן אויסדרוקספולער באַווייז פון מאָראַלישער גבורה ווערט אופגענומען גאָלדשטיינס גענויע דערציילונג וועגן דעם, ווי זיבן מענטשן, קעמפער קעגן פאַשיזם, אַנטיילנעמער פונעם פּוילישן אופשטאַנד פון אויגוסט 1944, זיינען אין משך פון פיר מיט אַ האַלבן כוידעש געווען באַהאַלטן אין בונקער אונטער דער ערד, ווי אין די זייער שווערע צייטן נאָכן פאַרשפּילטן פּוילישן אופשטאַנד, ווען די פאַשיסטישע כייעס האָבן ווידער פאַרשפּרייט כורבן און טויט, ייִעש און אויסגאַנגלאָזיקייט, האָבן אָט די מענטשן פאָרגעזעצט דעם קאַמף.

אין בוך געפינען מיר אַ מענגע קלענערע און גרעסערע דעטאַלן, וואָס באַשטעטיקן די קראַפט פון פעלקער־פריינטשאַפט. קימאַט יעדערער פון די זיבן אין בונקער איז לעבן געבליבן אַדאַנק דער אויסגעשטרעקטער האַנט פון פּוילישע מישפּאָכעס. אין משך פון צוויי יאָר האָט ייִצכאָק (דער מעדיקער) זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ פּוילישער שטוב. איגנאַצן (אַ קאַצעוו), וואָס האָט פאַרלאָרן אין וואַרשעווער געטאָ די פרוי און זעקס קינדער, איז געלונגען זיך אַרויסרייסן אויף דער „אַרישער זייט״, און אַ פּוילישע הויז־וועכטערן האָט אים אויסבאַהאַלטן ביז דעם אָנהייב פונעם פּוילישן אופשטאַנד. כאַים גאָלדשטיין דערמאָנט צום גוטן דעם פּאָליאַק יוזעף בעדנאַרסקי, וואָס פלעגט אַמאָל אין בונקער ברענגען ברויט, ציבעלעס, פעטס. ער פלעגט אויך ברענגען פּוילישע צייטונגען אין בונקער, ביז וואַנען אַ שפּליטער פון שראַפּנעל האָט אים געטראָפן...

אין אַלע רייד פון די כאַווערים אין בונקער ווערן דערמאָנט ביז גאָר רירנדיקע מאָמענטן פון פעלקער־פריינטשאַפט. איגנאַץ, לעמאָשל, דערציילט, ווי „אָרעמע פּוילישע אַרבעטער האָבן זיך פאַרשטעלט פאַר ייִדן און זיך אַריינגעגאַנוועט אין געטאָ, קעדיי צו ברענגען טרייסט און הילף...״. „פויערשע ייִנגעלעך האָבן איינמאָל, דערזעענדיק ייִדישע קאַצעטניקעס אויף אַ פּלאַטפאָרמע, מאַמעש פאַרשאָטן זיי מיט עפּלעך, וועלכע מע האָט געטראָגן אויפן מאַרק צו פאַרקויפן״.

ביז טרערן רעגט אויף אַזאַ פאַקט, וואָס האָט פּאַסירט מיט גאָלדשטיינען אין אָשוויענטשים. אין צושטאַנד פון מאַליאַריע־פיבער איז כאַים געשיקט געוואָרן אויף אַרבעט. ווענדן זיך צו דעם דייטשישן דאָקטער האָט באַטייט — באַקומען אַ פעטראָלעום־איינשפּריצונג אין האַרצן — דעם טויט.

כאַימען איז אויסגעקומען צו אַרבעטן בישכיינעס מיט אַ פּוילישן געפאַנגענעם, סטעפאַן האָט מען אים גערופן. פון אָנפאַנג האָט סטעפאַן אינסצענירט ווי ער שרייט אויף דעם ייִדן, אָבער ווי נאָר דער פאַשיסטישער אויפזעער איז פאַרשוווּנדן, האָט סטעפאַן מער ניט געלאָזט כאַימען אַרבעטן, אַליין געהאָרעוועט פאַר צווייען. „איך בין ניט

דער איינציקער, עס זײַנען דאָ א סאך אזעלכע, ווי איך, וואָס העלפן יידן", — האָט דערקלערט סטעפאן.

אין בוך איז ניטאָ קיין סימען פון פאלשער אידעאַליזאציע. דער שרײַבער פארשווײַגט ניט די טראגישע פאלן, ווען אף די ווארשעווער באריקאדן, בייס דעם אופשטאנד, האָבן איינצלנע פאָליאקן געשאָסן אין יידן — זייערע מיטקעמפער... מיט דעם גרעסטן צאָרן, מיט דעם ביטערסטן געפיל דערמאָנען די דאָזיקע מיִעסע פארעטערישע מערדערײַען אלע כאוויירים אין בונקער... אָבער בא קיינעם קומט ניט אוף קיין סאָפעק אין די ברידערלעכע געפילן פונעם פוילישן פאָלק צום יידישן. דער שרײַבער באווײַזט, אז אזוינע איינצלנע פאלן טאָר מען ניט פאראלגעמיינערן.

די דאָזיקע ליניע אינעם בוך ווערט נאָך מער אָנשוילעך, ווען דער אווטאָר שילדערט פאָשעטע יידן — אָנטיילנעמער פונעם ווארשעווער אופשטאנד פון אווגוסט 1944.

...אף די גאסן האָט מען געבויט באריקאדעס און געגראָבן טראנשייען. „צען אויסגעמאטערטע יידן האָבן מיט די לעצטע קויכעס זיך א נעם געטאָן צו די רידלען און לאָפּעטעס און גענומען רײַסן שטיקער פון דער ערד מיט אזא אימפעט, מיט אזא קראפט, אז דער עלטסטער, דער פאָליאק, איז געשטאנען און האָט באוואונדערט, ווי קומט עס צו די מענטשן, וועלכע זײַנען איצט ערשט ארויסגעקומען פון לאגערן, פון געטאָס, אויסגעמאטערטע פון הונגער און קלעפּ, אזא מין קויעך" (ז. 126).

דער בײַשפּיללאָזער העראָיִזם פון די קעמפער אין ווארשעווער געטאָ האָט פארשטארקט דעם ווידערשטאנדגײַסט אויך דאָ, אף די באריקאדעס פונעם אופשטאנד, אין א יאָר ארום נאָכן דערשטיקן די געטאָ.

דאָס בוך „זיבן אין בונקער" באווײַזט, ווי שטארק זײַנען די אינטערנאציאָנאלע טראדיציעס און ווי פרעמד דעם פאָלקסמענטשן זײַנען די אידעאלן פון „אויסשליסלעכער יידישקײַט". בלויז אדאנק דעם אינטערנאציאָנאלן באוווסטזײַן און דער גרויסער מענטשלעכקײַט איז געוואָרן מעגלעך אזא פאל, אז אין בונקער פון די זיבן האָט זיך באוויזן אן אכטער מאן — דער פאָליאק קאזשיק (דער גאלעך). געשען איז דאָס אזוי: אין קאנאל לעבן בונקער האָבן זיך אויסבאהאלטן פיר פאָליאקן, געוועזענע אָנטיילנעמער פונעם אופשטאנד, איינער פון זיי איז געוועזן שטארק פארקילט, געהוסט... האָבן די כאוויירים פון בונקער גענומען אים צו זיך, ניט ארויסגעלאָזט מער... אלע אײַנוווינער פון דער אונטערערדישער באהעלטעניש — ייִצכאָק, כאסקל, סאמעק, דאניִעל, איגנאץ און די מילדע כאנע, — אלע נעמען זיי אים פרײַנטלעך אוף, כאָטש ער איז זיך מוידע אין זײַן פאסיוון „ניט פײַנט און ניט ליב האָבן"...

קאָזשיק ווערט פון דעם הוסטן אויסגעהיילט, קומט א צווייטער אומגליק — ער ווערט קראנק אף טיפוס. וואָס טוט מען? ער אליין איז זיכער, אז מע וועט אים לאָזן שטארבן, ער האָט קיין פאריבל ניט... אָבער די גאנצע בונקער־קאָמפאניע ווארפט אָפּ דעם מינדסטן געדאנק צו לאָזן אים שטארבן, קעדיי ראטעווען זיך. דער בונקער־„דאָקטער" ייִצכאָק לאָזט זיך יעדע נאכט אין די געפערלעכסטע עקספּעדיציעס. אין אלע קעלערס אין דעם ארום און אף דער גאס, וווּ די דײַטשן האָבן אים געקאָנט פאקן, זוכט ער אפטייק־רעפּועס. זוכט און געפינט...

דער אווטאָר איז גערעכט, ווען ער שאצט אָפּ די באציִונג פון די זיבן צו דעם אכטן — צו דעם גאלעך — ווי א באווײַז פון גרויסער מענטשלעכקײַט, פון דעם, אז די זיבן יידן האָבן זיך ניט אָנגעשטעקט מיט בארבאריזם אין א צײַט, ווען די פאשיסטישע בארבארן האָבן באוווסטזיניק קולטיווירט מענטשנפײַנטלעכע געפילן.

דאָס איז ריכטיק. אָבער צו דעם ווילט זיך צוגעבן, אז די גאנצע ליניע פון די צווישן־באציִונגען צווישן יידן און פאָליאקן דעמאָנסטרירט אויך דעם זיג פונעם פרינציפּ פון פעלקער־נאָענטקײַט איבער דער אָפּגעפרעמדטקײַט, וואָס עס קולטיווירן קאָלערליי בורזשואזע נאציאָנאליסטן און שאָוויניסטן.

באדײַטונגספול איז דער היסטאָריש־געזעלשאפטלעכער זין פון דעם בוך „זיבן אין בונקער". ס'איז צו זען, אז אין די שווערסטע, טראגישסטע סיטואציעס פארלירן ניט די זיבן פאָלקסמענטשן דעם לעבנס־אָריענטיר דערפאר, ווײַל זייערע האָפענונגען זײַנען פארבונדן מיט די רעאלע ניצכוינעס פון דער סאָוועטישער באפרײַונגס־ארמיי. „שרעק און האָפענונג האָבן זיך צוזאמענגעמישט אין אונדזערע הערצער. דאָס פארגראָבן זיך אין א פינצטערן בונקער, אָן עסן, אָן וואסער, אָן דעם מינדסטן, וואָס א מענטש באדארף, אָן קיין שום קאָנטאקט מיט דער אויסערלעכער וועלט, האָט אויסגעזען פאר אונדז, ווי גיין צו א לאנגזאמען טויט דורך הונגער און דורשט. אָבער א פונק פון האָפענונג צו קאָנען אזויארום זיך ראטעווען איז אונדז דאָך געבליבן, און דאָס האָט אונדז געמונטערט. די רויטע ארמיי איז געווען נאָענט..." (ז. 13).

אף דער צווייטער זײַט פון ווײַסל זײַנען געשטאנען די רוסן... אין יעדער שיסערײַ, אין די אופרײַסן פון באָמבעס, וואָס האָבן געקאָנט פארשיטן דעם בונקער, זוכן די מענטשן דעם גוטן סימען, אז די סאָוועטישע ארמיי גייט איבער אין אָנגריף...

אין די לעצטע שווערסטע טעג, ווען דער שניי האָט פארשאָטן דעם קאנאל, פארווייעט אלע סטעזשקעס, אלע לעכער און קעלערס, ווען די געפאר אויסגיין פון הונגער איז געוואָרן אזוי רעאל, — איז אין דער בונקער־מישפּאָכע געבוירן געוואָרן א פאנטאסטישער פלאן — איבערקריכן דורך דער ווײַסל אפן צווייטן ברעג, צו די רוסן...

„...פאר יעדערן איז געווען צוגעגרייט א דיק בינטל שמאטעס ארומצובינדן זיך די קני באם קריכן אפן אײַז, קעדיי די קני זאָלן ניט געפרוירן ווערן. אויך די ווײַסע קליידער, צונויפגענייט פון ווײַסע שמאטעס, פון לײַלעכער, וואָס מיר האָבן געפונען, זײַנען געווען צוגעגרייט" (ז. 306).

דערקלײַבן זיך צום טײַך פון בונקער האָט מען געקאָנט נאָר דורך דעם קאנאל... אָבער גראָד דאָרט, ווו מע האָט געקאָנט דורכגיין, איז דער קאנאל געווען איבערגעצוימט מיט אן אײַזערנער גראטע... אין מעשעך פון פופצן טעג האָט איינער פון די זיבן — כאסקל דער בלעכער — פארנומען זיך מיט איבערשנײַדן דאָס אײַזן. זײַן איינציק געצײַג איז געווען א מעסער. גרויס איז געווען די סאקאָנע באמערקט צו ווערן פון די דײַטשישע פּאָסטנס.

די מאנצבילן פון דעם בונקער זײַנען געוואָרן דערפארענע אויסשפּירער. מיט כאסקלען זײַנען שטענדיק געווען זײַנע כאוויירים. און אפן פופצעטן טאָג איז געמאכט געוואָרן דער לעצטער שניט אין אײַזערנעם שטאנג. כאסקל, דער שטענדיק פארכמורעטער און טרויעריקער, האָט מיט א ליכטיקן שמייכל אפן פּאָנעם דערקלערט: „דער וועג איז אָפן".

צום באדויערן, איז דער פלאן ניט פארווירקלעכט

נקזאָרן. דאָס איַיז איז געווען צו דין, און באַם ערשטן איסברוך האָט עס געפּלאַצט...

אָבער דאָס אנטשטיין גופא פון אזא פּלאַן, די אקשאָנסדיקע צוגרייטונגען, דאָס ביַיקומען דאָס געפיל פון שרעק און סאקאָנע, — דאָס אַלץ איז א רעזולטאט פון סיפן גלויבן אין דער קראפט און גערעכטיקיַיט פון די סאָוועטישע באפריַיער.

כאַיִם־איצל גאָלדשטיין באשריַיבט גענוי דעם לעבנס־סטייגער אין בונקער — די כאַוועריִשע צווישן־באַציִונגען, דעם ניט פארלאָרענעם אינטערעס צום גוירל פון יעדערן אין קאָלעקטיוו.

געלעבט האָט מען אין בונקער לויט א באשטימטן סיידער, דער טאָג איז פארוואנדלט געוואָרן אין נאכט, די נאכט אין טאָג... די „זיבן" האָבן אויסגעארבעט פאר זיך אַן אייגנארטיקן מאָראלישן קאָדעקס:

„1) א גאנצן טאָג בליַיבן שטיל, ניט ריידן, ניט באוועגן זיך, קעדיי קיין שום גערויש זאָל זיך ניט הערן אין דרויסן, ווו די דיַיטשן געפינען זיך אין שכיינעס. דער טאָג הייבט זיך אַן פאר אונדז באנאכט, ווען עס ווערט שטארק פינצטער;

2) די, וואָס גייען זוכן עסן אין דרויסן, דארפן אלץ מיטברענגען אין בונקער פארן קאָלעקטיוו. וואָס זיי זאָלן נאָר ניט געפינען, טאָרן זיי ניט נעמען פאר זיך אליין. דאָס געהערט צו אלעמען און אלע דארפן געניסן גליַיך דערפון. דאניִעל און כאנע וועלן באקומען א דאָפּלטע ראציע צוליב זייער יונגן עלטער;

3) טאָמער פאלט ווער אריַין אין די דיַיטשישע הענט, זאָגט ער אף קיין שום פאל ניט אויס, — אפילע ווען מע זאָל אים אָנטאָן די גרעסטע יעסורים און פּיַיניקונגען, — ווו דער בונקער געפינט זיך. דאָס איז א הייליקע שווּע, וואָס יעדערער נעמט אף זיך" (ז. 37).

צוזאמען מיט דעם שריַיבער לעבט דער לייענער איבער די טראגישסטע שטימונגען פון די, וואָס באַם זוכן עסנוואַרג אין די קעלערס פלעגן זיי זיך אָנשטויסן אף ביינער פון מענטשן, אף פארפּיַיניקטע און געשענדעטע, אף טויטע קינדער... עס דערשיטערט די באגעגעניש מיט דער פוילישער פרוי, וואָס זוכט איר קינד אין אלע ווינקעלעך, דאָס קינד, וואָס איז פארשאָטן געוואָרן און ליגט ערגעץ אונטער די כורוועס... די פרוי איז פון זינען אראָפּ, זי שריַיט. ס׳איז געפערלעך, עס קאָן ברענגען צום דורכפאל פונעם בונקער, אָבער בא קיינעם קומט ניט אוף קיין געדאנק די פרוי צו באזיַיטיקן... מיר לייענען וועגן דעם, דאָס הארץ ווערט צונויפגעקלעמט און איבערפולט מיט דאנקבארקיַיט און דערעכערעץ צו די, וואָס זיַינען אין שרעקלעכסטע יעסורים, אין אומענטשלעכע באדינגונגען ניט געוואָרן קיין „אונטערמענטשן". אף דער וואך פון דער מענטשן־ווירדע פון יעדן איינציקן באזונדער איז געשטאנען דער גאנצער קאָלעקטיוו.

אין בוך זיַינען פאראן ריין לירישע מאָטיוון. די ניַינצניאָריקע כאנע האָט ליב איין באָכער און אין איר זיַינען איַינגעליבט צוויי באָכערים. דאָס פירט צו קאָמפּליצירטע איבערלעבונגען, אָבער די ריינע אטמאָספער פון כאווערשאפט ווערט ניט פארסאמט דורך אייפערזוכט...

דאָס גיַיסטיקע לעבן אין דער באהעלטעניש, אָן ביכער, אָן ציַיטונגען, איז ניט פאראָרעמט געוואָרן. איינער דעם אנדערן האָט דאָ א סאך דערציילט, יעדערער האָט געהערט מיט געדולד. אין בוך זיַינען פארשריבן א סאך מאָנאָלאָגן, טראגישע זיכרוינעס. באזונדערס קעדיַי איז צו פארציַיכענען דעם פאל מיט שאָלעם־אלייכעמס צוויי ביכלעך אין אָשוועצטשים. כאַיִם גאָלדשטיין דערמאָנט זיך, וויִאזוי אין איינעם פון די קעלערס האָט ער זיך אָנגעשטויסן אף עטלעכע פּאָליצעס מיט פארשטויבטע ביכער און צווישן זיי — שאָלעם־אלייכעמס ווערק... צוויי ביכעלעך האָט ער מיטגענומען, אזוי זיי פארשטעקט, אז די דיַיטשישע וואך האָט די שאָלעם־אלייכעם־קאָנטראבאנדע ניט אָנגעטאָפּט...

און אָט האָט מען אין אָשוועצשימער טויט־לאגער שטילערהייט גענומען לייענען שאָלעם־אלייכעמס דערציילונגען. צווישן די, וואָס האָבן געהערט, זיַינען געווען אזוינע, וואָס דער טויט האָט שוין אף זיי געוואַרט...

„מיר האָבן זיך פארזאמלט אין א ווינקל און כ׳האָב שטילערהייט פאָרגעלייענט שאָלעם־אלייכעמס א מיַיסע, וועלכע — געדענק איך ניט מער, אָבער איך געדענק די פריילעכע פּענעמער און דאָס פארשטיקטע לאכן (הויך לאכן האָט מען ניט געטאָרט) פון די צום טויט פארמישפּעטע יידן, וועלכע האָבן אין דער מינוט אינגאנצן פארגעסן, ווו זיי זיַינען און וואָס עס וואַרט אף זיי. באהאלטן די צוויי ביכלעך האָב איך אונטער א ברעטל אין דער סטעליע פון אונדזער בלאָק. וואָכנלאנג האָט שאָלעם־אלייכעם אונדז געבראכט טרייסט און פרייד" (ז. 216).

כאַיִם־איצל גאָלדשטיינס בוך באוויַיזט דעם גרויסן מאָראלישן ווידערשטאנד און דעם זיג פון די מענטשן, וואָס האָבן ניט פארלאָרן זייער גלויבן. גערעכט זיַינען די ווארשעווער לייענער, וואָס האָבן בייס דער באגעגעניש מיט דעם שריַיבער אונטערגעשטראָכן, אז דאָס בוך „זיבן אין בונקער" איז אַן איידעס, אז די היטלערישע פארברעכער האָבן געקאָנט פארפּיַיניקן און אויסראָטן מיליאָנען, אָבער דעם מענטשן האָבן זיי ניט געקאָנט פארניכטן.

---

# אין אָנדענק פון די ווארשעווער געטאָ־קעמפער

דער 19 אפּרעל איז א טאָג פון דערמאָנען די העלדישע קעמפער פון ווארשעווער געטאָ. מיט 21 יאָר צוריק זיַינען טויזנטער פּאָשעטע מענטשן, פארשפארטע אין די געטאָ־פאסטקעס, ארויס מיט געווער און סינע קעגן דער פאשיסטישער כיַיע, וועלכע האָט געבושעוועט אין זייער היים.

ערעוו דער פּיַיערונג פון אָט דער דאטע האָט דער פּראָצעס פון די 22 נאצישע מערדער פונעם טויט־לאגער אָשווענטשים ווידעראמאָל און נאָכאמאָל, מיט דער גאנצער שארפקיַיט, דערמאָנט אין דער צוואָע פון די געטאָ־העלדן: „נישט פארגעסן און נישט מויכל זיַין!" אויך די אנטהילונג פונעם דענקמאָל די אומגעקומענע אין טרעבלינקע, אָט די פּיַערלעכע געדענק־צערעמאָניע, וואָס פאלט קימאט צונויף מיטן 21־טן יאָרטאָג פונעם געטאָ־אופשטאנד, וואָרנט וועגן דער געפאר פון ווידעראופלעבונג פון פאשיזם, דערמאָנט אין דעם, אז נאצישע מערדער דרייען זיך נאָך ארום פראנק־און־פריַי אין מיַירעוו־דיַיטשלאנד, אין די פאראייניקטע שטאטן און אין אנדערע לענדער.

# מיט זײַן אײגענעם ניגון

(צום 75־טן געבורטסטאָג פונעם קאָמפּאָזיטאָר
לייב יאמפּאָלסקי)



עדט מען וועגן ייִדישער מוזיק, מוז מען אָנרופן דעם נאָמען לייב יאמפּאָלסקי. ניט געקוקט אָף זײַן באשיידענעם גאנג אין לעבן, איז זײַן קינסטלערישער צושטײַער לאכלוטן ניט קיין באשיידענער.



ער לאָזט זיך דערקענען מיט זײַן אויסגעשפּראָכענער אייגנארט. עס איז, דוכט זיך, יעדן באוווּסט, אז ל. יאמ־פּאָלסקי איז צווישן אונדזערע קאָמפּאָזיטאָרס דער מעלאָ־דיסט. הגם ער האָט געשאפן אויך גרעסערע ווערק, באזונדערס פארן טעאטער, איז ער אין דער ערשטער ריי אָבער באוווּסט מיט זײַנע זינגלידער — מיט דעם אייגענעם ניגן, ווי אויך דעם „גילגל פון א ניגן“ — איך האָב דאָ אינזינען יאמפּאָלסקיס איבערדיכטונג פונעם פאָלקס־מעלאָס. דאָס מאכט אים זייער נאָענט מיט אונדז, דיכטער, וועלכע שעפּן אויך פון דעם זעלבן פאָלקס־קוואַל.

לאָמיר אויסרעכענען עטלעכע פאקטן, וועלכע וויקלען פאר אונדז פאנאנדער די ביאָגראפיע פונעם יובילאַר.

דער בארימטער רוסישער קאָמפּאָזיטאָר אנאטאָלי קאָנסטאנטינאָוויטש ליאדאָוו האָט אן ערעך אין 1910 געגומען האזשגאָכע איבער א טאלאנטפול ייִדיש ייִנגל פון בעלאָצערקאָוו. דאָס איז געווען דער קינפטיקער מוזי־קער — לייב יאמפּאָלסקי. בענטשנדיק די ערשטע פלעמע־לעך פונעם ייִנגלס באגאבונג, האָט ליאדאָוו צעבלאָזן אין אים דעם פארשטאנד פאר עכטער מוזיק און מײַסטער־שאפט.

שוין העכער פופציק יאָר זײַנען פון דעמלט פארלאָפן, נאָר אויך הײַנט רעדט יאמפּאָלסקי מיט גרויס ייִראַס־האכאָווּעד און דאנקבארקײַט וועגן זײַן גרויסן לערער, וואָס האָט אין אים פארפלאנצט ליבע צו דער פאָלקס־מעלאָדיע. יאמפּאָלסקי דערציילט אויך וועגן אנדערע האשפּאָעס. שאליאפינס קאָנצערטן, זאָגט ער, האָבן אויך אין א געוויסער מאָס באשטימט דעם פאָלקס־כאראקטער פון זײַן שאפן. אונטער זייער דירעקטער ווירקונג האָט ער אָנגעשריבן זײַנע ערשטע מוזיקאלע ווערק.

פון 1917 הייבט זיך אָן אין דער פולער מאָס אנטוויק־לען און געבן פרוכט יאמפּאָלסקיס קאָמפּאָזיטאָרישע טעטיקײַט. ער ארבעט אין פארשיידענע טעאטראלע סטודיעס, קלובן, טעאטערן, שרײַבט מוזיק צו דעמיאן בעדניס „די קאָמוניסטישע מארסעליעזע“, פאר וועלכער ער באקומט לויט א קאָנקורס די ערשטע פרעמיע, איינ־צײַטיק פארפולקומט ער זײַנע קענטעגישן אין כארקאָווער מוזיקאלן אינסטיטוט. שפּעטער, שוין ווױנענדיק אין מאָסקווע, שרײַבט ער מוזיק פאר דעם טעאטער „האַ־בימאָ“ צו די ספּעקטאקלען „הורדוס און מיריאם“ און „דער מאבל“; אין דער טעאטער־סטודיע „פרײַ־קונסט“ שאפט ער די מוזיק צו די ספּעקטאקלען „דער געט“, „מענטשן“, „דער גוילעם“, „באַטווין“ און אין באקוער ייִדישן טעאטער — צו די ספּעקטאקלען: „הירש לע־קערט“, „סטעמפּעניו“. אין די יאָרן פון דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע האָט יאמפּאָלסקי אָנגעשריבן פארן מאָסקווער „גאָסעט“ מוזיק צו דער אוזבעקישער פּיעסע „כאמזא“. דאָ איז אמבוילעטסטן געקומען צום אויסדרוק דעם קאָמפּאָזיטאָרס אייגנארטיקײַט, וואָס דריקט זיך אויס ניט אין קאָפּירן די פאָלקסליד, נאָר אין דער־הויבן זי.

יאמפּאָלסקי איז בא אונדז דער מײַסטער פון דער לירי־שער מיניאטור. ווער ווייסט, לעמאָשל, ניט זײַנע לידער „רומטשי“, „בײַט מיר אויס א פינף־און־צוואנציקער“, „ווי לעבט א קייסער“, „די גאָלדענע כאסענע“, „דער פריי־לעכער שנײַדער“ און נאָך, און נאָך. לייב יאמפּאָלסקי האָט אויך געשאפן העכער 20 ייִדישע טענץ.

כאראקטעריסטיש פארן קאָמפּאָזיטאָר איז זײַן ווענדן זיך צו דער ייִדישער סאָוועטישער דיכטונג. נאָך אין 1935 איז אין מעלוכע־פארלאג פון ווײַסרוסלאנד דער־שינען זײַן באדײַטנדיק בוך „רוף“ — מוזיק צו די לידער פון דאָוויד האָפשטיין, פּערעץ מארקיש, לייב קוויטקאָ, איציק פעפער, מוישע קולבאק, מוישע כאשטשעוואצקי אא. לעצטנס האָבן מיר געהערט זײַנעם א ציקל נײַע פרעכטיקע פאָלקס־מעלאָדיעס.

לייב יאמפּאָלסקי דערמאָנט מיר אין א מענטשן, וואָס שטייט אָף א הויכן שטאָק און ווישט די שויבן, זיי זאָלן א בלענד טאָן קעגן דער זון. ער פוצט קעסיידער די פּערל פון דער ייִדישער פאָלקסליד...

פול מיט ענערגיע און שעפערישע פלענער איז ל. יאמפּאָלסקי. שטענדיק טרעפן מיר אים באם ראָיאל. ער פארענדיקט איצט א נײַע פּראָגראם פון סאָוועטישע לידער אָף די טעקסטן פון הײַנטצײַטיקע ייִדישע פּאָעטן.

ווינטשן מיר אונדזער טײַערן מיטשעפער געזונט, אריכאס־יאָמים און ווײַטערדיקע דערפאָלגן.

מאָטל גרוביאן.

# מ'טיילונגען און כראָניק

## שעווטשענקאָס נאָמען האָט זיי פאַרייניקט

ין 1914, ווען די פאַרגעשריטענע געזעלשאַפטלעכקייט פון רוסלאַנד האָט זיך געגרייט פײַערן דעם הונדערטסטן געבורטסטאָג פון טאַראַס שעווטשענקאָ, האָט די צארישע רעגירונג אין א ספּעציעלן אוקאַז פארבאָטן צו באערן דעם אָנדענק פונעם גרויסן אוקראַיִנישן פאָלקס־דיכטער. אין צוזאמענהאנג דערמיט האָט לענין דאן געשריבן: „דער פארבאָט צו באערן שעווטשענקאָן איז געווען אזא גלענצנדיק, אויסגעצייכנט, זעלטן־גליקלעך און געלונגען מאָסמיטל פונעם שטאנדפונקט פון אגיטאציע קעגן דער רעגירונג, אז קיין בעסערע אגיטאציע קאָן מען זיך גאָרניט פאָרשטעלן"[1].

אייניקע נײַע דאָקומענטן, וואָס זײַנען מיט א קורצער צײַט צוריק אָפּגעזוכט געוואָרן אין די כארקאָווער ארכיוון, באשטעטיקן אן איבעריק מאָל, ווי גערעכט לענין איז געווען אין זײַן אָפּשאצונג פון אָט דעם צארישן פארבאָט.

אינעם כארקאָווער געגנטלעכן ארכיוו איז צווישן אנדערע געפונען געוואָרן א פלוגבלעטל פון 1914, וועלכן עס האָבן אלס פראָטעסט קעגן דעם פארבאָט צו פײַערן דעם שעווטשענקאָ־יובילײַ ארויסגעגעבן און ברייט פארשפרייט די סטודענטן פונעם כארקאָווער אוניווערסיטעט. דער דאָזיקער דאָקומענט זאָגט איידעס וועגן דער ברידערלעכער אייניקײַט פון דער סטודענטישער יוגנט אינעם קאמף קעגן צאריזם, אין געגעבענעם פאל פון דער אוקראַיִנישער און יִדישער יוגנט. אָט זײַנען אייניקע אויסצוגן פונעם פלוגבלעטל (איבערזעצט פון רוסיש):

„כאווײרים, מיר לעבן איצט איבער אזא צײַט, ווען שווײַגן איז א כארפּע... די רעגירונג העצט אָן איין נאציאָנאליטעט אף דער צווייטער, שפּרייט צווישן זיי סינע, אָרגאניזירט פּאָגראָמען. די נאָענטסטע פאקטן פון אָט דער „וואָלפישער פּאָליטיק" זײַנען דער אלעמען באוווסטער ביילים־פּראָצעס און דאָס פארבאָטן די אוקראַיִנער צו באערן דעם אָנדענק פונעם דיכטער־קעמפער שעווטשענקאָ אינעם טאָג פון זײַן הונדערטיאָריקן יובילײַ, דעם 25 פעווראל[2] האיאָר".

די סטודענטן ענדיקן זייער ווענדונג מיט פאָלגנדיקן רוף:

„מיר, פאָרשטייער פון די אונטערדריקטע פעלקער, רופן די גאנצע סטודענטשאפט, וועלכע קעמפט פאר פרײַהײַט און רעכט, צו אָרגאניזירן דעם 25 פעווראל א פּראָטעסט־דעמאָנסטראציע... מיט אָט דעם פּראָטעסט וועלן מיר נאָכאמאָל באטאָנען אונדזער באציִונג צו דער רעאקציאָנערער קנופּיע און צוזאמען דערמיט וועלן מיר באערן דעם אָנדענק פונעם דיכטער־קעמפער שעווטשענקאָ".

אונטערגעשריבן דעם דאָזיקן מערקווירדיקן דאָקומענט האָבן געמיינזאם די אוקראַיִנישע און יִדישע סטודענטן־גרופּעס אלס איין פארבאנד.

אינעם מאנוסקריפּטן־אָפּטייל פון דער צענטראלער וויסנשאפטלעכער ביבליאָטעק באם כארקאָווער אוניווערסיטעט האָט זיך פארהיט א געשריבענע פּראָקלאמאציע פון א גרופּע אוקראַיִנישע סטודענטן מיט א לײַדנשאפטלעכן רוף צו דער סטודענטישער יוגנט פון אלע נאציאָנאליטעטן — ווידערשטעלן זיך דער צארישער רעגירונג און אקטיוו פּראָטעסטירן קעגן דעם פארבאָט אָפּצומערקן טאראס שעווטשענקאָס געבורטסטאָג.

„נעכטן, — שרײַבן די אוקראַיִנישע סטודענטן, — האָבן די רעאקציאָנערן פארפירט דעם ביילים־פּראָצעס, קעדיי דערלאנגען א קלאפּ איבערן יִדישן פאָלק, הײַנט וואַרפט מען זיך ארוף אף אונדז, אוקראַיִנער"...

שעווטשענקאָס הונדערטסטער געבורטסטאָג איז ברייט אָפּגעמערקט געוואָרן אין כארקאָוו. ניט דער אוקאַז פון דער צארישער רעגירונג וועגן פארבאָטן דעם יובילײַ פונעם דיכטער, ניט די פאראָרדענונגען פון דער זשאנדארמעריע און פּאָליציי צו לייענען אפן קאָל זײַנע לידער האָבן ניט געהאָלפן. פארקערט, דאָס האָט, ווי לענין האָט אָנגעוויזן, נאָך מער פארשטארקט די סינע צום צאריזם.

ו. סאווטשענקאָ,

מיטארבעטער פון שעווטשענקאָ־מוזיי

בא דער וויסנשאפט־אקאדעמיע פון אוססר

מ. פינקעל.

---

[1] ו. אי. לענין. ווערק, ב. XX, ז. 199.

[2] אלטער סטיל. לויטן נײַעם סטיל — 9 מארט.

##ווידער אין דער עקספּאָזיציע פונעם שעווטשענקאָ־מוזיי

ווי באוווסט, האָט דער דיכטער דאָוויד האָפשטיין זייער פיל געטאָן, קעדיי פּאָפּוליאריזירן טאראס שעווטשענקאָס ווערק אין יִדיש. ער האָט איבערזעצט קימאט אלע לידער פון „קאָבזאר". די ביכער, ווו עס זײַנען געווען געדרוקט זײַנע שעווטשענקאָ־איבערזעצונגען, ווי אויך די אָריגינעלע ווערק, געווידמעט דעם גרויסן אוקראַיִנישן רעוואָליוציאָנערן דיכטער, פלעגט ער בעשײַטע שענקען דעם קיִעווער שעווטשענקאָ־הויז, געווײנלעך מיט אן אייגנהענטיקער געשאנק־אויפשריפט. דאָס זעלבע פלעגן אויך טאָן איציק פעפער און אנדערע יִדישע שרײַבער, וואָס האָבן איבערזעצט שעווטשענקאָן אָדער געווידמעט אים זייערע ווערק.

אין די יאָרן פונעם סטאלין־קולט זײַנען האָפשטיינס און פעפערס ביכער לויט א פאראָרדענונג פון דער באריאקליקע ארויסגענומען געוואָרן פון דער מוזיי־ביבליאָטעק. אָבער צום גליק זײַנען זיי ניט פארלוירן געגאנגען. צוויי אוקראַיִנישע וויסנשאפט־טוערנס — יעקאטערינא פּעטראָוונא דאָראָשענקאָ (איצט דירעקטאָר פונעם קיִעווער מעלוכישן שעווטשענקאָ־מוזיי) און ליודמילא אלעקסאנדראָוונא כאָמענקאָ (פארוואלטערן פון דער מוזיי־ביבליאָטעק) האָבן אויסבאהאלטן בא זיך די ביכער פון די יִדישע דיכטער מיט די אווטאָגראפן פון די אווטאָרן און זיי אומגעקערט אין מוזיי.

ד. האָפשטיינס און אי. פעפערס מאטאָנעס זײַנען איצט אײַנגעשלאָסן אין דער עקספּאָזיציע פון מוזיי.

## לעאָניד אוטיאָסאָוו
פֿאָלקס־אַרטיסט פֿון רספּסר

# אויסגעצייכנט!

ײַך וועט עפּשער זײַן מאָדנע צו הערן, אַז נאָך פֿופֿציק יאָר אופֿטרעטן אַף דער בינע פֿיל איך זיך, זיצנדיק אין צושויער־זאַל, קלאָל ניט ווי קיין שוישפּילער, נאָר ווי יעדערער פֿון אײַך, צושויער. און אַלץ, וואָס קומט פֿאָר אַף דער בינע, נעם איך אויף, ווי עפּעס אויסערגעוויינלעכס. אַז מע שפּילט אַ טרויעריקע זאַך — וויין איך, ווען מע שפּילט אַ פֿריילעכס — לאַך איך, ווי אַ קינד. איך הער אויף צו זײַן אַן אַרטיסט. איך בין אַ צושויער, אַ גוטהאַרציקער, אַ צוגעלאָזטער צושויער.



ווי אַ פֿאַרליבט באָכערל, וואָס אײַלט זיך אַף אַ ראַנדעוווּ, אַזוי אײַל איך זיך טרעפֿן מיט יעדער קונסט־דערשײַנונג, זאָל דאָס זײַן אַ סימפֿאָניע צי אַן אָפּערע, אַ טראַגעדיע, אַ קאָמעדיע, אָדער גאָר אַן עסטראַדע־פֿאָרשטעלונג.

און אויב ס׳איז שלעכט, גיי איך אַן אומעטיקער אַהיים, פּונקט ווי אַ פֿאַרליבטער, וואָס האָט זײַן געליבטע געטראָפֿן אָפֿן אָפּגערעדטן אָרט מיט אַן אַנדערן. איז אָבער גוט, גיי איך טאַנצנדיק. איך בין פֿריילעך און באַגײַסטערט, האַלט אין איין זינגען מײַן אַלט לידל:

«Как хорошо на свете жить!» — ווי גוט ס׳איז צו לעבן אַף דער וועלט!

אָט אַזוי האָב איך ערשט ניט לאַנג אין איינעם אַ זעלטן שיינעם אָוונט זיך אומגעקערט אַהיים פֿונעם צענטראַלן הויז פֿון די אײַזנבאַנער, זינגענדיק „ווי גוט ס׳איז צו לעבן אַף דער וועלט“. איך האָב געהאַט אַ וווּנדערלעכן ראַנדעוווּ מיט סידי טאַל און אירע צוויי פּאַרטניאָרן, צוויי גוטע אַקטיאָרן...

ווי איך פֿאַרשטיי, איז סידי טאַל אַ גאָלדענע אַקטריסע, אַף מיר אַזאַ יאָר!

וועט איך דאָך זאָגן: אָט האָט ער נאַרוואַס זיך אויסגעפּײַנט, אַז ער איז אַ „גוטהאַרציקער“, און איצט וויל ער עס שוין גלײַך באַווײַזן. בין איך אָבער געווען ניט דער איינציקער — דער גאַנצער זאַל איז געווען פֿול געפּאַקט מיט אַזוינע „גוטהאַרציקע“ צושויער. זיי זײַנען אַלע געווען ביז ווייטעק גערירט, ווען אַף דער בינע האָט געשפּילט, — ניין, ניט געשפּילט, נאָר געלעבט סידי, — די אומגליקלעכע מוטער, וואָס באַקלאָגט אירע אומגעקומענע קינדער און פֿאַרשילט זייערע מערדער. סידי טאַל דערגרייכט דאָ העכסטע הייכן פֿון טראַגעדיע, אָבער פֿאַרלירט ניט דערבײַ דאָס אײדעלע געפֿיל פֿון מאָס, מײַדט אויס היסטערישקײַט, וואָס וואָלט איר עפּשער געלוינט פֿון שטאַנדפּונקט פֿון סצעניש עפֿעקט. אינערלעכע טיפֿקײַט און אויסערלעכע געצוימטקײַט — דאָס איז דער יעסאָד פֿון איר אופֿירונג אַף דער בינע.

פֿאַר דעם, סידי טאַל, שטעל איך אײַך אַ „פֿינף“ — דעם גרעסטן באַל, וואָס מע קאָן נאָר שטעלן.

און ווײַטער — גאָר אַן אַנדער פּלאַן — קאָמעדיע. אַ מאָנאָלאָג פֿון אַן אַקטריסע. ס׳איז דען פּאָשעט אַ מאָנאָלאָג? ווילט איר, איז דאָס אַ גאַנצע פּיעסע. דאָ האָט איר זעלטענע טראַנספֿאָרמאַציע, סײַ אין דעם אויסזען פֿונעם פּערסאָנאַזש, סײַ אין כאַראַקטער.

און אַלץ ווערט געטאָן לײַכט, גראַציִעז און פֿריילעך.

פֿאַר דעם אויך אַ פֿינף.

און וואָס האָט די ווערט דאָס געשטאַלט פֿון דער „פֿאַריזשערן“? אַזויפֿיל פֿאַרשיידנאַרטיקע אינטאָנאַציעס, וואָס לאָזן זיך אַפֿילו ניט באַשרײַבן, אַ שלאַל מיט קליינע טרעפֿלעך־געפֿונענע שפּיל־דעטאַלן, אָנהייבנדיק פֿון דעם גענגעלע און ביז דער אויסדריקלעכער מימיק. ס׳איז צום לאַכן אַוואַדע! ס׳איז אַוואַדע לוסטיק. דער זאַל פֿאַרגייט זיך פֿון פֿריילעכן געלעכטער. און געלעכטער איז אַ שאַרף געווער.

נו, און אַז ס׳קומט צו אַ ליד אָדער אַ טאַנץ, פֿילט זיך דאָך סידי געוויס, ווי אַ פֿיש אין וואַסער. און דעריקער — געשמאַק, ראַפֿינירטער געשמאַק! אַלץ איז איידל, אַרטיסטיש און גוואַלדיק צויבערהאַפֿט. דערפֿאַר קומט אַוואַדע אַ פֿינף!

אַ דאַנק, סידי טאַל. ס׳איז אויסגעצייכנט!

---

## אָפֿן פֿעסטיוואַל „הײַנטצײַטיקע מוזיק“

סאָף פֿעוראַל איז אין דער שטאָט גאָרקי דורכגעפֿירט געוואָרן דער צווייטער פֿעסטיוואַל אונטערן נאָמען „הײַנטצײַטיקע מוזיק“. ער איז געווען געווידמעט דער שאַפֿונג פֿונעם באַרימטן סאָוועטישן קאָמפּאָזיטאָר דמיטרי שאָסטאַקאָוויטש. פֿאַר די צען טעג פֿונעם פֿעסטיוואַל זײַנען פֿאָרגעקומען 43 קאָנצערטן פֿון שאָסטאַקאָוויטשעס מוזיק, וועלכע עס האָבן באַזוכט בא 50 טויזנט אײַנוווינער פֿון גאָרקי און די אַרומיקע שטעט. אַף איינעם פֿון די קאָנצערטן אינעם זאַל פֿון דער פֿילהאַרמאָניע איז צווישן אַנדערע ווערק מיט גרויס דערפֿאָלג אויסגעפֿילט געוואָרן, צום ערשטן מאָל מיט אַן אָרקעסטער, שאָסטאַקאָוויטשעס וואָקאַלישער ציקל „פֿון דער ייִדישער פֿאָלקס־פּאָעזיע“.

אין אַ רעצענזיע וועגן דעם דאָזיקן קאָנצערט שרײַבט די צײַטונג „איזוועסטיִא“: „ווער עס האָט כאָטש איין מאָל געהערט די דאָזיקע לידער פֿאַר סאָפּראַנאָ, אַלט און טענאָר (דאָס ערשטע מאָל זײַנען זיי אויסגעפֿילט געוואָרן דורך נינאַ דאָרליִאַק, זאַראַ דאָלוכאַנאָוואַ, אַלעקסיי מאַסלעניקאָוו, אונטער דעם אויטאָרס פֿאָרטעפּיאַנע־באַגלייטונג), דער וועט קיינמאָל ניט קאָנען פֿאַרגעסן דאָס געוויין איבערן פֿאַרשטאָרבענעם קינד, די וויגליד, דעם טראַגישן געשפּרעך פֿון די יונגע פֿאַרליבטע פּאָרן צעשיידן זיך, די ליד וועגן נויט, און די ליד וועגן אַ גוט לעבן, און די ליד וועגן דעם גליק פֿון דעם שוסטערס פֿרוי, וועלכע האָט באַקומען אַ מעגלעכקײַט געבן אירע קינדער בילדונג...“

■

אָנהייב יאָר האָט די לענינגראַדער צײַטונג „וועטשערני לענינגראַד“ פאַרעפנטלעכט א בריוו — „א וואָרט פון לענינגראַדער ארבעטער צו די שרײַבער“.

„אין 1967 יאָר, — ווערט געזאָגט אין דעם בריוו, — וועט ווערן פופציק יאָר, זינט עס איז געבוירן געוואָרן דאָס ערשטע אין דער וועלט סאָציאַליסטישע פאָטערלאַנד פון די אַרבעטנדיקע, די ערשטע סאָוועטישע מעלוכע. מיר זײַנען איבערצײַגט, אז גראָד איצט איז די צײַט צוטרעטן צו שאַפן א קאָלעקטיוו קינסטלערישע ווערק, וואָס זאָל דערציילן וועגן אומשטערבלעכן העלדנטאַט פון דער לענינישער פאַרטיי און פונעם סאָוועטישן פאָלק פאַר דעם האַלבן יאָרהונדערט... אזא ווערק, אַן עפּאָפּיי, איז בעקויעך צו שאַפן בלויז א גרויסער שרײַבער־קאָלעקטיוו, פאָרשטייער פון אַלע סאָוועטישע רעפּובליקן“.

דער בריוו פון די לענינגראַדער ארבעטער האָט באַקומען א הייסן אָפּקלאַנג אין גאַנצן לאַנד. עס האָט אים איבערגעדרוקט די צײַטונג „פּראַוודאַ“. אין אַלע שרײַבער־אָרגאַניזאַציעס גייט א לעבהאַפטיקע שעפערישע דיסקוסיע וועגן די קאָנקרעטע זשאַנרען פון דער קינסטלערישער עפּאָפּיי לעקאָווועד דעם 50־טן יאָרטאָג פון דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע און וועגן די פּראַקטישע פראַגעס, וואָס זײַנען פאַרבונדן מיט אויספילן די „באַשטעלונג“ פון די ארבעטער.

■

איינער פון די ערשטע קינסטלער, וואָס האָבן געמאָלט פון דער נאַטור וו. אי. לענינען, איז געווען דער פאַרדינסטפולער קונסט־טוער איסאַק בראָדסקי. ער האָט געמאַכט פיל צייכענונגען פון לענינען אויף פאַרשיידענע מיטינגען, זיצונגען, מאַסן־דעמאָנסטראַציעס. דאָס ערשטע בילד „לענין און די מאַניפעסטאַציע“ האָט בראָדסקי אָנגעמאָלט אין 1919. נאָכדעם האָט ער געשאַפן די בילדער „וו. אי. לענין אויפן פאָן פון קרעמל“, „וו. אי. לענין אויפן פאָן פון וואָלכאָווסטראָי“ אא.

פאַרענדיקט האָט בראָדסקי די אַרבעט איבער דער לענין־געשטאַלט מיטן ברייט־באַוווּסטן בילד „לענין אין סמאָלני“, אין וועלכן עס ווערט טאַלאַנטפול איבערגעגעבן לענינס גרויסע באַצויבערונגס־קראַפט און טיפע מענטשלעכקײַט.

אין צוזאַמענהאַנג מיט אי. בראָדסקיס 80־טן געבורטסטאָג איז אין זײַן אָנדענק אײַנגעאָרדנט געוואָרן אין מאָסקווע אַן אויסשטעלונג פון זײַנע ווערק.

■

דער קאָמפּאָזיטאָר אַנאַטאָלי ביטשקאָווסקי פון אַלמאַ־אַטאַ האָט געשאַפן א מוזיקאַלישע אָראַטאָריע אויף די מאָטיוון פונעם בוך „די באַלאַדע פון ליטל־ראָק“ פון דער פּראָגרעסיווער ייִדישער דיכטערן דאָרע טייטלבוים (פראַנקרײַך).

די אָראַטאָריע באַשטייט פון אַכט טיילן, יעדער פון זיי מיט אַן אומאָפּהענגיקער טעמע, און איז אויסגערעכנט פאַר א סימפאָנישן אָרקעסטער, סאָלאָ־זינגער און א געמישטן כאָר. דאָס נײַע ווערק פונעם קאָמפּאָזיטאָר איז הויך אָפּגעשאַצט געוואָרן דורך דער קריטיק.

■

די מאָסקווער מוזיקאַלישע און טעאַטראַלע געזעלשאַפטלעכקײַט האָט ברייט אָפּגעמערקט דעם 80־טן געבורטסטאָג פון לייב פּולווער. אויפן אָוונט אין הויז פון די קאָמפּאָזיטאָרן האָבן דעם יובילאַר באַגריסט דער ערשטער סעקרעטאַר פונעם אַלפאַראַנדישן פאַרבאַנד פון קאָמפּאָזיטאָרן טיכאָן כרעניקאָוו, פאָרשטייער פון די מאָסקווער טעאַטערן, פון די זשורנאַלן „סאָוועטסקאַיאַ מוזיקאַ“ און „סאָוועטיש היימלאַנד“, די קאָמפּאָזיטאָרן טערענטיעוו, פעלצמאַן אא.

מיט א טעאַטראַליזירטער באַגריסונג איז ארויסגעטראָטן א גרויסע גרופּע ייִדישע אַקטיאָרן, וועלכע האָבן אין משך פון פיל יאָרן געאַרבעט צוזאַמען מיט פּולווערן.

א שעפערישע באַגעגעניש מיטן יובילאַר איז פאָרגעקומען אין דער רעדאַקציע פון „סאָוועטיש היימלאַנד“. מיט באַגריסונגס־רעדעס זײַנען ארויסגעטראָטן די שרײַבער אַרן ווערגעליס, יאַנקעוו שטערנבערג, יוסף ראַבין, אוורהם גאָנטאַר, דער פאָלקס־אַרטיסט פון רספסר לעאָניד אוטיאָסאָוו, דער פאַרדינסטפולער אַרטיסט פון רספסר בינימין שוואַרצער, דער קאָמפּאָזיטאָר אַטיליאַ ליכטענשטיין אא.

■

דער זשורנאַל „סאָוועטסקאַיאַ מוזיקאַ“ האָט פאַרעפנטלעכט א גרעסערע אָפּהאַנדלונג פון א. דאָלינסקי און ש. טשערטאָק וועגן דער שאַפונג פון נעכאַמע ליפשיצײַטע.

„דער טאַלאַנט פון דער זינגערן, — שרײַבן די אוטאָרן, — באַשטייט אין עכט־קינסטלערישן סינטעז פון מוזיק און וואָרט. זי גיט איבער ניט נאָר אַלע ניואַנסן פון דער מעלאָדיע, נאָר אויך אַלע דעטאַלן פונעם טעקסט“.

א באַגײַסטערטע רעצענזיע וועגן די קאָנצערטן פון נ. ליפשיצײַטע אין מאָסקווער טשײַקאָווסקי־זאַל האָט אָפּגעדרוקט די צײַטונג „איזוועסטיאַ“.

■

אין פעברואַל און אין מאַרט זײַנען אין מאָסקווע מיט דערפאָלג דורכגעגאַנגען קאָנצערטן פונעם ייִדישן טעאַטער־קאָלעקטיוו אונטער דער אָנפירונג פון בינימין שוואַרצער. דער קאָלעקטיוו גרייט איצט א נײַע קינסטלערישע פּראָגראַם, אין וועלכער ס׳איז אײַנגעשלאָסן שלום־עליכעמס „צוויי הונדערט טויזנט“ און ווערק פון סאָוועטישע ייִדישע שרײַבער.

■

„א קאָלבוי פון דער העברעיִשער שפּראַך“ — אזוי הייסט דער מיטלאַלטערלעכער מאַנוסקריפּט אין אַראַביש, וואָס געפינט זיך אין דער לענינגראַדער מעלוכע־ביבליאָטעק אויפן נאָמען פון סאַלטיקאָוו־שטשעדרין. דער אוטאָר פונעם מאַנוסקריפּט איז דער באַוווּסטער ירושלאַיִמער קאַראַיִמער אַבו־פאַראַדזש־כארון איבן אַל־כאַראַדזש, וואָס האָט געלעבט אין אָנהייב פונעם XI יה. ער איז דער מחבר פון א ריי ווערק וועגן דער גראַמאַטיק פון העברעיִש, אזוי אויך פון א ריי אַראַביש־העברעיִשע ווערטערביכער. זײַן טעטיקײַט האָט זייער הויך אָפּגעשאַצט דער באַוווּסטער מיטלאַלטערלעכער דיכטער און דענקער אַוורהם איבן־עזראָ.

דער לענינגראַדער וויסנשאַפטטוער מייער זיסלין האָט דעם „קאָלבוי“ איבערגעזעצט אין רוסיש און געגעבן צו אים א ריי קאָמענטאַרן. אייניקע פראַגמענטן פון דער דאָזיקער אַרבעט זײַנען פאַרעפנטלעכט אין זאַמלבוך „סעמיטישע שפּראַכן“.

## קיִעווער נײַעס

עס איז דערשינען דער דרײַצעטער באנד פון דער אוקראַיִנישער סאָוועטישער ענציקלאָפּעדיע. אין אים זײַנען, ווי אין די פאָריקע בענדער, פאַרגעשטעלט אָנגעזעענע טוער פון דער יידישער סאָוועטישער קולטור. עס איז אָפגעמערקט דער לעבנס־ און שאַפונגס־וועג פון עליע ספּיוואַק — דעם באַוווסטן ייִדישן לינגוויסט, מיטגליד־קאָרעספּאָנדענט פון דער אוקראַיִנישער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע. א היוכע אָפשאַצונג ווערט געגעבן דער באַוווסטער יידישער אַקטריסע, פאַרדינסטפולער קונסט־טוערין פון אוקראַיִנע אדע סאַנק, דער אויספילערן פון די ראָלן נאָימי אין מאַרקישעס „דער אופשטאנד אין געטאָ“, פון מירעלע עפראַס, וואסא זשעלעזנאָווא און פיל אנדערע.

■

דער באַקאַנטער סקולפּטאָר, פּראָפעסאָר פון קיִעווער קונסט־אינסטיטוט מאַקס געלמאַן, וועלכער האָט בעשײַטע זיך באַטייליקט אין אַראָפנעמען די טויט־מאַסקע פון מענדעלע מויכער־ספאָרים און איז אויך דער אווטאָר פון דאָוויד האָפשטיינס א פּאָרטרעט, האָט ניט לאַנג צוריק פאַרענדיקט א סקולפּטור פון ט. ג. שעווטשענקאָ. דער גרויסער קאָבזאַר ווערט באַוויזן אין מאָמענט, ווען ער גייט לענגויס דעם דניעפּער־ברעג אנטקעגן דעם אָנקומענדיקן שטורעם.

מאָטיוון פון שעווטשענקאָס לידער „טאָפּאָל“, „ליליע“ און אנדערע האָט פאַרקערפּערט אין זײַנע נײַע ווערק דער קיִעווער סקולפּטאָר יאַנקעוו ראַשבע.

■

אינעם שרײַבער־פאַרבאַנד פון אוקראַיִנע איז פאָרגעקומען א זיצונג פון דער קאָמיסיע אָף אָפמערקן דעם 75־טן געבורטסטאָג פון אָשער שוואַרצמאַן. די קאָמיסיע האָט אָנגענומען א באַשלוס אַרויסצוגעבן אין אוקראַיִניש, אין פאַרלאַג דערזשליטשווידאוו, א באנד אָשער שוואַרצמאַנס לידער און בריוו. אַן אַרײַנפירוואָרט צום בוך שרײַבט דער אוקראַיִנישער דיכטער — אַקאַדעמיקער פּאַוולאָ טיטשינאַ.

אין די טעג פון יובליי וועט אין שטעטל ראַפּאַלאָווקע, ראָוונער געגנט, ווו עס געפינט זיך דער ברודער־קייווער פון אָשער שוואַרצמאַן און זײַנע שלאַכט־כאַווײרים, אַרויספאָרן א גרופּע יידישע און אוקראַיִנישע שרײַבער, וואָס וועלן זיך באַטייליקן אין אָן אָנדענק־אָוונט.

אָוונטן, געווידמעט אָשער שוואַרצמאַנען, וועלן אויך דורכגעפירט ווערן אין קאָראָסטישעוו, ווו ס'איז דורך די קינדהײַט פונעם דיכטער, און אין קיִעוו.

■

אין רוסישן דראַמאַטישן טעאַטער אָף לעסיאַ אוקראַיִנקעס נאָמען ווערט מיט גרויס דערפאָלג אופגעפירט די פּיעסע פונעם אוקראַיִנישן דראַמאַטורג וואַדים סאָבקאָ „דאָס קיִעווער העפט“. די פּיעסע שפּיגלט אָפ דעם העראָישן קאַמף פון די סאָוועטישע מענטשן בײַם דער היטלערישער אָקופּאַציע פון קיִעוו. צווישן אַנדערן ווערט אין דער פּיעסע געשילדערט דאָס פאַריאָגן די יידישע באַפעלקערונג פון שטאָט אין באַבי־יאַר.

■

אין פאַרלאַג „ראַדיאַנסקי פּיסמעניק“ איז דערשינען אין דער איבערזעצונג אָף רוסיש הירש פּאַליאַנקערס ראָמאַן „דער סאָד פון אַריכעס־יאָמים“ («Секрет долголетия»), וואָס באַשטייט פון דרײַ טײלן: „שמײַע גאָזלען“, „דער סאָד פון אַריכעס־יאָמים“, „דער מענטש שפּרייט פאַנאַנדער די פליגלען“.

דאָס בוך איז רײַך אילוסטרירט דורכן קינסטלער א. קאַפּלאַן.

## בא אונדזערע פרײַנט

דאָס 1964 יאָר איז א יובילײ־יאָר פון דער פּאַריזשער צײַטונג „נײַע פּרעסע“. אָנהייבנדיק פון דעם 1 יאַנוואַר 1934, ווען עס איז דערשינען איר ערשטער נומער, און ביז הײַנט בלײַבט די „נײַע פּרעסע“ דער קעמפערישער אָרגאַן פון די פּראָגרעסיווע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין פראַנקרײַך. בײַם דער פאַשיסטישער אָקופּאַציע איז זי דערשינען אומלעגאַל, פירנדיק א מעסירעסנפעשדיקן קאַמף קעגן די היטלעריסטן.

אין צוזאַמענהאַנג מיטן 30־טן יאָרטאָג פון דער „נײַער פּרעסע“ האָט דער שטעלפאַרטרעטער פונעם גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער פראַנצויזישער קאָמפּאַרטיי וואַלדעק ראָשע צוגעשיקט א באַגריסונג, אין וועלכער ס'ווערט צווישן אַנדערן געזאָגט: „די פראַנצויזישע קאָמפּאַרטיי באַגריסט וואַרעם די „נײַע פּרעסע“ פאַר אירע 30 יאָר אַקטיווע טעטיקײַט לעטויוועס דער געמיינזאַמער זאַך, דער זאַך פון אייניקײַט פון אַלע אַרבעטנדיקע, פון אַלע דעמאָקראַטן, וועלכע עס זאָל ניט זײַן זייער מוטערשפּראַך אָדער זייער נאַציאָנאַליטעט“.

„הומאַניטע“, דער צענטראַל־אָרגאַן פון דער פראַנצויזישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, האָט געווידמעט א גרויס אָרט די יובילײ־פײַערונגען פון דער „נײַער פּרעסע“, וועלכע זײַנען פאָרגעקומען אין פעווראַל.

די רעדקאָלעגיע און רעדאַקציע פון „סאָוועטיש היימלאַנד“ שיקן האַרציקע גרוסן און בעסטע ווונטשן דער העלדישער „נײַער פּרעסע“, אירע מיטאַרבעטער און לייענער.

■

אין פּאַריזש איז פײַערלעך אָפגעמערקט געוואָרן דער 20־טער יאָרטאָג פון דער יידישער אַנטיפאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע „אוניאָן“. אין צוזאַמענהאַנג מיט דער דאַטע האָט די רעדאַקציע „סאָוועטיש היימלאַנד“ געשיקט די אָנטיילנעמער פון דער אַנטיפאַשיסטישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג א וואַרעמען באַגריסונגס־בריוו, אין וועלכן עס ווערט געזאָגט:

„אײַער רומפולער וועג האָט זיך אָנגעהויבן אין יענע גרויזאַמע שלאַכט־טעג פון דער אַנטיהיטלערישער מילכאָמע, ווען ס'איז געלייזט געוואָרן דער גויִרל פון דער גאַנצער מענטשהײַט. פריידיק איז צו וויסן, אַז אָט אין דער שווערער און אַכרײַעספולער צײַט האָט איר אין די באַדינגונגען פונעם אָקופּירטן פראַנקרײַך הויך אופגעהויבן די פאָן פון ווידערשטאַנד“.

די „אוניאָן“ האָט אויך באַקומען באַגריסונגען פון די סאָוועטישע קריגס־וועטעראַנען, פון די געוועזענע ווידערשטאַנדלער אין אונגאַרן, פּוילן, באָלגאַריע, יוגאָסלאַוויע אאַ.

■

אין ניו־יאָרק איז דערשינען אין א בוך־פאָרם א קאַנטאַטע פונעם דיכטער מ.א. סול „געדענק, מײַן פאָלק“, געווידמעט דעם אופשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ. די מוזיק האָט געשאַפן דער פּראָגרעסיווער יידישער מוזיקער מוישע רײַך.



# שרײַבער און ווערק

◆ דעם 15 מאַרץ 1894 איז געבוירן דער אָנגעזעענער טורקמענישער שרײַבער בערדי קערבאַבײַעוו. זײַנע ערשטע לידער האָבן זיך אָנגעהויבן דרוקן אין 1923.



פון קערבאַבײַעווס פילצאַליקע ווערק אין פאַרשיידענע זשאַנרען איז באַזונדערס באַוווּסט זײַן היסטאָרישער ראָמאַן „דער אַנטשיידענער שריט" — ווו ער שילדערט א וויכטיקן פעריאָד אין דער געשיכטע פונעם טורקמענישן פאָלק (די יאָרן 1915—1920). ב. קערבאַבײַעוו האָט איבערגעזעצט אין טורקמעניש די ווערק פון פושקין, גריבאָיעדאָוו, טאָלסטאָי, גאָרקי, שאָלאָכאָוו אאַ.

◆ דעם 22 אַפּרעל 1894 איז געבוירן דער פילאָלאָג און ליטעראַטור־פאָרשער מאַקס ווײַנרײַך. **ביז דער צווייטער** וועלט־מילכאָמע האָט מ. ווײַנרײַך געווינט אין פוילן און איז געווען איינער פון די אַקטיווסטע וויסנשאַפטלעכע טוער אינעם ווילנער ייִדישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט (ייִוואָ). ער האָט פיל געשריבן וועגן די גרונט־פּראָבלעמען פון דער מאָדערנער ייִדישער ליטעראַטור און שפּראַך.



זײַנע ביכער „שטאַפּלען" (1924), „שטורעמטעג" (1927), „בילדער פון דער ייִדישער ליטעראַטור־געשיכטע פון די אָנהייבן ביז מענדעלע מוכער־ספרים" (1928) אאַ. שטעלן מיט זיך פאָר ערנסטע פאָרשונגען אין געביט פון ליטעראַרישער און אַלגעמיינער געשיכטע. אין די צוואַנציקער יאָרן האָט מ. ווײַנרײַך מיטגעאַרבעט אין דער ייִדישער סאָוועטישער פּעריאָדיק, ווו ער האָט פאַרעפנטלעכט לעקסיקאָלאָגישע עטיודן און א גרעסערע אַרבעט וועגן דער ייִדישער שפּראַך־פאָרשונג אין XVII יה. זינט 1940 וווינט מ. ווײַנרײַך אין אַמעריקע, ווו ער איז איינער פון די אָנפירער פונעם ניו־יאָרקער ייִוואָ.

◆ דעם 29 אַפּרעל 1884 איז אין גרויס־ראַדאָמישל, גאַליציע, געבוירן דער דיכטער און פּראָזאַיקער רוּוון אײַזלאַנד (געשט. 1954). אין 1903 האָט ר. אײַזלאַנד אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע, ווו ער איז די ערשטע יאָרן געווען א פאַבריק־אַרבעטער. אין 1905 באַווײַזן זיך זײַנע לידער און דערציילונגען אין פאַרשיידענע אַמעריקאַנער ייִדישע אויסגאַבעס און אינגיכן פאַרנעמט ער אן אָנגעזעענעם אָרט



אין דער ייִדישער ליטעראַטור פון אַמעריקע. אין זײַנע בעסטע ווערק באַשרײַבט ער דאָס לעבן פון די ייִדישע אימיגראַנטן אין אַמעריקע, די שווערע האָרעוואַניע אין שאַפּ.

רוּוון אײַזלאַנד איז איינער פון די גרונטלייגער פון דעם מאָדערנעם נוסח אין דער אַמעריקאַנער ייִדישער ליטעראַטור.

◆ דעם 4 מאַרץ איז געוואָרן 50 יאָר דער דיכטערן ראָכל בוימוואָל. ר. בוימוואָל האָט אָנגעהויבן איר פּאָעטישע שאַפונג אין די פריִע קינדער־יאָרן. אירע ערשטע לידער זײַנען פאַרעפנטלעכט אין 1923.



ראָכל בוימוואָלס ביכער „קינדער־יאָרן" (1930), „פּיאָנערן" (1934), „ווײַנשלבײַמער בליִען" (1939), „לידער" (1940), „ליבשאַפט" (1947) אאַ. צייכענען זיך אויס מיט פּאָעטישער בילדערישקייט און זאַפטיקער שפּראַך. קינד און מוטער, נאַטור און ליבע, סאָוועטישער פּאַטריאָטיזם און אינטערנאַציאָנאַליזם — אָט איז דער טעמאַטישער קרײַז פון איר שאַפן.

ראָכל בוימוואָל שרײַבט אויך אין רוסיש.

◆ דעם 8 מאַרץ איז אַלט געוואָרן 60 יאָר דער סאָוועטישער זשורנאַליסט שלוימע ראַבינאָוויטש.

די אַרטיקלען, פאַרצייכענונגען, קאָרעספּאָנדענצן, וועלכע ש. ראַבינאָוויטש האָט אין משך פון פערציק יאָר אַרבעט אין דער פּרעסע פאַרעפנטלעכט אין פאַרשיידענע צײַטונגען און פּעריאָדישע אויסגאַבעס פון לאַנד, זײַנען א וויכטיקער צושטײַער אין דער סאָוועטישער ייִדישער פּובליציסטיק.



שלוימע ראַבינאָוויטש איז געווען איינער פון די רעדאַקטאָרן פון די צײַטונגען „דער עמעס" און „איינִיקייט", אין די יאָרן פון דער גרויסער פאַטערלענדישער מילכאָמע האָט ער אַקטיוו מיטגעאַרבעט אין דער פראָנט־פּרעסע.

די לעצטע יאָרן אַרבעט ש. ראַבינאָוויטש אין דער פּרעסע־אַגענטור „נאָוואָסטי". ער איז דער שטענדיקער קאָרעספּאָנדענט אין מאָסקווע פון דער ניו־יאָרקער „מאָרגן־פרײַהייט", פּאַריזער „נײַער פּרעסע", וואַרשעווער „פאָלקס־שטימע" און אַנדערע פּראָגרעסיווע צײַטונגען.

## צום 70־טן געבורטסטאָג פון נ. ס. כרושטשאָוו



אונדזער לענינישע פּארטיי פירט קאָנסעקווענט דורך די פּאָליטיק פון פריינטשאַפט צווישן אַלע פעלקער. זי דערציט די סאָוועטישע מענטשן אין גייסט פון אינטערנאַציאָנאַליזם, אומבעשאָלעמדיקייט צו אַלע און יעטווידע אַנטפּלעקונגען פון ראַסן־דיסקרימינאַציע, נאַציאָנאַלער סינע. די הויכע און נאָבעלע אידעאַלן פון אינטערנאַציאָנאַליזם, פון דער ברידערשאַפט פון די פעלקער באַשטעטיקט אונדזער קונסט.

(פון דער רעדע אויף דער באַגעגעניש פון די אָנפירער פון דער פּאַרטיי און רעגירונג מיט די טוער פון ליטעראַטור און קונסט דעם 8 מאַרץ 1963).

צום 400־טן געבורטסטאָג פון וויליאַם שעקספּיר



ראָמעאָ און דזשוליעטע

קינסטלער ד. שמארינאָוו.




מיכאָעלס אין דער ראָל פון קעניג ליר

קינסטלער א. טישלער.

# דער בוים

מוזיק — ל. יאמפאלסקי.

ווערטער — שיקע דריז

Moderato

Gri-ner Bojm, šej-ner Bojm, štar-ker Bojm!
Ef-šer vestu an entfer mir ge-bn — vos iz der tox fun dajn le-bn? Gri-ner Bojm,
šej-ner Bojm, štar-ker Bojm! Hot ge-entfert der Bojm mir a zoj: der
tox fun majn le-bn in hien mit šo-tns mit ki-le dir šen, in kel-tn dajn ojrn ba-hej-an.
Gri-ner Bojm, šej-ner Bojm, štar-ker Bojm!
Ef-šer vestu an entfer mir ge-bn — vos iz der trojm fun dajn le-bn? Gri-ner Bojm,
šej-ner Bojm, štar-ker Bojm. Hot ge-ent-fert der Bojm mit di kar-bn:




גרינער בוים, שיינער בוים, שטאַרקער בוים!
עפשער וועסטו אן ענטפער מיר געבן —
וואָס איז דער טאָך פון דײַן לעבן?
גרינער בוים, שיינער בוים, שטאַרקער בוים!

האָט געענטפערט דער בוים מיר אזוי:
דער טאָך פון מײַן לעבן: אין היצן
מיט שאָטנס מיט קילע דיך שיצן,
אין קעלטן דײַן אויוון באהייצן.

גרינער בוים, שיינער בוים, שטאַרקער בוים!
עפשער וועסטו אן ענטפער מיר געבן —
וואָס איז דער טרוים פון דײַן לעבן?
גרינער בוים, שיינער בוים, שטאַרקער בוים!

האָט געענטפערט דער בוים מיט די קאַרבן:
שטייענדיק לעבן און שטייענדיק שטאַרבן, —
א גרינער בוים, א שיינער בוים, א שטאָלצער
בוים.

---

СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД (СОВЕТСКАЯ РОДИНА)

Двухмесячный литературно-художественный журнал

Орган Союза писателей СССР

*(на еврейском языке)*

Год издания четвертый

Издательство «Советский писатель»

Главный редактор А. Вергелис.

Редколлегия: И. Борухович, А. Гонтарь, М. Лев (ответственный секретарь), Нотэ Лурье, Б. Миллер, Г. Ошерович, И. Рабин, Р. Рубина, М. Тейф, И. Фаликман, С. Фрай.

Адрес редакции журнала: Москва, Центр, ул. Кирова, 17.
Телефоны: главный редактор — Б 8-27-91; ответственный секретарь — К 4-46-69; отдел прозы — Б 3-96-07; отделы поэзии и критики — Б 8-49-42.
Художественный и технический редактор И. Шустер.
Корректор А. Стрельник.
Обложка художника С. Телингатера.

Подписано к печати 20/II 1964 г. Формат 70×108¹/₁₆. Печ. л. 10 (13,70). Бум. л. 5+2 вклейки
Уч.-изд. л. 17,08. Цена 50 коп. Зак. 2842

Московская типография № 7 Главполиграфпрома
Государственного комитета Совета Министров СССР по печати.
Пер. Аксакова, 13.

Цена 50 коп.

411
УЛ. МОСКОВСКАЯ
Д.19 КВ.57
ПЕТЛАХ
11 1.12 СР FRP

# СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД

# СОВЕТСКАЯ РОДИНА

## № 2

1 9 6 4



70821

